# אינהאלט

פאָרוואָרט

# פאַרוואָרט

אַ אידישער שרייבער מוז זיך אָפּט אָפּהיטען פון צוויי סכנות: ניט
אַרויפקלעטערן אויף אַ הויכען באַרג און אַראָפּריידען פון דעם שפּיץ באַרג
צו דעם „פּשוט׳ן עולם״ אין אַ שפּראַך און אין באַגריפען וואָס זיינען איהם
פרעמד און אומפאַרשטענדליך. אָדער גראָד פאַרקערט, זיך מכלומרש׳ט
„אַראָפּלאָזען צום עולם״ און זינקען אין אַ טיעפער בלאָטע אין וועלכער ער
שלעפּט מיט זיינע לייענער. דער טראַגישער גורל פון דעם אידישען וואָרט
דאָ אין אַמעריקע, דער אומפאַרציילליך טרויעריגער פאַקט אַז עס איז ניטאָ
קיין יונגער דור פון אידישע לייענער און אַז צוזאַמען מיט דעם אַלטען דור
שטאַרבט אויס דאָס אידישע וואָרט דאָ אין דעם לאַנד, אָטאָ די לאַנגזאַמע
אָבער זיכערע גסיסה איז אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס
פיעלע וואָרטפירער אויף דער אידישער גאַס האָבן זיך — באַוואוסטזיניג
אָדער אומבאַוואוסטזיניג — ניט אָפּגעהיטען פון אָטאָ דער טאָפּעלטער גע־
פאַהר.

מרדכי דאַנציס איז אין דער הינזיכט — ווי אין פיעלע אַנדערע היינ־
זיכטען — געווען אַן אויסנאַהם. ער האָט ניט באַדאַרפט קיין ספּעציעלען
ווערטער־בוך פאַר זיינע לייענער אָדער אַ באַזונדערען קינסטליכען צוגאַנג
צו זיינע טעמעס, כאָטש דער שפּאַן פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיגקייט
האָט אַרומגענומען אַלע געביטען פון דעם אידישען און דעם אַלגעמיינעם
לעבען און די פאָרמען פון זיין שעפערישע טאַלענט זיינען געווען פּשוט
אומבאַגרענצט. פּובליציסטיק, זשורנאַליסטישע פּאָלעמיק, ראַדיאָ קאָמענטאַ־
רען, גייסטרייכע פעליעטאָנען, ראָמאַנען, היסטאָרישע דערציילונגען און פּאָע־
זיע — אין יעדער איינער פון די דאָזיגע אויסדרוקספאָרמען איז מרדכי דאַנ־
ציס געווען אַ גאָט־געבענשטער קינסטלער און אין יעדער איינער פון די
דאָזיגע פאָרמען איז מרדכי דאַנציס געווען צוגענגליך און פאַרשטענדליך
סיי פאַר דעם געבילדעטען אינטעליגענט און סיי פאַר דעם פאַרהאָרעוועטען
פּשוט׳ן עמך, וואָס קען אַריינכאַפּען דעם טעם פון אַ שעהן געשריבען וואָרט
נור צווישען צוויי ביסען פון אַ סאַנדוויטש אַרום מיטאָג צייט אָדער שפּעט
אין אָווענט נאָך אַ לאַנגען טאָג פון שווערער אַרבעט אין אַ ווערקשטאַט
אָדער אַ קראָם. . . ווייל מרדכי דאַנציס איז געווען אַ זאָנדערבאַרע דער־
שיינונג אויף דעם אידישען האָריזאָנט. אַ מענש מיט טיעפע וואָרצלען אין
דער אידישער וועלט, אַ פּראָדוקט פון דער אָדעסער גאָלדענער תקופה פון
אחד העם, מענדעלע מוכר ספרים, ביאַליק, זשאַבאָטינסקי און פון דעם
פולסירענדען שטראָם פון אָטאָ דער אַמאָליגער אידישער מעטראָפּאָליע, איז
מרדכי דאַנציס אויך געווען רייך אויסגעשטאַט אין וועלטליכער קולטור
און איראָפּעאישער טראַדיציע. און די דאָזיגע צוויי וועלטען פון וועלכע
ער האָט געצויגען זיין גייסטיגע יניקה, זיינען אין איהם געווען אָרגאַניש
אינטעגרירט אין איין גאַנצקייט אָהן שום קאָנפליקט אָדער ווידערשפּרוך.
מרדכי דאַנציס האָט דעריבער קיינמאָל ניט געהאַט דאָס געפיהל אַז צום
אידישען עולם דאַרף ער ריידען אַנדערש ווי ער וואָלט ריידען צום ניט־
אידישען עולם. ער האָט דערפאַר קיינמאָל ניט געהאַט לגבי זיינע לייענער

דעם געפּיהל פון אַ כהן גדול וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צום פּשוט׳ן עולם, וועלכער טאָר ניט אַריינקומען אין דעם קודש הקדשים. מרדכי דאַנציס איז געווען איינער פון דעם פאָלק, באַליבט און פאַרשטאַנען פון דעם פאָלק, און געשריבען געלעבט און געשטרעבט פאַר׳ן פאָלק.

מרדכי דאַנציס האָט טיעף און אויפריכטיג געגלויבט אַז „ישראל בני מלכים הם״ — אַז יעדער איד איז געגליכען צו אַ פּרינץ אַ בן־מלך, ווייל ער איז טאַקע געוועזען אַ פּרינץ, סיי אין זיין שרייבען, סיי אין זיין ריידען, אין זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט און אין זיינע טאָג טעגליכע באַציהונגען צו קאָלעגען און צו יעדען איינציגען מענשען. האָט טאַקע מרדכי דאַנציס ניט געפּיהלט דעריבער קיין שום מינדערווערטיגקייט קאָמפּלעקס לגבי זיין פּראָפעסיע אַלס אַ אידישער שרייבער אָדער אין באַצוג צו זיין לייענערשאַפט. ווייל אַ פּרינץ איז אַ פּרינץ אפילו אויף דער איסט סייד און אפילו ווען עס איז ניטאָ מיט וואָס שבת צו מאַכען.

מרדכי דאַנציס האָט געוואוסט דעם סוד ווי אַזוי אַנצוריהרען די סטרונעס פון דער נשמה יתרה ביי זיינע לייענער — אָטאָ די נשמה מיט וועלכער יעדער איד איז געבענשט אום שבת, ווייל ער אַליין האָט געהערט צו די יעניגע וועלכע דער גרויסער אידישער דיכטער האָט אַמאָל מיט שטאָלץ באַצייכענט אַלס „מיר אידען יום־טוב׳דיגע, מיר אידען שבת־קודש׳דיגע״, אַ מענש וועלכער פאַרלירט ניט זיין נשמה יתרה אפילו אין די גרויע וואָכענטעג, אין דעם טומעלדיגען געראַנגעל נאָך פּרנסה און דעם רוישיגען געיעג נאָך מאַכט און עשירות, אין וועלכען די גייציגקייט פון אַן עשו טרייבט איהם צו פאַרקויפען די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזען. ביי מרדכי דאַנציס איז דער „לכבוד שבת״ געוועזען מעהר ווי אַ פעליעטאָן, עס איז געוועזן די אַנטפּלעקונג פון זיין אינערליכען וועזען, די פּאַראָלע פון דעם פּרינצען פאָלק צו וועלכען ער האָט געהערט מיט שטאָלץ.

פון דאַנען האָט זיך אויך גענומען דער ציוניסטיש־ראַדיקאַלער צוגאַנג ביי מרדכי דאַנציס. ער האָט זיך ניט געקענט אַנשליסען צו קיין שום באַוועגונג וואָס איז גרייט אויף אַ קאָמפּראָמיס. נור אַ אידישע מדינה אויף ביידע זייטען פון ירדן, אַזוי ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ פּרינצען־פאָלק האָט איהם געקענט באַפרידיגען. האָט דעריבער מרדכי דאַנציס — אָטאָ דער מענש מיט דעם גאָלדענעם האַרץ, דער מענש וואָס האָט שטענדיג געטראָגען אויף זיך די זאָרגען און דאגות פון אַ שיינע פּאָר הונדערט פריינד און באַקאַנטע און סתם אידען וועלכע ער האָט אפילו פערזענליך ניט געקענט — דערזעלבער מרדכי דאַנציס, וועלכער איז תמיד געוועזען גרייט אָפּצוגעבען גאַנצע טעג כדי אימיצען אַרויסצוהעלפען, אָטאָ דער זעלבער מענש — ווען עס איז געקומען צו אידישע פּאָליטישע ענינים — איז געוועזן ווי אַ לייב, איינער פון די שאַרפסטע פּאָלעמיקער, אַ קעמפער אָהן קאָמפּראָמיסען און אָהן פּחד. דערפאַר איז מרדכי דאַנציס צוגעשטאַנען צום רעוויזיאָניזם פון דעם ערשטען מאָמענט און געוועזען איינער פון זיינע גרינדער און אין שפּעטערע יאָהרען האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען בלב ונפש אין דעם קאַמף פון דעם אירגון פאַר אידישער אומאָפּהענגיגקייט אין ארץ ישראל.

אין די קנאַפּע 45 יאָהר פון זיין שריפטשטעלערישער און זשורנאַליסטישער טעטיגקייט האָט מרדכי דאַנציס געשאַפען אַן אומגעהויער רייכען אוצר פון ליטעראַרישע ווערטען. ער איז געוועזן ווי אַ „מעין המתגבר״ — אַ שטראָמענדיגער קוואַל. ער האָט געשריבען מיט אַ לייכטקייט וואָס איז כמעט אומגלויבליך און זעהר זעלטען ביי שרייבער פון זיין קאַליבער. (*). צווישען קאָלעגען פּלעגט מען זיך ווערטלען אַז מרדכי דאַנציס האָט געקענט איינער אַליין צוזאַמענשטעלען טאָג־איין טאָג־אויס אַ גאַנצע צייטונג. שריי־

בען האָט איהם ניט מיעד געמאַכט. פאַרקערט, ער פלעגט אין שרייבען גע־פינען דערמונטערונג און אויפפרישונג. שרייבען פלעגט איהם געבען דאָס געפיהל אַז ער האָט אויסגעפילט זיין פליכט לגבי זיך און לגבי זיין לייענער, אַז ער האָט אַרויסגעזאָגט און געגעבען דעם לייענער נאָך עפּעס פון דעם געוואַלטיג רייכען און אומדערשעפּליכען אוצר וועלכען ער האָט אין זיך געטראָגען.

מרדכי דאַנציס האָט געשריבען לייכט אָבער אויך פיעבעריש אַזוי ווי ער וואָלט וועלען פון זיך אַרויסגעבען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט און אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט אַ פאַרגעפיל אַז ער וועט חלילה ניט באַוויזען אידער עס וועט זיין צו שפּעט. מרדכי דאַנציס איז אַוועקגעריסען געוואָרען אין די בעסטע יאָהרען פון זיין שעפערישען כוח און דאָס וואָס ער האָט ניט באַווי־זע צו דערזאָגען איז אפשר נאָך פיעל מעהר און גרעסער פון דעם וואָס ער האָט אונז איבערגעלאָזען. דער דאָזיגער באַנד איז ניט מעהר ווי אַ שוואַכער אָפּקלאַנג פון זיין מעכטיגער שטימע וואָס איז אויף אייביג פאַרשוויגען גע־וואָרען, אַ בלאַסער אָפּשיין פון דעם גרויסען און וואַרעמען ליכט וואָס האָט אין איהם געברענט. אָבער אַזוי איז דאָך יעדער נר־תמיד ניט מעהר ווי אַ קליין ליכטעלע ביים ארון קודש און דאָך ענטהאַלט עס אין זיך די גאַנצע הייליגקייט פון דעם גרויסען פייער וואָס מיר אידען האָבען מיט זיך גע־טראָגען דורך טויזענטער יאָהרען פון גלותדיגער נאַכט.

און ווער ווייסט? אפשר איז דער דאָזיגער באַנד ניט מעהר ווי אַן אָנ־הויב. אפשר וועלען נאָך אַלע געזאַמעלטע שריפטען פון מרדכי דאַנציס אַמאָל באַרייכערן — אין בוך פאָרם — דעם אוצר פון אידישער ליטעראַטור. ווער ווייסט?

אהרן קאָפּ

(*) אַחוץ די מעהרערע טויזענטער אַרטיקלען, פעליעטאָנען, עסייען און ליעדער וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אין פאַרשידענע צייטונגען און צייטשריפטען, האָט מרדכי דאַנציס אָנגעשריבען די פאָלגענדע ווערק (מאַנכע זיינען נאָך ביז היינט נור אין מאַנוסקריפּט)

„היימלאַנד" —
שלמה מיימון — (היסטאָרישער ראָמאַן)
דער לעצטער אידישער פּרינץ — (דאָן יצחק אַבאַרבאַנעל)
דער ערשטער מאָרד — (היסטאָרישער ראָמאַן פון די פּיאָנערען פון אידישען לעבען אין ניו יאָרק)
איד, מענש און טייוועל —
די ראָמאַנטישע ביאָגראַפיע פון דר. הערצל
ליבע און גלויבען — (היסטאָרישער ראָמאַן פון דעם לעבען פון דער באַרימטער אַמעריקאַנישער אידישער פרוי רעבעקאַ גראַטץ)
די מומע יהודית —
אין שטראָם פון רעוואָלוציאָן —
דער אידישער פּראָפעסאָר — (היסטאָרישער ראָמאַן)

# א
# צייט
# צו
# זאמלען

...איך שרייב עפּעס אַזוינס וואָס איז מיר גאָר נאָהענט, איך שרייב עס פאַר זיך, ווי איינער ברומט אַ שטיל געזאַנג פאַר זיך אַליין, ווען ער בלייבט מיט זיך אַליין. דאָס וואָס איך שרייב, איז ווי אַן אַלטע מעלאָדיע, וואָס מ'קאָן ניט פאַרגעסען. די מעלאָדיע טויכט אויף אין געמיט און מ'הויבט אָן אינסטינקטיוו זינגען זי שטיל פאַר זיך פאַרטראַכט, עלעגיש ווי מ'וואָלט זיך אַליין געוואָלט פאַרוויגען.

אָט דער פּראָצעס גייט שוין אָן אַ פאָר יאָר צייט. ווען די מעלאָדיע וואַכט אויף, זעץ איך זיך אַוועק און שרייב, אַמאָל שרייב איך נישט מער ווי אַ פּאָר בלעטלעך, אַמאָל אַ גאַנץ קאַפּיטעל. וואָס ס'וועט דערפון ארויסקומען ווייס איך נישט, ס'קימערט מיך אויך נישט, אפשר וועל איך עס אָפּדרוקען, אפשר וועט עס בלייבען אינאיינעם מיט אַנדערע ניט-פאַרענדיקטע מאַנוסקריפּטען. אוודאי דאַרף מען עס אָפּדרוקען, אוודאי... — אַזוי רעדט צו מיר אימיצער פון צייט צו-צייט, מאָנט ביי מיר און האָט צו מיר טענות. פאַרוואָס ניט אַ בוך? פאַרוואָס ניט עטליכע ביכער? האָסט געענוג אָנגעשריבען אין דיין לעבען, קלייב אָפּ דאָס בעסטע, דאָס וואָס פאַרדינט אַריינגענומען צו ווערען צווישען טאָוולען, יאָ, זאַמעל איין די תבואה וואָס דו האָסט פאַרזייט און געשניטען אין שייער... זאַמעל איין וואָס גיכער ס'זאָל חלילה נישט ווערען צו שפּעט...

# קאפיטלעך פון א לעבען

## בענקענישען נאך דעם היימישען שטעטעל

יעדערער טראגט נאך אין הארצען די גאלדענע פעדים, וואס האבען צוגעבונדען צו דעם וואס מיר האבען אמאל גערופען די „אלטע היים".

ביי יעדען פון אונז טליען, ווי פייערען וואס קיין ווינט און רעגען קאנען ניט אויסלעשען, נאיענדיגע בענקענישען נאך דעם היימישען שטעטעל, וואס מיר האבען צום ערשטען מאל דעם הימעל דערזען, נאך די קרומע געסלעך און טונקעלע זאווולקעס, נאך דעם בית המדרש און דער שול, נאך די אומעטיגע בין השמשות'ן, וואס האבען אונז ארומגעשפינט מיט א דין, דורכזיכטיג זייד-געוועב, פארוויגט אונז אין חלומות וועגען וועלטען ניט-דאאיגע, וועגען לענדער ווייטע און פאנטאסטישע, וועגען ברעגען פארנעפעלטע און סודות'דיגע.

די ראמאנטישע בענקענישען נאך דעם שטעטעל, וואס איז שוין היינט אליין ניט מער ווי א חלום, זיינען דאך בעקענישען נאך א יוגענט, וואס איז פארגאנגען, נאך א פרימארגען וואס איז שוין לאנג צעריבען געווארען צווישען די שאטענס פון אווענט, וואס רוקען זיך אן אלץ נענטער און נענטער.

די ליבע, אידילישע שטעטעלעך אין מיין פאנטאזיע — זיי לעבען אלע אין מיין זכרון.

אפט האב איך א געפיל ווי איך וואלט זיי ערשט נעכטען פארלאזען.

ס'איז מאדנע, ווארים כמעט א האלבער יארהונדערט טיילט דאך מיך אפ פון זיי.

דורך די אלע יארען איז דאך שוין פאר מיר אן אנדער שטעטעל אויסגעוואקסען...

דאס צווייטע שטעטעל מיינס איז — איסט-בראדוויי אדער — בעסער געזאגט די איסט-סייד, אויף וועמעס שטויביגער, שטייניג-פארקאוועטער ערד איך האב געשטעלט די ערשטע טריט ווען איך בין געקומען קיין אמעריקע.

איך טראכט ניט איינמאל: יעדער פון אונז איינגעוואנדערטע צערטעלט אין זיין זכרון נישט איינס, נאר צוויי שטעטלעך: דאס ערשטע איז די שטעטעל, וואו מ'האט די אויגען צום ערשטען מאל געעפענט און דאס ליכט פון טאג דערזען; דאס צווייטע איז דאס

אָרט אין דער נייער וועלט, וואו מ׳האָט די נייע היים געמאַכט.

אַמאָל טרעפט, אַז עס גייט אָן אין הארצען אַ געראַנגעל צווישען דעם אַלטען שטעטעל פון אַמאָל און דעם ניידערוואַרבענעם.

די אַלטע שטעטעל וואַכט אויף, באַווייזט זיך ווי דורך אַ נעפּעל מיט די כאַטקעס און געסלעך, מיט די בתי־מדרשים און קלויזען מיט דעם מאַרק און מיט די מענשען — די, צווישען וועלכע דער פרילינג פון אייגענעם לעבען איז אויפגעגאַנגען.

דאָס אַלטע שטעטעל וואַכט אויף, און מיט׳ן שטעטעל אינאיינעם שיילט זיך אַרויס די אייגענע יוגענט, ברעכט זיך דורך ווי אַ זון צווישען דער כמאַרע פון יאָרען — און ס׳ווערט אויף אַ ווייל אַזוי חיות׳דיג־ליכטיג, אַזאַ וואַרעמקייט שלאָגט אויף אין הארצען, אַזאַ ליב־זיסער טרויער לייגט זיך אויפ׳ן געמיט ווי מאָרגען־טוי אויפ׳ן גראָז, אַזאַ ווייןּ־פאַרוויגענדע בענקעניש נעמט אַרום... ווייטע קלאַנגען דערטראָגען זיך, רייד פאַרגעסענע פאַרנעמען די אויערן, סילועטען פון מענשען דערווייטערטע, געשטאַלטען פון הארציג־נאָענטע, וואָס האָבען שוין לאַנג געפונען זייער רו אונטער בערגלעך ערד אויפ׳ן שטעטעלשען בית־עולם, אָדער וועמענס געביין איז אויסגעמישט ערגעץ מיט׳ן שטויב פון פרעמדע לענדער...

דאָס אַלץ גייט אויף אין זכרון אינאיינעם מיט׳ן שטעטעל פון אַמאָל.

באַלד אָבער ווערט דאָס בילד פאַרטושט און צעזייט ווי רויך אין ווינט — און ס׳וואַקסט אויס פאַר׳ן אויג דאָס צווייטע שטעטעל, וואָס איז שוין געבוירען געוואָרען אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

פאַר מיר איז, ווי געזאָגט, דאָס צווייטע שטעטעל — איסט־בראָדוויי, אָדער — ריכטיגער — די איסט־סייד.

ווען איך טראַכט פון מיין איסט־בראָדוויי, פון מיין איסט־סייד פון אַמאָל, איז עס מיט נישט ווינציגער ווייטוט, ווי פון מיין שטעטעל אין פאָדאָליע.

אַזוי איז עס...

איך האָב אָבער אין אָנהויב דערמאָנט ניט מיין שטעטעל, נאָר שטעטלעך.

דערקלערט זיך עס דערמיט, וואָס איך אַליין בין פאַרקניפּט נישט מיט איין שטעטעל, נאָר מיט עטליכע.

איך בין ווי יענער איד ביי שלום עליכמ׳ען, וואָס געבוירען געוואָרען איז ער אין איין שטעטעל, אַ נכתב איז ער אין אַ צווייטעס, צום פּריזיוו איז ער געשטאַנען אין אַ דריטס, אָן איידעם איז ער געוואָרען אין אַ פערט שטעטעל — און אַזוי ווייטער און ווייטער...

מיט מיר איז עס אַביסעל אַנדערש געשען. איך בין געבוירען געוואָרען אין אַ שטעטעל אין פאָדאָליע, וואָס הייסט מעזשירעוו.

טאָמער ווייסט איר נישט וואָס פאַר אַ שטעטעל מעזשירעוו איז — פרעגט ביי היגע מעזשירעווער לאַנדסלייט. זיי וועלן אייך זאָגן, אַז דאָס איז ס'שענסטע שטעטעל אויף גאָט'ס ערד...

דאָס זעלבע וועלן אייך אויך זאָגן די לאַנדסלייט פון מיין צווייט שטעטעל — זוואַניץ, פון וואַנען מיין טאַטענ'ס משפחה קומט און וואוהין מיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעקליבען, ווען איך בין געווען אַ שנעק.

איך געדענק אָבער מעזשירעוו. איך וועל אייך אַמאָל מיטנעמען אַהין. איך וועל אייך ברענגען אין מיין זיידענ'ס האַלב-חרוב'ן הויף, וואו איך האָב געלאָזט הערען מיין ערשטען קוויטשיגען פּראָטעסט.

ס'וועט זיין כדאי, אַז איר זאָלט מיט מיר מיטגיין, וואָרים איך וועל האָבען אויפ'ן וועג גאַנץ טשיקאַווע און אויסטערלישע מעשות צו דערציילען.

נאָך מעזשירעוו און זוואַניץ זענען געקומען אַנדערע פּאָדאָליער שטעטלעך, ווי, אַשטייגער, ניי- און אַלט-אושיצע, אָדער ווי מ'האָט זיי גערופען אין רוסיש: נאָוואַיאַ און סטאַראַיאַ אושיצאַ.

אויך דאָרטען זענען עטליכע יאָר פון מיין פריער יוגענט פאַר-גאַנגען.

איך געדענק אויך די שטאָט דינעוועץ. דאָס איז געווען איינע פון די שענסטע שטעט אין פּאָדאָליע. די איינציגע אינדוסטריעלע שטאָט אין דער גאַנצער גובערניע. דייטשען זענען געקומען אַהין מיט אַ סך יאָרען צוריק און אויפגעשטעלט גרויסע געוואַנט-וועבערייען. דינעוועץ האָט גענומען קאָנקורירען מיט לאָדזש.

איך האָב אַמאָל אָנגעשריבען אַ לענגערע נאָוועלע, אין וועלכער איך האָב באַשריבען דינעוועץ. מיין מומע אידעס אָדער יהודית — זי איז געווען די הויפּט-העלדין. איך האָב ביי איר פאַרבראַכט אַ שטיקעל צייט.

איך קען אויך טראַכטען פון אַנדערע פּאָדאָליער שטעטלעך, ווי אַשטייגער, מינקאָוויץ.

ווי קום איך קיין מינקאָוויץ ? דאַרפט איר וויסען, אַז ווען איינער האָט געוואָלט פאָרען פון נאָוואַיאַ אושיצאַ אָדער — ווי עס האָט אויך געהייסען — ליטנעוועץ קיין דינעוועץ, אָדער אין דער הויפּט-שטאָט קאַמענעץ פּאָדאָלסק, האָט ער געמוזט, צי ער האָט געוואָלט אָדער נישט געוואָלט, דורכפאָרען מינקאָוויץ.

האָט טאַקע מינקאָוויץ געהאָט גרויסע איינפאָר-הייזער, וואו די בעלי־עגלות פלעגען זיך אָפּשטעלען און איבערנעכטיגען.

איך געדענק מינקאָוויץ. פאַר מיינע אויגען שטייט דער מאַרק, דאָס איינפאָר-הויז, וואו איך האָב איבערגענעכטיגט. איך זע נאָך די פערינע, וואָס מ'האָט אויסגעשפּרייט אויף צוויי בענק ביי אַ

טאַפּטשאַן, און וואָס מ׳האָט מיר אָפּגעגעבן פאַר אַ געלעגער. אינדערפרי האָט אַ בוזעמדיגע בתולה מיר צוגעטראָגן אַ גלאָז מילך, פון וועלכער אַ פּאַרע איז אויפגעגאַנגען, און אַ פרישען אייער־דיגען בייגעל.

היינט די אַנדערע שטעטלעך: זינקעוו, קערילעוועץ, באַר, יאַלטישקאָוו...

זאָג איך אַרויס די אַלע נעמען פאַר זיך און וויים, אַז היינט זענען דאָס נישט מער ווי נעמען, אַז יעדער נאָמען איז ניט מער ווי אַ מצבה אויף קברים... וואָרים די אַלע שטעטלעך זענען אַוועק מיט׳ן פייער אָפּגעווישט געוואָרען פון דער ערד...

זיי לעבען נאָך אין מיין זכרון. איך צערטעל זיי אין מיין געמיט אין מינוטען פון וויימוט און בענקעניש, ווען דער נעכטען נעמט זיך מאָלען ווי אַ ספּעקטאַקל, וואָס מ׳שפּילט הינטער אַ פאָרהאַנג פון דין־דורכזיכטיגען, זיידענעם טיול; ווען סילועטען ווייטע, אומקלאָרע נעמען זיך מאָלען; ווען געשטאַלטען פון ליבע און נאָענטע, וואָס רוען שוין לאַנג אונטער בערגלעך ערד, טרעטען אַרויס, בלייבען שטיין; ווען דער אָפּגעגאַנגענער שליאַך פון פאַרגאַנגענע יאָרען שפּרייט זיך צווישען פעלדער און פאַרלירט זיך ביים האָריזאָנט...

דעריבער פיל איך זיך אַזוי נאָענט־היימיש, ווען איך טרעף זיך אַמאָל מיט לאַנדסלייט פון פּאָדאָליער שטעטלעך, וואָס איך האָב דערמאָנט, אָדער פון געוויסע בעסאַראַביער שטעטלעך, וואו איך האָב פאַרבראַכט, ווי, אַשטייגער: בריטשאַן, ליפּקאַן, יעדינעץ, סעקוראַן, בענדער, מאָהלעוו, אַטיק־מאָהלעוו, קעשינעוו — אָט אַזוי ביז אָדעם.

איך בין אויך אַ שטיקעל מחותן מיט מינקאָוויץ. אַ מינקאָוויצער לאַנדסמאַן, עניסמאַן איז זיין נאָמען, איז מיינער אַ קרוב. ער איז שוין אַ טיפער זקן. מיט אַ סך יאָרען צוריק האָט ער געמאַכט זיין היים אין קאַליפאָרניע.

ווען איך בין, מיט עטליכע יאָר צוריק, געווען אין לאָס אַנדזשעלעס, האָבען מיר זיך אָפּט געטראָפען; אַמאָל מיט דעם פאַרשטאָרבענעם פּרץ אָדער פּיטער קאַהן, אַמאָל ביי אָסמאַנ׳ען אין הויז.ביידע, אי פּיטער, אי ישראל אָסמאַן זיינען שוין אויפ׳ן עולם האמת.

ס׳איז געווען אַ קאָמיש בילד צו זען עניסמאַנ׳ען און קאַהנ׳ען זייט ביי זייט. מר. עניסמאַן, אַ קליינוויקסיגער, אַ שטשופּלער, אַ קוועקזילבערדיגער, קאַהן, ווידער — אַן עוג מלך הבשן. עניסמאַנ׳ס רייד זיינען געווען קאָכיגע. ער האָט שטענדיג געטראָגען אין זיך אַ יונגען ענטוזיאַזם פאַר אַלץ, וואָס איז אידיש: קודם כל ישראל, דערנאָך אַלע שאר ירקות, וואָס האָבען צו טאָן מיט ישראל: נאַציאָנאַל־פאָנד, קרן היסוד, און נאָך און נאָך. דערנאָך אידישע פּרעסע, אַ אידיש בוך.

דאָס אַלץ איז געווען. וואָרים איצט איז עניסמאַן אַלט, מיד, ניט אײַנגעזעצן געזונט. איך האָב ערשט לעצטענס דערהאַלטען אַ בריוועל, וואָס האָט אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט מיין אָטעם. דאָס בריוועל האָט ער מיר געשריבען באַלד פאַר דעם ווי ס׳איז דערשינען מיין אָפּשאַץ פון אונזער פריינט קאַהן.

„איך האָב געלייענט מיט טרערען אין די אויגען אייער רירענ־דיגען הספד אויף אונזער פריינט פּרץ. און ווייסט איר וואָס איך האָב געטראַכט, מיין ליבער קרוב מרדכי? איך האָב געטראַכט, אַז אויב איך זאָל זוכה זיין, אַז מרדכי דאַנצים׳ זאָל שרייבען וועגען מיר דאָס, וואָס ער האָט געשריבען וועגען פּרץ קאַהן, וואָלט מיר געווען גרינגער אַוועקצוגיין פון דער וועלט״...

דאָס, וואָס איך האָב אים געענטפערט אויף אָט די טיף־רירענדיגע ווערטער, איז ניט וויכטיג.

איך וויל נאָר זאָגען, אַז ווען איך פלעג טרעפען עניסמאַן מיט פּיטער קאַהן האָב איך געהאַט גרויס נחת רוח. דער ערשטער, ווי געזאָגט, אַ קאָכיג־טעמפּעראַמענטפולער, דער צווייטער — אַ פילאָ־זאָפיש־רואיגער, מיט אַן אַפּיקורסיש שמייכעלע אויף די ליפּען.

דערצייל איך אויך דאָס אַלץ צו ווייזען אייך מיין קרובה׳שאַפט מיט מינקאָוויץ.

אגב, ווען עניסמאַן פלעגט מיט מיר רעדען וועגען מינקאָוויץ זיינען זיינע רייד איבערגעגאַנגען אין אַ ראַפּסאָדיע.

„וואָס׳ ווייסט איר וואָס פאַר אַ שטעטעל מינקאָוויץ איז געווען!... מינקאָוויצער בעלי־בתים... מינקאָוויצער לומדים און משכילים... מינקאָוויצער שיינע טעכטער און געראָטענע זין... עך, מינקאָוויץ! מינקאָוויץ!״

דאָס אַלץ איז געקומען פון אַ אידן, וואָס איז שוין געווען אַוועק מער ווי אַ האַלב יאָרהונדערט פון מינקאָוויץ...

ווייזט עס אייך וואָס דאָס אַמאָליגע ליבע, היימשטעטעל האָט געמיינט פאַר יעדען פון אונז.

און זאָל מיר אויך דערלויבט ווערען צו דערמאָנען דאָס בעסאַ־ראַבער שטעטעל נאָוואָסעליץ. עס איז געלעגען ביים עסטרייכישען גרעניץ. פאַר מיר איז עס געווען ווי פּעטערבורג פאַר פּיאָטער וועליקי, „דער פענסטער צו אייראָפּע״. פון נאָוואָסעליץ האָב איך זיך אַריבער־געכאַפּט קיין טשערנאָוויץ, וואו עס האָט אַן אָטעם־געטאָן מיט׳ן הויך פון מערב־אייראָפּע: איר ציוויליזאַציע, איר קולטור...

האָב איך אַמאָל אין נאָוואָסעליץ אַ שטיק פון מיין הארץ איבער־געלאָזען. יאָ, ווי האָט זי געהייסען? און אַז איך וועל אייך זאָגען, אַז זי האָט געהייסען בערטאַ, און וועל אויסציען מיט אַ זינגעזאַנג: ב־ע־ר־ט־אַ, ווי איך האָב עס׳ אַזוי אָפט אין מיין בענקעניש געטאָן,

וועט עס אייך אלץ גאָרניט זאָגען.

אפשר, וועל איך וועגען דעם אויך אַמאָל דערציילען, אפשר.

יאָ, שיער פאַרגעסען — גוט, וואָס איך האָב זיך געכאַפּט. פאַראַן נאָך אַ שטעטעל אין פּאָדאָליע, וואָס איז מיר נאָענט. עס הייסט — קאַלים. איך זע דעם קאַליסער וואַלד, דאָס מוטנע קאַליסער טייכעל, וואָס האָט ווי צעשפּאַלטען דאָס שטעטעל אויף־צווייען, די געסלעך באַרג־אַרויף, די קאַלטע שול, די קלויזען; אַ מיידעלע, וואָס האָט געוואוינט אין אַ זייטיג געסעל, וואו איר טאַטע פלעגט זיצען העט ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין איבער׳ן קאַפּול. זי איז געווען צען, איך אפשר עלף. זי — אַ מיידעל מיט קאַרשען־אויגען און וויינשעל־ליפּלעך, היט בלאַנקע, שאַרפע ציינדלעך.

איך פלעג אומדרייען זיך שעה׳ן נישט ווייט פון דעם שטיבעל, וואו אירע עלטערן האָבען געוואוינט, כדי צו קאָנען כאַפּען אַ קוק אויף איר, נישט מער ווי אַ קוק. ווען איך האָב זי דערזען, פלעגט מיר אַ שווינדעל טאָן אין די אויגען, און איך האָב זיך געלאָזט לויפען ווי אַן איבערגעשראָקען העזעל.

אפשר וועל איך ביי אַ געלעגענהייט אויך וועגען איר אויך עפּעס דערציילען.

## מיט מיין טאַטע אין וואַלד

מיין טאַטע, עליו השלום, איז געווען אַ קאַסירער אין אַ וואַלד. דער וואַלד האָט זיך געפונען גאַנץ ווייט פון אונזער שטעטעל. ארום אונזער שטעטעל האָבען זיך געשפּרייט פעלדער און סעדער. מ׳האָט אָבער געדאַרפט פאָרען אַ פּאָר צענדליג וויאָרסט ביז מ׳האָט אָנגע־צויגען צום וואַלד.

באַלד נאָך ימים נוראים האָט דער טאַטע פאַרלאָזען די שטוב. איך האָב געוואוסט, אַז ער גייט זיך פאַרקלייבען אין דעם ווייט־ווייטען וואַלד, און אַז ס׳וועלען אַוועקגיין וואָכען און חדשים ביז איך וועל אים ווידער זען.

מיך פלעגט בשעת מעשה אַן אומעט אַרומנעמען. די שטוב איז געוואָרען ליידיג און אומהיימליך־שטיל. איך האָב געטראַכט פון וואַלד מיט פאַרבאָרגענער שרעק און אויך מיט פיינטשאַפט. דער וואַלד האָט מיך פון טאַטען באַרויבט, ווי וואַלד־גזלנים וואָלטען אים אַוועקגעכאַפּט.

ווען איך האָב געטראַכט פון וואַלד האָב איך געזען פאַר זיך ביימער, ביימער — אָן אַן עק און ברעג. זיי זיינען געשטאַנען געדיכט־צונויפגעשפּאַרטע, ווי ווענט, וואָס האָבען אָפּגעצאַמט און פאַרשטעלט די דרויסענדיגע וועלט. די ביימער האָבען געהאַלטען אַן אייביגע וואַך

איבער דער פינסטערניש, וואָס האָט געלויערט צווישען זיי. פון דער פינסטערניש האָבען אַרויסגעפלאַמט וועלפּישע אויגען און ציין האָבען געסקאַליעט ווי דער בלאַנקער שאַרף פון שטאָל. אין אָט דעם וואַלד האָט מיין טאַטע פאַרבראַכט טעג, נעכט, וואָכען, חדשים.

איך האָב געפיהלט אַ גרויס רחמנות אויפ׳ן טאַטען, וואָס אויף זיין גורל איז אַזאַ לעבען אויסגעפאַלען. וואָס טוט ער דאָרטען איינער אַליין? ווי באַוואָרענט ער זיך קעגען די געפאַרען, וואָס דער וואַלד טראָגט אין זיינע נאַכטיגע טיפעניש׳ען?

מיר איז עס געווען שווער צו באַנעמען. איך האָב געוואוסט, אַז ווען מיין טאַטע איז געקומען אַהיים, איז ער שטענדיג געווען אַרומ־געריננגעלט פון מענשען. זיין וואָרעמקייט האָט צוגעצויגען, און מענשען האָבען געקלעפּט צו אים. חוץ דעם איז ער געווען אַ איד אַ משכיל, און די יונגעלייטלעך פון אונזער שטעטעל, די דערוואַקסענע בחורים און די וואָס זיינען שוין געווען איידימלעך אויף קעסט, זיינען געקומען צום טאַטען זוכען דעם קירצסטען וועג, וואָס וועט זיי ברענגען צו דער מיסטעריעזער השכלה בת השמים.

מיין פאָטער האָט געהאַט אַ פיינע ביבליאָטעק, די יונגע משכילים האָבען זיך באַנוצט מיט זיינע ספרים. פאַר מיינע אויגען שטייט די בייכיגע ביכער־שאַפע מיט די גלעזערנע טירען, פון וועלכע ס׳האָבען אַרויסגעקוקט יצחק בער לעווינזאָן, פרץ בן משה סמאָלענסקין, ראובן אשר ברוידעס, מאַפּו, נחמן קראָכמאַל, זייט ביי זייט מיט׳ן רמב״ם, רב סעדיה גאון, יהודה הלוי. צוויי פאָליצעס זיינען געווען פאַרנומען מיט׳ן סלאַוויטער ש״ס, מיט עין יעקב׳ס און משניות׳ן, מיט תנ״ך, מיט׳ן ביאור.

גאַנץ באַזונדער, אין אַ מין להבדיל׳דיגער יחידות, זיינען גע־שטאַנען אויף אַ נאַקעטער פאָליצע די ווערק פון טורגעניעוו, דאָסטאָ־יעווסקי און טאָלסטאָי, אַ פּאָר ביכלעך פּושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראַ־סאָוו און נאַדסאָן, עטליכע בענד בעלינסקי, פּיסאַרעוו און טשערני־שעווסקי, אויך אין קליין־פאָרמאַט די ווערק פון לעסינג, געטע, שילער, גרילפּאַרצער און היינע.

שפּעטער האָבען צווישען די העברעאישע ספרים זיך אויך באַוויזען אחד העם, ביאַליק און טשערניכאָווסקי, פרץ׳עס שירים אין העברעאיש, אחד העם׳ס „השלוח״ מיט דער בלויער הילע.

ווען דער טאַטע איז געווען אין דער היים האָבען אַלע ספרים געלעבט. זייער גייסט האָט אָנגעפילט די פיר ווינקלען פון אונזער אָרעמער שטוב. זיי האָבען פאַרלאָזען די שאַפע, אַרונטער פון די פאָליצעס און זיך אומגעטראָגען ווי פייער־פייגעל אין דער לופט. די וואָס האָבען די אַלע ספרים געשאַפען, האָבען די גאַנצע שטוב אָנגע־פילט. איך האָב ניט נאָר זייערע נעמען געקענט, נאָר טאַקע זיי אַליין

בחוש געזען: אָט איז דער רמב״ם. אָט איז יהודה הלוי. אָט זיינען די אַלע וועמענס נעמען קלינגען פרעמד, אָבער וואָס זיינען דורכ׳ן טאַטען געוואָרען היימיש, אייגען: בעלינסקי, פּושקין און נאָך און נאָך . . .

ווען דער טאַטע איז אָבער אַוועק אין וואַלד, זיינען די ספרים און ביכער געשטאַנען עלענטע, פאַרלאָזטע אויף די פּאָליצעס. איך בין געווען אינגאַנצען אַ פּיצווינק, צען יאָר אַלט, און די ספרים ביכער האָבען נאָך פאַר מיר ווינציג געמיינט, כאָטש זיי האָבען שוין גענומען רעדען און וועקען מיין גייסט מיט זייער אָנבליק, מיט זייער מיסטעריעזער פאַרשלאָסענקייט, וואָס איך האָב געזוכט צו אַנטפּלעקען און עפענען. איך פלעג שטיין פאַר די גלעזערנע טירען פון אַ פאַר׳כישופ׳טען טעמפּעל. איך האָב באַטראַכט לאַנג און פאַרגאַפט די נעמען פון זייערע שאַפער. יעדער אָנמען האָט גערייצט מיין פאַנטאַזיע, געצונדען מיין נייגיר. ווען איך האָב דערנאָך אַרויסגענומען אַ באַנד און אָנגעהויבען בלעטערען, נישטערן, געפּרוואווט מיט׳ן יונגען מוח אויפכאַפּען די חכמה און די טיפקייטען פון דורות, האָט דאָס ניט-פאַרשטאַנענע און פאַרהוילענע גערייצט מער ווי דאָס פאַרשטאַנענע און לויטערקלאָרע . . .

איינמאָל איז דער טאַטע געקומען אַהיים אויף חנוכה. די חנוכה-טעג זיינען גיך אַוועק און ער האָט זיך ווידער גענומען קלייבען אין וואַלד. געדענק איך ווי היינט, ווי איך האָב פלוצלינג, פון דער העלער הויט, אַ זאָג געטאָן צו אים:

„טאַטע, נעם מיך מיט זיך אין וואַלד אַריין . . .״

דער טאַטע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס איך זאָג. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

„נאַרעלע וואָס דו ביזט! וואָס וועסטו טאָן אין וואַלד? . . .״

„איך וועל זיין מיט דיר, טאַטע.״

דער טאַטע האָט מיך ווידער אָנגעקוקט. דער קוק זיינער האָט דאָס מאָל מיך ווי אין אַ זון איינגעהילט. ער האָט מיר ניט געדאַרפט זאָגען, אַז ער וועט מיך מיטנעמען.

דאָס איז אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, וואָרים די מאַמע האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען. „וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת צו נעמען אַ קינד ווינטער-צייט אין אַ וואַלד!״ האָט זי גע׳טענה׳ט. „און וואָס וועט זיין מיט דער תלמוד תורה? וואָס הייסט, אָפּרייסען אים פּלוצלינג פון לערנען!״

דער טאַטע האָט פאַרנומען אַ חדר ביים וואַלד-וועכטער. דעם וואַלד-וועכטער׳ס שטוב איז געשטאַנען אין מיטען וואַלד, אָנגעשפּאַרט מיט איין וואַנט אין אַלטע דעמבעס, וואָס האָבען פאַרריסען דעם קאָפּ צום הימעל. פאַר דער שטוב האָט זיך געשפּרייט אַ שטיקעל לאָנקע. די גאַנצע שטוב איז באַשטאַנען פון איין גרויס צימער מיט אַן אויווען,

וואָס האָט זיך געצויגען איבער דער גאַנצער לענג, און פון אַ קלענער צימער. אין דעם גרויסען צימער האָט געוואוינט דער וואַלד־וועכטער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, אַ שייגעץ פון אַ יאָר פופצען און אַ שיקסעל אין מיינע יאָרען. אין דעם צווייטען צימער האָט געוואוינט דער טאַטע.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין וואַלד, זיינען די ביימער געשטאַנען פאַרשנייטע און פאַרשלאָסענע. יונגע, סטראַינע סאָסנעס האָבען זיך דערהויבען ווי ריזיגע סטעאַרין־ליכט. אָט־אָט און זייערע קנייטען וועלען זיך אָנצינדען און באַלייכטען דעם גאַנצען וואַלד. אין די טעג ווען די ווינטערדיגע זון האָט געגאָלדיגט זייערע שפּיצען, האָט זיך געדוכט ווי די קרוינען פלעמלען אונטער דער בלויער טיפקייט.

ביינאַכט איז דער וואַלד געלעגען אַ פאַרטייעטער, ווי אַ בער אין זיין נאָרע. ס׳האָט אָבער געטראָפען, אַז מיטאַמאָל האָט אַ וועלפיש וואָיען גענומען זיך טראָגען און קומען אַלץ נענטער, נענטער. נישט איינמאָל פלעגט זיך מיר דוכטען, אַז די וועלף שטייען הינטער די פענסטער, אַז זייערע אויגען פלאַמען אריין אין די פראָסטיגע שייבלעך. איך פלעג זיך טוליען צום טאַטען. ער האָט געגלעט מיך איבער׳ן קאָפּ, בארואיגט, געזאָגט מיר: „זיי נים קיין נאַרעלע... ניטאָ זיך וואָס צו שרעקען..."

דער טאַטע האָט מיט מיר געלערנט אין דער פרייער צייט. זיין תורה שבעל פה האָט פאַר מיר נייע וועלטען געעפענט. אין אָנהויב האָב איך מורא געהאַט ארויסצוגיין אין וואַלד. דער שייגעץ האָט געמאַכט פון מיר חוזק. דאָס שיקסעל פלעגט אומלויפען אַ באָרוועסע אין שניי. ווען זי איז אריינגעלאָפען אין שטוב, האָבען די בעקלעך געפלאַמט ביי איר — אָט־אָט און פונקען וועלען פון איר אַ שפּריץ טאָן. איך האָב זיך געשעמט פאַר איר, וואָס זי, אַ מיידעל, לויפט אום איבער׳ן וואַלד איינע אַליין ווי ביי זיך אין שטוב, און איך, אַ בחור, האָב מורא...

ס׳האָט אָבער גענומען ניט לאַנג און דער וואַלד איז מיר אויך היימיש געוואָרען. איך בין אומגעגאַנגען צווישען די ביימער און יעדער בוים איז מיר נאָענט געוואָרען. די טעג ווען מוזשיקעס זיינען געקומען אויסהאַקען ביימער זיינען געווען פאַר מיר טעג פון גרויסע יסורים. איך פלעג פאַרשטאָפען די אויערען ניט צו הערען די קלינגענדיגע עכאָס פון די העק און דאָס גרילצען פון די זעגען. ווען איך האָב געזען אַן אָפּגעהאַקטען בוים, האָט מיין הארץ גענומען וויינען.

דורך די נעכט פלעג איך זיך טוליען צום טאַטען, ליגענדיג ביי זיין זייט און איינהערען זיך אין גערויש פון די ביימער. דאָס גערויש האָט גערעדט צו מיר מיט אַ לשון, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען. אַמאָל

האָט דאָס גערויש גערעדט מיט טרויער וועגן ווינטען און אייזיגען פראָסט, וואָס פרירט די זאַפט אין לייב פון ביימער, ברעכט די צווייגען און ברענגט טויט. אַמאָל איז אין דעם גערויש געווען פריידיקער אָנזאָג, אַז די קעלטען לאָזן נאָך און דער פרילינג איז שוין ניט ווייט...

מיין טאַטע האָט גערעדט צו מיר וועגן וואַלד. ניט אַלץ וואָס ער האָט צו מיר גערעדט האָט מיין יונג-אינגעלשער מוח געקענט באַנעמען. ערשט שפּעטער, שפּעטער, ווען די ווערטער האָבן אויפ-געלויכטען ווי פונקען אין מיין זכרון, האָב איך פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון זיינע רייד.

„דו זעסט די ביימער אין וואַלד, מיין קינד," האָט דער טאַטע מיר געזאָגט. „דענקסטו דאָך אודאי, אַז אַלע ביימער זיינען גלייך? זאָג איך דיר, אַז ניין... יעדער בוים איז ווי אַ מענש, און פּונקט ווי אַלע מענשען זיינען ניט גלייך, אַזוי זיינען אַלע ביימער ניט גלייך... יעדער בוים האָט זיך זיין אייגען לעבען, זיין אייגענע נשמה — ווי אַ מענש — פאַרשטייסט, מיין קינד?"

האָט זיך מיר אָפט געדאַכט, ווען איך האָב געהערט דעם ווינט-גערויש צווישען די ביימער, אַז ס'טראָגט זיך אַ געוויין פון די ביימער, וועמעס לעבען מ'האָט אונטערגעהאַקט.

ערב פּסח האָבן מיר פאַרלאָזן דעם וואַלד און מיר זיינען געקומען אַהיים. זינט דעמאָלט זיינען שוין אַוועק, איין ג-ט אַליין ווייסט, וויפיל יאָרען. אָבער — דער וואַלד-כישוף באַגלייט מיך ביז אויף היינטיגען טאָג. אויך היינט, ווען איך טרעף זיך אַליין אין אַ וואַלד, און דאָס געשעט אַזוי זעלטען, נעמען די ביימער רעדען צו מיר מיט זייער מיסטעריעזען לשון, וואָס ווערט מיר אַלץ פאַר-שטענדליכער און קלאָרער, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם ווינטער, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט מיין טאַטער אין וואַלד.

## אָדעס, אוי אָדעס

אַ בר-מצוה-בחור'ל האָט אָפּגעטרייסעלט דעם שטויב פון זיינע ניט-באַזונדערס גאַנצע שיך, פאַרלאָזן דאָס קליינשטעטעל אין פּאָ-דאָליע און אַוועקגעלאָזן זיך אין מרחקים.

און מרחקים האָט געמיינט אָדעס — די ווייטע און פאַנטאַסטישע, וואו זייט-ביי-זייט מיט דער מילד-שטראַלענדיגער דרום-זון שיינט אויך דאָס ליכט פון השכלה, און וואו אויף אירע באַביימערטע, אין גרינס-פאַרטרונקענע ווימלענדיגע גאַסען שלאָגן לויטערע קוואַלען פון וויסען.

און די זעל פון דעם בר-מצוה-בחור'ל האָט געגלוסט נאָך תורה.

ניט די תורה די אַלטע און אייביגע, וואָס זינגט אויף אין פּערלדיג־קלינגענדיגע שטראָמען פון די נביאים און תלמוד. דאָס בר־מצוה־אינגעל האָט שוין געקענט ישעיה און מיכה, ירמיהו און עמוס אויף אויסנווייניג. ער האָט שוין אויך געלייגט קלאָפּטער אין אומדער־גרונטעוועדיג־טיפען, בורשטין־דורכזיכטיגען ים פון תלמוד. ווען ער איז געגאַנגען ווינטער שפּעט־ביינאַכט אַהיים פון דער סאַדעגורער קלויז, געבראַדזשעט איבער די שניי פאַרקאָוועטע געסלעך, האָבען ניט נאָר מיכאל און גבריאל באַגלייט איהם אויף זיין וועג, נאָר אויך אביי ורבא, ר׳ יוחנן בן זכאי און רבי עקיבא און די אַלע אַנדערע פון דער ליכטיגער כנופיא פון תנאים און אמוראים זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען.

און אויך ניט די נייע תורה, וואָס די השכלה־ביכלעך האָבען אין זייערע מאַגערע, געצאַמטע בלעטלעך און צווישען זייערע ווינטיגע טאָוולען געטראָגען, איז דאָס אינגעל געפאָרען זוכען אין אַדעס, ווייל אויך דאָ האָט אים אין זיין היימיש שטעטעל ניט געפעלט.

ביי די עלטערע בחורים האָט ער שוין געקראָגען צו לייענען מאַפּו און סמאָלענסקין. די שירים פון יהודה ליב גאָרדאָן און מאַנע האָבען געזונגען אין זיינע אויערען. ער האָט מיט ציטערדיגע פינגער געבלעטערט די הימעל־בלויע השילוח העפטען. ער איז שוין געווען געפאַנגען פון דעם שטילען, איידעל־געשפּינטען צער פון פייערבערג׳ען, און ביאַליק׳ס „אל הצפור״ און „תחזקנה״, און טשערניכאָווסקי׳ס „שחקי שחקי על החלומות״, און אפילו אַ קנייטש פון בלייכען, סאַמעט־גלאַטען, אינגעלשען שטערען איבער׳ן „על פרשת דרכים״.

וואָס־זשע דען פאַר אַ תורה איז דאָס בר־מצוה בחור׳ל געגאַנגען זוכען אין אַדעס ? די תורה פון קירפּיטשניקאָוו׳ס גראַמאַטיקע און אילאָוואַיסקי׳ס היסטאָריע. די תורה פון „אוטשיטעלסקי קורסען״, וואָס דער קווינטעסענץ איהרער איז אַ דיפּלאָמע מיט אַ צאַרישען הערב, און וואָס איר תוך און ווערט זיינען גאָרנישט מיט גאָרנישט.

דאָס קליינשטעטעל אין פּאָדאָליע ליגט אויף אַ באַרג. די שטיבלעך — צעוואָרפענע אָדלער־נעסטען, פאַרלוירענע צווישען סקאַלעס, גערטנער און ראַווינען. האָלץ איז ביליג אין שטעטעל, די מייסטע בעלי־מלאכות שינדעלמאַכערס. ווען מען קומט אַרוים גאַנץ פרי, טראָגט זיך איבער׳ן שטעטעל אַ ריח פון פריש־געשניטען האָלץ. אַ גאַנצען טאָג הענגט אין דער לופט דער גאָלדענער שטויב פון זעגעכץ. זיינען די דעכלעך פון די שטיבלאַך אַלע שינדעלדיגע, פון רעגען און ווינט פאַרשוואַרצטע. זומער, ווען די זון טריקענט זיי, קריגן זיי אַ בראַנזיגע פאַרב און גלאַנצען פון עבאַני־האָלץ.

אונטען אין טאָל לויפט דער דניעסטער, טרייבט זיינע גרווילעך־בלויע וואַסערען העט וויט — אין די פאַרלוירענע ווייטקייטען, אַזש

ביז צום שווארצען ים. דער טייך דניעסטער אָדער ווי די אידען פון שטעטעל האָבען אים גערופען „דער נעסטער" אָדער גאָר „אסתר", טיילט אָפּ די ברעגעס פון בעסאַראַביע. אויף דער בעסאַראַביער זייט — קייטלען זיך די קאַרפּאַטען-בערג. ווען מען שטעלט זיך אַוועק אויף דער אַלטער, פאַרבליבענער וואַנט פון דער פאַרצייטיגער, פּוילישער פעסטונג, זעהט מען פון די נעפּלען זיך אַרויסשיילען די גרענעצען פון בוקאָווינע. ווייטער פון יענער זייט האָריזאָנט נעמען זיך שפּרייטען די שווארץ-פעטע פעלדער פון רומעניע.

און מ'האָרף זיך ניט אַוועקשטעלען אויף דער פאַרבליבענער וואַנט פון דער אַלטער, פּוילישער פעסטונג, צו זעהן דאָס דערפעל האָטיק. מ'דאַרף נאָר אַריבערקוקען אויף דער בעסאַראַביער זייט און דאָס דערפעל האָטיק בלייט ליגען פאַר די אויגען ווי אויף דער דאָלאָניע.

פלעגט דאָס בר-מצוה-בחור'ל אָנשטעלען אָפּט זיינע אויגען אַהין, אָפּשטעהן שעה'ן און שעה'ן אַ פאַר'חלומ'טער. וואָרים געוואוסט האָט דאָס בחור'ל, אַז אָט אין דערפעל וואו די פויערשע כאַטעס שפּיגלען זיך מיט זייערע סטריכעס אין די נעסטער-וואַסערען האָט זיך אויפגעהאַלטען ר' ישראל בעל-שם. אָט צווישען די פויערשע כאַטעס איז ער אומגעגאַנגען מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס און אַ סוקאָוואַטען שטעקען אין האַנט. פון דאָרטען האָט ער זיך אַוועק-געלאָזען אויף זיין וואַנדערונג איבער די קאַרפּאַטען-בערג, וואו ג-ט'ס שטים האָט צו אים דערגרייכט דורך ווינט און ביימער-גערויש, און וואו די אייביגקייט האָט צו אים גערעדט דורך פאַר-גליווערטען, סודות'דיגען שווייגען. האָט דאָס אינגעל זיך איינגעהערט אין בעל-שמ'ס זינגעוודיגע טריט, וואָס האָבען איבער די קאַרפּאַטען-בערג זיך אָנגעטראָגען, און צווישען די וואָלקענס, וואָס זיינען אויף דעם רוקען פון די בערג געריטען, האָט ער געזעהן זיין געשטאַלט.

פליטען מיט געהילץ, און גיפּס, און אויך תבואה און פּירות האָבען זיך געטראָגען פון שטעטעל איבער דעם דניעסטער, וואָס האָט מיט די וויים-שווימיגע כוואַליעס פון שווארצען ים זיך צונויפ-געגאָסען.

די פליטען זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט ווי בענדער, די אַלטע, אַמאָליג-טערקישע שטאָט וואו פאָטיאָמקין האָט זיין געצעלט געהאַט אויפגעשטעלט. פון דאָרטען, אַז מ'האָט געוואָלט פאָהרען קיין קישינעוו אָדער אָדעס, האָט מען גענומען די באַן.

האָט דאָס בחור'ל זיך איינמאָל אַרויפגעכאַפּט אויף פליטען, וואָס האָבען געדאַרפט אָפּגעהן קיין בענדער. ער האָט מיטגענומען פון דער היים ניט מער ווי די תפילין און אַ פּאָר העמדער. אויך עטליכע „תושיה"-ביכלעך צו קאָנען נעהרען די נשמה אויפ'ן לאַנגען וועג. ער האָט זיך באַהאַלטען ביינאַכט צווישען די אָנגעלאָדענע ברעטער,

און ערשט אויפ׳ן צווייטען טאָג, ווען די פּליטען זיינען שוין געשוואומען צווישען ברעג און וועלדער, וואָס האָבען זיך געלייגט אין לאַנגע, טונקעלגרינע שאָטענס פון ביידע זייטען, האָט איינער פון די פויערים געפונען אים אַ פאַרשטעקטען, אַ האַלב-פאַרהונגערטען צווישען די ברעטער.

מ׳האָט איהם געבראַכט פאַר דעם אידישען „נאַמן", וואָס איז מיטגעפאָרען מיט די פּליטען. יענער האָט באַטראַכט דאָס ציטערנדיגע בחור׳ל און גענומען איהם אויף אַ שטרענגען דאַפראָס. ער האָט געקענט דעם אינגעל׳ס טאַטע-מאַמע, און איז געווען גרייט צו שיקען איהם צוריק צו זיי, פון ערשטען ברעג צו וועלכען די פּליטען וועלען צושווימען.

האָט דאָס אינגעל גענומען זיך בעטען מיט תחנונים ביים אידען. ער האָט איהם געזאָגט, אַז אויב ער וועט איהם צוריקשיקען וועט ער זיך אין וואַסער אריינוואַרפען. דער איד האָט זיך דער־שראָקען און געזאָגט, אַז ער וועט עס נישט טאָן. ער האָט נאָר אָוועקגעשיקט אַ בריוו צום אינגעל׳ס עלטערען און געזאָגט זיי, אַז זיי זאָלען זיך ניט זאָרגען, זייער פאַרשוואונדענער קדיש איז מיט איהם.

האָבען די פּליטען זיך געטראָגען טעג און וואָכען איבער דעם דניעסטער. און ווער, וואָס ער האָט איבערגעליטען אין די אַלע טעג און וואָכען, וויפיל ענויים עס איז אויסגעשטאַנען אָט דאָס אינגעל, אויף וועמעס פרישע, רירענדיג-פרישע ליפּלאַך, דער מאַמע׳ס מילך איז נאָך ניט פאַרטריקענט געוואָרען.

ס׳האָט אָבער ניט אויסגעמאַכט, וואָרים האָבען דאָך די פּליטען געבראַכט אים נענטער, נענטער, צו דער ווייטער, אויסגע׳חלום׳טער שטאָט, וואָס שפּיגעלט זיך מיט איר זוניג פּנים אין די וואַסערען פון שווארצען ים, וואָס זיינען אין אמת׳ען גאָרנישט שווארץ נאָר טונקעל־גרין, אַמאָל עמעראַלדען-גרין, אַמאָל גאָלדיג-דורכזיכטיג ווי בורשטין, און אַמאָל מוטנע-גרוי ווי די אָנגעכמורעטע, פאַרטריקענטע פּנים׳ער פון די באָסיאַקעס, וואָס וואַלגערן זיך אין אירע האַפענס.

און אָט איז אָדעס — די שטאָט, וואָס די היציגע פאַנטאַזיע פון אַ פּראָנצוויז מיט׳ן נאָמען דעריבאָס האָט אויסגעפורעמט אין גערטנער־גאָסען, וואָס לויפען ווי אַ שאַך-ברעט, און פּאַלאַצען, און פּאַרקען, און מאָנומענטען, און אין געסלעך קויטיגע און ברודיגע וואו די אָרימקייט האָט צעוויקעלט איהרע אויר׳דיגע טראַנטעס און אויפ־געדעקט איהרע יאָטערענדיגע וואונדען.

דאָס בר מצוה אינגעל פון דעם קליינעם, פאַר׳חלום׳טען שטעטעל אין פּאָדאָליע האָט זיך אין אַ פאַר׳כישוף׳דיגער מלוכה דערזעהן. די זון וואָס פאַרגעהט זעלטען איבער אָדעס האָט איהם מיט אירע

שטראָלען פאַרשפּינט. דער ים האָט איהם אַנטקעגענגעלאַכט מיט מילימיליאָסען רעגענבויגיגע שמייכלען. און דער זינגעוודיגער ריטם פון דער צויבערשטאָט. איהר לופט אַ ווייכע און לאַשטשענדיגע מיט ריחות פון רויזען און יאַסמין, פון זאַלציגקייט און פיש אָנגעזאַפּט. אָדעס, די דרום'דיגע פּאַלמירע, דער פינקעלדיגער פּערל פון שוואַרצען ים. אָדעס, ביי וועמעס זאַלציג-זאַמדיגע ברעגעס אַזיע און אייראָפּע באַגעגענען זיך און גיסען זיך צונויף אין פאַנגענדיגער האַרמאָניע. אָדעס — „אוי, אוי אָדעס", די שטאָט פון מזרח'דיגער פּראַכט און גרויער, האָפענונגסלאָזער נויט. די שטאָט, וואו דער „אוי, אוי", איז אַן אויסגעשריי פון פרייד און אַן אויפקרעכץ פון וועה...

איז דאָס בר-מצוה-בחור'ל אומגעגאַנגען טעג, וואָכען, חדשים איבער די גאַסען פון אָדעס, אומגעגאַנגען אַ פאַר'חלום'טער און ניט-דאַאיגער, אומגעגאַנגען ניט אויף די שפּיציג-שטיינערנע טראָטואַרען נאָר ווי אויף וואָלקענס זיך געטראָגען.

ס'האָבען זיך אָנגעהויבען טעג פון הונגער און היימלאָזיגקייט. דאָס אינגעל מיט די רירענדיג-פרישע ליפּלאַך, אויף וועלכע דער מאַמע'ס מילך איז נאָך ניט פאַרטריקענט געוואָרען און מיט די גרוילעך-בלוליכע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויף אַלץ און אַלעמען מיט קינדערשער פאַרגאַפטקייט, ער האָט זיך גענעהרט מיט ברויט און קאַרטאָפעל-זופּ אין דער פאָלקס-קיך פאַר אָרימע סטודענטען. ער איז געשלאָפען אויף דער האַרטער באַנק אונטער אַן אויסגעשטערנטען הימעל צווישען די וואַלדיגע אַלייען פון „אַלעקסאַנדראָווסקי פּאַרק". ער האָט געוואַשען דאָס העמד אין די וואַסערן פון שוואַרצען ים, געלאָזט עס טריקענען אויף איינער פון די סקאַלעס און געוואַרט אַן אָדם-נאַקעטער אונטער דער סמאַליענדיגער זון.

ס'האָט אָבער ניט אויסגעמאַכט. אין אָדעס האָט מען דעם הונגער ניט געפיהלט. אין אָדעס האָט די היימלאָזיגקייט ניט אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין מיט פרירענדיגע אויגען. אין אָדעס איז דאָס בחור'ל אומגעגאַנגען ווי אויף וואָלקענס. וואָרים אין אָדעס איז אויך אומ-געגאַנגען אחד העם. און עס איז געווען גענוג, אַז דאָס אינגעל זאָל האָבען די זכיה צו זעהן מיט די אייגענע אויגען די פאַר'דבק'טע, אַסקעטישע פיגור פון דעם מענשען, וואָס האָט אויסגערופען „לא זו הדרך", און געשליפען, ווי דימענט-שלייפער זיינע דימענטען, די פילאָזאָפישע עסעיען פון „על פרשת דרכים". עס איז געווען גענוג, אַז דאָס בחור'ל זאָל אים זעהן, זיין גרויס-גרויסען קאָפּ מיט דעם הויכען שטערען באַטראַכטען, אויפכאַפּען דעם בליק פון זיינע וואַסערדיג-בלויליכע אויגען דורך די גאָלדענע שפּאַקולען, אַז ער זאָל אין הונגער און היימלאָזיגקייט פאַרגעסען.

און ס'איז געווען גענוג ער זאָל הערען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי —

ער, דער שטורעמאַנזאַגער, דער אַדלערדיגער, דער בר־כוכבא און דער בייראָן — אין די אויגען פון דעם בחור׳ל און פון טוויזענטער אַנדערע. שוין אַזוי פיל יאָרען אַוועק זינט דאָס איז געשעהן, אַזוי פיל טייכען און ימים אָפּגעלאָפען. איבער דער אַמאָליגער אַדעם ליגען בערג מיט שטויב און אַש. מען זאָגט, אַז די ביימער וואָס האָבען אויף איהרע גאָרטענגאַסען געוואַקסען האָט מען אויסגעהאַקט. און אויב מ׳האָט נייע פאַרפלאַנצט שטעהען זיי נאָך מן הסתם יונגיקע, שוואַכע, מיט צווייגען ווי קינדיש־ציטערנדיגע הענטלאַך. שוין אַזוי פיל יאָהרען אַוועק — אייביגקייטען גאַנצע. דאָס אינגעל וואָס איז שוין היינט באַיאָרענט און מיד, זעהט אָבער נאָך די געשטאַלט פון יענעם זשאַבאָטינסקי ווי ס׳וואָלט ערשט געווען נעכטען. אָט שטעהט ער, דער דימענטיג־גראַווירטער, דימענטיג־פינקלענדיגער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי אויף דער בימה פון איינער פון די אָדעסער זאַלען. זיין געפּאַקטע פיגור באַוועגט זיך לייכט, מיט פאַנטערישער רירעוודיג־קייט. מ׳ווייסט, אַז ס׳דאַרף רעדען זשאַבאָטינסקי, אַלטאַלענא. אויגען הויבען זיך צו איהם מיט אַ מין פאַרגעטערונג. זיינע ווערטער נעמען פאַלען אין דער לופט ווי צינדענדיגע קוילען. די ווענט פון דעם זאַל ווערען פאַנאַנדערגעפּראַלט. גאַנצע וועלטען נעמען אויפגעהן.

און ביאַליק אין „יבנה״. ער ברענגט מיט אַ זון, אַ ליכט, וואָס שטראַלט אַרויס פון יעדען וואָרט וואָס קומט פון זיין מויל. ראַווניצקי, דער רויט־האָריגער, דער שטילער און באַשיידענער, וואָס איז ווי געבוירען געוואָרען אויף לייטערען און איבערגיסען פון כלי אין כלי ביז קיין פסולת וועט אין בוימעל ניט בלייבען.

און שמעון דובנאָוו. אידיש־אַריסטאָקראַטיש־רוסישדיג. גאָלדענע ברילען און געצאַמטע מאַניערען. און רב־צעיר מיט פּאָפּענמעסיגע, לאַנגע לאַקען, גוטמוטיג־שמייכלענדיגע אויגען און אַ לומדיש־פאַרקאַרבטען שטערן. און מנשה מרגליות. ווירדיג. טשינאָווניק׳דיג. און דער פלאַטשיג־נאָזיגער, חריפותדיגער פראַנקפעלד. און נאָך און נאָך. אַ גאַלעריע אַ גאַנצע. מענשען, וואָס האָבען הערצער באַוועגט, אַן איבערקערעניש אין מהות געבראַכט, אַלטע וועלטען צעשמעטערט און נייע אויפגעבויט. אַרום זיי, ווי שטערען אַרום זון און לבנה, בחורים׳לעך אַלערליי, בחורים׳לעך אין די הונדערטער פון אַלע עקען און ברעגען פון רוסישען תהום. פון פאַרוואָרפענע שטעטעלעך אין פּאָדאָליע, פּוילען, בעסאַראַביע, בחורים׳לעך וועמעס זעל האָט גע־גלוסט נאָך תורה, וואָס זיינען פאַרצערט געוואָרען פון אַ דורשט נאָך וויסען, און וואָס האָבען זיך אַוועקגעלאָזען קיין אָדעס וואו זייט־ביי־זייט מיט דער מילך־שמייכלענדיגער דרום׳דיגער זון, האָט אויך געשיינט און געשמייכעלט די זון פון השכלה.

און צווישען אָט די בחורים׳לעך — דער בר־מצוה־אינגעל פון

דעם קליינשטעטעל אין פּאָדאָליע, וואָס שפּיגעלט זיך מיט די שינדלענ־דיגע דעכלאַך פון זיינע שטיבלעך אין די וואַסערען פון דניעסטער, און וואו די טריט פון ר׳ ישראל בעל שם טראָגען זיך איבער די קאַרפּאַטען־בערג, וואָס קייטלען זיך אויף יענער זייט.

און דאָס בחור׳ל וואָס איז שוין באַוּאָרענט און מיד האָט אויך געקענט ניט נאָר אָדעם די זוניגע און שוימיג־לאַכענדיגע, נאָר אויך די גרויע, בייזע, מיט ציין־פאַרקריצטע,וואָיענדיג ווי אַ הונגעריגער וואָלף אין אַ ווינטער־נאַכט.

דאָס איז אָדעם פון דער „מאָלדאָוואַנקע" און טאָלטשאָק. אָדעם פון האַפען און נאַטשלעזשניקעס... אָדעם מיט איהרע גנבים און באָסיאַקעס. אָדעם מיט איהרע לעביונגען און פּראָסטיטוטקעס. „אוי, אוי, אָדעם", אָבער דאָס איז אַ לאַנגער, און באַזונדערער קאַפּיטעל.

און דאָס בחור׳ל איז איינמאָל אין אַ ביינאַכט פאַרטריבען גע־וואָרען פון דער פאַר׳כשופ׳דיגער מלוכה, וואָס האָט געהייסען אָדעס.

געשעהן איז עס אין אַ נאַכט ווען אַנשטאָט צו געהן שלאָפען אויף דער האַרטער באַנק אין „אַלעקסאַנדראָווסקי־פּאַרק" האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער בלענדענדיג־באַלויכטענער „דעריבאַ־סאָווסקאַיאַ אוליצאַ". ער האָט אַרויסגענומען אַ ספר׳ל מיט׳ן נאָמען „יסוד המעלה" פון בריל דעם בעל הלבנון און פאַרטיפט זיך אין דעם ביים גרינעם שיין פון אַ לאַמטערן. מיט אַמאָל איז אָנגעקומען גאָראָדאָוואָי, אַ סאַפּ־געטאָן אים ביים קאַרק און אויסגערופען:

„אַ טשטאָ באָגו מאָלישסיאַ — זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ !" דערנאָך אָן אַרעסט. אוטשאַסטאָק. טורמע. פאַרוואָס? ווייל דאָס בחור׳ל האָט ניט געהאַט קיין פּאַספּאָרט. דאָס ביכעל, וואָס מ׳האָט ביי איהם געכאַפּט איז געווען געדרוקט אין לאָנדאָן און האָט ניט געהאַט קיין רוסישע צענזור. האָט מען אים אַרויסגעשיקט עטאַפּנים פּאָריאַד־קאָם צוריק אין זיין היימשטעטעל ביי די ברעגעס פון דניעסטער. איז ער צוריק אהיים שוין ניט געפאָרען אויף פליטען צווישען בערג און וועלדער, וואָס האָבען אָפּגעוואָרפען לאַנגע, טונקעל־גרינע שאָטענס, נאָר געוואַנדערט, געגאַנגען צופוס, טעג, וואָכען.

אָבער אויך דאָס האָט ניט אויסגעמאַכט, ווייל דאָס בחור׳ל האָט מיט זיך געטראָגען ליכטיג־צינדענדיגע חלומות פון דער ליכטיג־צינדענדיגער אָדעס.

און דאָס בחור׳ל האָט געהאַט פאַר זיינע באַגלייטער אויפ׳ן עטאַפּ־וועג די ליכטיגע געשטאַלטען פון אחד העם, זשאַבאָטינסקי, ביאַליק און נאָך און נאָך.

און — איהר האָט זיך שוין מן־הסתם אָנגעשטויסען, אַז דאָס בחור׳ל פון וועמען עס איז אייך דאָ דערציילט געוואָרען איז — טאַקע איך אַליין.

## מיין ערשטע היים אין אַמעריקע

איר זאָגט: דער מענש גייט וואוהין די אויגען פירען אים. ס'איז אָבער ניט אַזוי. די אויגען קוקען צוערשט אַריין אין הארץ. דער מענש ווערט דערנאָך געפירט פון זיין געמיט, פון זיין טרויער און בענקעניש, וואָס באַגלייטען אים, פאָלגען אים נאָך און לאָזען אים גיט אָפּ, ווי אַ בלינדע הינטעל, וואָס מ'פּרילאַנטשעט און פון וועלכען מ'קען זיך בשום אופן ניט אָפּטשעפּען.

וואָרים, אַז ס'זאָל אַנדערש זיין, וואָלט איך ניט אַנגעלייגט אָפּט קיין וועג און פאַרגעסען אין מיינע אַלע פאַרנומענקייטען, און ניט אַוועקגעלאָזען זיך צו אַ גאַס אויף דער איסט-סייד, און ניט אומגע-גאַנגען דערנאָך ווי אין אַ טראַנס, אָדער ווי איינער וואָס זוכט זיין פאַרלוירען מזל.

די גאַס איז אַ געוועהנליכע איסט-סיידער גאַס. ס'שטייען נאָך אַ פּאָר טענעמענט-הייזער פון אַמאָל, אויך דער שטויב פון אַמאָל און די קולות פון אַמאָל קנוילען זיך אין איר גרויער לופט. און קיינער, וואָס איז מיר נאָענט, וואוינט שוין מער ניט אויף דער דאָזיגער גאַס, ניט קיין קרוב און ניט קיין גואל, און דאָך לייג איך אָן אָפּט וועג, פאַר-געס אין אַלע מיינע טוויזענט און איין פאַרנומענקייטען, וואָס יאָגען מיך אַ גאַנצען טאָג ווי די בייטש יאָגט דעם קנעכט, און קום צו איר.

איר וועט אפשר לייענען, שאָקלען מיט'ן קאָפּ ווען איר וועט הערען וואָס מיך ברענגט אַהין. איך זוך אַ הויז, יאָ, אַ הויז. אייגענטליך ניט איין הויז, נאָר עטליכע. פון די עטליכע טרעט אָבער אַרויס איינע, וואָס איז פאַר מיר וויכטיגער פון די אַנדערע. דאָס איז דאָס הויז, וואו ס'איז געווען מיין ערשטע היים אין אַמעריקע. אַהין האָבען מיך געבראַכט אין אַ פּרי-פּרילינגדיגען פאַרנאַכט מיין מאַמע, עליה השלום. און מיין שוועסטער, ווען זיי האָבען מיך באַפרייט פון דער פאַרגראַטעטער קאַמער אין עלים איילאַנד.

איבער דער גאַס איז יענעם פאַרנאַכט געהאַנגען אַ מין הייסע מילך-פאַרע. די גרין-גאַזיגע גאַס-לאַמטערנעס האָבען דורכגעשפּיזעלט די פאַרע אַזוי, אַז די גאַס איז געווען איינגעהילט אין אַ פאַנטאַסטישען שלייער. די קולות פון קינדער האָבען אַנגעפילט די לופט. דער נעפּעל-דאַרן פון שיפען, וואָס זיינען אומגעשוואומען איבער אַ טייך, מיט וועלכען איך האָב זיך ערשט שפּעטער באַקענט; דער דומפּער גערויש פון גרויסשטאָט, וואָס טראָגט זיך ווי דאָס קוילערען פון ווייטע דונערען, וואָס ווערען קיינמאָל ניט פאַרטויבט.

מיין מאַמע און שוועסטער האָבען מיך געבראַכט צו אַ הויז מיט אַ רויט ציגעלנעם פּאַסאַד, מיט שטיינערנע טרעפּלעך, וואָס האָבען געפירט צו אַ טיר. מיר האָבען אַרויפגעקלעטערט שמאָלע הילצערנע

טרעפּלעך צום פערטען שטאָק. איך האָב דערזען זיך אין אַ שטוב, וואו פענסטער פון דער קיך האָבן אַרויסגעקוקט צום פלאַכן דאַך. מ׳האָט נאָר געדאַרפט עפענען דאָס פענסטער, אַרויפשטעלן אַ פוס און מ׳איז געשטאַנען אויפ׳ן דאַך און אַרונטערגעקוקט אויף דער גאַס און אויף די אַנדערע גאַסן, וואָס האָבן געקעסטלט זיך, געשטאַנען צונויפגעשפּאַרטע און געשלאָסענע, און אויף די מענשען וואָס האָבן אויסגעזען עפּעס נאַריש און איבעריג אין זייער געלויף.

ס׳זיינען געקומען די הייסע זומער־טעג און די פייכט־הייסע זומער־נעכט. דער דאַך איז געוואָרען אין די אָוונטען מיין זומערדיגע היים. דער דאַך האָט געשמעקט מיט סמאָלע, וואָס די זון האָט צעלאָזען ביי טאָג.

איך האָב זיך אויסגעצויגען ערגעץ אין אַ ווינקעל מיט די שטערען איבער מיין קאָפּ. דער בליציגער צלם פון אַ פּוילישען קאָסטשאָל, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט, האָט זיך אַריינגעשניטען אין דעם טונקעל־סאַמעטענעם הימעל. איך האָב זיך געפיהלט אַליין און האָב געצערטעלט מיין אומעט און איינזאַמקייט, ווי מ׳צערטעלט אַ קינד.

שפּעטער האָט אַ שוואַרץ־אויגיג מיידעל גענומען טיילען מיין איינזאַמקייט. זי איז געווען אַ ליב, פלאַמפּ באַשעפעניש, מיט וואָלדיגע האָר, שוואַרץ־שוואַרצע, מיט אַ בלויליכען אָפּגלאַנץ, וואָס אַמאָל האָט זי זיי פאַרפלאָכטען אין דיקע צעפּ און אַרומגעוויקעלט ווי אַ בייגעל אַרום איר געטאָקט קעפּעל און איינגעראַמט אין אַ שוואַרץ רעמעל דאָס רונדע, מילך־ווייסע פּנים, אין וועלכען אַן עפּעל־פאַרב האָט געגליט, און אַמאָל האָט זי געלאָזען די האָר צעכוואַליעט און פאַלענדיג אין רירענדיגער צעשויבערקייט איבער דעם פולען, ראָזע־ווען נאַקען.

זי האָט פאַר מיר ניט געמיינט צופיל, כאָטש זי פלעגט קומען אין די אָוונטען אויפ׳ן דאַך, אויסציען זיך ביי מיין זייט, לאָזען מיין קאָפּ רוען אויף איר ווייכען, נאַקעטען עלענבויגען און נורען איר וואַרעמע באַק אין מיין פּנים.

ס׳האָט גאָרנישט געמיינט, ווייל זי האָט געלאָזען אַ בחור אין אָדעס, וואָס איז געווען אין איר משוגע פאַרליבט, ווי איך האָב עס געזען פון זיינע בריוולעך, וואָס זי האָט פאַר מיר געלייענט. די בריוולעך זיינען געווען געשריבען אין אַ פּאַטעטישען, רוסישען לשון. דער אָדעסער בחור האָט איבערגעגאָסען זיין אייגענע פּאָעזיע מיט לידער פון פּושקין, לערמאָנטאָוו און נאַדסאָן. ווען די מיידעל איז געקומען צו די לידער, האָט זי זיי דעקלאַמירט פאַר מיר מיט אַ פאַרבענקט, זינגענדיג קול.

דערנאָך האָט זי, טולענדיג זיך צו מיר, דערציילט ווי שטאַרק זי בענקט נאָך אים און ווי זי קען זיך ניט דערוואַרטען די שעה

ווען ער וועט קומען קיין אַמעריקע.

איך האָב זיך איינגעהערט אין אירע רייד און ס'האָט גאָרנישט געמיינט. איר ליבע צום בחור אין דער ווייט־ווייטער אַדעס, וועמען זי האָט געשיקט אַ שיפּסקאַרטע, האָט מיך ווינציג געקימערט, וואָרים איך האָב געלאָזען מיין הארץ אין אַ קליין שטעטעל צווישען די פּלעינען און פעטע פעלדער פון בעסאַראַביע. פאַר מיינע אויגען האָט שטענדיג געשוועבט די געשטאַלט פון אַ מיידעל. איך האָב זי געזען זיצען אויף דער וועראַנדע פון איר מאַמע'ס הויז, די אלמנה, וואַרטענדיג אויף דעם פּאָטשטאַליאָן, אז ער זאָל איר ברענגען אַ בריוו פון מיר, אָדער אומגיין איבער די שמאָלע געסלעך פון שטעטעל, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע פּרינצעסין, אַ דינע, אַ בויגיגע, מיט אַ מאָגערליך, איידעל, קאָמעאָ־געשניצט פּנים'ל, מיט גרויס־גרויסע שטערען־אויגען, איבער וועלכע לאַנגע, זיידענע וויהעס האָבען זיך געשאָטענט, מיט זאַפטיגע ליפּעלעך, ווי פריש־אָפּגעריסענע ווינשעל, און מיט אַ וויגענדיגען פּאַווע־גאַנג.

מיט יאָרען און יאָרען שפּעטער האָב איך אָנגעטראָפען די מיידעל, וואָס האָט געוואַרט אויף דעם בחור פון אָדעס. ער איז ניט געקומען. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערען. זי האָט אויסגעזען פאַרעלטערט ביז ניט צום דערקענען, דאָס איינציגע, וואָס האָט מיר דערמאָנט אין די זומערדיגע אָוונטען אויף'ן דאַך פון אַ הויז אויף דער איסט־סייד, זיינען געווען אירע גרויס־גרויסע שוואַרצע אויגען.

ווען איך האָב ביי איר געפרעגט וואָס זי מאַכט. האָט זי אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטען און גאָרנישט געזאָגט. זי האָט אָבער אייגענטליך מיר גאָרנישט געדאַרפט זאָגען.

און פון דער מיידעל אין דער בעסאַראַביער שטעטעל האָב איך ערשט די טעג דערהאַלטען אַ בריוועל. זי שרייבט מיר פון די גרוילען, וואָס זי און איר מאַן און אירע צוויי קינדער האָבען איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער היטלער־תוכחה: קאָנצענטראַציע־לאַגערען, הונגער, קראַנקהייטען, דאָס שטיין טאָג־טעגליך אין שאָטען פון טויט. איצט איז זי אַליין מיט די קינדער אין רומעניע. דער מאַן איז געשטאָרבען. אַ בייזער ווינטער קומט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אַ פריינט אין אַמעריקע — שרייבט זי מיר.

זי האָט גאָרנישט געבעטען אין דעם בריוועל. זי האָט עס אָבער ניט געדאַרפט טאָן.

שטיי איך פאַר דעם הויז, וואו מיין ערשטע היים אין אַמעריקע איז געווען און טראַכט פון דעם. און ניט נאָר פון דעם טראַכט איך, נאָר אויך פון אַנדערע איבערלעבענישען — אומעטיגע און פריייליכע — מער אומעטיגע ווי פריייליכע, וואָרים דעמאָלט האָט אַ בענקעניש געגעסען מיין האַרץ, ווי זשאַווער עסט אייזען, און ניט נאָר איך,

נאָר אויך אַנדערע, וואָס איך האָב געקענט, זיינען אומגעגאַנגען מיט די פּיס אויף דעם שטויביגען ברוק פון ניו יאָרק, אָבער מיט׳ן האַרץ האָט מען אַנגעשפּאַרט אויף יענער זייט אָקעאַן, אַריבער אַלערליי טאָלען און בערג, טייכען און ימים.

איך זאָג, אַז „איך שטיי פאַר דעם הויז". דאָס איז ניט ריכטיג, ווארים דאָס הויז איז שוין מער ניטאָ. מיט עטליכע יאָר צוריק האָט מען דאָס הויז אַרונטערגעוואָרפען און אויפגעבויט אויף זיין פונדאַמענט אַ חסידישע קלויז.

אין די מילדע פאַרנאַכטען, ווען איך גיי פאַרביי די קלויז, זע איך דורך דער אָפענער טיר די פלעמעלדיגע ליכט און די שמעלצענדיגע יאָרצייט-פלעמלעך און די שאָטענס פון די מתפללים.

איינמאָל בין איך אַריינגעגאַנגען אין דער קלויז, דאָס איז געווען אין אַ פרייטאָג-צו-נאַכטס. איך האָב געזען דעם רבי׳ן אין אַ היימיש רביי׳איש שטריימעל מיט אַ פוטערנער קרוין און אַ זיידענעם ווערך, אַ זיידענע קאַפּאָטע מיט אַ ברייטען, זיידענעם גאַרטעל. ער אַליין, נאָך אַ יונגער מענש, אַ הדרת פנים׳דיגער, דאָס יונג, בלייך פּנים איינגעפּאַסט אין אַ ווייכער, שוואַרצער באָרד, קלוגע שוואַרצע אויגען אונטער לאַנגע ברעמען. דער עולם אַ גרויסער איסט סיידער עולם, האָט זיך ווי פאַרלאָרען צווישען די שאָטענס, וואָס די ליכט און לאָמפּען האָבען אָפּגעשלאָגען.

איך האָב פאַרלאָזען די קלויז אין אַ געדריקטער שטימונג. דעם רבינ׳ס שטריימעל, די אַטלאַסענע קאַפּאָטע, ער אַליין האָבען מיר אויסגעקוקט ווי פרעמדע, איבעריגע, פאַרלוירענע.

איך האָב אָבער גיך פאַרגעסען אין דעם. אויך, אַז איך בין געווען אין אַ חסידישער קלויז, וואָס שטייט אויף דעם פונדאַמענט פון דעם הויז וואו ס׳איז געווען מיין ערשטע היים אין אַמעריקע.

פאַר מיינע אויגען איז אויסגעוואַקסען דאָס פיר-שטאָקיגע הויז, מיין מאַמע׳ס שטוב אויף דעם העכסטען שטאָק. האַרט ביים דאַך, וואו איך האָב געקענט דערגרייכען אַזוי גרינג, איך האָב נאָר געדאַרפט עפענען דאָס פענסטערל פון קיך, אַריבערשפּאַנען אויף דער אַנדערער זייט, און מיינע פיס זיינען געבליבען שטיין אויפ׳ן ווייכען סמאָלע-געפּלאַסטער. אַ זומערדיגער אָוונט האָט זיך צעלייגט, איינגעוויקעלט די שטאָט אין אַ פייכטער קלעפּיגקייט, די גאַסען-לאַמטערנעם האָבען געהאַלטען די וואַך, אַריינגעקוקט אין דער נאַכט מיט גרינע אויגען. איך בין געלעגען אויסגעצויגען אויפ׳ן דאַך, איינגעהערט זיך אין ווייט-ווייטען דומפּען גערויש פון דער שטאָט און אין געזאַנג פון די שטערען איבער מיין קאָפּ.

און איך האָב אויך געזען דעם בעל-הבית פון דעם הויז. ער איז געווען אַ דאָקטאָר. זיין שילדעל האָט אַרויסגעשיינט פון ערשטען

שטאָק. איך האָב אים געזען מיט זיין בולאַנזשע-בערדעל. ער איז געווען אַ וואוילער מענש, ווען אפילו אַ לענדלאָרד. לענדלאָרדס האָט מען ניט ליב געהאַט. ביי מיר איז געבליבען אין זכרון אַ לידעל, וואָס איך האָב געהערט אין אַ וואָדעוויל-הויז אויף ברום סטריט. מיר דוכט, אַז דאָס לידעל האָט געזונגען אַן אַקטיאָר מיט'ן נאָמען קופערשמיט:

דער לענדלאָרד, דער לענדלאָרד,
אַ כאָליערע אים אין בויך,
זיין הויז מעג היינט אַוועקגיין
אין פייער און אין רויך.

און איך געדענק ווי דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ, אַרויסגערופען דעם אַקטיאָר עטליכע מאָל. אונזער לענדלאָרד, דער דאָקטאָר, האָט אָבער געהאַט אַ שמייכעל פאַר זיינע קאָמערניקעס. ווען מיין מאַמע האָט ניט געצאָלט דירה-געלט אין צייט, וואָס האָט געטראָפען אָפט, האָט ער גאָרנישט געזאָגט...

דאָס הויז, וואו מיין ערשטע היים אין אַמעריקע איז געווען, איז אָבער ניט דאָס איינציגע, וואָס איך גיי אויפזוכען. פאַראַן אויך אַנדערע אויף דער גאַס, וואָס זיינען מיר נאָענט. אָט איז דאָס הויז אויפ'ן ראָג. ווען איך בין אויף דער גאַס געקומען, איז דאָרטען געווען אַ שוך-געשעפט. אַ קרוב האָט מיך גענומען אַהין קויפען מיינע ערשטע פּאָר שיך אין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען שיך מיט שפּיציגע נעזער, באַצירט מיט לעכלעך. און דאָס הויז וואו ס'האָט זיך געפונען די שפּייז-קראָם, וואו מיין מאַמע איז געגאַנגען איינקויפען. די שפּייז-קראָם האָט זיך געפונען אין אַ קעלער, וואו מ'האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף טרעפּלעך. דער קרעמער — אַ קוואַר אידעל מיט טרערענדיגע אויגען און אַ פאַרזאָרגט פּנים. די טאָכטער, וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפען, איז געווען אַ ספּרינטע, בוזעמדיג מיידעל. איינמאָל האָט מיין מאַמע, קומענדיג פון שפּייז-קראָם, אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטען:

„דו ווייסט? דער גראָסערימאַן האָט פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס וועגען דיר..."

„וועגען מיר?"

„יאָ, וועגען דיר. ער האָט ביי מיר געפרעגט צי דו טראַכסט וועגען אַ מיידעל..."

„צי איך טראַכט וועגען אַ מיידעל?"

„יאָ, ער דענקט, אַז דו און זיין טעכטערל... אַ וואוילע מיידעל..."

מיין מאַמע האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגען. זי האָט זיך אָבער באַגעגענט מיט מיינע בליקען און איז אַנשוויגען געוואָרען.

אין אַ דערבייאיג הויז האָט זיך געפונען אַ קעלער, וואו מ'איז

בעגאנגען קויפען זומער אייז און ווינטער קוילען. דער איד, וואס האט פארקויפט אייז און קוילען, האט געוואוינט מיט זיין ווייב און קינדער טאקע אין קעלער. ער, די ווייב און קינדער האבען אויס־געזען שטענדיג ווי זיי וואלטען נאר־וואס פון א קוימען ארויסגע־קראכען. מיט יארען שפעטער האט מיך אפגעשטעלט א יונגערמאן אויף דער פינפטער עוועניו. ער האט מיך אנגעקוקט, א שמייכעל געטאן, און זיך פארגעשטעלט: ער איז א זון פון דעם אייז־ און קוילען־פארקויפער. זיין קארטעל, וואס ער האט מיר דערלאנגט, האט זיך געלייענט: „דר. ל.״ דער אדרעס — פארק עוועניו.

„זייט איר דער בארימטער ניוראלאג ל.?״ האב איך ביי אים געפרעגט.

„יא, איך בין דער ניוראלאג ל.״ האט ער געענטפערט.

און דער „סאלון״, פון וואנען עס האט זיך געטראגען א שיכור׳ער פויליש. אויף דער גאס האבען געוואוינט א סך פאליאקען. דאס פוילישע לשון האט מיך נאך דעמאלט פארקניפט מיט מיצקעוויטש, סלאוואצקי, קראשעווסקי, עליזא ארזשעשקא, מאריע קאנאפניצקאיא און פשיבישעווסקי — דער באליבטער שרייבער ביי דער יוגענט פון יענע טעג. ערשט שפעטער איז מיר געווארען קלאר, אז פויליש איז אויך דאס לשון פון פאגראמטשיקס און מענשען־שינדער.

די אלע הייזער זיינען שוין מער נישטא. די צייט האט זיי אומגעווארפען און אנדערע, גרעסערע, זיינען אויף זייער ארט אויפ־געשטעלט געווארען. פאר מיר שטייען זיי אבער ווי געווען, ווי איך האב זיי געטראפען ווען איך האב מיין ערשטע היים צווישען זיי געמאכט.

אויך די מענשען, וואס איך האב אויף דער גאס געטראפען, זיינען שוין מער נישטא. ווער ווייסט וויפיל פון זיי זיינען נאך צווישען די לעבעדיגע. פאר מיר אבער לעבען זיי, גייען אום, זיינען פארנומען מיט זייערע עסקים. איך זע זייערע פנים׳ער און הער זייערע רייד.

און איך קום זיי באזוכען פון צייט צו צייט. איך לייג־אויף וועג און לאז זיך אוועק צו דער גאס אויף דער איסט סייד וואו מיין ערשטע היים איז געווען. איך ריים זיך אפ פון אלע מיינע פארנומענ־קייטען און שפאן אהין.

ווארים א מענש, זאג איך אייך, גייט ניט סתם אזוי אין דער וועלט אריין, די פיס זיינע לאזען זיך ניט פירען נאר פון די אויגען, נאר אויך פון הארץ, פון געמיט, פון דעם טרויער און דער בענקעניש, וואס באגלייטען אונז, פאלגען אונז נאך, לאזען אונז ניט אפ, — ווי א בלינדע הינטעל, וואס מ׳פרילאנטשעט און פון וועלכען מען קען זיך בשום אופן ניט אפטשעפען.

# די „גאָלדענע זאַנגען״ אויף דער איסט סייד

די אַמאָליגע שבת׳דיגע היימיש-שטעטעלשע פאַרנאַכטען אויף איסט-בראָדוויי. אויך דאָ האָט זיך די זון געזעצט צו מערב-זייט געטונקט זיך לאַנגזאַם, ווי איינער, וואָס טונקט דאָס לייב ציטערדיג-פאַרזיכטיג אין אַ קאַלטען טייך. אין מיין היימיש שטעטעל האָט זיך די זון פאַרלוירען ביסלעכווייס ביים האָריזאָנט, וואָס האָט זיך מיט׳ן טייך דניעסטער צונויפגעגאָסען. אויף איסט בראָדוויי איז די זון פאַרגאַנגען ערגעץ ביים מערב׳דיגען אויסבויג פון „איסט-ריווער״. די זון אָבער די זעלביגע, ג-ט האָט זי ניט באַשאַפען אַנדערש פאַר מיין שטעטעל זוואַניץ און אַנדערש פאַר ניו יאָרק. אויך דאָ, ווי אין זוואַניץ, האָט זי אַרונטערגעקוקט ווי אַ פאַרביגער באַלון באַזוימט מיט גאָלדיג-צונטערדיגע פראַנזען, און אויך דאָ, ווי אין מיין שטעטעל זוואַניץ, האָט איר פאַרגיין געלאָזט הענגען אַ שטילען אומעט אין דעם בלוויליך-נעפעלדיגען עטהער. און וואָס מער דער שבת בין השמשות האָט זיך אָנגערוקט, אַלץ מער האָבען טרויער און בענקעניש דאָס הארץ געפאַנגען, דער טרויער און די בענקעניש פון „המבדיל בין קודש לחול, חטאותינו הוא ימחול״ און פון „ג-ט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב דיינער לויב, אַז דער שבת קודש גייט אַוועק״.

עס איז דאָ אויף דער אַמאָליגער, היימיש-שטעטעלשער איסט בראָדוויי, געווען ניט גרינגער צו שיידען זיך מיט׳ן שבת קודש, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען, ווי אין מיין שטעטעל זוואַניץ און אין אַלע אַנדערע פאַרצייטיגע שטעטלעך, וואָס האָבען זיך געשפרייט איבער ג-ט׳ס ערד אויף יענער זייט ים. דאָ, ווי דאָרט, האָט מען זיך איינ-געהאָרכט מיט אַ פאַרקלעמט הארץ אין די אָפּגייענדיגע טריט פון דער „שבת מלכתא״, וואָס זיינען פאַרקלונגען אַלץ ווייטער, ווייטער, לאַזענדיג לאַנג אין חלל אַ ציטערדיג-וויברירענדיגען אָפּקלאַנג.

איר וועט זאָגען: דאָס אַלץ איז פּאָעטישקייט און האָט ניט צו טאָן מיט דער אַמאָליגער ווירקליכקייט, פּונקט מיט דער הייגטיגער. וואָרים וואָס פאַר אַ שבת איז דען געווען אויף דער אַמאָליגער איסט סייד? וואָס פאַר אַ פּנים האָט דען געהאַט דער שבת? זיינען דאָך די היגע אידען געווען גאָר קנאַפּע שומרי-שבת; דאָס ערשטע, וואָס דער אימיגראַנט האָט דאָ פאַרלאָרען, איז דאָך געווען שבת, וואָס רעכענט זיך צווישען די שענסטע מתנות, וואָס ג-ט האָט אונז גע-שאָנקען. אידען האָבען דעמאָלט געאַרבייט אום שבת, ווי זיי אַרבייטען היינט אין די פאַבריקען, און אידען האָבען דעמאָלט געהאַלטען אָפען שבת זייערע געשעפטען ווי זיי טוען עס היינט, — טאָ ווי קאָן מען רעדען פון שבת׳דיג-פאַרנאַכטיגע אידיליעס אויף דער אַמאָליגער איסט-סייד?

איז אָבער די מעשה ניט אין גאַנצען אַזוי. ווען איך בין געקומען קיין ניו יאָרק האָב איך נאָך פאַרכאַפּט אַ שבת׳דיגקייט אויף דער איסט־סייד.

פלעגט זיך די יוגענט פון דער איסט־סייד אַרויסלאָזען שבת פאַר־נאַכט אויף אַ שפּאַציר. צי מ׳האָט געאַרבייט אַ גאַנצען טאָג, אָדער מ׳האָט גערוט, האָט ניט אויסגעמאַכט. אין די זומערדיגע שבתים, ווען די זון האָט זיך גענומען זעצען, אָוונט־שאָטענס זיינען פאַר׳גנב׳־עטערהייט אַרויסגעקראָכען פון זייערע טונקעלע באַהעלטענישען, און די גרינליכע גאַז־לאַמטערנעס האָבען שוין גענומען אויפּטוכען, האָבען זיך גענומען ציען בחורים און מיידלעך פון די אַרומיגע גאַסען צו איסט בראָדוויי.

האָט זיך דער מענשענשטראָם געטראָגען פוןביידע זייטען, אַנגע־שלאָגען זיך ווי כוואַליעס אין די טרעפּ פון די ברוינשטייניגע פּריוואַטע הייזער, וואו די איסט־בראָדווייער דאָקטוירים האָבען אַרויסגעהאַנגען זייערע גאָלד־אותיות׳דיגע שילדלעך, און די טענעמענט־הייזער, וואָס האָבען אַרויסגעקוקט מיט זייערע פינסטערע אַריינגאַנגען ווי היילען, וואו געהיימע באַנדעס האַלטען זיך אויף. דער שפּאַציר האָט זיך געצויגען פון ראַטגערס סקווער ביז העט צו די וואַסערען פון איסט־ריווער, וואו ברודנע קוילענבאַרזשעס און לאַסט־שיפען האָבען גע־אַנקערט, געוויגט זיך אויפ׳ן אויליגען פלאָך און איבערגערעדט זיך ווייטער דורכ׳ן קלאַנג פון זייערע פאַרזשאַווערטע קייטען.

עס האָבען זיך געפונען אויך פאַרלעך מיט אַן אַוואַנטיוריסטען־גייסט, האָבען זיי זיך אַוועקגעלאָזען אויף אַ שפּאַציר אַזוי ווייט ווי די מרחקים פון „טשעטהעם סקווער", — דאָרט, וואו עס האָבען זיך געפונען די גרעניצען פון דער אַמאָליגער, ווילדער, פאַרביגער „בויערי", פון פאַנגענדיג־פאַנטאַסטישען „טשאַינע־טאַון". די פאַרלעך, וואָס האָבען געזוכט אָפּגעזונדערטקייט, און געוואָלט, אַז נאָר די נאַטור זאָל וואַכען איבער זיי און זייער ליבע, אַז נאָר בוים און גראָז זאָלען פאַרנעמען, וואָס זייערע הערצער רעדען, — זיי האָבען זיך אַוועק־געלאָזען אין „דזשעקסאָן פּאַרק", וואָס ציט זיך ביים איסט־ריווער. דער פּאַרק איז אפילו ניט מער ווי אַ סקווער. דיביימלעך, וואָס זיינען דאָרט צעוואָרפען, קוקען אויס קראַנקע און פאַרוויאַנעטע, ווייל פון דער מאָגערער, זאַמדיגער ערד, וואָס קאָן אפילו דאָס אָרימע גראָז ניט נערען, קאָנען זיי גאָר ווינציג זאַפט ציען. פאַר די ראָמאַנטישע פאַרלעך פון דער איסט־סייד זיינען אָבער אויך די עטליכע ביימלעך און דאָס ביסעל מאָגערע גראָז אונטער די פיס געווען גענוג, וואָרים, אַז די נאַכט איז געקומען און די שטערן האָבען זיך געצונדען, און די לבנה האָט גענומען צויבערען איר אַלט־אַלטען צויבער, זיינען די קראַנקע ביימלעך פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין די אויגען פון די

ראָמאַנטישע פּאַרלעך אין צעדער־בוימער, און אַלץ אַרום איז געוואָרען אַנדערשדיג, ניט דאָאיג. אָדער מ׳איז גאָר אַריבערגעטראָגען געוואָרען צוריק צו דער אַלטער היים, — מ׳האָט זיך דערזען אין די היימישע סעדער, צי אין די וועלדער ביי די „סכאָדקעס״, וואו די ליבע האָט אָפט געבליט זייט־ביי־זייט מיט „מיר שווערען, מיר שווערען!״ און „ווי זשערטוואָיו פּאַלי״...

איז געווען אַמאָל אַ צייט אויף דער איסט־סייד, ווען פאַר אַ אידען האָט דאָס גיין אין „דזשעקסאָן פּאַרק״ געמיינט סכנות נפשות. דאָס איז געווען ניט לאַנג איידער איך בין געקומען קיין ניו יאָרק. די אידישע אימיגראַנטען, וואָס האָבען זיך באַזעצט אויף דער איסט־סייד, זיינען טעראָריזירט געוואָרען פון איירישע „גענגס״. איבערהויפּט פלעגען ליידען די אידישע פּעדלערס, וואָס פלעגען אומגיין איבער די הייזער מיט זייערע פּעק סחורה. די „גענגס״ פלעגען לויערן אויף די אידישע פּעדלערס, און ווען מ׳האָט זיי געטראָפען ערגעץ אין אַ ווינקעל, אָדער אין דעם טונקעלען אריינגאַנג פון אַ טענעמענט־הויז, איז מען זיי באַפאַלען, אַוועקגענומען ביי זיי אַלץ, וואָס זיי האָבען ביי זיך פאַרמאָגט, ניט איינמאָל געלאָזט ליגען זייער קרבן אַ הויל־נאַקעטען און געשלאָגענעם. די פּאָליציי האָט זיך זעלטען אריינגעמישט, ווייל, ערשטענס, האָט די פּאָליציי אַליין מורא געהאַט פאַר די דאָזיגע באַנדעס כוליגאַנעס, און צווייטענס, האָט מען זיך ווינציג געקימערט וועגען באַשיצען דעם אימיגראַנט.

איז געווען אַזאַ „גענג״ אויך אין דער געגענט פון „דזשעקסאָן פּאַרק״. די דאָזיגע באַנדע איז טאַקע געווען באַקאַנט אַלס די „דזשעקסאָן סטריט גענג״. דאָס איז געווען אַ געפערליכע חברה פון רויבער און מערדער. אידען האָבען שוין געוואוסט, אַז זיי דאַרפען אויסמיידען די געגענט, וואָרים עס האָט געטראָפען עטליכע מאָל, אַז מ׳האָט אידישע פּעדלערס אויפגעקליבען נאַקעטע און באַוואוסטלאָזע אין „דזשעקסאָן פּאַרק״.

האָט זיך אָבער געפונען איין איד, מיט׳ן נאָמען טענענבוים, וואָס האָט געזאָגט צו זיך: „יעבור עלי מה! איך וועל זיך אַוועקלאָזען מיט מיין פּעדלער פּאַק אין דזשעקסאָן סטריט און מיר׳ן זען, וואָס עס וועט זיין!״ — דער דאָזיגער טענענבוים איז געווען אַ יונג אַ גיבור, אַריבער זעקס פוס, אַקסלען ווי אויסגעקאָוועטע, הענט — האַמערס.

אַזוי גיך ווי טענענבוים האָט זיך באַוויזען אויף דזשעקסאָן סטריט, האָט זיך די „גענג״ גענומען אַרויסרוקען. באַלד האָבען איםדי כוליגאַנעס אַרומגערינגעלט און פאַרצאַמט אים דעם וועג. איינער האָט זיך אויף אים פאַרמאָסטען מיט׳ן פויסט; אָבער נאָך איידער יענער האָט אויסגעיעט אויפצוהויבען די האַנט, האָט טענענבוים,

אוועקגעשליידערט זיין פּאַק אין אַ זייט, דערלאַנגט דעם כוליגאַן אַזאַ זעץ, אַז יענער איז פאַרפלויגען אויף אַ שטרעקע און געבליבן ליגן ווי אַ זאַק מעל. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו די אַנדערע, וואָס זיינען אים באַפאַלן. ער האָט דערלאַנגט קלעפּ רעכטס און לינקס, ער האָט זיי געשלאָגן מכות רצח; עס האָט געדויערט ניט לאַנג און אַ פינף-זעקס זיינען געלעגן אויסגעצויגענע אויף דער ערד, פאַר-בלוטיגטע און צעביילטע. די אַנדערע זיינען זיך צעלאָפן אין טויט-שרעק. בשעת דאָס אַלץ איז אָנגעגאַנגען, האָבן די קריסטען פון דער געגענט, וואָס זיינען זיך אָנגעלאָפן אויף די געשרייען פון דער צעקלאַפּטער באַנדע, באַטראַכט מיט באַוואונדערונג דעם אידישען גבור, און וואָס מער כוליגאַנעס ער האָט אוועקגעלייגט, אַלץ מער האָט געשטיגען זייער דרך-ארץ פאַר אים.

ווען טענענבוים האָט פאַרלאָזען דאָס שלאַכטפעלד מיט אַ צע-דראַפּעט פּנים, אָבער מיט אַ שטאָלץ-געהויבענעם קאָפּ און נצחונ׳דיגען שמייכעל, האָבן די אויגען פון אַלע קריסטען פון דער געגענט, — פון די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער גאַס, און פון די, וואָס האָבן זיך פון די פענסטער ארויסגעשפּאַרט, באַגלייט אים מיט פאַרהערליכונג געמישט מיט שרעק.

און פון דעמאָלט אָן איז „דזשעקסאָן פּאַרק” געוואָרען אַ פרייע טעריטאָריע פאַר די אידען פון דער איסט-סייד.

דער העלדישער פּעדלער טענענבוים איז שפּעטער געוואָרען אַ חשוב׳ער באַלעבאָס אויף דער איסט-סייד. ווען איך בין געקומען קיין ניו יאָרק, איז דער דאָזיגער טענענבוים געווען דער פרעזידענט פון דער „ישיבת רבנו יעקב יוסף”, פון העגרי סטריט. בין איך זיכער, אַז אים האָט זיך ניט גע׳חלום׳ט, בשעת ער האָט פאַרפירט זיין מלחמה מיט די אירישע כוליגאַנעס, אַז ער וועט שאַפען אַ מעגליכקייט פאַר די יונגע, פאַרליבטע אימיגראַנטען-פּאָרלעך פון דער איסט-סייד, אַז זיי זאָלען זיך קאָנען אָפּזונדערן אונטער אַ בוים, מעג זיין אפילו אַ קראַנק, שווינדזיכטיג ביימעל, און הערען דעם בלעטעל-גערויש איבער זייערע קעפּ, דאָס געזאַנג פון די צינדענדיגע שטערען, בשעת זייערע הערצער האָבן גערעדט איינס צום אַנדערן.

איך, וואָס געהערט פון טענענבוים׳ס העלדישקייט באַלד ווי איך בין געקומען קיין ניו יאָרק, האָב אַ פּאָר מאָל דערמאָנט זיין נאָמען מיט אַ ברכה אויף די ליפּען, ווייל — „דזשעקסאָן פּאַרק” האָט אויך געמיינט אַ סך פאַר מיר יענע יאָרען. אָט זע איך זי פאַר זיך, די קוויליג-אויגיגע אַנאַ, זי איז נאָך איצט אויך אין ניו יאָרק, און אויב זי וועט לייענען אָט די שורות, וועט זי זיך אויך דערמאָנען אין „דזשעקסאָן פּאַרק” און — אין מיר. זי וועט זיך דערמאָנען אין די שפּאַצירען אויף איסט-בראָדוויי, צווישן פון ראַטגערס סקווער ביז

איסט-בראָדוויי, דערנאָך איבער גרענד סטריט וואָס איז געשטאַנען מיט אירע צעצונדענע קראָמען פון ביידע זייטען, און קוים געמאַכט וועג פאַר די מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבען זיך דאָרט געשפּאַרט. דערנאָך האָבען מיר פאַרקירעוועט צוריק ביז דעם פּונקט, וואו איסט בראָדוויי גיסט זיך צונויף מיט הענרי סטריט, און מיר האָבען זיך אָוועקגעלאָזען אין „דזשעקסאָן פּאַרק״. געדענקט מן-הסתם אַנאַ „אונזער בוים״, מיר האָבען שוין געהאַט אונזער אייגענעם אַ בוים, ביים פּלויט, אין דער זייט פון העקער׳ס מיל, און ווען מיר פלעגען קומען און עס האָט געטראָפען, אַז אַן אַנדער פּאָרל האָט פאַרכאַפּט „אונזער בוים״ פלעגען מיר זיך פילען אַ היבש ביסעל אומעטיג.

און אַנאַ געדענקט מן-הסתם, וואָס איז מיט מיר געשען איינמאָל אין אַ ווינטער-נאַכט. מיר זיינען געזעסען שעה׳ן און שעה׳ן ביים הילצערנעם ראַנד פון טייך, אונזערע פיס זיינען געווען טיף ביז די קני אין שניי, וועמען האָט עס אָבער געאַרט? ווער האָט עס געפילט דעם פראָסט און שניי? אַנאַ האָט זיך געטוּוליעט צו מיר און אַלץ איז צעשמאָלצען געוואָרען אַרום אונז. שפּעטער, ווען איך בין געקומען אַהיים בין איך אַריינגעפאַלען אין אַ היץ, איך בין דערנאָך אָפּגעלעגען אַ פּאָר וואָכען קראַנק פון אַ היציגען שלאַפקייט און מיין לעבען איז געהאָנגען אויף׳ן וואָגשאָל.

נאָך אַנאַ׳ן זיינען געקומען אַנדערע, און אַלץ אין דזשעקסאָן פּאַרק.

דערמאָן איך זיך אויך אָן מאַשאַ׳ן. ווען אַנאַ אָדער אפשר אימיצער נאָך אַנאַ׳ן איז פאַרשוואונדען, האָט מאַשאַ, די שטערענאַוויגע, זאַמדיג-האָריגע מאַשאַ פאַרנומען אַן אָרט ביי מיין זייט אין שאָטען פוןביימעל אין „דזשעקסאָן פּאַרק״. ס׳האָט גענומען ניט לאַנג און אויך פאַר מאַשאַ׳ן איז דאָס ביימעל געוואָרען „אונזער בוים״.

מיט מאַשאַ׳ן איז מיט דער צייט, געשען דאָס זעלביגע, וואָס מיט אַנאַ׳ן און מיט מערסטע אידישע טעכטער — זי האָט חתונה געהאַט, געוואָרען די מאַמע פון אַ אינגעלע, אומגעפירט עס אין אַ וועגעלע אין „קראָטאָנאַ-פּאַרק״. אַ ווייבעל ווי אַלע ווייבלעך. מיר האָבען זיך זעלטען באַגעגענט. איינמאָל האָב איך זי געטראָפען מיט איר מאַן. זי האָט מיר אים פאָרגעשטעלט, — אַ וואוילער מענש, אָבער, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ שטיקעל לעמעשקע.

לאָזט מען מיר איינמאָל וויסען, אַז מאַשאַ ליגט קראַנק אין בית ישראל שפּיטאָל. „אונזער בוים״ האָט מיטאַמאָל אַ רויש-געטאָן אין מיינע אויגען מיט זיינע אָרעמע בלעטער. איך בין אַוועק אין שפּיטאָל. אַ קראַנקען-שוועסטער האָט מיך אַריינגעפירט אין צימער. איין בליק אויף מאַשאַ׳ן איז געווען גענוג מיר צו דערקלערען, אַז

זי באַלאַנגט מער נישט צו די לעבעדיגע. און אירע אויגען האָט שוין גערוט אַן אָפּגעשיידטקייט. אויפ'ן פּנים — אַן אומערדישע אויס־געלייטערטקייט. ווען זי האָט אויסגעשטרעקט אַ בלייכע, בלוי־אָדערדיגע האַנט צו מיר. האָב איך אויך אין דעם שוואַכען, קלעפּיגען דרוק פון קינדיש־ביינערדיגען הענטעל, דערפילט, אַז זי, מאַשאַ, באַלאַנגט שוין ניט צווישען די לעבעדיגע. מיטאַמאָל האָט זי אַ זאָג־געטאָן כריפּלע שטיל:

— געדענקסטו „אונזער בוים"?

— געוויס! אין „דזשעקסאָן פּאַרק"...

— יאָ, „אונזער בוים" אין „דזשעקסאָן פּאַרק"...

איהרע אויגען האָבען זיך געשלאָסען. די קראַנקען שוועסטער האָט מיר געגעבען אַ צייכען. איך האָב פאַרלאָזען דאָס שפּיטאָל־צימער אויף די שפּיצפינגער. אין קאָרידאָר האָב איך באַמערקט איהר מאַן אומשפּאַנען מיט נערוועזע טריט.

זאָלט איר זיך דערפאַר ניט וואונדערן, וואָס איך ראַפּסאָדיר וועגען „דזשעקסאָן פּאַרק" ווי דאָס וואָלט געווען אַן עלדאָראַדאָ אָדער אַרקאַדיע, פאַר מיר, און די אַנדערע יונגע בחורים'לעך פון יענער צייט, איז דאָס מאָגערע, הוילע, פאַרוואָרלאָזטע פּאַרקעל, דאָס שטיקעל שטח זאַמדיגע, מאָגערע ערד מיט די עטליכע טשאַכאַטשנע ביימלעך געווען אַן עלדאָראַדאָ און אַרקאַדיע צוזאַמענגענומען.

## אין די רעדאַקציע אויף איסט בראָדוויי

ס'איז קאָמיש, ס'איז אָבער דאָך אַזוי: נאָך איידער איך האָב אויספּעיעט אַרויסקריכען פון די שריפטשטעלערישע וויקעלעך, איז מיר שוין געווען באַשערט צו ווערען אַ רעדאַקטאָר. אמת, ניט פון קיין טעגליכער צייטונג וואָס דערגרייכט אין ווינקעלעך פון לאַנד; אויך ניט פון אַ זשורנאַל, וואָס אַלע כאַפּען צו לייענען. אויף אַזוי ווייט איז מיין פענאָמענעלער מזל ניט געגאַנגען. אָבער — פאָרט אַ רעדאַקטאָר.

איידער איך געה אָבער דערציילען וועגען דעם גליק, וואָס האָט מיך אַזוי יונג געטראָפען, וויל איך צוערשט אויפפרישען אין מיין זכרון פאַר זיך אַליין און פאַר אייך, דעם סאַמע אָנהויב פון מיין שריפטשטעלערישער קאַריערע אין ניו יאָרק...

ווען איך בין געקומען אַהער איז די „פרייע אַרבייטער שטימע" געווען די גאַסטפריינטליכע אכסניא, וואָס האָט געהאַלטען אָפען אירע טירען פאַר יונגע שרייבער, וואָס האָבען זיך געוואָלט דרוקען. און וואָס פאַר אַ שרייבער, יונג אָדער אַלט, וויל זיך ניט דרוקען? אויב איר הערט פון אַ שרייבער, אַז „ער שרייבט פאַר זיך אַליין" און

אים קימערט ניט צי זיינע שאפונגען „זעען דאס ליכט פון טאג“ אדער זיי בלייבען ליגען אין דער פינסטערניש פון א שופלאד, זאלט איר אים ניט גלויבען. דער שרייבער וואס זאגט עס אייך איז, אדער ער פאזירט פאר אייך, אדער וואס ער זאגט אייך איז ניט מער ווי „זויערע ווייןטרויבען“: ער וויל זיך נעבעך דרוקען; ער חלש'ט ממש, נאר וואס דען? ער קען ניט: די רעדאקטארען געפינען, אז דאס וואס ער שרייבט טויג ניט. זוכט ער דערפאר איינרעדען זיך און אנדערע, אז אים ארט ניט דער גאנצער עסק, ווייל „ער שרייבט פאר זיך אליין“. נאטירליך, איז דאס וואס א רעדאקטאר זאגט זיך אפ פון דרוקען א שרייבער, איז עס נאך קיין באוויז ניט, אז דער שרייבער האט ניט קיין טאלאנט. די געשיכטע פון ליטעראטור איז פול מיט ביישפילען פון שרייבער, וועמעס מאנוסקריפטען זיינען פון אנהויב, אין פארלויף פון יארען, צוריקגעשיקט געווארען פון רעדאק־טארען און וואס זיינען שפעטער געווארען בארימטע שריפטשטעלער. אין די מערסטע פאלען זיינען אבער די רעדאקטארען גערעכט, איבערהויפט איז עס אזוי אין אונזער פרעסע און ליטעראטור. מיין פיליאריגע דערפארונג אויף איסט בראדוויי האט מיך איבערצייגט, אז די אלע רייד וועגען „טאלאנטען וואס ווערען ניט פארשטאנען אדער דערשטיקט פון רעדאקטארען“, זיינען ניט מער ווי בבא־מעשיות.

איך קום אבער צוריק צו מיינע אייגענע, ערשטע, שריפטשטע־לערישע שפאן.

ווען איך בין געקומען קיין ניו יארק האט לואי מילער נאר־וואס אנגעהויבען ארויסגעבען „די ווארהייט“. מילער'ס יונג־האפערדיגע צייטונג, וואס האט אפגעשפיגעלט די אימפעטיגקייט און טראציגקייט פון איר רעדאקטאר, האט מיך אימפאנירט. האב איך באשלאסען פרואוון מיין מזל. איך בין געגאנגען און אוועקגעשיקט מיינע איבער־זעצונגען פון טורגעניעוו'ס ליריש־דופטיג ליד אין פראזע „ווי שעהן און פריש זיינען געווען די רויזען“.

ס'האט גענומען ניט לאנג און איך האב געקראגען א בריוועל פון מילער'ן כ'זאל אים קומען זען. בין איך אוועק אין דער רעדאקציע, וואס האט זיך געפונען אין אן אלטען, טוכלען בנין אויף איסט בראדוויי, וואס האט געטראגען דעם נומער הונדערט דריי־און־פופציג.

דער געדאנק, אז איך גיי זען דעם רעדאקטאר פון א גרויסער צייטונג ווי די „ווארהייט“, האט מיך א היפש ביסעל געשראקען. איך האב געקנייטשט נערוועז מילער'ס בריוועל, א פאר מאל עס ארויסגענומען, זיך איינגעקוקט אין די עטליכע קורצע, טרוקענע שורות, וואס האבען ניט מער ווי מיר געלאזט וויסען, אז איך קען זען מילער'ן אין דער־און־דער שעה. גענישטערט מיט די אויגען, ווי איך

וואלט געהאפט, אז ס'וועט זיך מיר איינגעבען ארויסליייגען פון צווישען די שורות, וואס מיין באזוך ביי מילער'ן גייט מיר ברענגען און וואס מיך דערוואַרט: ווער ווייסט? אפשר האט ער פאר מיר א שטעלע אין רעדאקציע? האט מיר א צינד-געטאן אין מח א געדאנק, און באלד נאכדעם האב איך זיך גענומען פרעגען מיט שרעק: און אויב אפילו יא, וואס קען איך טאן אין א רעדאקציע? ווי קום איך צו א צייטונג? נאאיווע אינגעלשקייט מיינע! איך האב נאך דעמאלט ניט געוואוסט וואס איך ווייס היינט, אז ניט איין צייטונגס-שרייבער, וואס זיצט שוין עטליכע צענדליג יאר אין א רעדאקציע, האט אין אמת'ען פונקט אזא שייכות מיט'ן פיינעם, איידעלען בארוף פון זשורנאליזם און שרייבערייַ בכלל, ווי איך האב א שייכות מיט טאנצען באלעט. ווען איך בין אבער געגאנגען זען מילער'ן האב איך עס נאך ניט געוואוסט; ביי מיר איז דעמאלט געווען א שרייבער אן אויסדערוויילטער מענש; איינער, וועמען די געטער האבען געבענשט מיט א באזונדערען טאלאנט, און וואס האט אויך אנגעקליבען אן אוצר מיט קענטעניש, דערפארונג. נאר אזוינער און ניט קיין אנדערער האט א רעכט צו האלטען א פען אין דער האנט און ארויסשטעלען זיין נאמען פאר די לייענער. שפעטער, ווען איך בין אריין אין דער שרייבערישער פראפעסיע און בין געקומען פנים אל פנים מיט געוויסע שרייבער, האב איך ניט איינמאל געלאכט צו זיך פון מיין נאאיווער, קינדערשער פארשטעלונג...

מילער האט מיך אויפגענומען אויף דעם ערשטען שטאק, וואו עס האט זיך געפונען די געשעפטליכע אפטיילונג. זיין אייגענער, גרויסער שרייבצימער, וואס האט זיך געפונען מיט א שטאק העכער און וואו מיר איז מיט יארען שפעטער אויסגעקומען אזוי אפט אריינצוקומען, איז נאך דעמאלט פאר מיר, פאר דעם אומבאקאנטען, „גרינעם" בחור'ל מיט'ן ערשטען פוך איבער דער אויבערשטער ליפ, געווען א קדשי-קדשים, וואו מ'האט מיך נאך ניט געלאזען אריבערטרעטען די שוועל.

צוערשט האב איך דערזען א הויכען, סוטולעוואטען פארשוין, מיט א צעשויבערטען, פלאמיג-רויטען קאפ האר, וואס האבען זיך איבערגעגאסען ביים ליכט אין אן אייערדיגער געלקייט, און א קלאונדיג, גוטמוטיג פנים. דאס איז געווען יצחק גאניקמאן, וואס איז דעמאלט געווען מילער'ס רעכטע האנט. ווען איך האב אים דעמאלט באגעגענט האב איך זיך ניט פארגעשטעלט, אז מיט עטליכע יאר שפעטער וועט אט דער וואוילער, הארציגער מענש, מיט דעם ווארעמען שמייכעל און גוטמוטיג-שפאטיגער מינע ווערען מיין רע־דאקטאר, און אז איך וועל ארבייטען זייט-ביי-זייט מיט אים היפשע עטליכע יאר.

אין יענעם מאָמענט ווען איך בין געקומען זען מילער׳ן, האָט גאָניקמאַן ביי מיר א פרעג געטאָן וואָס איך וויל. איך האָב אַרויס־גענומען מילער׳ס בריוועל און עס אים געוויזן. גאָניקמאַן האָט געוואָרפן אויף מיר א בליק וואָס האָט מיך אינגאַנצן אַרומגענומען ווי א רינג, פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט דערנאָך אַרויסגעזאָגט צווישן די ציין: „א גרינער ?" און ניט וואַרטענדיק אויף אן ענטפער האָט ער איבערגעגעבן מיין בריוועל מילער׳ן וואָס איז געשטאַנען אַן א זייט.

האָב איך געזען פאַר זיך א מיטעלוואוקסיגען, געפּאַקטען מענש, מיט קליינע, לויפענדיגע אויגלעך, וואָס זיינען אומגעלאָפען ווי מייזלעך אין די אויגנלעכער, וואָס זיינען געווען טיף איינגעגראָבען אונטער׳ן נידעריגען שטערן און מאַנדעלדיג געפורעמט ווי ביי א קאַלמיק. די פּאַטלעס צעשויבערטע האָר, וואָס האָבען קוים פאַרדעקט דעם נאַקעטען שאַרבען, וואָס איז געווען ווי אויסגעגאָלט אין מיטען, זיינען אים געפאַלען אויפ׳ן שווייסיגען שטערן. די באַקען זיינען האָבען געגליט ווי רויטע, צייטיגע עפּעל. ס׳איז געווען שפּעט אין פרילינג און די זון האָט געברענט ווי אין מיטען זומער, איז מילער געשטאַנען מיט פאַרקאַשערטע אַרבעל און א צעכראַסטעטען העמד האָט אַרויסגעקוקט א האָריגע ברוסט, וואָס האָט דערמאָנט אן א בער. און פון דעם גאַנצען מענשען האָט געאָטעמט מיט א בערישער קראַפט. מיר האָט זיך דעמאָלט ניט געחלום׳ט, אַז עס וועט קומען א טאָג און איך וועל שטיין ביי אָט דעם גבור׳ס בעט אין שפּיטאָל נאָכדעם ווי מען וועט אַמפּוטירען ביי אים א פוס, און ער וועט ליגען א גוסס׳ער, אינגאַנצען הויט און ביינער, מיט געלזוכט אין די איינגע־פאַלענע באַקען, וואָס האָבען זיך געצונדען מיט א צונטערדיגען גלי.

מילער האָט מיך אויפגענומען פריינטליך. ער האָט מיך איינגע־לאַדען קומען אים זען, האָט ער מיר דערקלערט, ווייל אים איז געפעלען מיין איבערזעצונג, כאָטש ער האָט ניט קיין פּלאַץ אין דער „וואַרהייט" פאַר אַזעלכע פּאָעטישע שפּאַנונגען ווי טרוגעניעוו׳ס לידער אין פּראָזע. דאָס איז ניט פאַר א טעגליכער צייטונג, נוּר פאַר א זשורנאַל. און, האָט ער צוגעגעבן, א שאָד וואָס איך בין א „גרינער" און קען ניט אַביסעל ענגליש, וואָלט ער אפשר געפונען אַרבייט פאַר מיר אין דער צייטונג. איך זאָל אים אָבער לאָזען מיין אַדרעס... אפשר...

און נאָך איידער איך האָב געקענט עפּעס אַרויסרעדען האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן רוקען און מיך געלאָזן אַליין. בין איך אַזוי געשטאַנען א פאַרלוירענער. אין מויל איז ביי מיר געבליבען א טערפּקער טעם. „און איך האָב זיך געזאָרגט טאָמער וועט מילער מיר פאַרשלאָגען א שטעלע..." האָב איך פון זיך אַליין גע׳חוזק׳ט;

„שוטה בן פיקהאָלץ וואָס איך בין...״

גאָניקמאַן האָט ווי געשפּירט וואָס ביי מיר אין הארצען טוט זיך, ווייל מיטאַמאָל האָב איך דערפילט זיין האַנט אויף מיין אַקסעל.

„נישקשה, ניט געזאָרגט״, האָט ער צו מיר אַ וואָרף געטאָן, אויסבויגנדיג זיך איבער מיר ווי אַ דוהע ; „מ׳ווערט ניט פאַרפאַלען אין קאָלומבוס׳עס מדינה, איבערהויפּט ווען מען איז יונג און מ׳האָט אַביסעל סמעקאַלקע...״

טאָ זאָל זיין געבענשט דערפאַר דער אָנדענק פון אָט דעם מענשען מיט די פלאַמיג־רויטע האָר, וואָס האָבען זיך איבערגעגאָסען אין אַ גאָלדיגער געלקייט. ער אַליין האָט ניט געוואוסט וואָס זיינע עטליכע ווערטער האָבען דעמאָלט פאַר מיר געמיינט. ער, יצחק גאָניקמאַן, איז געווען איינער פון די פעהיגסטע מענשען, וואָס אונזער זשורנאַליס־טישע פּראָפעסיע האָט ארויסגעגעבען ; אַ צייטונגסמאַן ביז די וואָרצלען פון זיינע צעשויבערטע האָר, וואָס האָבען ווי פונקען אָפּ־געשאָסען פון זיך, און, ועל כולם, אַ מענש מיט הארץ...

אין אָט דער צייט, פון וועלכער איך דערצייל דאָ, האָבען די היגע אַנאַרכיסטען, וואָס זיינען נאָך געווען אַ גרויסער כח אויף דער איסט סייד, אָנגעהויבען ארויסגעבען אַ טעגליכע צייטונג. דאָס איז געווען חוץ דער וואָכענבלאַט „די פרייע ארבייטער שטימע״, וואָס ש. יאַנאָווסקי האָט רעדאַקטירט, און אַ חוץ אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל, פון וועלכען, אויב איך האָב קיין טעות ניט, דער היינט־באַרימטער בריקענבויער לעאָן מאָיסעיעוו, וואָס האָט דעמאָלט געשריבען זיינע פיינע, פינקעלדיגע עסייען און קריטישע ארטיקלען אונטער׳ן נאָמען לעאָנטיעף, איז געווען דער רעדאַקטאָר.

בין איך געגאַנגען און אַוועקגעשיקט מיין איבערזעצונג פון טורגע־ניעוו׳ס „ווי שיין און פריש זיינען געווען די רויזען״ אין דער טאָג־צייטונג פון די אַנאַרכיסטען. ס׳האָט גענומען ניט לאַנג און די איבער־זעצונג איז פאַרעפענטליכט געווארען. איך האָב דערזען מיין נאָמען שווארץ אויף ווייס, יאָ, ממש „איבערזעצט פון מרדכי דאַנצים״. דעם נאָמען טורגעניעוו האָב איך ווי ניט באַמערקט, ווי ער וואָלט געווען אַן איבעריגע זאַך. פאַר מיינע אויגען האָט זיך ארויסגעשניטען ווי מיט פייערשריפט „איבערזעצט פון מרדכי דאַנצים״.

און אָט אַזוי האָט איך מיט דער הילף פון איוואַן טורגעניעוו, וואָס האָט דורך איינער פון זיינע דערציילונגען געוויזען, אַז ער איז ניט קיין גרויסער פריינט פון אידען, געמאַכט מיין „דעביוט״ אין דער אידישער פרעסע אין אַמעריקע.

שפּעטער האָב איך גענומען שיקען אָריגינעלע זאַכען, קליינע דערציילונגען אָדער „סקיצען״, ווי זיי האָבען געהייסען, אויך לידער,

אין דער „פרייע ארבייטער שטימע". איך האָב עס געטאָן אויף דער עצה פון מיין פריינט און אלטען קאָלעגע ב. גאָלדשטיין, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט אַ קורצע צייט נאָך מיין קומען קיין ניו יאָרק. גאָלדשטיין האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ שרייבערשע פאַרגאַנגענהייט; ער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער קיעווער קאָ-רעספּאָנדענט פון „פריינד". איידער ער איז געקומען קיין ניו יאָרק. האָט ער פאַרמאָגט מער דערפאַרענקייט פון מיר און איך האָב זיך צוגעהערט צו אים ווי צו אַן עלטערען קאָלעגע.

חוץ דעם, איז געווען עפּעס אַזוינס אין גאָלדשטיינס פּערזענליכ-קייט, וואָס האָט מיך צוגעצויגען פון ערשטען מאָמענט וואָס מען האָט אונז באַקענט. איך געדענק אים ווי היינט, ווען איך האָב אים צום ערשטען מאָל דערזען אויף איסט-בראָדוויי. אַ וואונדערליך-שיינער מאַנספּאַרשוין, דער שענסטער מאַנסביל אין דער גאַנצער יונגער, שרייבערשער גרופּע אויף איסט בראָדוויי. אַ געוויקסיגער און גע-שטרעקטער, די אַקסלען פון אַן אַטלעט, דער קאָפּ ווי געשניצט פון אַ סקולפּטאָר, די האָר דיקע, קרויזיגע, האָבען זיך גענומען זילבער מיט יענער גרויקייט, וואָס דערמאָנט ניט אַן אַלטקייט, נאָר פאַרקערט פּירט אַרויף דעם געדאַנק אויף קרעפטיגער, צעבליטער רייפקייט או לאָזט ביי אייך ניט קיין צווייפעל, אַז אָט דער מענש — „עוד כחו במתניו"... און גאָלדשטיין איז אויך דעמאָלט, פּונקט ווי היינט, געווען דער פראַנט און „בואר בראָמעל" צווישען די שרייבער.

האָט מען גאָלדשטיינ'ען אַזוי גיך ניט פאַרגעסען ווען מען האָט אים נאָר איינמאָל געזען. מען האָט איבערהויפּט ניט פאַרגעסען זיינע אויגען, ברוין-שוואַרצע, וואָס האָבען זיך געצונדען ווי קוילען אונטער לאַנגע, געדיכטע וויהעס און בושיגע ברעמען. ניט אומזיסט האָבען פרויען ניט אַרונטערגענומען פון אים קיין אויג.

איז מיר אָט דער מענש געפעלען. ער איז דערשינען אין מיינע אויגען ווי אַ ראָמאַנטישע פיגור — איינער וואָס האָט אַ סך געליבט און ניט ווינציג געליטען. מיר זיינען גיך געוואָרען באַפריינדעט, און אפילו געפּלאַנעוועט צו מאַכען צוזאַמען אַ מין „טור" איבער'ן לאַנד. מיר האָבען זיך אַרויסגעלאָזען אין איין שיינעם פרימאָרגען אויפ'ן „טור" און ווייטער פון סטעמפּאָרד ניט דערפאָרען.

האָט מיין פריינט גאָלדשטיין מיך צוגערעדט איך זאָל צושיקען אַ קליינע דערציילונג, וואָס איך האָב פאַר אים פאָרגעלייענט, אין דער „פרייע אַרבייטער שטימע". יאַנאָווסקי האָט די דערציילונג גלייך אָפּגעדרוקט, און צו מיין פרייד איז קיין גרענעץ ניט געווען.

אַנומעלטען האָב איך, זיצענדיג אין דער ביבליאָטעק אויף דער צוויי-און-פערציגסטער גאַס, געבלעטערט די אַלטע פאַרגעלטע יאָר-גאַנגען „פרייע אַרבייטער שטימע". מיטאַמאָל האָב איך אָנגעטראָפען

יענע ערשטע דערציילונג מיינע, איז מיך, ניט וויסענדיג אליין פאר־וואס, אַן אומעט באַפאַלען. איך האָב באַטראַכט דעם ליטעראַרישען ערשטלינג מיינעם מיט דעם געפיל פון איינעם, וואס לייענט דעם אויפשריפט אויף אַן אייגענער מצבה.

און, באַטראַכט עס ניט פאַר אומבאַשיידען און זעלבסטלויבעריש ווען איך וועל דאָ זאָגען, אַז צו מיין אייגענער איבערראַשונג האָט די ערשטע דערציילונג מיינע מיר אויסגעקוקט, נאָך אַריבער דרייסיג יאָר, גאַנץ פריש און לעבעדיג אָנגעשריבען. די טעמאַטיק — שאַפּ. אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין, ווייל דער לעבענס-שטייגער איז דעמאָלט באַשטאַנען פון שאַפּ. אָבער מיין צוגאַנג איז געווען אַנדערשדיג פון דעם אָנגענומענעם, סקאַרבאָווען זשאַנער. איך האָב געשילדערט ווי אַ מאַמע און איר טאָכטער, אַ יונגע מיידעל, אַרבייטען אין אַ שאַפּ. די מאַמע איז שוין אַן אויסגעהאָרעוועטע און זי האָט אירע בעסטע יאָרען געלאָזט פאַרגיין צווישען די טוכלע, קוויטיגע שאַפּ-ווענט. די טאָכטער איז נאָך יונג, די מיידעלשע פרישקייט קוואַלט פון אירע גלידער. ליידט די מאַמע מורא'דיג, זעענדיג ווי די טאָכטער איז אַריינגעפאַלען אין שאַפּ. זי זוכט צו פאַרהיטען, ווי ווייט זי קען, איר קינד פון די אַרבייטער וואס טשעפען זיך צו דער יונגער, שיינער מיידעל, איבערהויפּט פון פאָרמאַן, וואס האָט געוואָרפען אויף איר אַן אויג. זי זוכט אויך צו פאַרהיטען פון די מיאוס'ע רייד און פאַרפוילטער לופט, וואס האָבען זיך אַרומגעטראָגען אין שאַפּ. איז אָט די פּאַטעטישע מעשה אויפגעשריבען גאָר ניט שלעכט.

איינמאָל אין אַ פרייטאָג, ווען איך האָב אַ נעם געטאָן די „פרייע אַרבייטער שטימע", און מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ געגומען דורכלויפען די זייטען צו זען, אויב יאַנאָווסקי האָט אָפּגעדרוקט מיינע אַ „זאַך", האָב איך געכאַפּט אַ קוק אין בריווקאַסטען און דערזען דאָרטען אַזאַ מין אויפפאָדערונג פון רעדאַקטאָר: „מרדכי דאַנצים איז געבעטען קומען אין רעדאַקציע צווישען 3 און 5". איך זאָג, אַז „איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין דעם בריוו-קאַסטען" — איז עס ניט אינגאַנצען ריכטיג. וואָרים אין בריוו-קאַסטען פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע" האָט מען ניט סתם געכאַפּט אַ קוק, נאָר מ'האָט געלייענט יעדער שורה בדחילו ורחימו, אָפּגעשטעלט זיך אויף יעדען זאַץ, און בשעת מעשה האָט דאָס האַרץ געפּלאָטערט, אפשר האָט ג־ט געהאָלפען, דער נס איז געשען. מען איז דערמאָנט אין בריוו-קאַסטען.

די רעדאַקציע פון דער „פרייע אַרבייטער שטימע" האָט זיך געפונען דעמאָלט אין 141 דיוויזשאָן סטריט. אונטען האָט זיך געטראָגען אַ פאַרע און טאַבאַק-רויך פון „העריק'ס רעסטאָראַן", וואס איז אַריין אין דער געשיכטע אַלס „שלום'ס", באַגעהענדיג דערמיט

אָן אומרעכט צו דעם וואוילען אידען, וואָס האָט געהייסען העריק, און וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פליישיגע נאָז, שטשעטינע וואָנצעס, וואָס זיינען געהאַנגען אַריבער פליישיגע ליפען, און אַ גוטמוטיגען שמייכעל. געווען אויך אַ מרס. העריק, אַ ווייבלייביג, בוזעמדיג ווייבעל מיט ברייטע היפטען און שפילעוודיגע אויגען. שפּעטער איז גע־קומען שלום און איבערגענומען דאָס רעסטאָראַן פון העריק׳ן. מיט אַ פּאָר יאָר נאָכדעם האָב איך אָנגעטראָפען העריק׳ן פאַרקויפענדיג הייסע וואורשטלעך אויף דער גאַס. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרשעמטע אויגען. ער האָט זיך געפילט געפאַלען און דערשלאָגען. ער האָט ניט מער ווי אַרויסגעקרעכצט שטיל:

— אַזוי איז עס, פּאַני דאַנצים...״

שלום האָט זיך אויך געוואָרפען אין די אויגען מיט זיין פליישיגער, צעפלאַטשטער נאָז. דאָס טעלערדיגע פנים האָט שטענדיג געשיינט. אַ פרייענטליכער מענש, אַ גוטער ברודער מיט יעדען שרייבער. שטענדיג אַ גלייכווערטעל אויף די ליפען, און די גלייכווערטלעך אַזעלכע טשודנע, אָדער סתם ווערטער, וואָס האָבען געקלונגען אומ־זיניג, ווי אַ שטייגער: „דער שרייבער ב.? אָה, ער איז „תוך עולם גדול״... וואָס תוך עולם גדול? וואָס מיינט עס? גאָרנישט, שלום האָט ערגעץ אויפגעכאַפּט די ווערטער און זיך מיט זיי באַנוצט ניט וויסענדיג אַליין זייער זין; אָבער ער פלעגט זיי אַרויסזאָגען מיט אַזאַ קאָמישער מינע, אַז מ׳האָט געמוזט אויסשיסען אין אַ געלעכטער. אָדער:

„פאַראַן דריי באַרימטע שלום׳ס ביי אידען: שלום עליכם, שלום אש און — שלום אַלטשול. דער לעצטער שלום איז, נאַטירליך, געווען — שלום דער בעל הבית פון באַרימטען ליטעראַרישען רעסטאָראַן אין 141 דיוויזשאָן סטריט, וועמעס פאַמיליע־נאָמען איז אַלטשול, אָדער אפשר אַלטשולער. איינס פון די צוויי זיכער.

איז שלום׳ן באַשערט געווען צו ווערען פאַראייביגט אין דער געשיכטע. אָן העריק׳ן האָט מען אָבער פאַרגעסען. באַווייזט עס אָן איבעריגען מאָל, אַז אויך אומשטערבליכקייט איז אַ מזל־זאַך.

די רעדאַקציע פון „פרייע אַרבייטער שטימע״ איז באַשטאַנען פון איין גרוים צימער, וואָס איז איבערגעשאַליעוועט געוואָרען מיט אַ הילצערן ווענטעל כדי צו מאַכען דערפון צוויי. דאָס ערשטע צימער, וואו מ׳איז אַריינגעלאָפען נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך אויפגעהויבען אויף שמאָלע שלענגעלדיגע טרעפ, איז געווען טונקעל און אַ גאַז־קאַניצעל האָט דאָרטען געברענט אויך בייטאָג. בערג מיט אַלטע נומערען „פרייע אַרבייטער שטימע״ זיינען געלעגען אָנגעוואָרפען אויף דער פּאָדלאָגע. קעלערדיגע ווילגאָטש האָט אָנגעפילט די לופט. אין די ווינקלען און אויף די ווענט — דער שטויב פון דורות.

דאָס צווייטע צימער, דאָס קלענערע, איז געווען דעם רעדאַקטאָר׳ס פּריוואַטער קאַבינעט. איז דאָס שוין געווען איינמאָל אַ קאַבינעט. דאָס גאַנצע צימער איז געווען אויסגעפּילט פון אַ בייכיגען, צעבראָכענעם שרייבטיש. אין איין ווינקעל איז געשטאַנען אַ שאַפּקעלע מיט ביכער. מערסטענס אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור אין אידיש. אויך בענד פון די ראָמאַנען, וואָס יאַנאָווסקי האָט איבערזעצט: פּזשעבישעווסקי׳ן, אויך בערטאַ פאָן זוטנער׳ס „נידער מיט די וואָפען״ און אַנדערע. און פּונקט ווי אין ערשטען צימער, אַזוי אויך אין רעדאַקטאָר׳ס קאַבינעט — בערג מיט אַלטע צייטונגען.

ווען איך בין אַריינגעקומען אינעווייניג האָט זיך מיר אויפגעהויבען אַנטקעגען אַ דיקלייביגער מענש מיט אַ ברייט, רונד, געשטופּעלט פּנים, אַ גרויסען, קודלעוואַטען קאָפּ אויף אַ דיקען, קורצען האַלז, אַזוי אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער קאָפּ איז צוגעוואַקסען צו די אַקסלען. ער האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט און ס׳האָט מיך גע׳חידוש׳ט. ערשט שפּעטער האָב איך באַמערקט אַז דער מענש האָט אַנגעשטעלט ערגעץ אין שטח צוויי בעלמעס, וואָס האָבען אַרויסגעהויבען זיך פון אונטער די בושיגע ברעמען, ווי פּראַסטיגע שויבען. דאָס איז געווען מינץ, דער בלינדער מינץ, איינער פון די פאַרביגע פיגורען פון אונזער איסט-סייד. שפּעטער האָבען מיר זיך באַקענט, און מינץ איז געוואָרען מיינער אַ פריינט, ווי ער איז געווען דער פריינט פון יעדען אידישען שרייבער, פון יעדען איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט׳ן געדרוקטען אידישען וואָרט. אַנהויבענדיג מיט אש׳ן, רייזענע׳ן, נאָמבערג׳ן און ענדענדיג מיט׳ן איינגסטען דיכטער, וואָס האָט אָפּגעדרוקט ניט מער ווי אַ פּאָר לידער, איבערהויפּט ווען די לידער זיינען געווען אין דער „פרייע אַרבייטער שטימע״.

מינץ האָט בלינדערהייט דערקענט יעדען איינעם ביים קול, און נאָך איידער דער מענש האָט זיך דערנעהנטערט, האָט ער אים באַגריסט ביים נאָמען. עס איז געווען גענוג, אַז דער מענש זאָל אַרויסרעדען ניט מער ווי אַ וואָרט, אָדער אַ הוסט-טאָן, האָט שוין מינץ געוואוסט ווער ער איז. זעלטען ווען ער האָט זיך געווענדט צו זיין אייביגען באַגלייטער וויינריטש, צו דעם מענשען, וואָס האָט אים כמעט אַ לעבענלאַנג זיינע אויגען אָוועקגעשאַנקען און געפרעגט ביי אים ווער דער מענש איז.

מינץ האָט אָבער דעמאָלט מיך נאָך ניט געקענט; איך אים אויך ניט. האָב איך אים לאַנג אָנגעקוקט, אויך וויינריטש׳ן אויף וועמעס האַנט ער האָט זי אָנגעשפּאַרט. ווען זיי זיינען אָוועק, בין איך אַריין צו יאַנאָווסקי׳ן.

יאַנאָווסקי איז געבליבען זיצען אַ שיינע עטליכע מינוט אויס-

געדרייט מיט'ן רוקען צו מיר, ווי איך וואָלט זיך גאָר אין צימער ניט געפונען. און אפשר האָט ער טאַקע ניט געהערט ווי איך בין אריינגעקומען. ווען ער האָט ענדליך אויפגעהויבען דעם קאָפּ און מיך דערזען, האָט ער געמאַכט אַ דערשטוינטע מינע און מיך אָפּגעמאָסטען. איך האָב באַטראַכט פון אַ זייט דעם מענשען מיט'ן לעבעדיגען, באַוועגליכען פּנים און לענגליכען, פאַרשפּיצטען בולאַנזשע-בערדעל. ער איז געזעסען און איינגעגעסען זיך אין מיר מיט פאַרזשמורעטע אויגען, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשפּיזעלט דורך די אויגענשפּעלטלעך, וואָס האָבען זיך געקנייטשט און פאַרצויגען.

איך האָב אים דערקלערט צוליב וואָס איך בין געקומען.

„אַה, דאָס זייט איר דאַנציס?" האָט ער אַ זאָג געטאָן. „דאַנציס, דאַנציס", האָט ער פאַר זיך איבערגע'חזר'ט. „ניט קיין שלעכטער נאָמען, אָבער צו וואָס מרדכי? עס שמעקט מיט טשאָלענט..."

דערנאָך האָט ער גענומען ביי מיר אויספרעגען וואָס איך קען טאָן און וואו איך „באַלאַנג", וואָס מיינע אידייען-נייגונגען זיינען. ווען ער האָט דערהערט אַז איך בין אַ ציוניסט, האָט ער זיך פאַרקרימט. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

ביים סוף, פאַר'ן אוועקגיין, האָט ער זיך צו מיר געווענדט מיט אַ לאַנגער טיראַדע:

„איך האָב אייך געבעטען קומען מיך זען, ווייל די מערסטע יונגע שרייבער, וואָס שיקען מיר צו „זאַכען", קען איך, זיי קומען אַהער; אַנדערע האָבען אפילו די חוצפּה צו פאַרלאַנגען געלט פאַר זייער שרייבען", האָט יאַנאָווסקי צוגעגעבען מיט אַ שטעכיג שמייכעלע. „איר זייט אָבער דער איינציגער, וועמען איך האָב ניט געקענט... יאָ... הער איך פון אייך, אַז איר זייט נאָך אַ גרינער", איז ער ווייטער אָנגעגאַנגען. „וויל איך אייך ראַטען: לערנט זיך אַ מלאכה, איר הערט? לערנט זיך אַ מלאכה... אויב איר ווילט אַן איידעלע מלאכה — ווערט אַן אַפּטייקער... יאָ, איך קען אַ פּאָר שרייבער וואָס זיינען געוואָרען אַפּטייקערס — גייט זיי ניט שלעכט... און — אַנטלויפט פון צייטונגס-אַרבייט, ווערט ניט קיין האַנט אין אַ רעדאַקציע... פאָלגט מיך, איר וועט מיר דאַנקען פאַר מיין עצה..."

יאַנאָווסקי האָט פאַרענדיגט און אויסגעדרעט זיך ווידער צו מיר מיט'ן רוקען, ווי איך וואָלט אין צימער זיך ניט געפונען.

האָב איך אים מיט יאָרען שפּעטער דערמאָנט אָפּט אַן דער לעקציע, וואָס ער האָט מיר געגעבען אין מיינע אינגעלש-גרינע יאָרען, און מיר האָבען ביידע יעדעס מאָל האַרציג געלאַכט.

און, ס'איז געווען פון וואָס צו לאַכען, וואָרים איך האָב גראַד יאָ גענומען יאַנאָווסקי'ס עצה און בין געוואָרען אַן אַפּטייקער; דאָס האָט מיך אָבער ניט פאַרהיט און באַשירעמט פון דער צייטונגס-

תוכחה, קעגען וועלכער ער האָט מיך געוואָרענט.

„איך האָב געמיינט אייער טובה", פלעגט מיר יאַנאָווסקי זאָגען, ווען איך האָב אים דערמאָנט אָן יענעם עפּיזאָד. „איר האָט אָבער ניט געוואָלט פאָלגען".

„איך האָב אייך דאָך יאָ געפאָלגט, נאָר וואָס קען מען זיך העלפען, אַז דער שטן האָט מיך פאַרפירט..." האָב איך זיך פאַר אים פאַרענטפערט.

אין יענער צייט איז געווען נאָך אַ וואָכענבלאַט, וואָס האָט מקרב געווען יונגע שרייבער. די וואָכענבלאַט האָט געהייסען „דער צייטגייסט" און איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון „פאָרווערטס".

האָט „דער צייטגייסט" געהאַט צוויי רעדאַקטאָרען, איינער דר. ש. פּעסקין, דער צווייטער בורגין. דר. פּעסקין איז געווען דער הויפּט־רעדאַקטאָר און בורגין דער געהילף. דער ערשטער האָט זיך אָפּגע־געבען מיט דער שווערער אַרטילעריע, מיט די אַרטיקלע־שרייבער, וואָס האָבען געהאַלטען אין איין שרייבען פּירושים אויף מאַרקס'ן אָדער מערסטענס איבערגעקייט פלעכאַנאָוו'ן און קאַוטסקי'ן. דר. פּעסקין איז געווען זעהר אַן ערנסטער מענש און ער האָט גענומען זיין רעדאַקטאָרסטווע אַביסעל שווערליך. איך גדענק אים ווי ער פלעגט אַריינקומען אין רעדאַקציע־צימער מיט זיין ווייך, גאָלדיג־בלאָנד בערדעל, וואָס האָט אויסגעזען צערטליך־אויסגעכאָליעט, ווי דער מענש, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט מאַרקס'ן און קאַוטסקי'ן, וואָלט זיך אָפּגעגעבען מיט אַזאַ פּריוואָלער זאַך ווי פּילנעווען די באָרד. זיי בלויליכע אויגען האָבען געהאַט אַ מילדען אויסדרוק, און געקוקט דורך די גאָלד ראַמיגעברילען אַביסעל דערשטוינט, ווען אימיצער איז צו אים צוגעגאַנגען, ווי ער וואָלט זיך גע'חידוש'ט, וואָס מענשען שטערען אים. ער איז אָבער געווען אַ וואוילער און העפליכער מענש. ער האָט אויך געהאַט איינזען מיט אַ יונגען שרייבער איך האָב זיך, למשל, איינמאָל פאַר אים באַקלאָגט, אַז ס'גייט מיר ניט פויגעלדיג, האָט ער אַרויסגענומען אַ צענערל און אַ זאָג געטאָן:

„דאָס איז פאַר אייער לעצטער דערציילונג," און איר קענט זיך קוים פאָרשטעלען וואָס צען דאָלער האָבען דעמאָלט געמיינט, איבער־הויפּט פאַר אַ גרין, בלאָנדזשענדיג בחור'ל, וואָס איז אומגעגאַנגען אַ בענקענדיגער און פאַרלאָרענער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט'ן אייגענעם יונגען, אומרואיגען לעבען. דאָס זיינען ניט געווען קיין צען דאָלער, נאָר אַ ליכטיגער צוזאָג, אַז שרייבערייַ איז טאַקע מיין איינציגער וועג, אַ סימן — אַט באַצאָלט מען מיר צען דאָלער פאַר אַ דערציילונג...

בורגין האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער גרינגער אַרטילעריע, די

בעלעטריסטען און פּאָעטען, האָב איך מיט אים געהאַט אַ נעענטערן קאָנטאַקט ווי מיט דר. פּעסקין.

איז בורגין געווען אַ קאָמיש מענשעל. אַ קליינינקער און טונקעלער, אַ וועווריקעל, פלעגט ער זיצען אויף אַ הויכען שטול און די קליינע, דעליקאַטע פּרויענספּיסלעך זיינען ביי אים אַרונטערגעהאַנגען, ניט דערגרייכט די פּאָדלאָגע, נאָר געוויגט זיך הין-און-צוריק אין דער לופטען...

די פּיס זיינע פלעגען נאָר דעמאָלט דערגרייכען די פּאָדלאָגע, ווען ער האָט געליינט אַ ליד, וואָס ער האָט געדאַרפט אַריינגעבען אין דעם „ציימגייסט". ער פלעגט וועלען זען צי דער מעטער פון דעם ליד איז אויסגעהאַלטען, האָט ער אויסגעקלאַפּט מיט איין פוס אויף דער פּאָדלאָגע יעדע שורה צום טאַקט, צוקלאַפּענדיג מיט אַ טראַ-טאַ-טאַ, טראַ-טאַ-טאַ...

איינמאָל האָב איך אים געבראַכט אַ ליד, האָט ער עס גענומען לייענען, אויסקלאַפּענדיג בשעת מעשה דעם טראַ-טאַ-טאַ. איך בין געזעסען אָן אַ זייט און תפילה געטאָן אין הארצען, אַז דער „מעטער זאָל אויסהאַלטען". מיטאַמאָל אָבער האָב איך דערזען, צו מיין שרעק, ווי בורגינ'ס פיסעל איז געבליבען הענגען אין דער לופטען, ווי פּאַראַליזירט. וואָס איז? אין איין פּערז פון מיין ליד האָט דער מעטער אַביסעל אונטערגעהונקען. האָט בורגין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט איך זאָל צוגיין. ער האָט מיר אָנגעוויזען אויף דער צרה. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און פאַרריכט דעם פערז, אַז „דער מעטער זאָל אויסהאַלטען". ווען בורגין האָט זיך איבערצייגט, אַז דער טראַ-טאַ-טאַ איז גלאַטיג, האָט ער אַרונטערגעלאָזען דאָס הענגענדיגע פיסעל.

## רעדאַקטאָר פון „טעאַטער שפּיגעל"

איינמאָל אַ פרימאָרגען בין איך געקומען צו מיין פריינט לאַלאַ'ן. זע איך פאַר זיך דאָס קליינע, ענגע צימערל, וואָס ער האָט פאַרנומען אויף דעם דריטען שטאָק פון אַ טענעמענט-הויז אין גרענד סטריט. איך זע אויך פאַר זיך די באַלעבאָסטע, אַ מיטעל-יאָריגע, ברייטהיפטיגע פרוי מיט פליישיגע ליפּען און איר דעליקאַט טעכטערל, וואָס האָט זיך געדרייט אויפ'ן „קאָרעק", געהאַלטען אין איין קאָקעטירען מיט לאַלאַ'ן און אינגאַנצען איינגעוויקעלט אים אין דער פליסיגער וואַרעמקייט פון אירע שפּילעוודיגע אויגען.

מיך האָט עס נישט גע'חידוש'ט, ווייל מיין פריינט לאַלאַ איז געווען איינער פון די שענסטע בחורים אין אונזער קרייז. אַ מיידעלשע פרישקייט האָט געבליט אין זיינע באַקען, און ער אַליין, אַ דינער, אַ דראָטעוודיגער, און מיט יענער זיכערקייט פון מאַניער, וואָס נאָר

א שיינער מאַנסביל פאַרמאָגט און וואָס געפעלט אַזוי שטאַרק פרויען.

מער פון אַלץ געדענק איך אָבער מיין באַגעגעניש מיט דר. גאָלד־קנאָפּף ביי לאַלאַ׳ן אין צימער, ווייל פון יענעם מאָמענט אָן בין איך, א יונגער שרייבער, אַן אָנפאַנגער, איינער, וואָס האָט פאַר־עפענטליכט ניט מער ווי א צענדליג נאָוועלען און לידער אין פאַר־שיידענע צייטונגען און זשורנאַלען, מיטאַמאָל דערהויבען געוואָרען צו דער שטול פון רעדאַקטאָר.

און מ׳האָט געדאַרפט לעבען איז דער צייט וואָס איך שילדער דאָ און האָבען צו טאָן מיט די דעמאָלטדיגע רעדאַקטוירים, צו באַגרייפען וואָס אָט די דערהויבונג האָט געמיינט. אין יענע יאָרען איז א רעדאַקטאָר ניט געווען סתם א מענש, א בשר ודם ווי איך און איר, ניין, א רעדאַקטאָר, ווי מילער, למשל, אָדער אב. קאַהאַן צי ש. יאַנאָווסקי איז געווען א העכערע באַשעפעניש, איינער וואָס איז פון די הימלען באַשטימט געוואָרען צו זיין דער שופט איבער שרייבער, צו אָנטשיידען זייער גורל און צוקונפט.

ווען א יונגער שרייבער האָט געדאַרפט גיין זען א רעדאַקטאָר, האָט ער דורכגעמאַכט אַלערליי גייסטיגע ענויים. איך געדענק מיט וויפיל הארצפלאַצעניש איך פלעג זיך אויפהויבען אויף די טרעפּ פון „פאָרווערטס״, און ווי ביי מיר האָט זיך דער אָטעם אָפּגעשטעלט ווען איך האָב געדאַרפט אָנקלאַפּען אָן דער גלעזערנער טיר פון אָנגע־וואָרפענעם חדר׳ל, וואו יאַנאָווסקי׳ס טראָן איז געשטאַנען.

קאָנט איר זיך שוין מאָלען ווען מען האָט מיר, א בחור׳ל, א אינגעל, א צוציק, ביי וועמען די שרייבערישע פליגעל זיינען געווען נאָך קלענער און שוואַכער ווי דאָס וואָנצעלע איבער זיין פריש, אינגעלש ליפּעל, איז מיטאַמאָל געקרוינט געוואָרען פאַר רעדאַקטאָר פון א וועכענטליכען זשורנאַל. האָבען טאַקע מיינע פריינט, צווישען די יונגע שרייבער פון יענער צייט מיך שטאַרק מקנא געווען. זיי האָבען מיך באַטראַכט פאַר א באַזונדערן בר־מזל, פאַר איינעם, וואָס איז ממש געבוירען געוואָרען מיט א רעדאַקטאָריש הייבעלע, און מיט א רעדאַקטאָרישער פּען אין מויל.

אַזוי גיך ווי לאַלאַ האָט זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט דער באַלעבאָסטע׳ס קאָקעטירענדיג טעכטערל און מיר זיינען געבליבען אַליין, האָט ער צו מיר א זאָג־געטאָן:

— מרדכי, ג־ט האָט דיך געבראַכט, איך האָב שוין היינט געוואָלט גיין דיך אויפזוכען...

האָב איך אָנגעשטעלט אויף אים א שטומען „וואָס איז געשען?״ לאַלאַ האָט מיר באַלד דערקלערט:

— אין גיכען הויבט אָן אַרויסגיין א טעאַטער־זשורנאַל. דער אַרויסגעבער איז איינער א דר. גאָלדקנאָפּף, איך האָב פאַר אים

געמאַכט אַ צייכנונג פאַר דער הילע פון זשורנאַל, ער דאַרף טאַקע באַלד קומען אַהער, איך דערוואַרט אים יעדע מינוט...

— וואָס־זשע האָט עס צו טאָן מיט מיר? — האָב איך נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען...

— ס'האָט שוין פאַרט צו טאָן מיט דיר! — האָט לאַלאַ אויסגערופן.

— דער דר. גאָלדקנאָפּף זוכט אַ רעדאַקטאָר, האָב איך גערעדט מיט אים וועגען דיר, און איך גלויב, אַז ס'וועט גיין אַ גאַנג... איך האָב אים צוגעזאָגט ברענגען דיך צו אים, נו, וועט ער טאַקע באַלד דאָ זיין און וועסט קאָנען שליסען מיט אים דעם שידוך...

— אָבער וואַרט נאָר, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — פילענדיג, אַז די ליפּען נעמען ביי מיר ציטערען בשעת מעשה, — ווי קום איך צו ווערען אַ רעדאַקטאָר, איך...

— זיי נישט קיין שוטה! — האָט לאַלאַ מיך איבערגעשלאָגען,

— וואָס הייסט, קאָנסט ניט זיין קיין רעדאַקטאָר? איך זאָג דיר, אַז דו קאָנסט, דו הערסט מרדכי! ביזט אַ רעדאַקטאָר און שוין... ביזט נאָך אין דער מאַמע'ס בויך געווען אַ רעדאַקטאָר, איך ווייס עס...

און נאָך איידער איך האָב געקאָנט עפּעס ענטפערן אויף די חכמות פון מיין פריינט לאַלאַ'ן האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אָן טיר, און דער דערוואַרטער דר. גאָלדקנאָפּף, דער אַרויסגעבער פון נייעם זשורנאַל האָט זיך באַוויזען אויף דער שוועל.

איך האָב דערזען פאַר זיך אַ מיטעלגעוויקסיגען מענשעל אָנגעטאָן אין אַ לאַנגען ראָק, וואָס האָט אים דערגרייכט ביז די שיך. ווען ער האָט אַרונטערגענומען די האַרטע, גלאַניגע „דוירבי" האָבען אַ קוטשמע קרויזיגע, עקשנות'דיג־אומגעצוימטע האָר צעשאָטען זיך אין כוואַליעס. פון אונטער אַ הויכען שטערען האָבען געקוקט בלויליך־וואַסערדיגע אויגען. דאָס פּנים אַ לענגליכס און אַש־קאָלירענדיגס.

האָט דער דאָזיגער מענש אַריינגעבראַכט מיט זיך אינאיינעם מיט'ן זוניגען פאַס ליכט, וואָס האָט זיך פון ערגעץ אַ שפּאַר־געטאָן בשעת ער האָט די טיר געעפענט, אויך אַ טומעלדיגקייט, וואָס האָט דאָס גאַנצע צימער אָנגעפילט. ער האָט זיך געפּרואווט אַוועקזעצען אויף אַ בענקל און באַלד חרטה געהאַט ווי ער וואָלט געוואוסט, אַז ער וועט ניט קאָנען בלייבען לאַנג רואיג אויפ'ן אָרט. האָט לאַלאַ אַ מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט:

— באַרואיגט זיך, דר. גאָלדקנאָפּף, איך וויל אייך פאַרשטעלען פאַר מיינעם אַ פריינט, מרדכי דאַנציס... — און ווענדענדיג זיך צו מיר איז לאַלאַ ווייטער אָנגעגאַנגען:

— דאָס איז דר. גאָלדקנאָפּף!...

דאָס קוועקזילבערדיגע מענשעל איז געבליבען שטיין אויף אָן

אָרט, אין דעם ווינקעל וואו ער האָט זיך געפונען, און פון דאָרט האָט ער מיך אָפּגעמאָסטען מיט דער מינע פון אַ שניידער, וואָס גייט נעמען די מאָס פון אַ בגד. נאָכדעם איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, דער־לאַנגט מיר די האַנט און אַ זאָג־געטאָן גיך־גיך מיט אַ כרופּלע קול, וואָס האָט איבערגעגאָסען אין הארטען, טעמפּען מעטאַל דעם גע־ווינליך ווייכען, זינגעוודיגען פּוילישען אידיש:

— לאָלא האָט מיר דערציילט פון אייך... ער זאָגט, אַז איר וואָלט געווען אַ גוטער רעדאַקטאָר. וואָס זאָגט איר?

איך האָב עפּעס געוואָלט ענטפערן, איז אָבער די צונג ביי מיר געוואָרען ווי פּאַראַליזירט, וואָרים גייט ענטפערט איינס־צוויי ווען אַ מענש פרעגט ביי אייך צי איר קאָנט זיין אַ גוטער רעדאַקטאָר? צום גליק האָט דר. גאָלדקנאָפּף ניט געוואַרט אויף מיין ענטפער, ער האָט ניט געוואָלט וויסען וואָס איך אַליין דענק וועגען זיך, ווייל ער איז געווען צופיל פאַרטאָן אין דעם זשורנאַל, וואָס ער האָט גע־פּלאַנעוועט. האָט ער אַ כאַפּ־געטאָן די צייכנונג, וואָס לאָלא האָט פאַר אים צוגעגרייט פאַר דער הילע פון זשורנאַל און באַמערקט:

— ווי איר זעט, וועט מיין זשורנאַל הייסען „דער טעאַטער שפּיגעל". דענקט איר ניט אַזוי? יאָ, „טעאַטער שפּיגעל", ווייל איך וויל, אַז מיין זשורנאַל זאָל אָפּשפּיגלען אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער טעאַטער־וועלט, איר פאַרשטייט? אַקטיאָרען, אַקטריסעס, דראַמעס... יאָ, איך אַליין שרייב דראַמעס, איר וועט זען... איך וועל זיי לייענען פאַר אייך... איך וועל אויך דרוקען מיינע דראַמעס אין „טעאַטער שפּיגעל" און זיי ווייזען, וואָס עס הייסט אַ ריכטיגע דראַמע, איך מיין די אַקטיאָרען, איר פאַרשטייט? זיי שרייען אַלע גאָרדין! יעקב גאָרדין!! מניע... איר וועט זען, וואָס־זשע זאָגט איר?

דר. גאָלדקנאָפּף האָט אַנגעשטעלט אויף מיר זיינע וואַסערדיגע אויגען. האָב איך אויפגעכאַפּט אין זיין בליק עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אויפגעשלאָגען ביי מיר אַן אומהיימליכען געפיל... דער מענש איז ניט אינגאַנצען ביים זינען — איז מיר דורכגעלאָפען אַ געדאַנק.

ער האָט מיר אָבער לאַנג ניט געלאָזט טראַכטען. דער שטראָם פון זיינע רייד האָט זיך ווידער אַ גאָס־געטאָן:

— איך האָב שוין גענומען אַן אָפיס אויף איסט־בראָדוויי, — האָט דר. גאָלדקנאָפּף מיר דערציילט, — און איר קאָנט שוין אָנהויבען אַרבייטען נעקסטע וואָך... קומט צו מיר מאָרגען וועל איך אייך פאַרלייענען מיינע אַ דראַמע, וואָס איך וויל אָנהויבען דרוקען אין „שפּיגעל"...

מיר זיינען דורכגעקומען וועגען שכירות. מיין געהאַלט אַלס רעדאַקטאָר איז געווען זעקס דאָלאַר אַ וואָך, אַ גאַנץ היבשער

געהאַלט פּאַר אַ יונגען שרייבער יענע צייטען.

אויפ'ן צווייטען טאָג בין איך געקומען צו דר. גאָלדקנאָפּפּ'ען, ווי מיר האָבען אָפּגעמאַכט. ער האָט געוואוינט אין האַרלעם. די געגענט איז יענע יאָרען נאָך געווען אַ אידישע. די שוואַרצע האָבען נאָך ניט פאַרפלייצט די ברייטע, האַרלעמער גאַסען, ניט פאַרנומען די ברוינשטיינינגע הייזער, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשפּאַרט מיט זייערע גאַניקעס און הויכע טרעפּ. שוהלען און בתי מדרשים זיינען געווען צעוואָרפען איבער האַרלעם. ס'איז געווען אַ שטילע, ציכטיגע געגענט מיט אַ געמישטער אידישער באַפעלקערונג. דער רוב — אונגאַרישע אידען, וואָס האָבען זיך דאָרטען באַזעצט און געבראַכט אַהין זייערע רעסטאָראַנען און קאַווארניעס. אין האַרלעם האָט מען געקראָגען דעם עכטען אונגאַרישען „גולאַש" מיט פּאַפּריקע, דאָס ריכטיגע געדעמפּטע פלייש מיט „נעקערעל" און דאָס אמת'ע גלעזעל „טאָקאַי", וואָס האָט געשפּילט אין אויג.

ווען איך בין צוגעקומען צו דעם הויז, וואו דר. גאָלדקנאָפּף האָט געוואוינט און אַ קוק-געגעבען אויף דעם שילדעל, זיינען אַ טייל פון מיינע אילוזיעס צערונען געוואָרען, ווארים דאָס שילדעל האָט מיר דערציילט, אַז דער דר. גאָלדקנאָפּף איז ניט קיין מעדיקער, נאָר אַ מאַסאַזשיסט, מיר דוכט, אַז ער איז אויך געווען אַ קיראָפּראַקטיקער און אַן אָסטעאָפּאַט אין אַנדערע ווערטער: דעם דר. גאָלדקנאָפּפּ'ס דאָקטאָריע האָט אַ היפּש ביסעל אונטערגעהונקען. ביי אונז אין זוואַניץ, האָט מען גערופען אַזאַ סאָרט דאָקטאָר מיט'ן נאָמען „פעלד-שער" אָדער גאָר „פלעקעל-דאָקטאָר". פאַרוואָס „פלעקעל-דאָקטאָר"? ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז דעם מין דאָקטוירים פלעגט מען זאָגען, אַז מען טאָר זיי ניט אַנטרויען אַ קאַץ, נאַטירלעך מיינט עס נישט אַזוי. לויט זיי, קומט אויס, אַז זייער מעטאָדע איז די בעסטע, און אַז די אָנגענומענע אָרטאָדאָקסישע מעדיצין טויט ווינציג אויף פּאַר'ן קראַנקען.

ווען איך האָב אָנגעקלונגען אין דר. גאָלדקנאָפּפּ'ס גלעקעל, האָט ער מיר אַליין געעפענט די טיר. ער איז אַרויסגעקומען אין אַ ווייסען כאַלאַט און מיט פאַרקאַשערטע אַרבעל. ער האָט מיר שנעל אָנגעוויזען אויף דעם אַריינגאַנג אין אַ זייטיג צימערל, און ער אַליין איז פאַר-שוואונדען אין אַן אַנדער צימער.

האָב איך דורך דער האַלב אָפענער טיר געזען דר. גאָלדקנאָפּף ביי דער אַרבייט. אויף אַ שטאָלען בעטעל איז געלעגען אויסגעצויגען אַ פרוי אויפ'ן בויך און מיט איר פלייצע נאַקעט, אַנטבלויזט. דר. גאָלדקנאָפּף איז געשטאַנען אַן אַריבערגעבויגענער איבער איר און איר געגעבען אַ מאַסאַזש. זיינע הענט האָבען זיך איינגעגראָבען אין איר לייב, און זי האָט אַלע ווילע אויפגעקרעכצט מיט יענעם נחת-

דיגען אויפקרעכץ, וואָס מ׳הערט פרייטאָג אין באָד פון אידען בשעת זיי שמייכען זיך אליין, אָדער אַנדערע שמייסען זיי מיט הייסע בעזימלעך. ס׳איז געווען קענטיג, אַז די פרוי האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם מאַסאַזש, און אַז דר. גאָלדקנאָפּפ׳ס איינגראָבענדיגע זיך פינגער האָבען געטראָפען דעם ריכטיגען נערוו און אָנגעשלאָגען אין ריכטיגען פינטעלע.

דערנאָך האָט זיך די פרוי אויפגעזעצט. ערשט איצט האָב איך געקאָנט זען איר פנים. זי איז געווען פון מיטעלען עלטער, לייביג, ברוסטיג, ווי אַ מעלקעדיגע בהמה. דר. גאָלדקנאָפּף האָט איר גע־האָלפען זיך אָנטאָן. דערנאָך האָט זי זיך אַרויסגעשלייכט דורך אַ זייטיגער טיר. צו וואָס דער דר. האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט, אַז איך זאָל קאָנען באַטראַכטען די דאָזיגע סצענע, ווייס איך נישט.

און אָט האָט דר. גאָלדקנאָפּף זיך באַוויזען מיט אַ פּאַק פּאַרשרי־בענע העפטען. איז שוין דער אָנבליק פון די דאָזיגע העפטען אליין געווען גענוג, אַז מיר זאָל מיטאַמאָל ווערען קאָלעמוטנע אויף דער נשמה. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיין פאַרגעפיל האָט מיך ניט אומזיסט געשראָקען. די דיקע, געדיכט־פאַרשריבענע העפטען זיינען געווען די דראַמע, וואָס דר. גאָלדקנאָפּף האָט מיר געוואָלט פאַרלייענען, און וואָס האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען דרוקען אין זיין זשורנאַל.

איז די דראַמע באַשטאַנען פון אַכט אַקטען. יאָ, אַכט אַקטען. דר. גאָלדקנאָפּף האָט ניט געהאַלטען פון אָפּ׳פּטר׳ן אַ דראַמע אין דריי אָדער פיר אַקטען און פאַרטיג ווערען מיט אַ פאַרשטעלונג אין איין אָוונט. ער האָט געגלויבט, אַז דער בעסטער וועג איז דער כינעזישער. ביי די כינעזער שפּילט מען דראַמע אָדער קאָמעדיע אין פאָרזעצונגען. די דראַמע באַשטייט אָפטמאָל פון צענדליגער אַקטען און קאָן געשפּילט ווערען אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר — יעדען אָוונט אַ נייעם אַקט.

האָט דר. גאָלדקנאָפּף געוואָלט אַריכערטראָגען דעם כינעזישען מעטאָד אויף דער אידישער בינע. ער איז אָבער איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס: ער האָט זיך געשטעלט צופרידען מיט אַכט אַקטען, אַנשטאָט די קאָנווענציאָנעלע דריי אָדער פיר, אָדער די כינעזישע, וואָס ציילען זיך אין די צענדליגער.

און אין די אַכט אַקטען האָבען פיגורירט ניט ווינציגער ווי הונדער און צוועלף העלדען. אין איין סצענע האָבען אַלע הונדערט און צוועלף העלדען צונויפגעטראָפען זיך אויף דער בינע. ווען איך האָב מיט דער נויטיגער פאַרזיכטיגקייט און געצווימטקייט געפרעגט: „וואו וועט מען נעמען פּלאַץ פאַר הונדערט און צוועלף מענשען אויף דער בינע?״ האָט דער דאָקטאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין

דער לופטען און אויסגערופען:

„ס'מאַכט נישט. דאָס זיינען קליינינקייטען... וועט מען אויפ־בויען אַ גרעסערע בינע... אָדער מען וועט שפּילען מיין פּיעסע אין „היפּאָדראָם".״ (דער „היפּאָדראָם" איז אין יענע יאָרען געווען איינע פון די גרעסטע טעאַטער־געביידעס אין ניו יאָרק. דאָרט פלעגען פאָרקומען צירק־פאָרשטעלונגען, וואסער־ספּעקטאַקלען און אַנדערע פאָרשטעלונגען פון גראַנדיעזען פאָרנעם.)

האָט דר. גאָלדקנאָפּף געגומען לייענען פאַר מיר די דאָזיגע קאָלאָסאַלע דראַמע. די האַנדלונג איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון ערשטען פּוילישען מיאַטעזש. צווישען די העלדען האָבען זיך געפונען: יעקאַטערינע די גרויסע, אירע געליבטע — גראַף פּאָטיאָמ־קין און די ברידער אָרלאָוו; און חסידישע רביים, סתם אידען, גויים און גוי'עס, סאָלדאַטען, חוץ די פערד, וואָס האָבען אויך פאָרגומען אַן אָרט.

די דיאַלאָגען און מאָנאָלאָגען זיינען געווען מיילען־לאַנגע. די צאַרינע יעקאַטערינע די גרויסע האָט גערעדט ווי אַ מאַרקזיצערין. אויך די אַנדערע האָבען געהאַט ניין מאָס רייד. די חסידישע רביים האָבען געהאַלטען אין איין זאָגען תורה. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז דר. גאָלדקנאָפּף, איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, געווען פון די יושבים אין גערער הויף, האָט ער געקענט חסידות און געהאַט אין זכרון אַלע רבי'שע תורה'ס. ווען ער איז געוואָרען אַ דראַמאַטורג, האָט ער אַריינגעבראַכט אַלע תורה'ס אין זיינע דראַמעס.

געדענק איך, ווי דר. גאָלדקנאָפּף האָט פאַר מיר געלייענט די דאָזיגע דראַמע. ער האָט געלייענט אויפ'ן קול, מיט זשעסטיקו־לאַציעס און מימיק. ער האָט געפּרואווט „שפּילען" פאַר מיר זיינע העלדען, פערזאָניפיצירען זיי. דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי שעה'ן און שעה'ן. און אינמיטען האָט געקלונגען דאָס גלעקעל, און עס זיינען געקומען פּאַציענטען, מייסטענס פרויען, אַ סך מיט אַרונטער־געהאַנגענע וואַמפּען, ווי זיי וואָלטען געקומען אויף אַ געהיימען ראַנדעוואו. אַ סך האָבען זיך אַריינגעשלייכט, ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט מ'זאָל זיי ניט באַמערקען, אַז זיי זיינען געקומען אַהער. פאַרוואָס? — ווייס איך נישט ביז היינטיגען טאָג.

דר. גאָלדקנאָפּף איז אַלע ווײַלע פאַרשוואונדען אין מאַסאַזש־צימער. איך בין געבליבען זיצען און געוואַרט. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט. ווען כ'האָב אים פאַרלאָזען שפּעט אין אָוונט, בין איך געווען אַ מידער און דערשעפּטער. איך בין געפאָרען אין גאַר ניט קיין גליקליכער שטימונג צו זיך אַהיים, און מיין צוקונפט אַלס רעדאַקטאָר האָט זיך ניט געמאָלען אין באַ־זונדערס ליכטיגע פאַרבען.

איך האָב אָבער פאַרטריבען די אומעטיגע געדאַנקען און אָפּ־געזאָגט זיך צו טראַכטען פון דעם, וואָס ס׳גייט זיין.

ווען דר. גאָלדקנאָפּף האָט אָנגעטאָן אויף מיין יונגען קאָפּ די רעדאַקטאָר־קרוין, האָב איך ניט באַגריפען וואָס דאָס מיינט, מיט וואָס מ׳עסט עס, און וועלכע פליכטען איך האָב גענומען אויף זיך. אָט בין איך אָבער געקומען אין דעם צימערל אין דעם אַלטען טענעמענט־הויז, וואָס דר. גאָלדקנאָפּף האָט אָפּגעדונגען פאַר אַ רעדאַקציע. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביי דעם אַלטען, צעפּאַרענעם שרייב־טיש, וואָס איז געקומען פון אַ געשעפט פון אַלטען מעבעל אויף דער באַוערי, און מיר איז ביסלעכווייז קלאָר געוואָרען, אַז דער עסק איז גאָר ניט אַזוי איינפאַך.

איך בין, למשל, געוואָר געוואָרען, אַז כדי צו זיין אַ רע־דאַקטאָר, דאַרף מען האָבען וואָס צו רעדאַקטירען. און פאַר מיר האָט זיך אָנטפּלעקט דער אומגעוועגליכער און חידוש׳ליכער פאַקט אַז אויב מען וויל אַרויסגעבען אַ זשורנאַל, אַ צייטונג, דאַרף מען האָבען שטאָף, דאָס הייסט אַרטיקלען, און אויב מען וויל אויך געבען „שיינע ליטעראַטור״, דאַרף מען האָבן נאָוועלען, לידער, קריטישע איבערזיכטען.

בין איך געזעסען ביים שרייב־טיש, פון וועלכען עס האָט גע־שלאָגען אַ ריח פון געפּגר׳טע וואַנצען, געביסען די ליפּען און גע־פרעגט זיך: וואו נעמט מען שטאָף? איך האָב מיטאַמאָל באַגריפען, ווי ס׳האָבען געפילט די אידען אין מצרים, ווען זיי האָבען זיך באַ־קלאָגט, אַז „מ׳הייסט אונז מאַכען ציגעל, און קיין ליים און קיין שטרוי גיט מען אונז נישט...״ דר. גאָלדקנאָפּף האָט געוואָלט אַרויס־געבען יעדען פרייטאָג אַ נומער „טעאַטער שפּיגעל״. יעדער נומער האָט אַנטהאַלטען זעכצען זייטען. מיט וואָס־זשע פילט מען אָבער אויס די זעכצען זייטען? דער ליבער דאָקטאָר האָט מיר אפילו אויך געגעבען זיין דראַמע אין אַכט אַקטען און מיט הונדערט און צוועלף העלדען, אַז איך זאָל זי אָנהויבען דרוקען אין פאָרזעצונגען. איז, ערשטענס, געווען אוממעגליך צו דרוקען די דראַמע, ווי זי שטייט און גייט, איך האָב זי געדאַרפט איבערשרייבען, אויסבעסערען דאָס לשון, ווייל דר. גאָלדקנאָפּף האָט געשריבען אַ אידיש, וואָס נאָר אַ טאָכטער האָט געקאָנט פאַרשטיין. דאָס איז געווען אַ דייטשמע־רישער, פּוילישער אידיש, פאַרבראַקט מיט רוסיציזמען און באַ־ווירצט מיט דעם גאַסען־אידיש פון אַמעריקע. חוץ דעם, איז דער אינהאַלט געווען אַזוי קינדעריש, אַז מען האָט געדאַרפט אַריינגעבען כאָטש אַביסעל זין און לאָגיק, כדי עס זאָל ניט מאַכען דעם איינדרוק, אַז די העלדען ריידען פון היץ, אָדער אַז די מעשה איז זיך פאַר־לאָפען אין אַ משוגעים־הויז.

איז דאָס אַלץ געווען, ווי איר זעט, גאָר נישט קיין גרינגע אַר־

בייט. פון דער צווייטער זייט האָט אָבער מיט דער צייט די דאָזיגע טשודנע און אָפט אויסמאַטערנדיגע אַרבייט זיך אַרויסגעוויזן אַלס זעהר נוצליך פאַר מיר. ס'איז געווען פאַר מיר אַ מין ליטעראַרישע איבונג. איך האָב אויסגעפונען דאָס, וואָס איז שוין פון לאַנג באַוואוסט, נעמליך, אַז מען קאָן לערנען פון די טעות'ן, וואָס אַ צווייטער באַגייט, און אַז ווען מען בעסערט אויס אַ צווייטען, בעסערט מען אויס אינדירעקט זיך אַליין. אויסבעסערענדיג דר. גאָלדקנאָפּ'ס דראַמע, האָב איך קודם כל געזען אַ ביישפּיל פון שלעכט שרייבען. דר. גאָלדקנאָפּף האָט מיר באַוויזען באַשיינפּערליך, ווי אַזוי אַ שרייבער דאַרף ניט שרייבען, אויב ער וויל פאַרדינען זיין ברויט און זאָלץ אַלס שרייבער. איך האָב דאָס שפּעטער אויך געלערנט פון מאַנוסקריפּטען פון אַנדערע שרייבער, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען האָבען צו טאָן, און איך לערן עס נאָך ביז היינטיגען טאָג. איך האָב ערשט אַנומעלטען געלייענט אַ מאַנוסקריפּט פון אַ שרייבער, וואָס האָט, צום באַדויערען, אפילו אַ שטיקעל שייכות מיט דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע,—האָב איך די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געבלעטערט דעם מאַנוסקריפּט, געהאַלטען אין איין טראַכטען ביי זיך: וויי, וויי, ווי דער מענש קען ניט שרייבען! ס'אַראַ קאַליקע ער איז! ! ווען ער זאָל זיין אַ שוסטער און זאָל קאַליע מאַכען אַזוי לעדער, ווי ער מאַכט קאַליע פּאַפּיר און טינט, וואָלט מען אים געלאָזט אַרעסטירען. דער שוסטערשער צעך וואָלט אַנגענומען מיטלען קעגען אים, אַז ער זאָל ניט פאַרשוועכען דעם באַרוף פון שוסטעריי. אין דער אידישער שרייבער-פּראָפעסיע לאָזט מען אָבער יעדען קאַליקע האַלטען אַ פּען און שרייבען אויף טיש און אויף בענק. נאָך מער: מען נעמט אים אַריין אין דעם שרייבער-יוניאָן און מ'לאָזט אים פאַרדאַרבען דעם זשורנאַליסטישען פאַך. און אָט דער שרייבער, פון וועמען איך דערצייל אייך דאָ פאַרבייגייענדיג, איז נישט דער איינציגער.

איך האָב זיך אויך ניט געקאָנט פאַרלאָזען אינגאַנצען אויף מיין אייגען שרייבען. איך אליין בין אפילו געווען געבענשט פון מיין פריסטער שרייבערשער קאַריערע מיט דער מתנה, וואָס מען רופט „אַ גרינגע פּען". דער פּראָצעס פון שרייבען איז מיר קיינמאָל ניט אָנגעקומען שווער. איך האָב ניט באַלאַנגט און באַלאַנג ניט צו די, וואָס ליידען נעבעך פון אַ „שווערטראָגען", וואָס גייען אום און קוואַקען און קוואָקען ווי אַ קראַנק הינדעל. איידער עס לייגט דאָס אייעלע. אַז איך האָב עפּעס צו זאָגען, זעץ איך זיך אַוועק מיט דער פּען אין האַנט און—זאָג עס, גיך און פלינק. איך לייען זעלטען איבער, וואָס איך שרייב, ווייל איך האַלט, אַז איך וועל אַ צווייטען מאָל ניט זיין קיין גרעסערער חכם, ווי דעם ערשטען. מעגליך, אַז ס'איז נישט גוט אַזוי. ס'קאָן זיין, אַז די עצה פון זיידען מענדעלי צו פיילען, שלייפען, מעקען

און קלעקען איז די ריכטיגע. דאַ רעדט זיך אָבער נישט פון שאַפּע־רישקייט, פון „קונסט פאַר דער אייביגקייט״, נאָר פון זשורנאַליס־טישער אַרבייט.

צווייטענס, זאָל מיר דער זיידע מענדעלע, זכותו יגן עלינו, מוחל זיין, ווען איך וועל דאָ זאָגען, אַז ער האָט, במחילה פאַרזען, ניט גע־קוקט אויף זיינע ריינע שפּאַקולען, אַזאַ וויכטיגען ענין ווי טעמפּעראַ־מענט. פאַראַן שרייבער, ביי וועלכע די פעדער איז ווי אַ בליץ, און אַ־זעלכע, וואָס שלעפּען זיך איבער׳ן פּאַפּיר, ווי מידע אָקסען אויף אַ שטייניג פעלד. האָט דאָס ערשטע, ווי דאָס צווייטע, צו טאָן מיט דעם ברען אָדער פלעגמאַטישקייט פונ׳ם שרייבער, אין אַנדערע ווער־טער—מיט זיין טעמפּעראַמענט.

דאָס אַלץ איז אָבער אגב אורחא. איך קום צוריק צו מיין פאַרלע־גענהייט, אין וועלכער איך האָב מיך געפונען, ווען איך בין געוואָרען רעדאַקטאָר פון „טעאַטער שפּיגעל״. מיינע ידיעות וועגען טעאַטער זיינען געווען מאָגערע. און דאָס, וועט איר צוגעבען, איז אויך ניט געווען קיין גרויסע הילף פאַר א רעדאַקטאָר פון אַ טעאַטער־זשורנאַל. האָב איך זיך טאַקע געפילט פאַרלוירען און בין געווען גרייט צו אַנטלויפען פון שלאַכטפעלד. איך האָב אויך געטראַכט גאָר ניט קיין ליבע מחשבות וועגען מיין פריינט לאַלאַ, וואָס האָט מיר נאַראַיעט דעם עסק.

ארויסגעראַטעוועט האָבן מיר אָבער עטליכע פון מיינע פריינט צווישען די יונגע שרייבער. זיי זיינען מיר געקומען צו הילף. און אַ דאַנק זיי האָב איך זיך געהאַלטען אויפ׳ן שטול די עטליכע חדשים, וואָס דער „טעאַטער־שפּיגעל״ האָט עקזיסטירט.

## דער ציימונגס „יצר־הרע״

ווען איך בין אַנגעקומען אַלס מיטגליד אין דער רעדאַקציע פון „טאַגעבלאַט״ איז לעאָן זאָלאָטקאָף געווען דער רעדאַקטאָר. זאָלאָט־קאָף איז דעמאָלט געווען פונקט אַזאַ נייער מענש אין דער רעדאַק־ציע ווי איך, מיט דעם איינציגען און גאָר היפּשען אונטערשייד, וואָס ער איז געווען אַ זשורנאַליסט מיט אַ נאָמען, ער איז פריהער געווען דער רעדאַקטאָר פון „קוריער״ אין שיקאַגאָ, פון וואַנען מ׳האָט אים ארונטערגעבראַכט נאָכ׳ן פלוצלינגדיגען טויט פון יאָהאַן פּאַלעי. ער איז שפּעטער אויך געוואָרען אַ שטאַטישער ריכטער אין שיקאַגאָ. אים האָט דערביי ארויסגעהאָלפען, וואָס ער האָט שטודירט אַדוואָ־קאַטור.

איך אָבער בין געווען ניט מער ווי אַ בלעזל אויף דער פלאַך פון די שטורעמדיגע וואַסערן פון דער דעמאָלסדיגער איסט־סאַיד. אַ יונג

בחור׳ל פון אכטצען-ניינצען, וואס האט פארעפענטליכט א פאר „זאכען״, מערסטענס לידער און קליינע נאוועלען, „סקיצען״, לויט דער דעמאלסדיגער ליטעראַרישער טערמינאלאגיע. איך האב אויך פּרובירט שרייבען סתם פּראָזע, און אין זכות פון די דאָזיגע פּרואוון בין איך טאקע געווארען א שטענדיגער מיטארבייטער אין „טאגע-בלאט״.

לעאן זאלאטקאף האט געהאט אויף מיר איין אויג נאך איידער ער האט מיך אריינגענומען אלס שטענדיגען מיטארבייטער אין „טא-געבלאט״. איך האב אים איינמאל געבראכט אן ארטיקעל, אין וועל-כען איך האב געשילדערט גראפיש מיינע איינדרוקען פון א פאר-טראג, וואס געארג בראנדעס, דער גרויסער דענישער קריטיקער, וואס איז געווען א גאסט אין אמעריקע, האט געהאלטען איבער שעק-ספּיר. מיר דוכט, אז דער פארטראג איז געווען איבער „האמלעט״.

בראנדעס האט געהאלטען זיין פארטראג אין א טעאטער אין די פערציגער גאסען. אויף דער בינע זיינען געזעסען די גרויסע אמערי-קאנער שריפטשטעלער פון יענער צייט. צווישען זיי, אין צענטער, מארק טווען, מיט זיין גרויען, בושיגען קאפּ האר, וואס האבען זיך געקנוילט, געפאלן צעפּאטעלטע, לאקענווייז אויף זיין שטערן. דער פּארזיצער איז געווען ברענדער מעטיום, איינער פון די באוואוסטע ליטעראטור און דראמע קריטיקער פון זיין צייט און א פּראפעסאר אין קאלאמביא אוניווערזיטעט.

פאר מיר זיינען דער אמעריקאנער עולם, וואס האט אנגעפּאקט דאס טעאטער, די בארימטע פּערזענליכקייטען אויף דער בינע, די גאנצע פייערליכקייט, געווען א נייע און אויסטערלישע דערפארונג, ווארים איך בין נאך דעמאלט געווען א היפּש-„גרינער״, מיין אמעריקע איז באשטאנען פון דער איסט-סייד, דער קנויל פון גאסען, וואס וויקעלט זיך צווישען איסט-בראדוויי און דער פערצענטער גאס. די אמעריקע, וואס האט זיך געשפּרייט אויף יענער זייט פון דער פערצענטער גאס, איז געווען א ווייט, פארהוילן לאנד. איך קען, אגב, אידישע שרייבער, וואס זיינען פונקט אזוי לאנג ווי איך אין אמעריקע און זייער „אמעריקע״ באשטייט נאך אלץ פון דער טעריטאריע, וואס ליגט צווישען איסט-בראדוויי און דער פערצענטער גאס. נעמט זיי ארויס פון דארט און זיי וועלען זיך פילען ווי קינדער, וואס האבען פאר-בלאנדזשעט אין א וואלד. דאס איז אבער אגב-אורחא.

מער ווי אלע אנדערע אין דעם טעאטער האט מיך אבער אינ-טערעסירט געארג בראנדעס אליין. די סיבה איז געווען א טאפּעלטע און די טאפּעלטע סיבה האט ביי מיר געשאפען א טאפּעלטע בא-ציאונג צו בראנדעס׳ען. פון איין זייט האב איך, ווי א סך אנדערע אינטעליגענטע יונגע בחורים׳לעך פון מיין שניט, דערצויגען זיך

אויף בראַנדעס׳ען. זיינע שטודיען פון דער ליטעראַטור פון נײַנ־צענטען יאָרהונדערט, האָבען אַנטוויקעלט און אויסגעפורעמט מיין ליטעראַרישען געשמאַק. בראַנדעס האָט מיך, ווי אַ סך אַנדערע בחורים׳לעך פון מיין עלטער, דערציאונג און סביבה, אַנגענומען פאַר דער האַנט, אַרויסגעפירט מיך פון די ענגשאַפטען פון מיין קליין, אָרים, פאַר׳חלום׳ט שטעטעל אין פאַדאָליע און אַריינגעבראַכט אין די וועלט־רחבות׳ען און הימעלשע רוימיגקייטען פון דער אייראָפּיי־אישער קולטור, אַנהויבענדיג מיט די גריכען און רוימער און ענדיגענ־דיג מיט די סקאַנדינאַווישע ריזען; ביערנסטערנע־ביערענסאָן, איב־סען, סטרינדבערג.

פאַר מיר און מיין גלייכען איז בראַנדעס געווען אַ מין פעטער דער ערשטער — ער האָט אויסגעהאַקט פאַר אונז אַ פענסטער אין אייראָפּע . . .

און וואָס פאַר אַ בחור׳ל פון מיין דור האָט זיך ניט פאַרלייענט ביז פאַר׳כישוף׳טקייט מיט בראַנדעס׳עס שטודיען פון געטע און בייראָן, פון הײַנע און בערנע? דאָס זיינען געווען פאַר מיר עפּעס מער ווי סתם ליטעראַרישע פאַרטייטשונגען און אויסטייטשונגען. בראַנדעס האָט מיך צונויפגעגאָסען מיט די גרויסע, שאַפערישע גייסטער, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט, און זיי זיינען געוואָרען אַ טייל פון מיר. איך האָב מיט זיי לאַנג געלעבט, איבערגעלעבט זייער עקסטאַז און זייערע ליידען.

פון דער צווייטער זייט האָט אָבער דער ציוניסט אין מיר גע־טראָגען אַ גרויס פאַרדרוס אויף דעם געניאַלען קריטיקער און קעמ־פער, וואָס האָט מיר אַזוי פיל געגעבען. איך, ווי אַ סך אַנדערע, האָבען ניט געקאָנט פאַרגעסען בראַנדעס׳עס אַרויסטריט קעגען ציוניזם אין אַ פאָרטראַג, וואָס ער האָט געהאַלטען אין העלזינג־פאָרס — פינלאַנד. די ציוניסטישע פרעסע האָט געשריבען מיט ביטערקייט וועגען דער רעדע. בראַנדעס האָט אפילו שפּעטער געזוכט זיך צו פאַרענטפערען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען — דער פאַרדרוס איז געבליבען.

האָב איך דערנאָך געשילדערט אָט די געפילען מיינע צו בראַנ־דעס׳ען אין דעם אַרטיקעל, אין וועלכען איך האָב באַשריבען זיין פאָרטראַג. זאַלאַטקאָפּ׳ען איז מיין אַרטיקעל שטאַרק געפעלען און ער האָט עס פאַרעפענטליכט אין „טאַגעבלאַט“. ער האָט פון דע־מאָלט־אָן געהאַלטען אַן אויג אויף מיר, און אַזוי גיך ווי ס׳האָט זיך געשאַפען אַ וואַקאַנסיע אין „טאַגעבלאַט“ האָט זאַלאַטקאָף מיר גע־לאָזט וויסען. ער האָט מיר דערביי געזאָגט:

„איך וויל אַריינגיסען אַביסעל יונג, פריש בלוט אין די פאַר־האַרעוועטע אָדערען פון „טאַגעבלאַט“... מיר איז שווערלעך איבער־

צוטראָגען דעם שימעל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען..."

איז דאָס פאַר מיר ניט געווען קיין נייעס. איך האָב געוואוסט, אַז ווען זאַלאַטקאָף האָט פאַרנומען פאַלעי'ס אָרט אַלס רעדאַקטאָר, האָט ער געהאַט די אַמביציע אַריינטראָגען עפּעס נייעס אין דער צייטונג, אויף וועלכער עס האָט זיך געזעמען לייגען אַלץ מער שטויב פון דער גאַס... זיינע פּרואוווען האָבען זיך אָבער ניט איינגעגעבען. אָבער וועגען דעם — אַביסעל שפּעטער...

איך, ווידער, האָב זיך געשלאָגען מיט דער דעה צי איך זאָל אָננעמען זאַלאַטקאָפ'ס פאָרשלאָג, ווארים גראָד האָט זיך דעמאָלט געשאַפען אַ וואַקאַנט אָרט אויך אין דער „ווארהייט", און די „ווארהייט" האָט מיר מער אימפּאָנירט, און טאַקע צוליב די סיבות, וואָס האָבען באַוואויגען זאַלאַטקאָפ'ן מיר פאָרשלאָגען צו ווערען אַ מיטאַרבעטער אין „טאָגעבלאַט". — די „ווארהייט" איז געווען איינ־גער, פרישער און האָט גרופּירט אַרום זיך די בעסטע שרייבערישע כוחות.

האָב איך באַשלאָסען צו באַראַטען זיך מיט יעקב פישמאַן, וואָס איז געווען דעמאָלט דער שטאָטישער רעדאַקטאָר, אָדער ווי מען רופט עס אין די אידישע צייטונגען — „סיטי־עדיטאָר" פון „טאָגע־בלאַט". פישמאַן איז שוין דעמאָלט געווען אַ רייפער צייטונגס־מאַן, און איינער פון די „זיילען" פון „טאָגעבלאַט", כאָטש ער האָט אויס־געזען בחור'יש־יונג, מיט אַ פרישער פאַרב אין רונדען פּנים, און אַן ענערגישער, קוועקזילבערדיגען מאַניער. יעקב פישמאַנ'ס קאַריערע איז געגאַנגען אין דער טראַדיציע פון אַ סך אַמעריקאַנער צייטונגס־לייט: אָנגעהויבען פון לעצטען טרעפּעל — אין „קאָמפּאָזינג־רום" און געלערענט העכער, העכער.

און פישמאַן, וואָס איז בטבע אַ קאַלטער און רעזערווירטער, האָט בנוגע אַ קאַלעגע אַרויסגעוויזען אַ וואַרעמע פריינטליכקייט, האָב איך דערפאַר באַשלאָסען שואל בעצה זיין ביי אים צי איך זאָל אָנ־נעמען זאַלאַטקאָפ'ס אָנבאָט.

געדענק איך ווי היינט דעם שמועס צווישען מיר און פישמאַנ'ען. דאָס איז געווען אין אַ ברוינגאָלדיגען בייטאָג פון אַ ניו יאָרקער „אינדיאַנער זומער", פישמאַן האָט מיך איינגעלאַדען אויף אַ שפּאַ־ציר. מיר האָבען זיך אָוועקגעלאָזען אין דער ריכטונג פון „איסט־ריווער", וואו די אַלטע „גרענד סטריט פערי" איז נאָך אומגעשוואו־מען צווישען מאַנהעטען און ברוקלין, און וואו דער פערד־טראַמוויי פלעגט זיך פאַרקירעווען מיט קלאַנג און קלאַטער פון קייטען און שווערע, אייזערנע רעדער איבער רעלסען, וואָס האָבען אַרויסגע־גלאַנצט פון דער ערד ווי דער שטאָליגער שאַרף פון ריזיגע מעסערס.

איך האָב דערציילט פישמאַנ'ען פון מיין דילעמע. ער האָט מיך

אויסגעהערט, אפּגעמאַסטען פון אַ זייט, ווי ער וואָלט זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען:

„ווען איך בין אין אייערע יאָרען וואָלט איך אינגאַנצען אויס־געמיטען אַ אידישע צייטונג... ס'איז ניט קיין קאַריערע פאַר אַ יונגען מענשען. וואָס וועט אייך געבען אַ שטעל אין אַ אידישער צייטונג?"

און פישמאַן האָט גענומען פאַר מיר מאָלען מיט גאָר ניט קיין מאַניענדיגע פאַרבען וואָס עס טוט זיך אין די אידישע רעדאַקציעס, די קריגערייען, די אינטריגעס, און היינט דער אָרעמער לוין...

דאָס בילד איז געווען גענוג צו פאַריאָגען מיך פון דער אידישער פּרעסע וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. דער צייטונגס־יצר־הרע איז אָבער געווען שטאַרקער פון פישמאַנ'ען, און ער האָט גובר גע־ווען. איך האָב ניט גענומען פישמאַנ'ס עצה, און — איך האָב קיין חרטה ניט ביז היינטיגען טאָג.

# אין דער וועלט פון חסידיזם

## דער חרם קעגען חסידות אויף דער אסיפה אין שקלאָוו

שוין דריי טעג ווי ס'האָט אָנגעהאַלטען די אסיפה אין דער שטאָט שקלאָוו. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען אַ פייער איז אָנגעצונדען געוואָרען אין ירושלים דליטאַ, וואו דאָס ליכט פון ר' אליהו מווילנע האָט געברענט. ער, דער ווילנער גאון, וואָס איז געווען כל ימיו פאַר־טאָן אין לימוד התורה, האָט פונדעסטוועגען געהאַלטען אָפען די אויגען און אויערען אויף דעם וואָס ס'איז אָנגעגאַנגען אין דער אידישער וועלט. ער האָט פאַרנומען דעם צער פון די אָרעמע און דערשלאָגענע, אויף וועמעס אַקסלען דער גלות האָט זיך געלייגט שווער און שווערער. ער האָט געזען דעם טרויער וואָס הילט איין ווי אַ שוואַרצע טוך דעם אָרון פון אַ מת, דאָס הויז פון ישראל. ער האָט אויך געזען די בענקעניש צום לאַנד פון ישראל. די האָפענונג אויף דעם טאָג פון גאולה. ער אַליין האָט זיך געריסען קיין ארץ ישראל. ניט איינמאָל איז דער הייליגער פאָדעם פון לימוד התורה מיטאַמאָל איבערגעריסען געוואָרען פון בענקעניש קיין ארץ ישראל, פון מחשבות, אַז ס'איז שוין צייט צו פאַרלאָזען די פיר ווענט פון דער קלויז, וואו ער האָט זיך איינגעשלאָסען, און גיין, ווי אַנדערע האָבען עס געטאָן, צום לאַנד פון די אבות. וואָרים, ר' אליהו מווילנע האָט געוואוסט ביי זיך אין הארצען, אַז לימוד התורה אַליין איז נאָך ווינציג, כאָטש ס'איז הפך בה דכולה בה, ס'איז גאַנץ אַנדערש ווען דער לימוד התורה איז אויף דער הייליגער ערד פון ארץ ישראל, דאָרטען קריגט די תורה איר אמת'ן תיקון.

אָבער, ווען ס'האָט צו אים דערגרייכט, אַז ס'איז אויפגעשטאַנען אַ נייע סעקטע, וואָס שפּרייט אויס איר נעץ און פאַנגט נפשות, האָט ער זיך דערשראָקען. ער האָט געזען אין בעל שם און אין די תלמידים, וואָס ער האָט געלאָזען, אַ נייע סכנה פאַר'ן הויז פון ישראל, ווער ווייסט? זיי קאָנען נאָך אָנצינדען דאָס פאַרפירערישע ליכט פון שבתי צבי און פון יעקב פראַנק, וואָס האָבען געבראַכט אַזוי פיל צרות און געלאָזען נאָך זיך פאַרלאָרענקייט און פאַרצווייפלונג. מ'דאַרף דעריבער באַצייטענס אָפּשטעלען די געפאַר איידער ס'ווערט צו שפּעט. דאָס פייער דאַרף אויסגעלאָשען ווערען אָדער ס'פאַרשפּרייט זיך.

די אסיפה, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דער אַלטער שטאָט שקלאָוו, האָט געזוכט וועגען און מיטלען ווי דאָס פייער אָפּצושטעלען.

ליטע איז געווען די שטאַרקסטע פעסטונג קעגען דער נייער סעקטע, דער „כת חסידים״. דעם ליטווישען מוח האָבען געפעלט פליגעל; דער ליטווישער מוח איז געווען אינגאַנצען פאַרטאָן אין נגלה. די טויערען וואָס האָבען געפירט צו די פאַרהוילענע וועלטען פון נסתר, האָבען געוועקט חשד און שרעק. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ געפאַרען עס לויערען אויף יענער זייט; ווער ווייסט צי די וועגען וואָס פירען אַהין וועלען ניט פאַרפירען אין כף-הקלע? ווער ווייסט?

די ווענט פון דער פעסטונג האָבען זיך אָבער גענומען ביסלעכ-ווייז קרישלען. חסידות האָט זיך באַוויזען אין ליטע. די נייע סעקטע האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטען. די סעקטע האָט אַרויסגעשיקט אירע שליחים אין געהיים. זיי האָבען זיך באַוויזען ווי גייסטער פון דער נאַכט אין שטעט און שטעטלעך. זיי האָבען געצונדען אין פאַרבאָרגעניש זייערע פייערן. מ'האָט זיך אַרומגעקליבען אַרום זיי. צוויי אין אַ שטאָט. איינער אין אַ משפחה. די צאָל איז געוואַקסען.

ס'האָט זיך אויך געפונען איינער, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעטראָגען די תורה פון חסידות אָפען, אונטער דער זון, אויפ'ן מאַרק, אַז אַלע זאָלען זי זען, אַלע זאָלען הערען דאָס וואָרט מיט וועלכען ער איז געקומען.

זיין נאָמען איז געווען ר' אהרן פון קאַרלין, אַ תלמיד פון הייליגען מעזעריטשער מגיד. ער האָט מער ווי די אַנדערע תלמידים אַריינגע-נומען אין זיך דאָס הייליגע ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין רבי'ן. ער האָט דאָס ליכט אַרויסגעטראָגען אין גאַס, צום המון. וואָרים זיי האָבען מער ווי די אַנדערע, די לומדים, אויך די עשירים, גענויטיגט זיך אין ליכט און וואַרעמקייט.

ס'האָט גענומען ניט לאַנג און די חסידים פון ר' אהרן פון קאַרלין, אָדער ווי מ'האָט אים גערופען „דער קאַרלינער", צי גאָר דער „קאַר-לינער גדול", האָבען אָנגעהויבען צונויפקלייבען זיך אין אייגענע שטיבלעך און קלויזען. זיי האָבען זיך דערפילט אָפּגעשיידט פון דער עדה. מ'האָט גענומען קוקען מיט חשד, אויך מיט שנאה אויף די „קאַרלינטשיקעס". ס'האָבען זיך אָנגעהויבען רדיפות און אפילו מסירות. אַזוי אין שקלאָוו, אַזוי אין פּינסק און מינסק. ס'האָט אַפילו דערגרייכט קיין ווילנע, וואו ר' אליהו אין געשטאַנען יומם ולילה מיט'ן טלית איבער'ן קאָפּ, אַריינגעטאָן ראשו ורובו אין לימוד התורה, אָפּ-געשיידט פון די הבלי העולם הזה, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף יענער זייט, אָבער וואָס האָט דאָך געוואוסט פון אַלצדינג וואָס עס טוט זיך אין הויז פון ישראל, פון די צרות הגלות,וואָס פּלאָגען דאָס

פאָלק ישראל, פון דער אָרעמקייט און דערשלאָגנקייט, וואָס איז אויסגעפאַלען אויפ'ן גורל פון עם סגולה, פון דער בענקעניש צום לאַנד פון ישראל, וואָס האָט געפירט צו דעם, אַז מ'האָט גענומען ביסלעכווייז אַוועקגעלאָזען זיך צום הייליגען לאַנד, אויך פון דער נייער סעקטע, די חסידים, וואָס ער, ר' ישראל בעל שם טוב און זיינע תלמידים האָבען אויפגעשטעלט און וואָס וועט פאַרפירען, חלילה, ווער ווייסט אויף וועלכע פינסטערע וועגען . . .

ער, ר' אהרן קאַרלינער, האָט ניט געטראָגען די תורה פון חסידות אין פאַרבאָרגעניש, דערפאַר איז דער צאָרן פון די מתנגדים קעגען אים געווען אַזוי גרויס. זיי האָבען אָבער גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגען אים, וואָרים די ליבע פון המון צו ר' אהרנ'ען איז געווען זעהר גרויס, ווי גרויס עס איז געווען זיין ליבע צום המון. ער האָט געזען די ליידען פון די אָרעמע און דערדריקטע, די בעלי מלאכות, די שניי־דערס און די שוסטערס, די וואַסער־טרעגערס און די בעדערס. זיי, וואָס האָבען זיך געשטיקט אין אָרעמע, הויקערדיגע שטיבלעך, געלעבט אין דחקות, ניט געהאַט געגוג על מזון סעודה אחת פאַר זיך און פאַר דער ווייב און קינדער. איז ער געקומען צו זיי מיט אַ וואָרט פון טרייסט. ער האָט אויפגעשלאָגען האָפענונגען אין זייערע פאַרביטערטע הערצער. ער האָט זיי געבראַכט פרייד און געזאַנג. זיי האָבען אים דערפאַר אויפגענומען מיט ליבע און פאַרגעטערונג ווען ער האָט זיך באַוויזען צווישען זיי.

די מתנגדים האָבען עס געוואוסט און זייער צאָרן קעגען ר' אהרנ'ען איז געווען גרויס.

ער, ר' אהרן, איז געווען יונג אין יאָרען. ווען ער האָט זיך באַ־וויזען צווישען עולם, איז זיין דינער, ביינערדיגער גוף געווען משכמו ומעלה. און אַ פלאַם האָט פון אים געשלאָגען. דער פלאַם האָט אַרויס־געצונדען פון זיינע אויגען—גרויסע, דורכדרינגענדיגע, וואָס האָבען אַריינגעקוקט אין דעם לפני ולפנים פון דעם מענשען, אויך פון זיינע רייד, פון זיין תורה.

און ס'איז געווען מלכות'דיקייט אין זייער הויכער, משכמו ומעלה־דיגער געשטאַלט. ער האָט זיך געקליידט אין שיינע בגדים, ניט חלילה, אוים גאווה, נאָר ווייל ווען אָרעמע בגדים הילען דעם גוף רופט עס אַרויס דערשלאָגנקייט פון גייסט און ס'ברענגט צו עצבות, און עצבות —האָט ר' אהרן געזאָגט—איז ניט נאָר אַן עבירה, ס'פירט צו טמטום הלב, דאָס הייסט, אַז דאָס האַרץ ווערט פאַרשטאָפּט און ס'קאָן ניט אויפנעמען גאָט'ס וואָרט. און דאָס איז אַפילו אַ גרעסערע עבירה ווי עצבות.

און נאָך פלעגט ר' אהרן זאָגען: „ווען מ'זאָגט אַז אַ מענש דאַרף טראָגען שמחה אין האַרצען, מיינט עס נישט גראָד אַ שמחה של

מצוה, וואָרים אַ שמחה של מצוה איז אַ גאָר הויכע מדרגה און ניט יעדער קאָן זיך דערהויבען צו אַ הויכער מדרגה, אָבער ווען מ'זאָגט, אַז אַ איד טאָר זיך ניט לאָזען צו ווערען געפאַנגען פון עצבות, האָט מען דערביי אַן אַנדער כוונה, וואָס איז די כוונה? די כוונה איז: אַ איד דאַרף זיין דורכגענומען פון שמחה שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער איז אַ איד. דאָס אַליין איז גענוג, אַז מ'זאָל זיך פרייען. דער איד וואָס פילט ניט אָט די שמחה, איז אַ כפוי־טובה צו גאָט וואָס האָט אים באַשאַפען פאַר אַ איד. עס בעוויזט, אַז די ברכה „שלא עשני גוי" האָט קיינמאָל ניט דערגרייכט צו זיינע אויערען."

די פשוט'ע, פראָסטע אידען, די אָרעמעלייט, די בעלי מלאכות, די שניידערס, און שוסטערס, די וואַסער־טרעגערס, די בעלי־עגלות, די בעדערס—די אַלע אידען וועמעס לעבען איז געווען כולו דחקות, וואָס האָבען זיך געפילט געפאַלען און דערנידעריגט ווען זיי זיינען געקומען פנים אל פנים מיט די לומדים און פרנסים, מיט די רייכע בעלי־בתים, — זיי, דער המון בית ישראל, האָבען זיך געפילט געשטאַרקט און דערהויבען פון ר' אהרנ'ס תורה. זיי האָבען אויך דערפילט ווי אַ פרייד זינגט־אויף אין זייער הארץ. די פרייד וואָס זיי זיינען אידען און וואָס זייערע אויערען פאַרנעמען יעדען טאָג די ברכה „שלא עשני גוי".

זיינען געזעסען רבנים און פרנסים אויף דער אסיפה אין דער שטאָט שקלאָוו, וואו זיי האָבען זיך פערזאַמלט צו זוכען אַן עצה וואָס צו טאָן מיט דער נייער סעקטע וואָס פאַרשפרייט זיך, ווי אָפּצושטעלען דאָס פייער וואָס דער ליימקנעטער און פראָסטאַק ישראל, וואָס האָט זיך גערופען בעל שם, האָט אָנגעצונדען און וואָס ווערט פאַנאַנדערגע־בלאָזען פון זיינע תלמידים.

מ'האָט זיך פאַרזאַמעלט אין הויז פון פרנס חודש, וואָס איז גע־שטאַנען אויף אַ גאַס, הינטער וועלכער ס'האָבען שוין גענומען ציען פויערשע כאַטקעס, גערטנער, און ווייטער — פעלדער און אַ וואַלד וואָס האָט זיך געטונקעלט מיט זיינע אַלט־אַלטע דעמבעס, טאָפּאָליעס און אַלכעס.

די שטאָט שקלאָוו איז געווען געשפּאַנט די גאַנצע צייט וואָס די אסיפה איז אָנגעגאַנגען. אידען זיינען אומגעגאַנגען איבער די געסלעך און זאַוואולקעס, גערעדט צווישען זיך שטילע, שרעקיגע רייד. מ'האָט געפילט, אַז עפּעס שווערס, אָנגעלאָדענס קלייבט זיך; אַז וואָלקענס רוקן זיך אָן. מ'האָט געוואָרפען בליקען אין דער זייט פון גאַס וואו דאָס הויז פון פרנס איז געשטאַנען. ווען מ'איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז זיינען די טריט געוואָרען שטילער, איינגעהאַלטענער.

ס'האָבען זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך געזוכט אריינשפאַרען אינערוויינינג, דאָס זיינען געווען איבערהויפּט די בעלי־מלאכות. זיי האָבען געוואוסט צוליב וואָס די רבנים און פרנסים האָבען

זיך פאַרזאַמעלט, און פאַרדרוס און כעס האָט זיך ביי זיי דערוועקט. זיי זיינען אָבער ווייטער פון דער שוועל ניט געגאַנגען. ווען די רבנים און פרנסים האָבען געזען דער עולם שטופּט זיך, האָט מען געגעבען אַ באַפעל צום שמש ער זאָל פאַרריגלען די טיר און קיינעם ניט צולאָזען.

אינעווייניג איז די לופט געווען אָנגעלאָדען מיט פולווער, ס׳האָבען זיך געהערט צאָרענדיגע רייד קעגען די חסידים. די רבנים פון פינסק און פון וויטעבסק און פון מינסק און פון יאַנאָווע און פון אַנדערע קהלות, קליינע און גרויסע, ווי אַ שטייגער ווילנע, האָבען דער־ציילט ווי די נייע סעקטע וואַקסט זיך פאַנאַנדער, ווערט שטאַרקער, כאַפּט אריין אַלץ מער אידען פרומע, גאָטספורטיגע אין איר נעץ. ס׳טרעטען אויך צו רבנים, לומדי תורה צו דער נייער סעקטע, יאָ, אויך זיי, און ניט נאָר דער המון וואָס ווייסט גאָרנישט און לאָזט זיך פאַרבלענדען און פאַרפירען.

אָט איז אויפגעשטאַנען דער פינסקער רב, דער גאון רפאל כהן, און גענומען רעדען:

„את חטאי אני מזכיר,״ האָט ער אָנגעהויבען, „איך בין אין אָנ־הויב פאַר׳כישופ׳ט געוואָרען רחמנא לצלן, איך האָב זיך אָנגעהערט די וואונדער פון מעזריטשער מגיד, נו, בין איך געפאָרען צו אים, און וואָס איך האָב געזען און געהערט האָט מיר געלאָזען ווי איינער וואָס גייט זיך וואַרעמען ביי קאַלט פייער, יאָ, קאַלט פייער, דער נר התורה פעלט ביי זיי, זיי דערלאָזען אַז עם־הארצות זאָל זיך פאַרשפּרייטען צווישען אידען, ביי זיי איז תפילה דער עיקר און תורה אַ תפל . . . ״

און נאָך און נאָך האָט גערעדט דער פינסעקר רב רפאל כהן, וואָס איז אין זיין יוגענט געפאָרען אינאיינעם מיט ר׳ אהרן קאַרלינער, ווען יענער איז נאָך געווען כמעט אַ אינגעל, צום הייליגען מגיד פון מעזריטש, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ ישראל בעל שם און וועמען חסידים האָבען באַטראַכט פאַר׳ן אמת׳ן ממלא מקום פון בעל שם טוב הקדוש.

נישט מער וואָס געשען איז, אַז ר׳ אהרן קאַרלינער איז פאַר־בליבען יאָרען און יאָרען ביים מעזריטשער מגיד און געגאָסען וואַסער אויף זיינע הענט און געשעפּט פון זיין הייליגען קוואַל און אָנגעפילט די נשמה מיט זיין ליכט. ער איז געוואָרען דער באַליבסטער תלמיד פון מעזריטשער. ער האָט זיך פאַר אים איינגעשטעלט ווען די פינסקער מתנגדים האָבען גענומען רודפ׳ן ר׳ אהרנ׳ען.

דער פינסקער רב, ר׳ רפאל כהן, איז אָבער לאַנג ניט פאַרבליבען ביים מעזריטשער. ער האָט זיך צוגעקוקט צום מעזריטשער׳ס דרכים און צו די דרכים פון זיינע חסידים, און איז געבליבען ניט איין מאָל, געפּלעפט. ער האָט זיך גענומען פרעגען: וואוהין פירט עס? ווער ווייסט וואוהין?

ער איז איינמאָל, נאָך אַ נאַכט ווען דער שלאָף איז ניט געקומען אויף זיינע אויגען, אויפגעשטאַנען גיך און פאַרלאָזט מעזריטש.

איז ער געקומען צו דער אסיפה קיין שקלאָוו און ארויסגעזאָגט הויך די מחשבות און ספקות וואָס האָבען אים די גאַנצע צייט גע־פייניגט.

ר׳ אהרן קאַרלינער איז געזעסען די גאַנצע צייט וואָס די אסיפה איז אָנגעגאַנגען און געשוויגען. אַ פייער האָט געברענט אין זיין שפּאָניגען גוף, אַ פייער וואָס איז געווען גרייט אויסצוברעכען, פאַנ־אַנדערפלאַקערן זיך, צעטראָגען זיך אין פלאַמען איבער׳ן גאַנצען הויז, איינוויקלען די אַלע רבנים און פרנסים וואָס האָבען זיך פאַרזאַמעלט דאָ מארבע פינות ליטע.

ער האָט אָבער איינגעהאַמעוועט דאָס פייער אין זיך. דאָס פייער איז געבליבען טליען. ער איז געזעסען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען, ווי ר׳וואָלט איינגעדרימעלט.

ר׳האָט אָבער געהערט יעדעס וואָרט וואָס איז געקומען פון די ליפּן פון די רבנים און פרנסים. די רייד פון פינסקער רב האָבען אים אַ ווייל אונטערגעטראָגען. ער האָט גוט געדענקט די צייט ווען זיי האָבען זיך ביידע אָוועקגעלאָזען קיין מעזעריטש. רבונא דעלמא כולא, האָט ער צו זיך געטראַכט, ער און איך, ער איז געפאָרען צום מעז־ריטשער מגיד ווי אַ דורשטיגער וואָס גייט צו אַ לויטערן קוואַל, דער פינסקער רב האָט דעם גאַנצען וועג זיך גע׳מח׳ט און גע׳פלפול׳ט. טאָ וואָס איז דער וואונדער וואָס ער איז געבליבען אַן אויסגעליידיגטער, דאָס וואָס ער האָט געבראַכט קיין מעזעריטש דאָס האָט ער אַרויס־גענומען, ס׳איז שטענדיג אַזוי . . .

אויף אַ ווייל האָבען די רייד פון פינסקער רב אים אַ ברי־געטאָן און ער איז געווען גרייט אויפצושפּרינגען. ער איז אָבער געבליבען זיצען, די אויגען האַלב פאַרמאַכט, ווי אין האַלב־דרימעל.

ערשט ווען מ׳האָט אויף דער אסיפה אַרויסגעטראָגען אַ חרם קעגען די חסידים איז ער אויפגעשפּרונגען ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן. ר׳ מענדעל וויטעבסקער, וואָס איז געקומען מיט אים אינאיינעם צו באַשיצען חסידות קעגען די מתנגד׳ישע אָנפאַלען און בלבולים, האָט אים אָנגעקוקט אַ שטיל־דערשראָקענער. ער האָט אים אָבער ניט צוריקגעהאַלטען. און ווען ר׳ אהרן איז געווען אויף זיינע פיס האָט ער אויסגעשריען מיט אַ קול וואָס האָט זיך געטראָגען פון איין עק פון דער גרויסער שטוב ביז׳ן צווייטען און עט־וויט אין דער גאַס אריין, וואו אַן עולם האָט זיך געשפּאַרט: „איר מיינט אַז איר וועט אונז פאַרטרייבען”, האָט ער אַריינגעשריען אין די בלאַס־גע־וואָרענע פּנים׳ער פון די רבנים און פרנסים, „איר גלויבט, אַז ברוב גאונך תהרוס קמיך, מיט׳ן כח פון אייערע רבנים און פרנסים וועט איר

אונז אומברענגען, זייט אָבער וויסען, אַז אויב „תשלח חרונך", אויב איר וועט אויסלאָזען אייער צאָרן אויפ'ן קאָפּ פון אונז חסידים, איז „יאכלמו כקש", וועט אייער חרם, וואָס איר האָט אַרויסגעטראָגען, אייערע בייזע חלומות וואָס איר האָט קעגען אונז אָנגענומען, אַלע אייערע תחבולות וועלען פאַרברענט ווערען ווי שטרוי און ס'וועט ווערען בטל ומבוטל כעפרא דארעא...

דערציילט מען, אַז באַלד נאָכדעם ווי ר' אהרן האָט אַרויס־גערעדט די ווערטער, האָט אויסגעבראָכען אַ שרפה אין הויז וואו די רבנים און פרנסים האָבען אָפּגעהאַלטען די אַסיפה און פון דעם הויז איז נישט געבליבען אַ שטיין אויף אַ שטיין.

## ווען אַ אידישע שטוב איז פּוסט און וויסט

מ'דערציילט, אַז דער קאַמענעצער רב פרידמאַן איז איינמאָל געקומען אין אַ שטעטעל צוליב אַ דין־תורה צווישען צוויי שותפים. אין דעם שטעטעל איז געוועזן אַ איד אַ גביר, אָבער אַ היפּשער עם הארץ. ווען ער האָט דערהערט, אַז דער קאַמענעצער רב איז אַ גאַסט אין שטעטעל, איז ער געקומען אין דער אַכסניה, וואו דער רב איז פאַרפאָרען און געבעטען ביי אים, אַז דער רב זאָל איינשטיין ביי אים.

„רבי, איך האָב נאָר וואָס אויפגעבויט אַ ניי הויז; ס'איז דאָס שענסטע הויז אין שטעטעל," האָט דער גביר געזאָגט צום רב. „פאַראַן אין מיין הויז חדרים און חדרים. איך האָב געקויפט פיינע מעבעל אין קעמענעץ. איך וועל אייך אָפּגעבען אַ חדר־מיוחד און איר וועט זיך פילען פיל בעסער ווי אין דער אַכסניה . . . "

דער רב האָט ניט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזען די אכסניה, און ר'האָט זיך געזוכט אויסדרייען מיט א תירוץ. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפען. דער גביר איז ניט אָפּגעטראָטען. דער רב האָט ניט גע־וואָלט מצער זיין קיין אידען, האָט ער געזאָגט:

„נו, זאָל זיין אַזוי . . . "

ווען דער רב איז אַריבערגעטראָטען די שוועל פון דעם גביר'ס הויז, האָט דער גביר אים גענומען אומפירען איבער די חדרים. ער האָט אים געוויזען די שיינע מעבעל, וואָס ער האָט געבראַכט פון דער גרויסער שטאָט קאַמענעץ און דערציילט דעם רב וויפיל ער האָט פאַר דעם מעבעל באַצאָלט. ער האָט זיך באַרימט מיט די פיינע חפצים און זילבערנע און גאָלדענע כלים, וואָס האָבען באַפּוצט דאָס הויז, אויך מיט דעם שיינעם גאָרטען, וואָס מ'האָט געזען דורך די פענסטער.

„איר זעט דאָס אַלץ, רבי," האָט דער גביר אַ זאָג געטאָן נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעשטעלט מיט זיין רייכקייט, „דאָס אַלס האָט אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט גאָלד . . . אָבער—אַ מענש דאַרף הנאה

האָבען פון לעבען. ניט אַזוי, רבי?"

„יאַ, געווים", האָט דער רב מסכים געווען, „אָבער איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי איר קאָנט הנאה האָבען אין אַ הויז, וואָס איז פּוסט און וויסט . . .

„וואָס מיינט איר, רבי, פּוסט און וויסט?" — האָט דער גביר אויסגערופען אַ דערשטוינטער. „מיין הויז איז פּוסט און וויסט — מיט אַט די מעבעל, וואָס איך בין געפאָרען קויפען אין קאָמענעץ, און וואָס האָט מיך אָפּגעקאָסט הונדערטער רובל? . . . "

„און איך זאָג, אַז אייער הויז איז פּוסט און וויסט", איז דער רב באַשטאַנען אויף זיינס. „אויף אַזעלעכע הייזער קלאָגט דער נביא: „בונה בית ולא לו"—ס'איז נישט קיין אידישע שטוב. איר הערט, ס'איז נישט קיין אידישע שטוב! . . . איך גיי צוריק צו דער אכסניה!" האָט דער רב פאַרענדיגט און זיך אויסגעדרייט צו דער טיר.

דער גביר איז געבליבען אַ וויל שטיין ווי אַ פּאַראַליזירטער. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען. דערנאָך, ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט ציטערדיגע ליפּען:

„רבי, רבי, וואָס מייט איר מיט אייערע ווערטער, אַז מיין שטוב איז נישט קיין אידישע שטוב? מיט וואָס האָב איך געזינדיגט? זאָג מיר, רבי, מיט וואָס?"

דער רב האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם בלאַס-צעשראָקענעם פּנים פון דעם גביר, און זיין האַרץ איז ווייכער געוואָרען, אים איז דורך אַ געדאַנק, אַז אפשר זענען זיינע ווערטער געווען צו-הארב,—האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ טאָן, ווי ר'וואָלט גערעדט צו אַ קינד . . .

„הערט מיך אויס",האָט ער זיך געווענדעט צום גביר. „איר האָט אויפגעבויט אַ נייע הויז; איר האָט מיר געוויזען די שיינע חדרים, די נייע מעבעל, וואָס איר האָט געקויפט אין קאָמענעץ, און וואָס האָט אייך, ווי איר זאָגט, אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט גאָלד. נו, איז דאָס גאַנץ פיין, מהיכא תיתא, בית נאה, כלים נאים, אשה נאה — דאָס זיינען פיינע זאַכען, — זיי זענען פון די זאַכען, וואָס מרחיבין דעתו של אדם. אָבער ווען איר האָט מיר אומגעפירט ווייזען די חדרים, די מעבעל, האָב איך געהאַלטען אין איין זוכען וואָס מיר האָט געפעלט, און וואָס אָן דעם איז אַ אידישע שטוב נישט קיין אידישע שטוב . . . "

„וואָס האָט איר געזוכט, רבי, און וואָס האָט געפעלט ביי מיר אין שטוב?"—האָט דער גביר געפרעגט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ.

„מיר האָט געפעלט אַ שאַפע מיט ספרים!" האָט דער רב אויסגע-רופען. „אָן אַ שאַפע מיט ספרים, פון וועלכער ס'זאָלען ארויסקוקען אַ ש"ס, משניות'ן, מדרשים, אַן עין יעקב—יאַ, אַ שאַפע מיט ספרים איז די שענסטע מעבעל אין אַ אידישער שטוב; אָן אַ שאַפע מיט ספרים איז אַ אידישע שטוב ווי אַ גוף אָן אַ נשמה . . . "

„אָבער, רבי, איך בין נישט קיין למדן . . . וואָס וועל איך טאָן מיט א גמרא? . . . ״ האָט דער גביר זיך אָנגערופען מיט א שטיל, פאַר־שעמט קול.

„איך ווייס. מ׳האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט נישט קיין למדן. אָבער א איד, ווען ער איז אפילו נישט קיין למדן, דאַרף האָבען ביי זיך די ספרים אין שטוב . . . דאָס קויפען ספרים איז שוין אליין א גרויסע זאַך . . . מען טאָר נישט לאָזען, אַז ספרים זאָלען ליגען פאַר־שעמטע, פאַרגעסענע ביי די מוכרי ספרים אָדער ביי די דרוקערס: מען דרוקט ש״ס׳ן אין זשיטאָמיר, אין ווילנע, אין וואַרשע, אין לעמבערג, אויך משניות׳ן, עין יעקב׳ס, היינט ספרים, אָן א שיעור טייערע ספרים—טאָ צו וואָס דרוקט מען זיי—אַז זיי זאָלען ליגען ערגעץ אין א ווינקעל ביים דרוקער? חלילה! מען דרוקט זיי, אַז אידען זאָלען זיי קויפען . . . איר פאַרשטייט? . . . ״

„אָבער איך זאָג דאָך אייך רבי...״ האָט דער גביר געוואָלט ווידער עפּעס אַריינוואַרפען. דער רב האָט אים אָבער נישט געלאָזט ענדיגען, און איז אָנגעגאַנגען:

„איך ווייס, איר ווילט מיר ווידער זאָגען, אַז איר זענט נישט קיין למדן. האָב איך אייך דאָך שוין געזאָגט, אַז איך ווייס עס. אָבער—אויב א איד קען נישט לערנען, זאָל ער צום ווינציגסטען זיך געפינען אין א סביבה, וואו עס שוועבט דער רוח התורה; אין א הויז, וואו עס געפינען זיך ספרים הערשט אַן אַנדער גייסט, מען פילט, אַז מ׳איז אין דער חברותא פון תנאים, אמוראים, גאונים—ס׳איז ווי ר׳ עקיבא אָדער ר׳ יוחנן בן זכאי, אָדער דער רמב״ם זאָלען זיך געפינען ביי אייך אין שטוב, אומגיין דאָ אונטער אייער דאַך און זיצען ביי אייער טיש...ספרים גייבען צו קדושה צו דער שטוב, דערפאַר זאָג איך אייך, אַז א הויז אָן ספרים איז פוסט און וויסט ווי א מדבר...״

## ווי די פרייד איז געקומען צום רבי׳ן ר׳ ברוכ׳ל מעזשיבזשער

ס׳האָט געטראָפען אָפט, אַז א צער האָט ווי א וואָלקען זיך אַרונטערגעלאָזען אויפ׳ן רבי׳ן ר׳ ברוכ׳ל מעזשיבעזשער און געפאַנגען אים אויף טעג און טעג. חסידים האָבען עס שוין געוואוסט, פלעגען זיי מורא האָבען צו קומען נאָענט אין רבינ׳ס מחיצה, ווי א וואַנט וואָלט זיי אָפּגעטיילט פון אים, אָדער ווי דער שטן וואָלט זיך חס וחלילה אַוועקגעשטעלט צווישען רבי׳ן און זיי. מ׳האָט זיך געהאַלטען פון דערווייטענס און מ׳איז אונגעגאַנגען מיט שטילע, פאַרכטיגע טריט און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, אפשר וועט די פרייד זיך אומקערען צוריק, ווי א פויגעל צו איר נעסט און ס׳וועט ווידער זיין שהשמחה במעונו . . .

דער איינציגער וואָס האָט די וואַנט דורכגעבראָכען און ניט אָפּ־געשטעלט זיך פאַר דעם פאַרהאַנג וואָס האָט דעם רבי'ן פון דער אָרומי־גער וועלט אָפּגעשיידט איז געווען הערשעלע. ער, הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער, האָט זיך געמאַכט ניט־וויסענדיג פון רבינ'ס צער. ער איז געווען באַפאַנצערט מיט וואָוילאינגערישקייט און שקצ'עוואַטער אויפ־געלייגטקייט. ער האָט אויך געוואוסט דעם סוד ווי אויפצושלאָגען דעם קוואַל פון מונטערקייט און פרייד מיט זיינע פורים־שפּילערישע שטיק און לצ'עוואַטע איינפאַלען.

פלעגען די חסידים ווערן דערפרייט ווען זיי האָבען דערזען הערשעל'ען אין הויף. זיי פלעגען אים צוגעבען מוט און זאָגען:

הערשעלע, גיי גיכער צום רבי'ן . . . ער נויטיגט זיך אין דיר, הערשעלע, ברענג אַ שמייכעל אויף זיין פנים . . .״

„נו גוט, נו גוט. אָבער צוערשט דאַרף מען מאַכען אַ לחיים . . . יין ישמח לבב אנוש, צוערשט דאַרף איך, דער אנוש, צוקריגען אַ ביסעל שמחה, וועל איך עס דערנאָך איבערגעבען ביד רחבה צום רבי'ן ר' ברוכ'ל.״

די חסידים האָבען מהנה געווען הערשעלע'ן מיט אַ לחיים, גע־ענטפערט אויף זיין בְרכה „שהכל״ און געוואונשען אים הצלחה.

האָט אָבער איינמאָל געטראָפען, אַז אויך הערשעלע האָט גאָרניט געקענט אויפטאָן.

דער רבי איז געזעסען איינגעשלאָסען ביי זיך אין חדר־מיוחד און קיינעם ניט צוגעלאָזען צו זיך. די מרה־שחורה וואָס האָט אים גע־האַלטען אין צוואַנגען פאַר טעג און טעג האָט ווי דורכגעשפּאַרט זיך דורך די ווענט פון זיין חדר, אויסגעשפּרייט זיך ווי אַ דיקער נעפּל איבער אים און איינגעהילט דעם גאַנצען הויף.

די שטוביגע און די חסידים האָבען זיך געשאַרט אַרום די ווענט און אומגעגאַנגען ווי אבלים. הערשעלע האָט עטליכע מאָל זיך איינגע־שטעלט צוצוקומען צום רבי'ן: ער האָט אָנגעקלאַפּט אַ פּאָר מאָל אין טיר, די טיר איז אָבער געבליבען פאַרריגעלט פון אינעווייניג, מ'האָט נאָר געהערט דעם רבינ'ס אומרואיגע טריט איבער דעם חדר.

ווען הערשעלע האָט איינמאָל שטאַרק אָנגעקלאַפּט און איז ניט אָפּגעטראָטען פון דער טיר און אויך אויסגערופען: „רבי, עפענט! עפענט!״ האָט די טיר מיטאַמאָל זיך אויפגעפּראַלט און דער רבי האָט זיך באַוויזען אויף דער שוועל. זיין מאָגער־געשטאַלט האָט אויסגעזען נאָך שפּאַניגער, די באַקען איינגעפאַלען, אין די אויגען דער צער פון אַלע וועלטען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף הערשעלע'ן, וועלכער איז געשטאַנען מיט אַ לאַכעדיגען פנים און אויסגערופען מיט כעס:

„אַוועק, דו לץ, ס'איז נישט קיין צייט פאַר לצנות . . . ס'איז היום הרת עולם . . .״

די טיר האָט זיך ווידער צוגעמאַכט אויף׳ן אינעווייניגסטען ריגל. די אומרואיגע טריט האָבען זיך ווידער געטראָגען פון יענער זייט וואַנט.

די חסידים וואָס זיינען געשטאַנען פון ווייטען און געהערט וואָס דער רבי האָט געזאָגט צו הערשעלע׳ן, זיינען געבליבען ווי צוגעקאָוועט צום אָרט. אויך הערשעלע איז געבליבען אַ געפּלעפּטער. ער, דער שטענדיגער ליץ, פון וועמען די פרייד פון לעבען האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן איז צום ערשטען מאָל געבליבען שטיין אַן ערנסט־פאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט דורך דעם רבינ׳ס רייד דערזען מיט־אַמאָל עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים געפּלעפּט, וואָס ער האָט ניט געקאָנט משיג זיין, און ווייל ער האָט ניט געקאָנט משיג זיין, האָט עס אַרויסגערופען ביי אים זאָרג און שטילען שרעק.

די חסידים זיינען דערנאָך אומגעגאַנגען און זיך געפרעגט: וואָס פאַר אַ באַדייט ליגט אין רבינ׳ס ווערטער, וואָס זיי האָבען אויפגע־כאַפּט? היום הרת עולם? וואו איז דער באַשייד? וואָס האָט זיך אַנט־פּלעקט פאַר דעם רבינ׳ס אויגען? די כמאַרע אויף דעם הויף, וואָס האָט פון רבינ׳ס חדר־מיוחד זיך געקנוילט, האָט זיך געלייגט דיקער און נידעריגער. וואָס ליגט אונטער דער כמאַרע? וואָס פאַרדעקט זי מיט זיך? מיינט עס, חלילה, אַז נייע גזירות קומען אויף אידען? טראָגען זיך נייע אונגליקען אויף׳ן פאָלק ישראל? ווער ווייסט . . . ווער ווייסט.

דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי טעג און טעג . . .

שפּעטער איז געקומען דער באַשייד. ס׳איז געווען באַלד נאָך די ימים נוראים. אומזעטיגע טעג האָבען זיך אָנגערוקט אויף מעזשיבעזש. אַ רעגען האָט געגאָסען טאָג־ווי־נאַכט, ווי אַלע הימעלקוואַלען וואָלטען זיך געעפענט און אויף דער ערד אַרונטערגעשטראָמט. וואָלקען אָנגעלאָדענע, כמורנע האָבען ווי ברודיגע, צעפליקטע קאָלדרעס גע־לייגט זיך איבער די שטיבלעך. מענשען האָבען געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע ביז די קני, איבער די שמאָלע געסלעך און קרומע זאַוו־אולקעס. ווען דער רבי האָט באַטראַכט דאָס שטעטל דורך דעם שייבל פון זיין חדר־מיוחד, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די פרייד האָט זיך אויף שטענדיג אָפּגעטאָן פון דער ערד און אַז חושך ואפילה קומען אויף דער וועלט.

מיטאַמאָל האָט ער אין אַן אָוונט, ווען אַ מצרים׳דיגע פינסטערניש האָט איינגעהילט די ערד, דערהערט דאָס שפּילען פון אַ כלי־זמר־קאַפּעליע. אַ פידעלע איז זיך ערגעץ פאַרגאַנגען אין אַ פריילינך־האָפ־פערדיגען ניגון. אַ טרובע האָט אונטערגעהאַלטען, אַ פּויק האָט צו־געקלאַפּט מיט אַ טאַנצענדיגן קראַך־קראַך ווי דער שפּילעוודיגער אויפ־קנאַל פון יונגע פרילינגס־דונערן איבער בערג.

דער רבי האָט זיך לאַנג איינגעהאָרכט, דערנאָך האָט ער זיך

מיט-אַמאָל אַ הויב-געטאָן פון אָרט, אַרויפגעצויגען גיך דעם טיזלעק אויף די אַקסלען, אַרויס אין דעם שטאָקפינסטערן דרויסען און געלאָזען זיך פירען נאָכ׳ן שפּילען פון דער קאַפּעליע, ווי נאָך אַ ליכט וואָס וואָלט פאַר אים זיך געצונדען און דעם וועג אים געוויזען.

ער האָט דערגרייכט דאָס געסל אַרויס׳ן שטאָט, פון וואַנען די גוי׳אישע כאַטעס האָבען זיך געשפּרייט מיט זייערע סעדער, און הינטער זיי די פעלדער. אַ וואָיען פון הינט האָט זיך אַריינגעגאָסען אין דער נאַכט און איינגעזאַפּט זיך אין דער פינסטערניש און רעגען. דער רבי האָט אָבער נאָר דאָס שפּילען פון דער קאַפּעליע פאַרנומען.

אויף דער הינטערגעסל איז געשטאַנען די באָד, אַביסעל ווייטער — שטיבלעך, וואו ס׳האָבען געלעבט די אָרימעלייט פון שטעטעל, בעלי-מלאכות, דער בעדער, איין שטיבעל איז געווען אינגאַנצען באַלויכטען און געצונדען זיך צווישען די אַנדערע ווי אַ לאַמטערן. דאָס איז געווען דאָס שטיבעל וואו דער בעדער האָט געוואוינט. פון דאָרטען האָט זיך געטראָגען דאָס שפּילען פון דער כלי-זמר-קאַפּעליע. דער בעדער האָט אין יענער נאַכט געפירט זיין טאָכטער צו דער חופה.

דער רבי האָט זיך אַריינגעשלייכט אין שטיבל אומבאַמערקט. דאָס גאַנצע הויז איז געווען פול, און מ׳איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַ דאַמף האָט אויפגעשלאָגען און איינגעהילט די מענשען ווי אין אַ נעפּל. איז דער רבי געשטאַנען אין אַ ווינקעל, פון קיינעם ניט געזען, און באַטראַכט דעם עולם. ער האָט געקענט די אידען און אידענעס וואָס האָבען די שטוב אָנגעפילט. ער האָט געוואוסט, אַז זיי זיינען די אָרעמסטע פון די אָרעמע, די עניים ואביונים פון שטעטעל. בעלי-מלאכות, וואָס מאַטערן זיך אויפ׳ן שטיקעל ברויט, אַ טאָג איבערקומען איז ביי יעדען פון זיי קריעת ים-סוף.

זיי זיינען אָבער געקומען צו דער חתונה און זיי האָבען זיך משמח-געווען מיט אַ ברען, ווי דאָס גליק וואָלט יעדען טאָג געשיינט פאַר זיי. די כלי-זמר האָבען געשפּילט און דער עולם האָט געטאַנצט, געטופּעט מיט די פיס, אַז די ווענט האָבען זיך געוויגט. אַ פייערדיגער ראָד האָט געווירבעלט אין מיטען שטוב, הענט אויף אַקסלען געשלאָסען אין אַן אומאונטערבראָכענער קייט, אין מיטען די כלה, אַרום איר דער פייעררינג פון מחותנים, פון די אָרעמע שניידערס, שוסטערס, גאַרבערס, אידען עניים ואביונים, וואָס יעדער טאָג חיונה קומט זיי אָן כקריעת ים-סוף.

דער רבי איז געשטאַנען און באַטראַכט די שמחה, און וואָס לענגער ער האָט עס באַטראַכט, אַלץ מער האָט די שמחה אין זיין האַרץ זיך אַריבערגעטראָגען, צוערשט פונקענווייז, דערנאָך האָבען די פונקטען אין אַ פלאַם אויפגעטויכט.

און ווען דאָס איז געשען, האָט דער רבי ר׳ ברוכ׳ל זיך אַ ריס-

געטאַן פון אָרט, אַריין צווישען עולם און גענומען טאַנצען, מיט אַלע אַנדערע. צוערשט האָט מען ניט באַמערקט ווער ס'איז דער איד וואָס איז אַריינגעשפּרונגען אין מיטען און געטאַנצט מיט אַ ברען, אַז אַ פייער האָט אָנגענומען אויפשלאָגען. מ'האָט אָבער באַלד דערקענט, אַז דאָס איז דער רבי ר' ברוכ'ל. איז מען אָפּגעטראַטען אין גרויס אַפּשיי, געמאַכט פּאַר אים אַ וואַרע. די מחותנים האָבען זיך אַרויסגע-גליטשט פון ראָד אויף אַ ווייל, געבליבען איז נאָר דער רבי און די כלה. האָט ער אַרויסגענומען אַ טיכעל, דערלאַנגט עס איר, און אויסגע-שריען צו די כלי-זמר:

„שפּילט אַ פריילעכעס!" און צו די מחותנים: „טאַנצט, אידען! טאַנצט! זייט זיך משמח, אייער שמחה וועט פאַרטרייבען די חושך ואפילה! טאַנצט! . . . "

האָט מען זיך משמח געווען און געטאַנצט עד עלות השחר.

האָט מען לאַנג גערעדט צווישען די חסידים וועגען יענער נאַכט, ווען דער רבי ר' ברוכ'ל האָט זיך באַוויזען ביים בעדער אין שטוב אין דער נאַכט פון דער חתונה.

דער רבי אַליין האָט דערפון ניט גערעדט. ער האָט נאָר אָנגע-וואונקען אויף דעם וואָס ס'איז געשען. ער האָט געזאָגט צו די חסידים: „דער מענש איז דער בחיר פון דער באַשאַפונג, ער איז די קליינע וועלט און ער איז די סיבה פאַר דעם קיום פון דער גרויסער וועלט . . . אַלע אַנדערע באַשעפענישען זיינען נאָר צוליב'ן מענשען באַשאַפען גע-וואָרען, און זיי זיינען זיינע קנעכט, און די קרוין, מיט וועלכער דער בורא-עולם האָט דעם מענשען געקרוינט, איז די חכמה, דער קוואַל פון חכמה שטראָמט זייט-ביי-זייט מיט'ן קוואַל פון שמחה וחדוה . . . דערפאַר ווען אַ איד איז דורכגענומען מיט שמחה וחדוה, דערהייבט ער זיך צו אַ הויכער מדרגה . . . "

די ווערטער זיינען געקומען פון רבינ'ס ליפּען נאָך יענער חתונה-נאַכט ביים בעדער אין שטוב.

## וגילו ברעדה . . .

ווען דער סאַדיגורער רבי האָט זיך משדך געווען מיט'ן קיעווער מיליאָנער און צוקער-פאַבריקאַנט, האָרענשטיין, איז די חתונה, וואָס מ'האָט שפּעטער געפּראַוועט, געווען אַן אמת-מלכות'דיגע.

די חתונה האָט אָנגעהאַלטען אַכט טעג צייט. אַלע גרויסע חסידי-שע רביים פון יענער צייט האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין דעם שטעטעל סאַדיגורע, וואָס האָט זיך געגעסטעלט אין אַ טאָל ניט ווייט פון די קאַרפּאַטען-בערג, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשניטען ביים גרעניץ צווי-שען בוקאָווינע און רוסלאַנד. עס זיינען געקומען די בני מלכים פון

דער ריזשינער דינאַסטיע. יעדער פון זיי אַליין אַ מלך מיט אַ קעניג-ליכען הויף, מיט טויזענטער חסידים, ווי אַ שטייגער: דער טשאָרט-קאָווער, דער הוסיאַטינער, דער באָיאַנער, דער בוהושער, דער טשעפּאַנעשטער; היינט די רביים פון דער ניט-ווייטער פּאָדאָליע: דער מעזשיבוזשער, דער זינקעווער, דער קערילעוויצער.

און טויזענטער חסידים האָבען אָנגעצויגען, מיט אַ געזאַנג אין הארצען און אַ ליכט אין די אויגען, קיין סאַדיגורע. זיי זיינען גע-קומען ממש מכל קצוי תבל. צווישען זיי — אויסטערלישע אידען, מיט פּנים׳ער געברענט פון זון און באַרגיגע ווינטען. דאָס זיינען געווען חסידים פון דער ווייט-ווייטער קאַווקאַז. זייער גאַנג — אַ לופטיגער און פרייער, ווי ביי מענשען, וואָס וואוינען צווישען באַר-גיגע הויכען, און זיינען שכנים מיט די אָדלערס; און חסידים פון די סיבירער טאַיגעס, מיט פראָסט אין די ביינער און גאָט׳ס פייער אין דער נשמה; און חסידים פון אונגאַרן, פון רומעניע, פּוילען, וואָלין, און פון וואַנען ניט?

אַכט טעג און אַכט נעכט האָט אָנגעהאַלטען די הילולא וחינגא. אַכט טעג און אַכט נעכט איז די שטאָט געווען פאַרפלייצט מיט חדוה. אַ צינדעריגער שטראָם האָט זיך געטראָגען איבער אַלע גאַסען. דעם רבינ׳ס הויף האָט געברויזט ווי אַ ים. דער הויף איז געווען אַ גרוי-סער אַ פעלדיגער, אַרומגענומען מיט אַ הויכען פּאַרקאַן. אינעווי-ניג האָבען זיך דערהויבען צוויי בנינים: אַן אַלטער בנין, אַ נידע-ריגער, וואָס דער רבי האָט פאַרנומען, און אַ נייער, אַ הויכער, אַ רויט-ציגעלנער, וואָס האָט זיך דערהויבען ווי אַ פּאַלאַץ. דעם נייעם בנין האָט דער מיליאָנער האָרענשטיין אויפגעבויט פאַר דעם פּאָרל. מ׳האָט געזאָגט, אַז דער פּאַלאַץ האָט אים אָפּגעקאָסט אריבער הונדערט טויזענט רובעל.

אויפ׳ן הויף האָט זיך אויך געפונען דעם רבינ׳ס קלויז. אויך די קיך, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגען דער ריח פון די געקעכצן, וואָס קענערינס האָבען געהאַלטען אין איין קאָכען אין ריזיגע טעפּ און קעסלען, און דער גרויסער שפּייז-זאַל, מיט די לאַנגע געדעקטע טישען, זיינען אויך אַרויסגעגאַנגען אויפ׳ן הויף. זומערצייט האָבן זיך די קאַשטענבביימער געשפּרייט ווי גרינער סכך און אָפּגעשלאָגן קילע, חיות׳דיגע שאָטענס.

אין די אַכט טעג, וואָס די חתונה איז אָנגעגאַנגען, איז דעם רבינ׳ס הויף געווען געפּאַקט מיט חסידים ווי אַ מילגרוים מיט קער-נער; און ווען די נאַכט פון דער חופּה איז געקומען, איז מען געשטאַ-נען קאָפּ אויף קאָפּ, מען איז געהאַנגען אויף ביימער, אויף די אָרומיגע דעכער, אויף דעם פּאַרקאַן. גרויס איז געווען דער געדראַנג ביי די טישען. סאַרווערס האָבען געטראָגען פּאַלומיסעקעס און

טאַצען מיט שפּייזען און געבעקסען. ווײַן און אַנדערע משקאות האָבן זיך געגאָסן טייכענווײַז. דאָס שפּילען פון דער גרויסער קאַפּעליע כלי־זמר, וואָס מ׳האָט אַרונטערגעבראַכט פון טשערנאָוויץ, האָט פאַרשאַלט די גאַנצע שטאָט, אַ געזאַנג האָט געצונדען די נאַכט, אַ טאַנצען פון טויזנטער פיס האָט געוויגט די ערד. די שטערען האָבן מיטגעזונגען. הימעל און ערד האָבן מיטגעטאַנצט. דער מחותן האָרענשטיין איז אומגעגאַנגען אַ צעשטראַלטער, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדען טיש און אויסגערופען צו די חסידים:

„עסט! טרינקט! זייט זיך משמח! טיילט מיט מיר די שמחה, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מיך געבענשט, אַז איך זאָל זוכה זיין צו האָבען פאַר אַ מחותן דעם סאַדיגורער צדיק” . . .

מיטאַמאָל האָט זיך דורכגעטראָגען אַ געמורמעל ווי אַ ווינט איבער כוואַליעס:

„וואו איז דער רבי?”

מ׳האָט אין גרויסען טומעל ניט באַמערקט ווי דער רבי האָט זיך אויפגעהויבען און שטיל זיך אַרויסגעשלייכט; און ווען מ׳האָט זיך געכאַפּט, אַז דער רבי פעלט ביים טיש האָט איין חסיד ביים צווייטן גענומען פרעגען שטיל:

„וואו איז דער רבי? וואָס האָט געקאָנט געשען?”

ביי איינִיגע האָט דער קול געציטערט מיט שטילען שרעק, ביי אַנדערע האָבען די אויגען שטום געפרעגט:

„וואָס מיינט עס?”

אויך דער מחותן האָרענשטיין איז מבולבל געוואָרען פון דעם, וואָס דער רבי איז מיטאַמאָל ווי נעלם געוואָרען פון טיש. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט זוכען דעם רבי׳ן. ער איז אומגעגאַנגען צווישען דעם לאַבירינט פון חדרים ביז ער האָט דערגרייכט דעם רבינ׳ס חדר מיוחד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהאָרכט אַ ווייל, דערנאָך געעפענט שטיל־פאַרזיכטיג די טיר. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דער האַלב־טונקעלקייט און דערזען דעם רבי׳ן.

דער רבי איז געזעסען ביי זיין שטענדער, ניט ווייט פון אָרון־קודש, זיין קאָפּ איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף די הענט. אַ יאָר־צייט־לעמפּעל האָט אָפּגעשלאָגען אַ קרענקליך־געל ליכט אויף זיין פּנים; און דאָס פּנים — כולו עצבות, ווי דער צער פון אַלע וועלטן וואָלט זיך אויף דעם רבי׳ן אַרונטערגעלאָזט. די אויגען האַלב־פאַר־מאַכט. זיי האָבען יע און ניט געזען; און ווען זיי האָבען יע געזען, האָט זייער בליק געגרייכט מסוף עולם ועד סופו.

איז דער מיליאָנער האָרענשטיין געשטאַנען און האָט ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. זאָל ער צוגיין צום רבי׳ן און שטערען אים אין זיינע מחשבות? — ער האָט ניט געקענט באַשליסען. דער רבי

האָט אָבער מיטאָמאָל אויפגעמאַכט די אויגען און אים אָנגעקוקט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

„קום צו נעהענטער, מחותן, יע, מיר זיינען דאָך מחותנים, נו יע, וועל איך דיר דערקלערען; דו חידוש'סט זיך מן־הסתם, וואָס איך בין אַוועק אין מיטען פון דער שמחה טיש? ניט אַזוי? וויל איך, אַז דו זאָלסט וויסען, אַז מיך האָט מיטאָמאָל אָנגעכאַפּט אַ פּחד; יע, אַ פּחד; דו ווייסט דאָך, מחותן, עס שטייט „וגילו ברעדה", איז דאָך די קשיא: אויב „וגילו", אַז מען פרייד זיך, טאָ פאַרוואָס „ברעדה"? פאַרוואָס דאַרף עס זיין מיט ציטערניש? — איז דער תירוץ: „אל תשמח ישראל אלי גיל כעמים", אַ איד קאָן זיך ניט משמח זיין סתם אַזוי ווי אַ גוי, עס דאַרף זיין „ברעדה", אין מיטען פון דער גרעסטער שמחה טאָר ניט אַ איד פאַרגעסען, אַז מיר זיינען אין גלות, און אַזוי לאַנג ווי מ'איז אין גלות איז מען אויסגעזעצט צו אַלערליי צרות און עינויים סאַי בחיי הכלל און סאַי בחיי הפרט...

„היינט ווייסטו שוין, מחותן, פאַרוואָס מיך איז פּלוצלינג באַפאַלען אַ פּחד בשעת אַלע האָבען זיך אַזוי משמח געווען?"

## דער סידילקעווער צדיק באַטראַכט דעם שניי

דער סידילקעווער צדיק האָט ליב געהאַט גאָט'ס דרויסען. ערשט ווען ער האָט דערזען גאָט'ס וועלט אַ פרייע, אַן אומפאַרצוימטע, האָבען זיינע אויגען ברייט זיך צעעפענט און אַלערליי וואונדער האָבען זיך פאַר אים אַנטפּלעקט. ער האָט דערזען ווי אַלע שערי שמים ווערען מיטאָמאָל אויפגעפּראַלט און די וואָלקענס וואָס האָבען פאַרדעקט מה למעלה ומה למטה, ווערען צערונען . . .

אין דעם פּרט איז דער סידילקעווער צדיק געווען דער היפוך פון אַנדערע, אַ מין יוצא מן הכלל. די אַנדערע צדיקים האָבען זיך אָפּגעזונדערט צווישען פיר ווענט, זיי האָבען געזוכט יחידות, דער דרויסענדיגער טומעל האָט מבלבל געווען זייערע מחשבות. דער ראָפּשיצער האָט עס אויסגעדריקט: „דער רעש פון דרויסען דערלאָזט ניט איך זאָל הערען דעם קול שדי וואָס רעדט אין הארצען פון יעדען וואָס איז באַשאַפען געוואָרען בצלם אלקים..."

דער סידילקעווער האָט עס אַנדערש געזאָגט: „אַ שטוב איז אָפט ווי אַ תפיסה", האָט ער איינמאָל געזאָגט צו זיינע חסידים. „ווענט פאַרשפּאַרען נישט נאָר דעם מענשליכען גוף, נאָר אויך זיין נשמה, דערפאַר טאַקע האָט דעם בעל שם טוב הקדוש געצויגען אין פעלד און אין וואַלד. די גראָזען און די ביימער, די חיות און די עופות, די מערעזשקע אונטער די פיס און דער פויגעל אויפ'ן צווייג, אַלץ האָט אים געוויזען די גרויסקייט פון דער שאַפונג און פון

שאפער . . . "

פלעגט טאַקע דער סידילקעווער צדיק ניט קענען איינזיצען אין זיין חדר מיוחד. די חסידים האָבען שוין געוואוסט, אַז ווען מ'הערט ניט זיינע אומרואיגע טריט צווישען זיינע פיר ווענט, אָדער ווען ס'ליכט שמינקעלט ניט אין די אָוועגטען דורכ'ן שייבעל, האָט דער רבי זיך אַוועקגעלאָזט הינטער'ן שטעטעל, און שפּאַנט אום אַ פאַר־זונקענער אין מחשבות צווישען די פעלדער, אָדער ער האָט זיך פאַרנומען אין דערבייאיגען וואַלד, גייט אום איבער די שמאָלע שטע־גען וואָס שלענגלען זיך אַהין־און־אַהער, פירען גאָט ווייסט וואוהין.

אָדער מ'האָט געטראָפען דעם רבי'ן זיצען אונטער אַ בוים. די חסידים האָבען געזען ווי ער זיצט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען, דאָס פנים אָנגעשטרענגט, ווי ר'וואָלט זיך אין עפּעס איינגעהערט, ווי קולות וואָס נאָר זיינע אויערען פאַרנעמען דערטראָגען זיך צו אים, און ער הערט זיך איין ניט נאָר מיט די אויערען אַליין, נאָר מיט יעדען חוש און אבר, הערט זיך איין ווי די שכינה אַליין וואָלט צו אים גערעדט.

איינמאָל האָט געטראָפען אַז דער רבי האָט פאַרלאָזען זיין חדר מיוחד ניט אויף לאַנג, ער האָט זיך באַלד צוריקגעקערט, און איז מיט גיכע טריט אַריין צוריק צו זיך, ניט אומקוקענדיג זיך אויף קיינעם.

די חסידים האָבען אויפגעכאַפּט אַן עצבות אויפ'ן רבינ'ס פנים און געפרעגט זיך אין האַרצען וואָס ס'קען זיין די סיבה, און האָבען קיין ענטפער ניט געפונען.

דאָס איז געשען אין אַ ווינטער־טאָג. אינדערפרי האָט געשאָטען אַ שניי. ס'איז געווען אַ גראָפּעלדיגער שניי וואָס האָט זיך געזייט דורך די נידעריגע וואָלקענס ווי דורך אַ רעשעטע. לאַנג איז דער שניי נישט געבליבען ליגען, וואָרים אינאיינעם מיט'ן שניי האָט אויך אַ פייכטער ווינט געבלאָזען און די שנייגרויפּען זיינען צעלאָזן געוואָרען ווי מ'וואָלט זיי אין וואַסער אויסגעמישט. ניט נאָר אין וואַסער, נאָר אויכעט אין בלאָטע, וואָרים די מענשען אין גאַס האָבען צעריבען די איידעלע, ווייס־פּעכעלדיגע, פעדערדיגע שניי־גרייפלעך און אויסגעמישט זיי מיט'ן קויט אונטער די פיס.

הינטער'ן שטעטעל איז אָבער דער שניי געבליבען ליגען אין זיין גאַנצער לויטער־בלענדענדיגער ווייסקייט, ווי גאָט האָט אים באַ־שאַפען און ווי ער האָט פון די הימלען אַרונטערגענידערט. פעלד און וואַלד האָבען זיך געשפּרייט אונטער אַ ווייס לײַלעך. קיין שפּרענקעלע האָט זיך אויף דעם לײַלעך ניט געזען. קיין מענשלי־כער פוס האָט עס ניט באַרירט און קיין פלעק אויף דעם ניט געלאָזן. אַ לויטער־ווייסע וועלט האָט דאָס אויג פאַר זיך געזען, אַן אַ פגימה,

א וועלט אַ בראשית ברא׳דיגע.

דאָס אַלץ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר׳ן סידילקעווער צדיק ווען ער האָט אינ׳ם ווינטערדיגען טאָג פאַרלאָזען זיין חדר מיוחד.

צו וואָס-זשע האָט ער זיך באַלד אומגעקערט פון זיין וועג? און פון וואַנען די עצבות וואָס האָט פון זיינע אויגען אַרויסגעקוקט, ווי די אויגען ביי קראַנקע טויבען?

ערשט עט-שפּעטער האָט דער רבי עס אויפגעקלערט. ער האָט עס געזאָגט ניט אין דעם לשון ווי איך גיב עס דאָ איבער, אָבער דער געדאַנק איז געווען: ווען ער האָט דערזען די לויטער-ווייסע וועלט וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר זיינע אויגען אָן אַ ברעג און אָן אַ סוף, האָט ער זי ניט געוואָלט פאַרפלעקען מיט די טריט פון זיינע פיס. דער שניי-בגד וואָס די ערד און די שפּיצען פון די ביימער און די בערג אַרום האָבען אַרויפגעצויגען אויף זיך, זיינען מיטאַמאָל געוואָרען אין זיינע אויגען ווי דער בגד אויפ׳ן גוף פון אַ תלמיד-חכם, אויף וועלכען עס טאָר זיך ניט געפינען קיין רבב, קיין פלעק.

און נאָך אַ געדאַנק האָט געטראָגען אין זיך דעם רבינ׳ס דערקלערונג. מיט אָט דעם געדאַנק האָט ער געעפענט אַ פענצטערעל צום סוד פון זיין עצבות וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגען יענעם טאָג.

ער האָט געזאָגט: ווען דער מענש גייט נאָר מיט די פיס אויף דער ערד און פאַרגעסט אין זיין שורש וואָס גרייכט צו די הימלען, ווערט אַלץ וואָס איז לויטער-ריין, אומשולדיג-ווייס, צעטראָטען און פאַרפלעקט . . . דער מענש אָבער וואָס האָט אין זין אַז ער איז ניט כולו חומר, נאָר אַז ער טראָגט אין זיך דעם חלק אלוה ממעל, ער ווערט דערהויבען. ער קריגט פליגעל. ער לייטערט דורך זיך און אין זיך אַלץ צו וואָס ער רירט זיך צו . . .

די דאָזיגע מחשבות זיינען אויפגעגאַנגען ביים סידילקעווער בשעת ער האָט באַטראַכט ווי דער שניי וואָס פאַלט אויף דער גאַס ווערט צעטראָטען פון די מענשליכע פיס און איבערגעקנאָטען אין בלאָטע, און ווי לויטער-ווייס דער שניי ליגט אויף די פעלדער, אויף די שפּיצען פון די ביימער אין וואַלד, אויף די באַרגיגע הויכען, וואו דער פוס פון מענשען האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט . . .

## דער ווייבערישער רבי

מ׳האָט אים גערופען „דער ווייבערישער רבי״. ווען מ׳האָט דערמאָנט זיין נאָמען צווישען חסידים, האָט זיך באַוויזען אַ שמייכעל אויף די ליפּען. דער שמייכעל האָט געזאָגט: נו, יאָ, דער ווייבערישער רבי...

רביים האָבען אָבער פון אים געהאַלטען. מ׳האָט געקאַנט הערען: דער סטרעטינער — ער איז שוין גאַרנישט פון די קטלי קניא . . .

געווען אויך חסידים, וואָס פלעגען נאָכפאָלגען מיט שטילער צי־טערניש זיין הויכע, שפּאַניגע געשטאַלט, וואָס האָט זיך באַוואויגען מיט אַ לייכטקייט, באַרירענדיג קוים די ערד.

אים אַליין, דעם סטרעטינער, האָט ווינציג געאַרט, וואָס מ׳רופט אים „דער ווייבערישער רבי.״ ווען עס האָט דערגרייכט צו זיינע אויערען, האָט ער זיך צעשמייכעלט מיט אַ ברייטען שמייכעל, וואָס האָט זיין אַשיג פּנים באַלויכטען, איבערגעגאָסען זיך אין אַ ליכט, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעשטראַלט איבער זיין לענגליכער טונקעלער באָרד אַזוי, אַז עס פלעגט זיך דוכטען, אַז יעדע האָר איז ווי מיט אַ פייער דורכגענומען . . .

ביי די אַנדערע רביים זענען די הויפען געווען פול מיט מאַנס־בילען. יונג און אַלט האָט זיך געשפּאַרט, דעם רבינ׳ס טיש באַ־לאַגערט. מ׳איז געזעסען און געשטאַנען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן אויפצוכאַפּען יעדעס וואָרט, וואָס איז געקומען פון רבינ׳ס מויל. די תורה ביים טיש איז געפאַלען ווי שטיקער ליכט. דערנאָך צע־טראָגען זיך ווייט און ברייט. הערצער האָבען צום ליכט זיך געצויגען, איינגעזאַפּט עס אין זיך מיט אַ פרייד, וואָס האָט זיך צע־זונגען אין אַלע גלידער.

ביים סטרעטינער האָט מען געזען ווינציג חסידים. די ווייבער, וואָס זענען געקומען, האָבען ניט געהאַט קיין מענער. אַלמנות, צעוויייטיקטע, אין טונקעלע שאַלען; עגונות, מיט׳ן צער פון אייבי־גער פאַרלאָזענקייט אין די אויגען; עקרות, וועמעס אויס־געבענקט, באַליידיגטע לייב האָט געמאָנט רחמים ביי די הימלען . . .

דער רבי האָט זיי אַלע אויסגעהערט. ער האָט זיי דערנאָך געגעבען זיין טרייסט און ברכה. זיי האָבען אים פאַרלאָזען מיט אויפגעזונגענער האָפענונג אין יעדען טראָט.

ער אַליין, דער רבי, פלעגט דערנאָך בלייבען זיצען אַ מידער. דער באַרג מיט צרות, וואָס מ׳האָט צו אים געבראַכט, איז געבליבען ליגען אויף זיינע פּלייצעס, געדריקט אים אָפּט ביז צו דער ערד.

פלעגט ער זיצען אַזוי אין זיין חדר מיוחד און רעדען שטילערהייט פאַר זיך, ווי ס׳וואָרט געווען אַ תפילה:

„רבונו של עולם, פאַרוואָס אַזויפיל פאַרוויייטיקטע הערצער? . . . רבונו של עולם, פאַרוואָס?״

איינמאָל איז געקומען צו אים מיט אַ קוויטעל אַ יונגע פרוי, דער רבי האָט צוערשט איר פּנים נישט געזען. ער האָט לאַנג אַריינגעקוקט אין דעם קוויטעל, דערנאָך געבליבען זיצען פאַרזינקען אין מחשבות.

יוען ר׳האָט די אויגען אויפגעהויבען, און דאָס פּנים פון דער פרוי האָט זון אונטער׳ן שאַל פאַר אים זיך אַרויסגעשיילט, האָט ער זיך באַגעגענט מיט אַזאַ צער, אַז ער האָט אַ ציטער געטאָן.

„וואָס איז מיט דיר, מיין טאָכטער?״ האָט ער אַ פרעג געטאָן.

„רבי, הייליגער רבי״, האָט די פרוי אָנגעהויבען. זי האָט זיך אָבער באַלד אָפּגעהאַקט. איר האַלז איז געוואָרען פאַרשטיקט.

„נו, וואָס? רעד!״ האָט דער רבי זי געמינטערט. די פרוי האָט געשוויגען. זי איז געשטאַנען און געצנורעט זיך אין שאַל, וואָס איז געפאַלען אויף אירע דינע אַקסלען. דער רבי האָט זי ווידער באַטראַכט. ער האָט געזען פאַר זיך אַ יונג, בלייך פּנים, אַ ניט־דאַאיגס, די הויט האָט זיך ווי דורכגעלויכטען, די אויגען הייטעלדיג־פאַרצויגענע, פאַרגלעזטע, ווי ביי אַ געשאָכטענעם קאַלב.

„איך וויל הערען, איך מוז וויסען״, האָט דער רבי ווידער זיך געווענדעט צו איר. „רעד, ס׳וועט דיר ווערען גרינגער . . . ״

האָט די פרוי זיך אָנגענומען מיט כּוח און אַ זאָג געטאָן:

„רבי, ער האָט מיר פאַרלאָזט, באַלד נאָך דער חתונה מיך פאַרלאָזט! . . . איצט בין איך געבליבען אַן עגונה, אַן אומגליקליכע, אַן—״

זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער די ווערטער זענען געבליבען הענגען ציטערדיגע, ניט פאַרענדיגטע אויף אירע ליפּען.

„פאַרוואָס האָט ער דיך פאַרלאָזען?״ האָט דער רבי געוואָלט וויסען.

„פאַרוואָס? ווייל ר׳האָט ניט געהאַט קיין ליבשאַפט פאַר מיר״, האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסען.

„ר׳האָט ניט געהאַט קיין ליבשאַפט פאַר דיר?״

„ניין, ער האָט ניט געהאַט קיין ליבשאַפט פאַר מיר . . . ״

האָט דער רבי לאַנג געטראַכט פון דער פרוי׳ס ווערטער. זי, די יונגע פרוי, די עגונה, איז געוועזן די לעצטע יענעם אָוונט, נאָך איר איז שוין קיינער ניט געבליבען. דער גבאי איז שוין אַוועק. ער איז געבליבען איינער אַליין אין זיין חדר־מיוחד, ער — און דער צער, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעקליבען און איז געבליבען הענגען צווישען די ווענט.

האָט ער געפּרואווט אַריבערטראַגען זיך אין די וועלטען, וואו אַלץ איז ליכט, וואו די שיין פון דער זון ווערט קיינמאָל נישט פאַרטונקעלט, וואו מענשליכע דאגות ווערען צערונען אין דער אייביגקייט. ער האָט אַרויסגענומען אַ זוהר פון דער ספרים־שאַפע, אַ בלעטער געטאָן צווישען די הייליגע בלעטער. די אויגען האָבען אָבער ניט אויפגעכאַפּט די אותיות, דער מוח האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַנעמען וואָס די אותיות האָבען גערעדט; נאָך ווינציגער — דאָס האַרץ.

אין זיינע אויערען האָבען געהאַלטען אין איין קלינגען די ווערטער פון דער פרוי: „ר׳האָט ניט געהאַט קיין ליבשאַפט פאַר מיר...

ר׳האָט ניט געהאַט קיין ליבשאַפט פאַר מיר...״

די יונגע פרוי איז געשטאַנען פאַר אים. ער האָט געזען איר פנים, אין וועלכען די הויט האָט זיך דורכגעלויכטען ווי פאַרמעט אונטער אַ ליכט, און די פאַרהייטעלט־פאַרגלעזטע אויגען — ווי ביי אַ קאַלב ביי דער שחיטה...

איז ער געזעסען און זיך איינגעהאָרכט אין די אייגענע מחשבות, וואָס האָבען גערוישט אין זיין מוח ווי בלעטער אין ווינט. די שטוב איז געווען איינגאַנצען שטיל. אין אַלע חדרים האָט די נאַכט זיך צעלייגט, נאָר אין זיין חדר־מיוחד האָט דער נאַכט־לאָמפּ געברענט, אָפּגעשלאָגען לאַנגע, וויגענדיגע שאָטענס אויף די ווענט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, איינגעאָטעמט מיט אַ לאַנגען, חיות׳דיגען אָטעם דעם ריח פון דער צעפרילינגטער ערד, פון יונגען גראָז, פון ערשטען צוויט, וואָס האָט אַרויסגעשאָסען פון די קנאָספּען אין די סעדער, וואָס האָבען זיך געשפּרייט אַרום דעם שטעטעל.

די לבנה איז געשטאַנען הויך, אַן אַליינינגע, ווי אַ פאַראיינזאַמטע צווישען די שטערען, וואָס האָבען אָנגעפּיקעוועט דאָס ווייךסאַמעטענע, טונקעל־בלויליכע געוועלב. די וועלט איז געלעגען אַ פאַר׳כישופ׳טע, אַ סודות׳דיג־פאַרהילטע אין דורכזיכטיגן מילכ־נעפּל. אַ שטילער גערויש איז געהאַנגען צווישען הימעל און ערד, אַ שעפּטשען פון געררייד, אַ דומפּער אָפּקלאַנג פון אומפאַרשטענדליכע קולות, וואָס טראָגען זיך אום אין הלל, שוועבען אום ווי פלאַטערענדיגע פייגעל, פאַרגייען ניט — אַזוי לאַנג ווי דער מענש גייט אום אויף דער ערד.

דער רבי האָט באַטראַכט מיט פאַרגאַפטע אויגען די פּראַכט פון דער פרילינג־נאַכט. ער האָט איינגעגראָבען די אויגען אין דעם הימעל, געזען פאַר זיך די לבנה, וואָס האָט אָנגעצויבערט אַ ניט־דאָאיגקייט אויף דער ערד; די שטערען, וואָס האָבען זיך דורכגערעדט אויף זייער סודות׳דיג לשון, — און מחשבות האָבען גענומען אויפשפּראָצען אין זיין מוח — מחשבות וועגען דער שיינקייט, מיט וועלכער גאָט האָט באַשאָנקען זיין באַשאָף, די נאַטור, אַלץ וואָס זי טראָגט אין זיך, און דעם מענש — די קרוין פון גאָט׳ס באַשאָף.

די שיינקייט פון דעם מענש . . . וואָס איז דאָס אַזוינס? אין וואָס באַשטייט עס? ער האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון דעם גרויסען מגיד פון מעזריטש. עס שטייט: „הבט נא השמימה״, האָט דער מעזריטשער מגיד געזאָגט. נו, יאָ, קוק אויפ׳ן הימעל, באַטראַכט די זון, די לבנה, די שטערען. יאָ, באַטראַכט די שיינקייט פון דער בריאה. אָבער עס איז ניט אַזוי פשוט. ניט אַלע קוקען מיט

איין קוק . . . ניט אַלע זעען וואו עס ליגט די שיינקייט אין דער נאַטור און אין דעם מענש. ווען איינער זעט אַ שיינע פרוי, טראַכט ער ביי זיך: פון וואַנען קומט צו איר די שיינקייט? ווען אַט די פרוי זאָל זיין טויט, וואָלט זי דאָך געווען מיאוס. הייסט עס, אַז די שיינקייט קומט צו איר פון דעם געטליכען לעבען, וואָס זי טראָגט אין זיך; דער וואָרצעל פון שיינקייט איז אין דעם געטליכען כוח, ניט אין דעם חומר, דער חומר איז דער טפל, די געטליכקייט איז דער עיקר. אַזוי איז מיט אַלץ, וואָס דער מענש זעט — צי דאָס איז אין דער נאַטור, צי אין דעם מענשען . . .

האָט ער געטראַכט פון די רייד, וואָס זענען געקומען פון די ליפּן פון גרויסען מעזריטשער מגיד, און זיך געפרעגט: וואָס־זשע איז עס אַזוינס דער געטליכער כוח, וואָס באַלעבט אַלץ און מאַכט דעם מענשען פאַר דער קרוין פון גאָט׳ס באַשאַף? דעם ענטפער האָט ער געפונען אין די ווערטער פון דער יונגער עגונה, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים דאָ אין זיין חדר־מיוחד, מיט׳ן צער פון אַלע וועלטן אויף איר בלייך־בלייך, פאַרמעטיג־דורכגעלויכטען פנים און פאַרהייטעלט־פאַרגלעזטע אויגען, ווי ביי אַ געשאָכטענעם קאַלב.

„מיין מאַן האָט ניט קיין ליבשאַפט פאַר מיר...״ האָט זי זיך באַקלאָגט, וואָס איר פעלט, איז — ליבשאַפט פון איר מאַן . . . זיין ליבשאַפט וואָלט איר געגעבען לעבען. אָן דעם איז זי — טויט . . . ליבשאַפט . . . ליבשאַפט . . . ווען דער מענש פאַרמאָגט עס, קוקט ער מיט גאָר אַנדערע אויגען אויף הימעל און ערד, אויף זון, לבנה און שטערען . . . ער אַנטפּלעקט נייע שיינקייטען אין אַלץ . . . אָן ליבשאַפט איז די וועלט קיין וועלט נישט . . .

די מחשבות זיינע האָבען זיך ווייטער געוויקעלט. ער האָט גענומען טראַכטען פון אהבת הבריות און אהבת ישראל . . . ס׳איז אייגענטליך איינס, רינגען אין איין קייט. אהבת ישראל פירט שוין ממילא צו אהבת הבריות. אָן אהבת ישראל קאָן אויך ניט זיין קיין אהבת הבריות.

ער האָט ווידער אָנגעשטעלט זיין בליק אויף גאָט׳ס סודות־דיג־פאַרזילבערטער וועלט, וואָס איז געלעגען ווי אַ פאַרהושטע, אַ פאַרטייעטע, און זיך אין עפּעס איינגעהערט.

ער האָט זיך אויך גענומען איינהערען. מיטאַמאָל האָט דאָס געזאַנג פון שטערען דערגרייכט צו זיינע אויערען. דאָס געזאַנג האָט זיך פאַרשטאַרקט, געגאָסען זיך מסוף עולם עד סופו.

אַ געזאַנג פון ליבשאַפט . . .

אַ געזאַנג פון אהבת ישראל און אהבת הבריות.

# דעם ריזשינער׳ס זעקס זין

מיט זעקס זין איז דער צדיק ר׳ ישראל ריזשינער געבענשט גע־וואָרען, און פאַר אַלע זעקס האָט ער אָנגעצייכענט זייער ווייטען וועג. יעדען פון זיי האָט ער צוגעגרייט צו ווערען אַ ליכט אין ישראל — צו ווייזען דעם וועג פאַר די פאַרלוירענע און בלאָנזשענדיגע און צו ברענגען טרייסט און פרייד צו די פאַרטרויערטע און מיט צער באַ־לאַדענע.

„מיינע זעקס זין זענען אַנטקעגען די ששה סדרי משנה", פלעגט דער הייליגער צדיק זאָגען צו זיינע מקורבים.

ער האָט דערביי דעם נאָמען פון יעדען זון פאַרצערטעלט און פאַרצויגען. וואָרים גרויס איז געווען זיין פאָטערליכע ליבע צו זיי. ער האָט געזען, אַז יעדער פון זיי איז געבוירען געוואָרען אויפצוטאָן גרויסע מעשים פאַר די, וואָס וועלען אָנקלאַפּען אין זייערע טירען. ער האָט זיי אויך מחנך געווען פאַר דעם.

„מיין בכור שלום׳ניו — ער טראָגט זיין נאָמען אין זיך", פלעגט ער זאָגען. „ביי זיין געבורט איז געשטאַנען דער שר של שלום..."

„מיין צווייטער זון יעקב׳ניו איז אַ זייל פון תורה און חכמה..."

יעקב׳ס שטערן איז שפּעטער אויפגעגאַנגען אין סאַדיגורע. דאָר־טען האָט ער אויפגעשטעלט דעם סאַדיגורער הויף, צו וועלכען ס׳האָבן זיך געצויגען ציען טויזענטער חסידים פון פּוילען, אוקראַינע, אונגאַרן, רומעניע, אויך פון גאָר ווייטע, פאַרוואָרפענע מקומות ווי, אַשטיי־גער, סיביר, קאַווקאַז...

דער דריטער איז געווען בערינ׳יו, וואָס איז שפּעטער געוואָרען דער לעוווער צדיק און וואָס האָט נאָך שפּעטער געלאָזט זיך איבער־רעדען פון שטן און האָט פאַרשוועכט דעם פאָטער׳ס כהונה...

מ׳האָט דעם ריזשינער געוואָרענט פון די הימלען, אַז דאָס קאָן געשען. האָט ער טאַקע איינמאָל אַרויסגערעדט מיט אַ קרעכץ די ווערטער: „מיין בערינ׳יו איז דער גרויסער לייב, ס׳איז אָבער פאַראַן די געפאַר, אַז אין דער פעל פון לייב זאָל זיך ניט באַהאַלטען אַ וואָלף..."

דער פערטער זון, נחום, אָדער נחום׳ניו, האָט אויפגעשטעלט זיין הויף אין דער רומענישער שטאָט שטעפּאַנעשט. דאָרטען, אין שאָטען פון די קאַרפּאַטען־בערג, וואו די טריט פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב זענען פאַרקלונגען געוואָרען און וואו זיינע תפילות טראָגען זיך אום אין חלל, איז אויפגעגאַנגען דאָס ליכט פון שטעפּאַנעשטער צדיק און פונאַנדערגעשפּרייט זיך ווייט און ברייט.

דעם פינפטען זון, דוד, האָט דער ריזשינער גערופען „דער בטלן". ער האָט אָבער דערביי צוגעגעבען:

„דוד'ל, דער בטלן מיינער, ער קען מבטל זיין מיט זיין תפילה אַלע בייזע גזירות..."

דוד'ל האָט אויפגעשטעלט אַ הויף אין דער שטאָט טשאַרטקאָוו. דער נאָמען דוד־משה'לע, דער טשאַרטקאָווער רבי, אָדער סתם „דער טשאַרטקאָווער", איז געטראָגען געוואָרען מיט אַ הייליגען ציטער אין הארצען פון טויזענטער חסידים.

אַזוי אויך דער זעקסטער זון, מרדכי, אויף וועמען דער ריזשינער האָט געזאָגט:

„מיין מאָטעלע איז אַ וואונדער מענש: ער קען באַווייזען נסים ונפלאות..."

ער, מרדכי, האָט אויפגעבויט זיין ממשלה אין דער שטאָט הוסאַטין. אויך אַהין האָבען זיך גענומען ציען טויזענטער חסידים פון אַלע עקען און ברעגען.

* * *

נישט אַלע זעקס זין האָט אָבער באַגלייט די ברכה, וואָס דער ריזשינער האָט זיי מיטגעגעבען אויף זייער וועג.

דער בכור, שלום, איז אַוועק פון דער וועלט אין דעמזעלביגען יאָר, ווען דער פאָטער איז נפטר געוואָרען. דער דריטער זון, בער, דער לעוווער צדיק, האָט לאַנג נישט אָפּגעהיט דעם פאָטער'ס ירושה: אַ בייזער גייסט איז אים באַפאַלען, און ער האָט זיך פאַרנומען אויף פרעמדע, פאַרפירערישע וועגען. ער האָט זיך דערווייטערט פון די חסידים זיינע, וואָס האָבען לאַנג אים נישט געוואָלט פאַרלאָזען און אים נאָכגעגאַנגען פאַר'צער'טע, מיט טליענדיגע האָפנונגען, אַז אפשר וועט קומען אַ נס מן השמים, און דער רבי וועט זיך צו זיי אומקערען. דער נס איז אָבער נישט געשען. דער תהום צווישען לעוווער און זיינע חסידים איז געוואָרען אַלץ טיפער. ער האָט זיך דערווייטערט ניט נאָר פון זיי, נאָר אַפילו פון זיינע ברידער, וואָס זענען נישט איינמאָל געקומען מיט תחנונים צו אים, געקלאַפּט אין זיין טיר און זיך געבעטען: „קער זיך אום פון דיין שלעכטען וועג, איידער ס'ווערט צו־שפעט..."

די אויערען פון לעוווער זענען געווען פאַרשטאָפּט, און די רייד פון זיינע ברידער און מקורבים האָבען צו אים נישט דערגרייכט. ער איז פון זיי אַלץ מער אָפּגעפרעמדט געוואָרען.

נאָר מיט איינעם פון זיינע ברידער האָט ער אינגאַנצען ניט אָפּגעריסען. דאָס איז געווען מיט'ן שטעפּאַנעשטער צדיק ר' נחום, אָדער ווי דער ריזשינער האָט אים גערופען — נחומ'ניו...

* * *

דער שטעפּאַנעשטער צדיק איז כל ימיו געווען אַ חלוש. אַ קראַנק־הייט האָט זיך איינגעגעסען אין זיין גוף נאָך אין די יונגע יאָרען. דאָס

האָט פאַרשאַפט גרויס צער דעם פאָטער. דער שטעפּאַנעשטער פלעגט אָפט מוזען זיך לייגען אין בעט אין זיין חדר-מיוחד, וואו ער איז געווען אָפּגעשלאָסען פון דער וועלט.

ווען דאָס פלעגט געשען, פלעגט דער לעוועוער קומען מבקר-חולה זיין דעם קראַנקען ברודער. ער, ר׳ נחום, האָט געטראָגען גרויס ליבע צו זיין ברודער בער. ער האָט אים ליב געהאַט מער ווי אלע אנדערע ברידער. „מיין ברודער בער האָט אין זיך אַ גרויסע נשמה״, פלעגט ער זאָגען. „נישט מער וואָס די מרה שחורה, וואָס באַפאַלט אים, פאַרטונקעלט זי, ווי אַ וואָלקען פאַרטונקעלט די זון. . .״

אַזוי פלעגט טאַקע זיין: אַ מרה-שחורה פלעגט זיך אָפט אַרונטער-לאָזען אויפ׳ן לעוועער, ווי אַ וואָלקען, וואָס יאָגט אַן אויף אַ בלויען הימעל אין אַ זוניגען טאָג. דעמאָלט פלעגט ער זיך איינגאַנצען אָפּשיידען, ניט רעדען מיט קיין מענשען, ניט צולאָזען קיינעם צו זיך. דער איינציגער, וואָס פלעגט אין אַזוינע מינוטען האָבען אַ צוטריט צו אים, איז געווען — זיין ברודער, דער שטעפּאַנעשטער.

איינמאָל האָט דער שטעפּאַנעשטער געהערט ווי זיין ברודער שפּאַנט אום הין-און-צוריק, הין-און-צוריק אין זיין אָפּגעשלאָסענעם חדר. מיטאַמאָל האָט ער געהערט ווי דער ברודער איז געבליבען שטיין און ווי ער רעדט צו זיך אַליין הויך, אויפ׳ן קול:

„איך קאָן העלפען דעם פאָלק ישראל אויף צוויי וועגען: איין וועג איז — אַז איך זאָל זיי דערהויבען צו זיך און ברענגען זיי צו מיין מדרגה. אָבער דאָס, וואָס משה רבנו האָט נישט געקאָנט דערגרייכען, וועט זיך דאָך מיר נישט איינגעבען. דער צווייטער וועג איז—אַז איך זאָל זיך אַרונטערלאָזען צו זיי. האָב איך אָבער מורא, אַז עס זאָל נישט זיין מיט מיר ווי „והביטו אחרי משה״, וואָס ווירט אויסגעטייטשט ניט נאָר אַלס שבח, נאָר אויך לגנאי. . .״

דעם לעוועער׳ס קראַנקהייט איז געווען מחלת הנפש: זיין נשמה איז געפּלאָגט געוואָרען, דער שטן האָט זיך אין אים באַזעצט.

דעם שטעפּאַנעשטער׳ס קראַנקהייט איז געווען ,מחלת הגוף״. דער שטעפּאַנעשטער פלעגט אָפט, צוליב זיין קראַנקהייט, פאָרען זיך קורירען צו דאָקטוירים אין ווין אָדער אין די וואַרעמע בעדער.

ווען דאָס איז געשען, פלעגט דאָס ליכט און די פרייד זיך אָפּטאָן פון דער שטאָט. די חסידים פלעגען אומגיין מיט טרויער אין די אויגען. וואָרים דער הויף, וואָס דער צדיק ר׳ נחום האָט אויפגעשטעלט אין שטעפּאַנעשט, איז געווען ווי די זון, וואָס פאַרשפּרייט אירע שטראַלען און באָדט אין איר גאָלד אַלץ און אַלעמען: גאָט׳ס ערד און די מענשען, וואָס גייען אום אויף איר, אויך די חיות, אַלע באַשעפענישען—אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט.

דעם רבינ׳ס הויף איז געווען ווי אַ פּאַלאַץ. ס׳איז געווען דער

שענסטער בנין אין דעם שטעטעל שטעפאנעשט. אפילו די גויים פלעגען איינהאלטען זייערע טריט און צוימען זייער הארטען, פויער־שען גאנג, ווען זיי האבען זיך דערנענטערט צום רבינ׳ס הויף. ווארים אויך ביי זיי איז דער רבי געווען א הייליגער, וועמעס תפילה דער־גרייכט באלד די הימלען.

דער רבי האט פאר זיך אויפגעבויט א באזונדערן, גרויסען חדר, וואס איז ארויסגעגאנגען פון איין זייט מיט די פענסטער אין הויף און פון דער צווייטער—אין א גארטן. דער חדר איז געווען אויסגעשט־טעלט מיט שווערע מעבעל, מיט טעפיכער אויף דער פאדלאגע, מיט באפוצונגען אויף די ווענט—ווי א קעניגליכער זאל, וואו דער מלך האט זיין טראן און וואו ער נעמט אויף זיינע מיניסטארען און שרים, וואס קומען צו אים. ניט יעדער פון די חסידים האט געהאט די זכיה אריבערצוטרעטן די שוועל פון רבינ׳ס חדר־מיוחד. א לאנגע צייט האט קיינער אהין ניט אריינגעדרונגען. דער רבי פלעגט דארטען פארברענגען אין אפגעזונדערטקייט. ער פלעגט זיך באווייזען פאר די חסידים נאר שבת ביים טיש אדער אין א יומא דפגרא.

איינמאל אין א טאג האט אבער דער רבי איבערראשט די חסידים. ווען זיי זענען אלע געווען פארזאמעלט אויפ׳ן הויף, איז ער ארויסגע־קומען און געבליבען שטיין אויפ׳ן אויבערשטען טרעפעל פון אריינ־גאנג. וואס האט געפירט צו זיין חדר־מיוחד, און אויסגערופען:

„טוט אויס די שיך פון אייערע פיס, ווארים די ערד, אויף וועלכע איר שטייט, איז הייליג . . . זייט וויסען, אז ווען משיח וועט קומען, וועט ער וואוינען אין מיין חדר! . . . ״

פון דעמאלט אן האבען די חסידים גערופען דעם רבינ׳ס חדר „דער חדר פון משיח״.

גרויס איז געווען די פרייד, ווען דער רבי פלעגט קומען צוריק פון די דאקטוירים אין ווין אדער פון די ווארעמע בעדער. די פרייד האט זיך א טראג געטאן ווי פלאמען און פארכאפט די גאנצע שטאט. אפילו די גויים האבען די פרייד דערפילט.

ווארים אז דער רבי איז געקומען צוריק מיט א פארלייכטערונג פון דער קראנקהייט, וואס האט אים געפלאגט, איז ער געווען גאר אן אנדער מענש. ער פלעגט זיין פרייליך, אויפגעלייגט, ער האט געלאכט הויך אויפ׳ן קול, ער פלעגט זיך אויך פארגיין אין נגינה, וואס האט צענומען דאס הארץ און אוועקגעטראגען ווי אויף פליגלען אין די עולמות העליונים...

דער רבי האט אויך געהאט אויסטערלישע דרכים און איינפאלען. ער פלעגט ארויפגיין אויפ׳ן דאך שיסען פייגעל, אדער אוועקלאזען זיך איינער אליין אויף א שפאציר אין וואלד, אומבלאנזשען אויף די זייטיגע שטעגען, צווישען די געדיכטענישען פון די ביימער איינער

אליין שעה'ן און שעה'ן. . . .

ווען די חסידים האָבען געזען דעם רבי'ן אויפ'ן דאַך מיט'ן פּיסטאַ־לעט אין האַנט, שיסענדיג אין דער לופטען, פלעגען זיי זאָגען: „דער רבי פארטרייבט דעם שטן".

שבת ביים טיש פלעגט ער ניט זאָגן קיין תורה, נאָר דערציילען מעשות. די חסידים פלעגען זיך איינהערן ווי קינדער מיט אָפענע מיילער, בשעת מען דערציילט זיי צויבער־מעשה'לעך פאַר'ן שלאָף. די מעשות, וואָס דער רבי האָט דערציילט, זענען געווען ניט ווינציגער פאַנטאַסטיש ווי די קינדער־מעשה'לעך אָדער ווי רבי בר בר חנא'ס גוזמאות. . . .

„איר ווייסט", פלעגט דער רבי אָנהויבען, „אין ווין האָב איך געזען אַ פערד מיט הערנער. דער האַלז ביים פערד איז געווען אַזוי לאַנג, אַז ער האָט געקאָנט עסען דעם האָבער פון שפּיץ פונ'ם העכסטען קלויסטער אין שטאָט. . . .

„איך האָב אויך געזען אין ווין אַ פּאַלאַץ מיט טויזענטער פענסטער. און כדי צו קאָנען פּוצען אַלע פענסטער, האָט מען אויפגעבויט אַן אייזענבאַן אַרום דעם פּאַלאַץ. יעדען פרימאָרגען זעצען זיך אַריין דינערס מיט בעזימער אין די הענט. די באַן פירט זיי אַרום דעם פּאַלאַץ, און זיי פּוצען אַזוי די פענסטער . . ."

דער רבי האָט אויך געהאַט אייגענע פערד. פלעגט ער זאָגען צו זיינע חסידים:

„אַזעלכע פערד ווי מיינע קאָן מען זייער גלייכען ניט געפינען אין דער גאַרער וועלט. . . ."

די חסידים האָבען עס אויסגעהערט פאַרגאַפט. . . . דעם רבינ'ס גוזמא'דיגע מעשות האָט זיי פאַרכאַפּט ווי אַ צויבערנעץ. זיי האָבען דערנאָך לאַנג געטראַכט פון דעם, וואָס זיי האָבען געהערט פון רבינ'ס ליפּען. זיי האָבען געפּרואווט דערגיין דעם טיפען מיין און סוד, וואָס שטעקט אין די אַלע אויסטערלישקייטען. . . . דאָס זענען דאָך ניט סתם מעשות און גוזמאות; דאָס, וואָס דער הייליגער צדיק דערציילט, האָט דאָך אַ זין און אַ מיין, ערגעץ צילט ער דאָך. . . . יאָ, וואו־זשע ליגט דער סוד? וועלכע געהיימע וועלטען זענען פאַרבאָרגען הינטער דעם כישוף'דיגען פאַרהאַנג?

ניט אַלע האָבען געהאַט די זכיה צו אַנטפּלעקען די רזין דרזין, וואָס דעם רבינ'ס מעשות האָבען אין זיך געטראָגען. אָבער יעדער, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו הערען זיי פון רבינ'ס מויל, האָט געשעפּט פון זיי טרייסט און פרייד, ווי דורשטיגע, וואָס פאַלען צו צו אַ קוואַל און פרעגען נישט פון וועלכע פאַרבאָרגענע טיפענישען די לויטערע וואַסערען שלאָגען. ס'איז גענוג, אַז זיי זענען זים פאַר'ן גומען און פילען אַן מיט פרישקייט און ביי לעבען יעדען אבר.

# ירושלים איז דער יסוד פון דער וועלט

ס׳איז געווען באַלד נאָך דער פּטירה פון ר׳ ישראל בעל שם טוב, וואָס האָט ביים לעבן אָנגעצונדען שבת׳דיגע ליכט אין די פאַרוואָכענטע און פאַראומערטע אידישע הערצער און האָט פאַריאָגט דעם טרויער וואָס האָט זיך געלייגט ווי שטויב און זשאַווער אויף אידישע נשמות.

די חסידים האָבען גובר געווען דעם יצר הרע פון אבלות. אין זייערע אויערען האָבען געקלונגען די ווערטער פון בעל שם, אז „טרויער איז עבודה זרה". און אַז „דער וועג פון שטן פירט דורך עצבות", און אַז „גאָט דאַרף מען דינען מתוך שמחה."

און אויב אימיצען פון די חסידים איז באַפאַלען אַ צער, וואָס אַ גרוים ליכט איז פאַרטונקעלט געוואָרען, האָט ער זיך געטראַכט, אַז דאָס ליכט איז דאָך אינגאַנצען ניט אויסגעלאָשען, וואָרים די זון וואָס פאַרגייט ווערט דאָך ניט אויסגעלאָשען, זי פאַרבאַרגט זיך נאָר צווישען די וואָלקענס אָדער די פינסטערניש פון דער נאַכט פאַרשטעלט זי. אַזוי גיך אָבער ווי אַ ווינט וועט די וואָלקענס פאַרטרייבען און די נאַכט וועט פאַרשווינדען, וועט די זון ווידער זיך באַווייזען און שפּרייטען אירע גין-גאָלדענע שטראַלען אויף דער ערד.

און אַזוי איז טאַקע געווען. באַלד נאָך דער פּטירה פון בעל שם טוב איז אויפגעגאַנגען דאָס ליכט פון זיין תלמיד ר׳ בער מעזריטשער.

דער בעל שם האָט אפילו געלאָזען אַ יורש, אַ זון, וועמעס נאָמען איז געווען הירשעל. דער פאָטער האָט אָבער ניט אָפּגעשיידט זיין ליכט אויפ׳ן זון. חסידים האָבען שטילערהייד גערעדט צווישען זיך; „ניט באַשערט אַז דער צווייג וואָס איז אַרויסגעוואַקסען פון בוים זאָל זיך ווייטער צעבליען. ניט באַשערט. . . ."

ר׳ בער איז געווען דער געטרייעסטער און אויך וויכטיגסטער תלמיד פון בעל שם און איז דעריבער מער ווי יעדער אַנדערער געווען ראוי צו ווערען אַ ממלא מקומו. ער איז שוין ניט געווען קיין יונגער מענש און ער איז אין זיין לעבען אַ סך עינויים און יסורים דורכגעגאַנגען — יסורי הגוף און יסורי הנפש.

ער האָט אָפט געטראַכט מיט הייליגען ציטער פון זיין פאָטער דעם מלמד אין דעם קליינעם שטעטעלע לוקאַטש, וואָס איז געלעגען פאַרוואָרפען ערגעץ צווישען די פעלדער, פלאַכען און וועלדער פון פאָדאָליע. וויפיל אָרעמקייט און נויט האָט ער זיך אָנגעזעהן ביים פאָטער אין שטוב! ווי אָפט עס האָט געפעלט דאָס שטיקעל ברויט! דער פאָטער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט באַקלאָגט. ער האָט געדינט גאָט מיט חדוה.

דער פאָטער האָט אויך פאַרזעצט דאָס קישעלע פון קאָפּ, פאַר׳משכנ׳ט די ספרים און אים אַוועקגעשיקט לערנען אין דער ישיבה פון „פּני יהושע" אין לעמבערג. דאָרט האָט ער געלערענט ווי די

חז״ל האָבען געזאָגט: „און דו זאָלסט עסען ברויט מיט זאַלץ און טרינקען וואַסער מיט אַ מאָס און שלאָפען אויף דער ערד, און וואַל־גערען זיך אין שטויב פון תלמודי־חכמים . . .״

דערנאָך איז געקומען די מגידות און עס האָבען זיך אָנגעהויבן פאַר אים יאָרען פון נדידות. ער האָט אומגעוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, אַ שבת אין איין קהילה, אַ צווייטען שבת אין אַן אַנ־דערער. אומעטום האָט ער געבראַכט גאָט׳ס ברענענדיגען וואָרט אויף זיינע ליפּען.

ער אַליין איז אָבער אָפטמאָל געבליבען אַ דאָרשטיגער. ער האָט געפילט ווי אַ וואַסערטרעגער, וואָס טראָגט עמערס וואַסער פאַר אַנדערע, אָבער ער אַליין גייט אום מיט אַ פאַרטריקענטען גומען.

האָט ער פּרובירט דורך פּייניגונגען געפינען דעם וועג, וואָס ער האָט געזוכט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר אים סגופים, תעניתים, דער גוף איז געוואָרען גרינג און די ביינער האָבען גע־נומען דורכקוקען דורך דער הויט ווי ליכט דורך פאַרמעט.

די שווערקייט, וואָס האָט געדריקט זיין נשמה, איז אָבער אַלץ געבליבען.

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטען ביז ר׳ בער, דער וואַנדערענדיגער מגיד, איז אָנגעקומען צום בעל־שם קיין מעזשיבעזש.

דאָרט, ביים בעל־שם, האָט ער צום ברעג דערגרייכט, דאָרט איז פאַר אים אַ נייַ ליכט אויפגעגאַנגען. פון בעל־שם האָט ער געלערנט, אַז ניט דורך סגופים און תעניתים קאָן זיך דער מענש באַהעפטען מיט דער גאָטהייט, נאָר דורך שמחה.

דער וועג צו די הימלען פירט אויף די פליגלען פון פרייד און געזאַנג.

און ר׳ בער האָט אויך געלערנט, אַז אפילו ווען אַ מענש ווערט נכשל אין אַן עבירה, טאָר ער ניט טרויערען. ער דאַרף חרטה האָבען, אָבער די חרטה טאָר ניט גיין מיט עצבות.

און ווען ר׳ בער איז נאָך דעם בעל־שמ׳ס פטירה געוואָרען זיין ממלא־מקומו, האָט ער זיך אויפגעפירט מיט דער גאַנצער ברייטקייט און פאַרנעמקייט פון אַ שררה, וואָרים ער האָט פונקט ווי דער בעל־שם געלערנט, אַז דער צדיק איז דער, וואָס נעמט אויף דאָס ליכט פון דער גאָטהייט און פאַרשפּרייט עס דערנאָך, ווי די זון פאַרשפּרייט אירע שטראַלען, צווישען די, וואָס רינגלען אים אַרום.

ר׳ בער האָט געזאָגט, אַז פונקט ווי די אידען זיינען דאָס האַרץ פון דער בריאה, אַזוי איז דער צדיק דאָס האַרץ פון אידען.

און ער האָט זיך געקליידט ווי אַ שררה אין זיידענס און אַטלאַס. ער האָט זיך אָפט באַוויזען פאַר זיינע חסידים אין ווייסען אַטלאַס, זיינע שיך ווייס, און אפילו זיין טאַבאַק־פּושקעלע איז געווען ווייס;

און אַ מלכות׳דיגקייט האָט אַרונטערגעשיינט פון אים.

ר׳ בער איז ניט לאַנג פאַרבליבען אין מעזשיבעזש, און ער האָט זיך אַריבערגעקליבען קיין מעזריטש. עס האָט געגומען ניט לאַנג און טויזענטער חסידים האָבען זיך גענומען ציען פון דער גאַרער וועלט צום מעזריטשער הויף. באַלד איז אויך געקומען די גרויסע מחלוקה צווישען מעזריטשער און דעם ווילנער גאון. דאָס פייער, וואָס האָט זיך געצונדען צווישען די חסידים און מתנגדים, האָט זיך צעפלאַקערט ברייט און ווייט און אַרומגעכאַפּט הונדערטער קהילות אין פוילען, ליטע, וואָהלין און פּאָדאָליע.

די מחלוקת האָט אָבער ניט פאַרוואָלקענט דאָס ליכט פון ר׳ בער׳ס געמיט. געזאַנג האָט שטענדיג אָנגעפילט דעם מעזריטשער׳ס הויף, און די מחנות חסידים זיינען געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.

האָט אָבער איינמאָל אין אַ שבת געטראָפען, אַז ווען ר׳ בער איז געקומען צום טיש, האָט מען באַמערקט, אַז זיין פּנים איז ניט ווי נעכטען און ניט ווי אייערנעכטען. מ׳האָט געמערקט, ווי אַ שטילער טרויער קוקט אַרויס פון רבינ׳ס אויגען. ער איז די גאַנצע צייט געזעסען ביים טיש אַ שווייגענדיגער. ער האָט ניט געזונגען די שבת׳-דיגע זמירות, ווי ער האָט עס שטענדיג געטאָן. ער האָט אויך ניט געזונגען די חסידישע ניגונים מיט זיין האַרציג-ברוסטיג קול, ווי זיין טבע איז געווען. ער איז געזעסען און געשוויגען מיט אַ שווער-אָנגעלאָדען שווייגען, וואָס האָט זיך גענומען לייגען ווי שטיינער אויפ׳ן האַרצען פון די חסידים ביים טיש.

די חסידים זיינען געזעסען אין שטילען שרעק און האָבען ניט געוואוסט, וואָס ס׳איז געשען. דער רבי האָט זיי אָבער לאַנג ניט געלאָזט וואַרטען און דערקלערט:

„צו מיר איז די טעג געקומען אַ שליח פון אונזער הייליג לאַנד, ארץ-ישראל", האָט דער רבי אָנגעהויבען, „און ער האָט מיר געבראַכט טרויעריגע בשורות; דאָס ביסעל אידען, וואָס געפינען זיך אין דער הייליגער שטאָט ירושלים, ליידען הונגער און נויט. אין חברון טאָר אַ איד ניט אַריינקומען, און טאָמער וויל אַ איד גיין מתפלל זיין ביי דער מערת-המכפלה איז עס אַ סכנה פאַר זיין לעבען. איר ווייסט דאָך, אַז די ישמעאלים האָבען שיר דער׳הרג׳עט ר׳ גרשון קיטעווער, ווען ער איז געגאַנגען מתפלל זיין פאַר די אבות און אמהות ביי דער מערת-המכפלה; מ׳האָט אים געכאַפּט און געוואָלט פאַרברענען לע-בעדיגערהייט . . . און נאָר דורך אַ נס איז ער ניצול געוואָרען.

„און דער שליח פון אונזער הייליג לאַנד ארץ-ישראל האָט מיר אויך דערציילט, אַז די אידען אין צפת און אין טבריה לעבען אין שרעק פאַר די ישמעאלים, וואָרים שרעקליך איז דער גלות פון ישמעאל, פיל שרעקליכער ווי דער גלות פון אדום . . .

„און דערפֿאַר זאָגט טאַקע דער זוהר הקודש אויף „ושפחה כי תירש גברתה”, דאָס מיינט מען הגר'ן, וואָס האָט געבוירן ישמעאל'ן, און ישמעאל האָט אָנגעטאָן אידען גרויסע צרות, ער האָט געבראַכט אויף אונז אַלערליי ביטערע גזירות און שמד, און ער געוועלדיגט איבער אונזער הייליג לאַנד ארץ־ישראל ביז היינטיגען טאָג . . .

„און דערפֿאַר זאָגט אויך דער זוהר הקודש, אַז עס איז ניט פֿאַראַן פֿאַר אידען קיין שווערערער גלות ווי גלות ישמעאל,” — האָט דער מעזריטשער פֿאַרענדיגט.

דער רבי איז אַנטשוויגען געוואָרען און געבליבען פֿאַרזונקען אין מחשבות. די חסידים ביים טיש זיינען אויך געזעסען שווייגענ־דיגע, פֿאַרטרויערטע.

מיטאַמאָל האָט זיך אָבער דער מעזריטשער אַ הויב געטאָן פֿון זיין שטול, אַ פּיר־געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופֿטען, ווי ער וואָלט געוואָלט פֿאַרטרייבען אימיצען אַ געהיימען, אַן אומגעזעענעם, וואָס נאָר זיינע אויגען האָבען געזען אומשוועבען אין חלל, און ער האָט אויסגערופֿען :

”מען טאָר ניט ! ניין, מען טאָר ניט טרויערען . . . ס'איז שבת, און שבת איז שמחה, עונג . . . און די טרויעריגע בשורות, וואָס דער שליח פֿון אונזער הייליג לאַנד ארץ־ישראל האָט געבראַכט, זאָלען ניט פֿאַרשטערען דעם עונג שבת, ניין, וואָרים דער זוהר הקדוש זאָגט, אַז עס וועט קומען אַ סוף צו דער ממשלה פֿון ישמעאל און הקדוש־ברוך־הוא וועט צעברעכען די כחות פֿון אדום און ישמעאל, און עס וועט בלייבען נאָר דער כח פֿון ישראל.

„און איך זאָג”, איז ר' בער ווייטער אָנגעגאַנגען, און זיין קול האָט זיך געהעכערט און געטראָגען זיך ווי אַ פֿריידיג געזאַנג איבער די קעפּ פֿון די חסידים, „אַז דאָס פֿאָלק ישראל און ארץ־ישראל זיינען דער עיקר פֿון דער גאַנצער בריאה, און אַז אַלע מענשען פֿון דער וועלט ווערען געשפּייזט אין זייער זכות.

„און איך זאָג אויך, אַז ציון און ירושלים זיינען דער יסוד פֿון דער וועלט. ציון און ירושלים זיינען דער יסוד פֿון דער וועלט. ציון און ירושלים גיבען כח צום לעבען פֿון דער וועלט. ציון טראָגט אין זיך אַ חלק פֿון אַלע לענדער, און יעדעס לאַנד ציט לעבען און יניקה פֿון יענעם חלק, וואָס עס האָט אין ציון.

„און איך זאָג אויך,” האָט דער הייליגער מעזריטשער מגיד פֿאַרענדיגט און זיין קול האָט זיך צעטראָגען ווי אַ גלאָק אין אַ לווי־טערען פֿרימאָרגען : „אידען זיינען דער עיקר פֿון דער וועלט, און יעדעס פֿאָלק פֿון די אומות העולם האָט אַ חלק אין פֿאָלק ישראל, און יעדעס פֿאָלק פֿון די אומות העולם קריגט דורך דעם לעבען און יניקה, ווייל אידען זיינען דאָס חיות פֿון, אַלע עולמות. און אידען

זיינען די, וואָס גיבען לעבען צו דער וועלט..."

און ווען דער רבי האָט פאַרענדיגט האָט ער אויסגערופען:

„און איצט לאָמיר אַלע זינגען: ולירושלים עירך ברחמים תשוב!"

האָבען די חסידים אויסגעבראָכען אין אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך צעגאָסען ווי אַ פייערדיגער טייך, געהויבען זיך צו די הימלען און דערגרייכט צו דער פמליא של מעלה.

און די מלאכי השרת האָבען אונטערגעכאַפּט דאָס געזאַנג. יענעם שבת האָט זיך געטראָגען מסוף העולם ועד סופו:

„ולירושלים עירך ברחמים תשוב!.."

## ערד האָט אַ טעם

„נתן, זאָלסט וויסען, אַז ערד האָט אַ טעם, יאָ, ערד האָט אַ טעם..." אַזוי האָט געזאָגט נחמן בראַצלאַווער צו זיין תלמיד נתן, בשעת זיי האָבען שפּאַצירט הינטער'ן שטאָט.

דאָס איז געווען אין אַ שפּעט-זומער אָוונט, באַלד נאָך מעריב. עס איז אויך געווען אַ קורצע צייט פאַר ר' נחמנ'ס נסיעה קיין ארץ ישראל. די זומערדיגע נאַכט איז געלעגען אַ ווייכע, אַ שטילע, אַ פאַרטייעטע איבער די ווייץ- און קאַרטאָפעל-פעלדער, וואָס האָבען געוואַרט אויף די שניטער. אַ שניט-לבנה איז געהאַנגען ווי אַ גאָלדע-נער סערפּ אין דעם אויסגעשטערנטען הימעל. פעלד און וואַלד האָבען זיך איינגעהערט, איינגעהאָרכט אין די מיליאָסען קולות און קלאַנגען פון דער נאַכט — קולות און קלאַנגען, וואָס ניט צו אַלע אויערען דערגרייכען זיי, און ווען זיי דערגרייכען שוין, איז ניט אַלע מוחות און הערצער באַנעמען זייער באַשייד...

ר' נחמן איז געגאַנגען איבער'ן פעלד און ר' נתן ביי זיין זייט. ר' נחמן האָט געשוויגען די גאַנצע צייט, ער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע מחשבות און זיין געטרייער תלמיד האָט אים ניט געשטערט. ער האָט נאָר געקוקט אויף דעם רבי'ן פון אַ זייט. אַ צער האָט אים אַרומגענומען, וואָרים ער, נתן, ביי וועמען דער רבי איז געווען דער אָטעם פון לעבען, ער האָט געוואוסט, אַז טרויעריגע מחשבות דריקען איצט דעם רבינ'ס האַרץ. דאָס האָט שוין אָנגעהאַלטען אַ פּאָר טעג. דער טרויער האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף אים ווי אַ וואָלקען און לאָזט אים ניט אָפּ.

ר' נתן האָט אויך געוואוסט פון וואַנען דעם רבינ'ס טרויער האָט זיך גענומען. מיט עטליכע טעג פריער איז געקומען ר' נחמן אָנזאָגען זיין פרוי און טאָכטער, אַז ער פאָרט אָפּ אינגיכען קיין ארץ ישראל. ווען די פרוי האָט אים געפרעגט:

„וואָס-זשע וועט ווערען מיט מיר און מיט אונזער קינד?" האָט

ער איר געענטפערט:

„זאָל אונזער טאָכטער גיין ווערען אַ דינסט און דו זיי זיך מפרנס פון וואַשען וועש פאַר פרעמדע... איך מוז פאָרען קיין ארץ ישראל... די הייליגע ערד פון ארץ ישראל רופט מיך צו זיך..."

די פרוי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי איז געווען אַ כשר'ע אידישע טאָכטער. די רייד פון איר מאַן דעם צדיק זיינע געווען ביי איר הייליג. האָט זי אַנגענומען זיינע רייד פאַר ליב און זיך ניט באַקלאָגט.

ר' נחמנ'ען האָט עס אָבער ניט געלאָזט רוען. ס'איז גאָרניט געווען גרינג פאַר אים צו לאָזען פרוי און קינד אויף הפקר. ער האָט געטראַכט פון זיי און וואָס מער ער האָט געטראַכט אַלץ מער איז דער טרויער געוואַקסען אין זיין הארצען. דאָס האָט אָבער אויף אַ האָר ניט געענדערט זיין אָפּמאַך מיט זיך, צו לאָזען זיך אויף דער לאַנג-לאַנגער נסיעה צום לאַנד פון די אבות.

ר' נתן האָט דאָס אַלץ געוואוסט, כאָטש דער רבי האָט מיט אים ניט גערעדט וועגען דעם. ער, דער געטרייער תלמיד, האָט נאָר גע-דאַרפט באַטראַכטען דאָס אויסגעמאַגערטע פנים פון רבי'ן, באַגעגענען זיך מיט דעם פאַרטראַכטען ניטדאָאיגען בליק פון זיינע אויגען, צו וויסען וואָס ביי אים אין הארצען טוט זיך, ווען אפילו עס איז ניט געקומען קיין וואָרט פון רבינ'ס ליפען. אויב דער רבי האָט צו אים ניט גערעדט, האָט ער, נתן, שטענדיג געשוויגען. ער האָט געוואַרט, אַז די ווערטער זאָלען קומען פון רבינ'ס מויל. ווען דאָס איז געשען, איז ער געגאַנגען צו זיך אַהיים און פאַרשריבען אַלץ שוואַרץ אויף וויס, כדי עס זאָל בלייבען פאַר די דורות, וואָס וועלען קומען שפּעטער. יעדעס וואָרט וואָס דער רבי האָט אַרויסגעזאָגט, האָט זיך איינגעגראָבען אין ר' נתנ'ס הארץ ווי זוימען וואָס מען פאַרזייט אויף פריש-צעאַקער-טער ערד. ער האָט גאָרנישט פאַרגעסען, זיין הארץ האָט איינגע-זאַפּט די ווערטער ווי אַ שוואָם, און ניט נאָר די ווערטער, נאָר אפילו די מחשבות, וואָס דער רבי האָט אַרויסגעזאָגט ניט דורך ווערטער, נאָר דורך געזאַנג און אַמאָל דורך אַ קרעכץ.

האָט ר' נתן אויך דעם אָוענט געוואַרט, אַז דער רבי זאָל נעמען צו אים רעדען און אַרויסזאָגען פאַר אים וואָס אים האָט געדריקט און וואָס פאַר אַ מחשבות עס טראָגען זיך אום אין זיין מוח, ווי דאָס ווינטעל וואָס האָט גערוישט און געוויגט מיט די זאַנגען.

מיטאַמאָל האָט ר' נחמן זיך אָפּגעשטעלט. ר' נתן האָט אויך פאַרהאַלטען זיין גאַנג. ר' נחמן איז געשטאַנען אַ ווײַלע און אַרומגע-נומען מיט זיין בליק דאָס פעלד, אויפגעהויבען זיינע אויגען צו דער האַלבער לבנה, וואָס האָט זיך אַרויסגעשניטען איבער די ביימער פון נאָענטען וואַלד. ער האָט צוגעלייגט די האַנט צו דער ברוסט און איינגעזאַפּט אין זיך לאַנג און חיות'דיג די ריחות פון דער נאַכט.

דערנאָך האָט דער תלמיד געזען ווי דער רבי האָט זיך אָנגעבויגען צו דער ערד, אַריינגעשטעקט זיין האַנט צווישען די זאַנגען און גענומען גראַבען מיט די פינגער. ער האָט אויסגעגראָבען אַביסעל ערד און צוגעטראָגען עס דערנאָך צוערשט צו די נאָזלעכער און געשמעקט, דערנאָך צו די ליפען.

ר׳ נתן האָט דאָס אַלץ באַטראַכט און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט אַלץ געוואַרט אויף דעם רבינ׳ס וואָרט. דאָס וואָרט איז אויך געקומען.

„דו ווייסט, נתן," האָט ר׳ נחמן אַ זאָג געטאָן צו זיין תלמיד, „ערד האָט ריח און האָט אויך אַ טעם; יאָ, ערד האָט טעם, דער טעם פון ברויט, דער טעם פון פירות, דער טעם פון לעבען. וואָרים ערד איז לעבען, ערד איז מענש, דער מענש קומט פון דער ערד און גייט צוריק צו דער ערד.

„אָבער, נתן, זיי וויסען, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישען ערד און ערד. אָט נעם, אַשטייגער, די ערד וואָס איך האַלט אין מיין האַנט, דאָס איז אויך גאָט׳ס ערד און זי איז מיר ליב. אויף אָט דער ערד בין איך געבוירען געוואָרען, אויף איר האָבען געלעבט דורות פאַר מיר, אָבער עס איז דאָך ניט ווי די ערד פון אונזער הייליג לאַנד ארץ ישראל. יענע ערד איז אדמת קודש, יעדעס זעמדעלע איז קדושה... דו הערסט, נתן?"

„איך הער, רבי, איך הער..." האָט נתן געענטפערט.

## ר׳ נחמן׳ס צוריקקער פון ארץ ישראל

ס׳איז געווען אַ שווערער ווינטער. זקנים האָבען ניט געדענקט אַזעלכע שנייען און פרעסט. די וועגען אַרום דעם שטעטעל אומאַן זיינען חדשים געווען פאַרשאָטען. די הייזלעך זענען געווען פאַרזונקען אין בערג שניי. מען האָט ניט מער ווי די קוימענס פון די דעכלעך געזען זיך אַרויסשפּאַרען. די דינע רויכלעך, וואָס האָבען זיך געקנוילט אין דער פראָסטיגער לופט, געצויגען זיך צום שטאָליג-גרויען הימעל, האָבען אָנגעזאָגט, אַז דאָ איז אַ ישוב און אַז לעבעדיגע מענשען געפינען זיך אינעווייניג. אויך די פייערלעך, וואָס האָבען זיך גענומען צינדען אין די פאַרפרוירען-געבלומטע שייבלעך, ווען די אָווענט-שאָטענס האָבען זיך געלייגט.

און מיטאַמאָל — דער פרילינג. ווען מ׳איז אויפגעשטאַנען איינ-דערפרי און אַרויסגעלאָזען זיך איבער די געסלעך, וואָס זענען אַזוי לאַנג פון דער וועלט געווען אָפּגעשניטען, האָט מען דערפילט ווי אַ לינד ווינטעל האָט זיך דורכגעטראָגען. ס׳איז געקומען פון די בערג, וואו דער וואַלד האָט זיך געשוואַרצט, און פון די פאַרשנייטע פעלדער. די זון האָט געוואַרעמט מיט אַ חיות׳דיג לאַשטשענדיגער וואַרעמקייט.

באַלד האָט דער שני זיך גענומען שמעלצן און געבלעזעלט זיך אויף די געסלעך. איבער די פעלדער און בערג־שפּיצן איז געהאַנגען אַ פאַרנעפּלטקייט, וואָס האָט אַרויסגעדאַמפּט פון דער פייכטער ערד, וואָס האָט זיך לאַנג געוואַרעמט אונטער דעם שנייאיגן צודעק און האָט איצטער צעעפנט איר פּולע, אַנגעטרונקענע בריסטן פאַר דעם צעלייטערטן הימל — גרייט אויפצונעמען די ערשטע צערטלענדיגע קושן פון דער פרילינג־זון.

אומאַנער אידען האָבן זיך גענומען גרייטן צום יום־טוב פּסח. אַ געזאַנג האָט זיך געטראָגן פון די מצה־פּאַדריאַדן. בראַצלאַווער חסידים האָבן געבאַקן מצה־שמורה. דער רבי ר׳ נחמן איז ניט געווען מיט זיי. ער האָט זיי פאַרלאָזן און איז אַוועק אויף זיין רייזע קיין ארץ ישראל. דאָס איז געשען ערב ראש השנה. די אַלע וואָכן און חדשים, וואָס זענען זינט דעמאָלט אַוועק, זענען זיי געווען בלאָנדזשענדיגע שאָף, וועמען דער פּאַסטוך האָט פאַרלאָזן. זיי זענען אומגעגאַנגען מיט אַ נאָגענדיגער בענקעניש נאָכ׳ן ליכט, וואָס האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָן.

דערפאַר האָבן די תפילות און מזמורים, וואָס זיי פלעגן אוים־זינגען מיט אַזויפיל חדוה עד כלות הנפש, בשעת זיי האָבן געבאַקן מצה־שמורה, געקלונגען דאַסמאָל געטונקען אין טיפער עצבות.

מיטאַמאָל האָט זיך איבער׳ן שטעטל דורכגעטראָגן די בשורה: דער רבי ר׳ נחמן איז געקומען צוריק פון ארץ ישראל.

מ׳האָט זיך געגלויבט און ניט געגלויבט. אָבער ווען דער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזן צום שטיבעל, וואָס דער רבי ר׳ נחמן האָט פאַרנומען מיט זיינע בני־בית, ניט ווייט פון בית־עולם און אַנטקעגנאיבער דעם באַרג, וואו דער וואַלד האָט זיך געשטרעקט מיט זיינע קרוינען צום האָריזאָנט, האָט מען געטראָפן דעם הייליגן צדיק ביי דער שוועל פון זיין טיר. ער האָט אויסגעזען מיד און בלייך. נישט מער ווי אַ פייערל האָט אַלע ווײַלע אַ פלעמל געטאָן — און זיך אויסגעלאָשן און ווידער זיך געצונדן. דאָס פייערל איז געווען פון דער שווינדזוכט, וואָס האָט אין זיין לייב שוין געברענט און דעם גוף אַלץ מער פאַרצערט.

די חסידים האָבן עס אָבער ניט געמערקט. פאַר זיי איז דעם רבינ׳ס געשטאַלט, וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט באַוויזן, געווען ווי דאָס פּלוצימדיגע אויפגיין פון אַ גרויס ליכט. זיי האָבן געקוקט אויף דעם ליכט און ניט געקאָנט זיך אָנזעטיגן. דערנאָך האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן און אָפּגעגעבן דעם רבי׳ן, איינער נאָכ׳ן אַנדערן, שלום־עליכם, געפילט דעם דרוק פון זיינע טרוקענע, הייסע פינגער, פון וועלכע ס׳האָט זיך געצויגן אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט זיי איינגאַנצן דורכגענומען.

וואָס האָט געבראַכט צוריק דעם רבי ר׳ נחמן בראַצלאַווער קיין אומאַן? פאַרוואָס האָט ער פאַרלאָזן ארץ ישראל, וואוהין זיין הארץ און נשמה האָבן זיין גאַנץ לעבן זיך געריסן?

ער האָט אין מינוטען פון גרויס צער, וואָס ער האָט זיך ווידער דערזען אין גלות, אָפּגעשטעלט זיך אויף די סיבות, וואָס האָבן צו דעם געפירט.

איינע פון די סיבות — די בני בית, די פרוי און די דריי קינדער, וואָס ער האָט געלאָזן ווי אויפ׳ן וואַסער, בשעת ער האָט זיך פאַר־נומען אויף זיין רייזע קיין ארץ ישראל. זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען דעם גאַנצן לאַנג־לאַנגען וועג. אויך זייער געוויין, וואָס האָט אויס־געבראָכן, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז ער גייט זיי פאַרלאָזן.

ווען די שיף, וואָס האָט אים געפירט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז געווען אין געפאַר געזונקען צו ווערען פון די גרויסע שטורעמס וואָס האָבן אויסגעבראָכן אויפ׳ן שוואַרצען ים און וואָס האָבן צעבייטשט די ברוּיזענדיגע כוואַליעס און אויפגעריסן דאָס פאַרשלינגענדיגע מויל פון די אָפּגרונטען — דעמאָלט זענען זיינע געדאַנקען געווען פאַרנומען ניט מיט זיך; ער האָט ניט געטראַכט פון דעם טויט, וואָס לויערט אויף אים און אויף די אַנדערע, וואָס האָבן אויף דער שיף זיך געפונען. ער האָט זיך נאָר מצער געווען, וואָס דער שטורעם פאַרצאַמט פאַר אים דעם וועג צום הייליגען לאַנד, און וואָס ס׳קאָן נאָך, חלילה, טרעפען, אַז ער זאָל געפינען זיין קבר אינמיטען וועג, אין די כוואַליעס פון ים. אויף דעם האָט ער אָבער אויך געפונען אַ טרייסט. ער האָט געטראַכט פון משה רבנו, וואָס האָט געזען דאָס הייליגע לאַנד פונווייטענס, אָבער ער האָט ניט זוכה געווען צו דערגרייכען אַהין. ער האָט אָבער ניט געפונען קיין טרייסט, ווען ער האָט געטראַכט פון זיין פרוי און די דריי קינדער. וואָס וועט פון זיי ווערען, ווען זיי וועלען בלייבען אָן אַ פאָטער?

דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי די גאַנצע צייט, וואָס דער שטורעם האָט אומגעשליידערט די שיף ווי אַ שפּענדעל און אָפּגעגעבען זי צום שפּיל פון די צעפינעטע כוואַליעס, וואָס האָבן אויפגעשלאָגען אין באַרגיגע שטראָמען און אַרונטערגענידערט ווי וואַסערפאַלען אין אַ פינסטערער טיף.

ערשט שפּעטער, ווען די שיף איז שוין צו אַ ברעג דערשוואומען, האָט ער זיך אַליין גע׳מוסר׳ט, וואָס דער בטחון האָט אים פאַרלאָזן אויף אַ ווייל. „איך האָב פאַרגעסען אין אָבינו שבשמים, אַז ער וועט נישט אַרונטערנעמען זיין אויג פון מיינע בני בית", האָט ער זיך געשטראָפט.

דאָס אַלץ איז געווען אין אַ צייט, ווען זיין נשמה איז געווען אינגאַנצען אַ צערודערטע, און ווען ער איז דורכגעגאַנגען אַלערליי

מדרגות. ער האָט עס שפּעטער אַליין פאַרענטפערט, ווען ער האָט געזאָגט:

„אַ מענש דאַרף דורכגיין אַלערליי מדרגות, איידער ער דערהויבט זיך. ער איז אין דער בחינה פון עולים ויורדים. איידער מען דער־גרייכט צו אַן עליה, מוז זיין אַ ירידה.

„ודע — וויס, אַז די אַלע פאַלענישען, ירידות און גלגולים מוז מען דורכגיין, איידער מיר טרעטען אַריין אין די שערי הקדושה. אַלע צדיקים און אמת׳ע יראים זענען עס דורכגעגאַנגען..."

ר׳ נחמנ׳ס פרוי און קינדער זענען געווען גליקליך מיט זיין צוריקקער. דאָס שטיבעל זייערס, וואָס איז געווען די גאַנצע צייט פאַרלאָזען און מיט שפּינוועבס פאַרצויגען, איז מיטאַמאָל אָנגעפילט געוואָרען מיט ליכט. פון יעדען ווינקעלע איז אַ פרייד אויפגעגאַנגען.

די פרוי און די טעכטער האָבען זיך גענומען רייניגען און שייערען און צוגרייטען די שטוב לכבוד פּסח. זיי האָבען געטראַכט, אַז דעם פּסח וועלען זיי מער נישט זיצען ביי פרעמדע טישען. זיי האָבען אויך געטראַכט פון דער פינסטערניש, וואָס האָט זייער לעבען פאַר־צויגען פון דער מינוט אָן, וואָס ער האָט זיי פאַרלאָזען.

די פרוי האָט זיך דערמאָנט ווי אַ שרעק איז זי באַפאַלען, ווען זי האָט דערהערט, אַז דער מאַן קלייבט זיך קיין ארץ ישראל. זי האָט געוואוסט, אַז איר מאַן איז אַ גרויסער צדיק, און אַז זי טאָר זיין ווילען נישט ווידערשפּעניגען. זי האָט אויך מורא געהאַט צו זאָגען אים אַ וואָרט. איר האָט אָבער געשראָקען דער געדאַנק, אַז זי וועט בלייבען אַליין מיט די קינדער ווי אויפ׳ן וואַסער. האָט זי געשיקט די עלטערע טאָכטער פרעגען ביים פאָטער: וואָס וועט פון זיי ווערען? ווער וועט זיי מפרנס זיין?

די טאָכטער איז געקומען דערנאָך צוריק און איבערגעגעבען דער מאַמען דעם פאָטער׳ס ענטפער. „ער האָט מיר געזאָגט," האָט זי דערציילט, „אַז איך זאָל פאָרען צו מיינע מחותנים, די אַנדערע שוועס־טער זאָל גיין ווערען אַ דינסט, די אינגערע וועט אימיצער אַריינגעמען אויס רחמנות. דו, מאַמע, זאָלסט גיין ווערען אַ קעכין. און אַלץ אין שטוב זאָל אויספאַרקויפט ווערען, אַז דער טאַטע זאָל האָבען אויף הוצאות צו קאָנען מאַכען די רייזע אין היילינען לאַנד..."

ווען די פרוי האָט עס דערהערט, האָט זי זיך צעוויינט. די טעכטער האָבען, קוקענדיג אויף איר, אויך אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. ער, ר׳ נחמן, איז אָבער געבליבען פאַרהאַרטעוועט. ער האָט געזאָגט:

„איך וויל און איך מוז פאָרען קיין ארץ ישראל. איך וויס, אַז עס וועט נישט זיין קיין שיעור צו די אָפּהאַלטענישען און שטערונגען אויף מיין וועג. אָבער אַזוי לאַנג ווי די נשמה האַלט זיך אין מיר, אַזוי

לאנג ווי איך האָב אין זיך אַן אָטעם פון לעבען, וועל איך זיך מוסר נפש זיין און פאָרען מיט אַלע מיינע כוחות קיין ארץ ישראל. איך ווייס, אַז יעדער שפּאַן פון מיין נסיעה וועט זיין פאַרבונדען מיט מסירת נפש, אָבער דאָס וועט מיך ניט אָפּהאַלטען.״

און אַזוי איז טאַקע געווען. יעדער שפּאַן פון זיין נסיעה איז געווען פאַרבונדען מיט מסירת נפש. אים האָט אָבער קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט. וואָרים די ליבע צו ארץ ישראל האָט געברענט ווי אַ פייער אין זיינע ביינער. ער האָט געזאָגט:

„אויב איינער וויל זיין אַ איד, דאָס מיינט: אויב איינער וויל זיך דערהויבען פון איין מדרגה צו אַ העכערער, קאָן ער עס דערגרייכען נאָר אין ארץ ישראל...״

ער האָט אויך געזאָגט:

„איך מוז און איך וועל פאָרען קיין ארץ ישראל, ווייל סיי־ווי־סיי איז די גרעסטע העלפט פון מיר שוין דאָרטען...״

אָט איז ער אָבער געקומען צוריק. ער איז געקומען פּלוצים אין אַן ערב־פסח.

ווי געזאָגט, איז איינע פון די סיבות געווען די בני בית. ער האָט געפילט, אַז ס׳איז אַ זינד צו לאָזען זיי אויף הפקר.

און ס׳איז געווען נאָך אַ סיבה, וואָס האָט אים געבראַכט צוריק אין גלות: ער האָט געפילט, אַז דאָס הייליגע ליכט, וואָס ער האָט אָנגעשעפּט פאַר זיך אין ארץ ישראל, טאָר ער ניט האַלטען פאַר זיך אַליין. ס׳איז אַ זינד, אַז נאָר ער אַליין זאָל הנאה האָבען פון דעם ליכט. ס׳איז זיין חוב צו טיילען זיך מיט אַנדערע, וואָס האָבען ניט זוכה געווען צו קומען קיין ארץ ישראל און ברענגען דאָס הייליגע ליכט צו זיי.

ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט געלאָזען געטרייע תלמידים, וואָס גייען אום פאַרבענקטע און בלאָנדזשענדיגע אָן אים. זיי, די תלמידים זיינע, נויטיגען זיך אין דער קדושה, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין ארץ ישראל. צו זיי און צו די אַנדערע אידען דאַרף ער ברענגען דאָס ליכט פון ציון, גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים.

דערציילט טאַקע זיין תלמיד רבי נתן:

„דער רבי ר׳ נחמן פלעגט זאָגען, אַז ער שעמט זיך מיט די תורה׳ס און מיט די השגות זיינע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איידער ער איז געווען אין ארץ ישראל. ער פלעגט אויך זאָגען, אַז אַלץ, וואָס ער האָט פריער געוואוסט, האָט ניט קיין ממשות און איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער תורה און קדושה, וואָס ארץ ישראל האָט אים געגעבען.״

און ווען ער איז געקומען פון ארץ ישראל, האָט ער אויך ניט איינמאָל געזאָגט צו זיינע תלמידים:

„דאָס לעבען, וואָס איך טראָג אין זיך, קומט פון ארץ ישראל. אַלע מיינע מחשבות און דעות וואָס איך האָב, זענען פון ארץ ישראל. וואָרים דער עיקר פון מוח און פון דער חכמה געפינט זיך אין ארץ ישראל...”

און ווען ער האָט געפילט, אַז זיינע לעצטע טעג קומען, האָט ער געזאָגט:

„דאָס ביסעל חיות, וואָס איך האָב נאָך אין זיך, נעמט זיך פון דעם, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זיין אין ארץ ישראל...”

## דער בראַצלאַווער אין די טעג פון זיין קראַנקהייט

און ס'איז געווען אין די טעג, ווען דער הייליגער בראצלאווער האָט געפילט, אַז זיין זון נעמט צאַנקען און די אייביגע נאַכט רוקט זיך אָן. די שווינדזוכט, וואָס האָט אויפגעגעסען זיין גוף, האָט אים אַלץ מער געמאַטערט. זיין געטרייער תלמיד נתן איז איינמאָל געקומען צו אים און געזאָגט:

„רבי, איך האָב געהערט, אַז אין לעמבערג זענען פאַראַן גרויסע דאָקטוירים. אפשר—”

„דו מיינסט, נתן, איך זאָל פאָרען קיין לעמבערג?”—האָט ר' נחמן אים איבערגעשלאָגען.

„יאָ, רבי....”

ר' נחמן האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגען. נתן האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט. די חסידים, וואָס זענען געשטאַנען אין דערבייאיאיגען חדר, האָבען אָנגעקוקט תחנונים'דיג נתנ'ען. געוואַרט אויף אַ וואָרט פון טרייסט. ער האָט אָבער געשוויגען.

ר' נחמן איז געלעגען מיט פאַרמאַכטע אויגען און געטראַכט פון סוף. וואָס איז סוף? נישטאָ קיין סוף, ניין. אַלץ איז אָנהויב און ענדיגט זיך נישט, ווי אַ טייך, וואָס לויפט, טרייבט זיינע וואַסערען ביז צום ים און פאַלט אַריין אין ים . . . ענדיגט זיך דער טייך? ניין. זיינע וואַסערען גיסען זיך צונויף מיט אַנדערע. אַזוי איז לעבען און טויט . . . טויט און לעבען . . . לעבען און טויט . . .

טויט האָט אים נישט געשראָקען, וואָרים וואָס איז די וועלט, אויף וועלכער דער מענש גייט אום? נישט מער ווי דער פרוזדור . . . דערנאָך קומט ערשט דער טרקלין. נישט מער—לאו כל אדם זוכה אַריבערצוטרעטען די שוועל.

ער, ר' נחמן, האָט זיין גאַנץ לעבען זיך געגרייט פאַר דער שעה, ווען די גאָלדענע טיר פון טרקלין וועט זיך עפענען פאַר אים.

און דאָס וואָס נתן זאָגט וועגען די דאָקטוירים אין לעמבערג? —דערווייל וויל ער נישט טראַכטען וועגען דעם . . .

די אויגען האָבען זיך ביי אים ענגער געשלאָסען. ער איז אָבער נישט איינגעשלאָפען. דער גוף איז געווען נים-ולא-נים. דער געדאַנק איז אָבער געווען וואַך, דער שטראָם פון מחשבות האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

דעם רבינ׳ס שלאָפקייט האָט אָנגעוואָרפען אַ טרויער אויף זיינע געציילטע חסידים, וואָס האָבען געקלעפּט צו אים, נישט אָפּגעטראָטען פון אים, נישט גערעכענט זיך מיט די בזיונות און רדיפות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען פון בראַצלאַווער׳ס קעגנער און שונאים.

זיי זענען אומגעגאַנגען מיט שטיל-שטילע טריט, ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט די ערד צו באַרירען. וואָס-שטילער זייערע טריט זענען געווען, וואָס איינגעלאַלטענער די רייד, אַלץ העכער האָט געשריען דער אונגעשטילטער צער אין זייער האַרצען.

ר׳ נחמן האָט ער געשפּירט, ער איז געלעגען אויף זיין בעטעל— אָן איינגעשרומפּענער גוף. ר׳איז געוואָרען כולו רוחניות. די הויט — ווי דינער פּאַרמעט, דורך וועלכען דער שיין פון אַ ליכט ברענגט זיך דורך, ווי אַ זון דורך די וואָלקענס. די אויגען—איינגעזונקען טיף אין די לעכער: אַט פאַרצויגען מיט אַ רויכעל, ווי זיי וואָלטען זיך גע-שלאָסען, און אַט, מיטאַמאָל, אויפגעפלאַמט ווי אַ פייער, צעבלאָזען פון אַ פּלוצימדיגען ווינט.

דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי טעג און טעג, ס׳איז געווען ערב-פרילינג. אין דרויסען האָט אַ מילד-לאַשטשענדיגע זון געשפּרייט נדיבות׳דיג איר גאָלד איבער די בלאָטעס, וואָס האָבען זיך גענומען טריקענען. ערשטע קנאָספּען האָבען שוין אויפגעפּלאַצט אויף די ביימער. דורך די נעכט איז די לופט געווען פול מיט געהיימען פליגעלגערייש און שטערנגעזאַנג. ערגעץ אין דער ווייט האָט אָפּ-געקלונגען אַ באַרגשטראָם, וואָס האָט זיך געטראָגען צו די פונאַנ-דערגעפּלייצטע פרילינג-וואַסערען פון דערבייאיגען טייך.

ר׳ נחמן האָט געהאַלטען אָנגעשפּיצט די אויערען און זיך איינגע-האָרכט אין דער אויפגעוואַכטיקייט פון דער ערד, אין אויפגעוואַכטען לעבען, וואָס האָט געקאָכט אין אירע טיפענישן און דורכגעבראָכען זיך דורך יעדען שפּעלטעלע, דורך יעדען גרעזעלע, וואָס האָט אַרומ-געשטעקט דאָס קעפּעל און געצויגען זיך צו דער זון ווי אַ קינד צו דער מאַמע׳ס ברוסט.

די אויפגעוואַכטע ערד, דער פרילינג, וואָס האָט גענומען שטעלען די ערשטע טריט איבער וואַלד און פעלד, באַרג און טאָל, האָט גע-רעדט צו אים מיט דעם לשון פון דער אייביגקייט. נישטאָ קיין טויט. קיין זאַך פאַרגייט נישט . . . ס׳איז אַן אייביגער גאַנג פון פּושט צורה ולובש צורה . . . פרילינג און זומער, אָסיען און ווינטער—אַלץ בייט זיך און קומט צוריק צום מקור פון אייביג לעבען . . .

די אויפגעוואַכטקייט פון דער ערד האָט זיך אים איבערגעגעבן. ער האָט אויף אַ ווייל דערפילט אַ צושטראָם פון פרישע כוחות. די שלאַפקייט, וואָס האָט געפּענטעט זיינע גלידער, האָט נאָכגעלאָזן. האָט ער צוגערופן זיינע תלמידים און צו זיי געזאָגט:

„איך ווייס   נישט ווי לאַנג איך וועל זיין מיט אייך... אויב דער בורא יתברך וועט מיר רופן, איז הנני — איך בין גרייט. אָבער איך וויל רעדן צו אייך אַזוי לאַנג ווי מיינע כוחות טראָגן נאָך."

„רבי, אויף וועמען וועט איר אונז איבערלאָזן?" דער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן ביי אַ יונגען בחור, אַ הויכען, אַ שפּאַניגען, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט און מורא געהאַט צוצוגיין נאָענט צום רבינ'ס בעטעל, ווי די עלטערע חסידים האָבן עס געטאָן. נתן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, האָט אַנגעקוקט דעם בחור מיט פאַרדרוס. דער בחור איז אַנטשוויגען געוואָרן. די ווערטער זענען געבליבן הייגגען אויף זיינע ליפּען. די עלטערע חסידים האָבן אים אַנגעקוקט דערשראָקענע. דער בחור איז געשטאַנען מיט אַן אַרונטערגעלאָזטען קאָפּ און געציטערט מיט אַלע אברים...

„ס'מאַכט ניט אויס... ס'מאַכט ניט אויס..." האָט ר' נחמן איבערגעריסען דאָס שווייגען. "זאָל ער צוקומען נענטער. קום צו, מיין קינד, נענטער. איך וויל דיך אַנקוקען..." האָט ער זיך געווענדט צום בחור. „דו פרעגסט אויף וועמען איך לאָז אייך איבער? און וואָס זענט איר אַליין? זייט ווויסען, אַז דער עיקר ביים מענשען איז דאָס, וואָס דער מענש רופט „איך", דאָס איז די נשמה, וואָס דער מענש פאַרמאָגט... יאָ, די נשמה, וואָס איז אַ חלק אלקי ממעל..."

ר' נחמן איז ווידער אַנטשוויגען געוואָרען. די אויגען האָבן זיך ביי אים ווידער געשלאָסען... ער איז געלעגען אַזוי מיט פאַרמאַכטע אויגען, אַן אַפּגעשיידטער און אויסגעטוענער פון דער וועלט, ווי ער וואָלט שוין פאַרלאָזען די ערד און זיין נשמה וואָלט זיך אַפּגעטראָגען צו די הימלען. די חסידים זענען געשטאַנען ווי פאַרגליווערטע און געוואַרט, אַז דעם רבינ'ס אויגען זאָלען זיך ווידער עפענען.

ר' נחמן איז געקומען צוריק צו דער ערד. ער האָט באַטראַכט די חסידים ווי ער וואָלט זיי צום ערשטען מאָל דערזען. באַלד אָבער האָט ער זיך ווידער געווענדט צו זיי מיט רייד, פון וועלכע עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט'ן ריח פון גראָזען, איבער וועלכע דער פרילינג-טוי לייגט זיך; פון ביימער, ביי וועלכע די קנאָספּען נעמען זיך עפענען; פון פריש צעוועקטער ערד, איבער וועלכער אַ שפּריי-רעגען האָט זיך פאַנאַנדערגעזונגען און צעטאַנצט מיט אַ קלינגענדיגען טאַנץ...

„ווייסט", האָט ער צו זיי געזאָגט, „אַז עס זענען פאַראַן פעלדער, און אַז אויף די פעלדער וואַקסען ביימער און וואונדערליכע גראָזען

און אַלערליי שיינע קרייטעכער און פלאַנצונגען. גרויס און שיין זענען די פעלדער און אַלץ, וואָס וואַקסט אויף זיי,—אַזוי גרויס און שיין, אַז מ׳קען עס גאָרנישט אויסדערציילען . . . אַז וואויל צו דעם אויג, וואָס זעט דאָס אַלץ . . .

„און זייט וויסען, אַז די ביימער, די גראָזען און די פלאַנצונגען — זיי זענען אין דער בחינה פון די הייליגע נשמות, וואָס וואַקסען . . .

„עס זענען פאַראַן נשמות נאַקעטע, וואָס וואַנדערען און וואָגלען און קאָנען דאָס פעלד נישט דערגרייכען. זיי וואַרטען און האָפען אויף אַ תיקון, כדי זיי זאָלען צו זייער אָרט קאָנען דערגרייכען . . .

„און די גרויסע נשמה, וואָס אין איר זענען אָנגעהאָנגען די קלע־נערע נשמות, אפילו זי, ווען זי פאַרבלאָנדזשעט אויף יענער זייט פעלד, איז איר אָפט שווער צו געפינען צוריק איר וועג. אַלע נשמות וואַרטען און האָפען, אַז דער בעל־הבית פון פעלד וועט קומען און זיך אָפּגעבען מיט זיי און געבען זיי דעם תיקון, אין וועלכען זיי נויטיגען זיך . . .״

די אויגען האָבען זיך ווידער געשלאָסען ביי ר׳ נחמנ׳ען. די חסידים זענען אָבער נישט אָפּגעטראָטען. ער איז ווידער געקומען צו זיך און גענומען ווייטער רעדען:

„אין יעדער פלאַנץ און גרעזעל איז פאַראַן געזאַנג . . .

„יעדער פאַסטוך האָט זיין אייגענעם ניגון...

„דער ניגון איז צוגעפּאַסט צו די גראָזען און דעם אָרט, וואו ער פּאַשעט זיינע שאָף . . .

„די הימלען דערציילען דעם כבוד פון גאָט. פון גאָט׳ס ווערק־צייג זאָגט אונז דער הימעלגעוועלב.

„ווען אַ מענש שטעלט זיך אַוועק תפילה טאָן און ער רעדט אַרויס די ווערטער פון דער תפילה, קלייבט ער קוווייטען און רויזען. עס איז פּונקט ווי ווען אַ מענש וואָלט געגאַנגען אין פעלד און געקליבען אַלערליי בלימעלעך און רויזען איינס־נאָך־איינס און באַהעפט זיי און בינדט זיי צונויף דערנאָך אין איין בינטעל, — אַזוי איז אויך ווען מען טוט תפילה: מען קלייבט אויף יעדען אות, ביז אַלע אותיות פאַרבינדען זיך און ס׳ווערען פון זיי ווערטער . . .״

און נאָך האָט ר׳ נחמן צו זיי געזאָגט:

„דער ווינטער איז ווי שוואַנגערשאַפט. זומער איז — געבורט.

„ווינטער זענען אַלע גראָזען און שפּראָצונגען טויט. וואָרים ס׳לאָזען זיך אויס ביי זיי די כוחות. קומט אָבער דער זומער — און זיי וואַכען אויף און הויבען אָן צו לעבען.

„ווייסט אויך, אַז ווען אַ מענש טוט תפילה אין פעלד, קומען אַריין אַלע גראָזען און שפּראָצונגען אין דער תפילה און גיבען אַריין כוח אין דער תפילה . . .

„ווען דער מענטש זאָגט: „הללו את ה׳ מן השמים, הללוהו כל מלאכיו, הללוהו כל צבאיו" — הערען דאָס אַלע גראָזען און שפּראָצונגען, און זיי לויבען גאָט מיט אים אינאיינעם."

און וועגען אמת האָט ר׳ נחמן צו זיי גערעדט.

„זייט וויסען," האָט ער צו זיי געזאָגט, „אַז דער אמת איז אַלץ; דער עיקר איז, אַז אַ מענטש זאָל גיין אויפ׳ן וועג פון אמת — יעדערער נאָך זיין מדרגה.

„דער חותם פון הקדוש ברוך הוא איז אמת. דאָס איז דער יסוד פון אַלץ.

„אַז עס איז דאָ אמת, איז פאַראַן שלום.

„דורך אמת וועלען מיר דערגרייכען דעם קץ.

„אמת איז דער דערלייזער פון אַלע צרות...

„דער אמת איז איינס. אויב מ׳זאָגט אויף זילבערנע כלים, אַז זיי זענען זילבערנע, איז עס דער איינציגער אמת. אויב אָבער איינער וויל זאָגען, קאָן ער זאָגען, אַז די כלים זענען גאָלדענע אָדער קופּערנע. דאָס מיינט, אַז די ליגענס זענען פיל.

„דער שקר האַלט אָפּ די ישועה.

„און זייט וויסען," האָט ער ווייטער געזאָגט, „אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט קריגעריי. עס גייען אָן קריגערייען צווישען די אומות העולם, צווישען איין שטאָט און דער אַנדערער, צווישען שכנים, צווישען מאַן און ווייב, צווישען באַלעבאָטים און די, וואָס אַרבעטען פאַר זיי. קיינער פון זיי גיט נישט אַ טראַכט, אַז דער מענטש שטאַרבט דאָך יעדען טאָג; אַז דער טאָג, וואָס איז פאַרגאַנגען, וועט זיך מער נישט אומקערען; אַז מיט יעדען טאָג דערנענטערט זיך דער מענטש צום טויט.

„דער מענטש אויף דער וועלט איז ווי ער וואָלט זיך געפונען אינמיטען ים און געהאַנגען אויף אַ האָר, און אַרום אים וואָלט געבושעוועט אַ שרעקליכער שטורעם...

„און זייט וויסען, אַז דער מענטש דאַרף דורכ׳ן לעבען דורכגיין אַ זעהר ענגע בריק..."

ר׳ נחמנ׳ס קול האָט זיך אָפּגעהאַקט. ער איז געלעגען אַ וויַיל מיט אָפענע אויגען, אַנשטעלענדיג זיינע בליקען אין חלל. ביסלעכווייז האָבען זיינע ווייעס גענומען קלעפּען און זיך שליסען. די חסידים זענען אַלץ נישט אָפּגעטראָטען. דער נאָענטסטער פון זיינע חסידים — ר׳ נתן, וואָס האָט דעם רבי׳ן נישט פאַרלאָזען בייטאָג און בייינאַכט, — האָט אַ זאָג געטאָן שטיל:

„פאַרלאָזט דאָס חדר... דער רבי איז מיד. ער איז איינגעשלאָפען."

די חסידים האָבען געפאָלגט. זיי זענען אַרויס אויף די שפּיצ-

פינגער, דורכגענומענע פון די רייד, וואָס זיי האָבן געהערט. דער איינציגער, וואָס איז געבליבן אין רבינ׳ס חדר, איז געווער ר׳ נתן. ער איז געזעסן אין אַ ווינקעל מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ. דאָס האָט אָנגעהאַלטן לאַנג . . . מיטאַמאָל האָט ר׳ נתן דערהערט, אַז דער רבי נעמט זיך באַוועגן אין בעטעל. ער האָט אויך געזען ווי ר׳ נחמן זעצט זיך אויף, אָנלענענדיג זיך אויפ׳ן קישען.

„נתן, ביסט דאָ?״ האָט ר׳ נחמן אויסגערופען.

„יאָ רבי, איך בין דאָ!״ — ער איז באַלד אויסגעוואַקסען בײַם בעטעל.

„נתן, איך האָב געמאַכט אַ טעות . . .״ האָט ר׳ נחמן אַ זאָג געטאָן.

„וואָס מיינט איר, רבי?״

„איך מיין די נסיעה מיינע . . . איך האָב געדענקט, אַז איך דאַרף זיך שוין קלייבען אין וועג. איך בין געווען גרייט. אָבער הקדוש ברוך הוא האָט אָפּגעלייגט מיין נסיעה . . . ס׳איז נאָך נישט געקו־מען די צייט . . .״

„רבי! רבי! — האָט נתן אויסגערופען מיט אַ פאַרשטיקט קול. ס׳זענען געווען אויסגעשרייען פון פרייד. דאָס קול איז אים אָבער געבליבען הענגען אין האַלז.

„מיר וועלען אָבער דאַרפען מאַכען אַן אַנדער נסיעה . . .״ — האָבען זיך ווידער דערהערט ר׳ נחמנ׳ס רייד.

„וואוהין, רבי?״

„קיין לעמבערג . . . איך וויל פאָרען קיין לעמבערג . . . .״

נתן האָט ווייטער גאָר און גאָרנישט געזאָגט. ס׳איז געווען גע־נוג, אַז דער רבי וויל פאָרען; אַז זיינע כחות טראָגען אים צו מאַכען די נסיעה; אַז ער וועט ווידער אומגיין אויף די פיס; אַז דאָס ליכט, וואָס ציט זיך פון אים, שטראַלט זיך פאַנאַנדער ווי די פרילינג זון, ווען זי גייט אויף איר די פרימאָרגענס, און וועט ווידער באַלויכטען די וועלט . . .

# רייזע בלעטלאך

## ביי הערצל׳ס קבר אויפ׳ן ווינער בית עולם

### 1

אַ מחנה פון עטליכע צענדליג זיינען מיר געווען — ווען אין אַ גרוי־אַסיענדיגען פרימאָרגען האָבען מיר זיך דערשלאָגען צו די טויערען פון דער אַלטער, אַמאָליגער, האַבסבורגישער וויען.

פון פאַרשיידענע ערטער זיינען מיר פאַרוואָגעלט געוואָרען, דאָס רוב פון דער רוסישער „טשערטאַ״, וואו בלוטיגע פּאָגראָמען־כוואַליעס האָבען זיך געטראָגען. געווען אָבער אויך צווישען אונז אידען פון קאַווקאַז, מיט טשערקעסישער דראַטעוודיגקייט אין באַנעם און גאַנג, איינער אַ פּערסישער איד מיט קויליגע אויגען, אַ צווייטער פון טורקעסטאַן, וואָס האָט גערעדט אַ רווישיג־רייש׳יגען רוסיש ; אַ טאַטע און אַ זון פון ווייטען, שנייאיגען זאַבאַיקאַל. אַלע אינאיינעם אַ מין רוסישער קבוץ־גליות אין מיניאַטור, וואָס האָט זיך צונויפגעטראָפען אויף דער ערד און אונטער׳ן הימעל, וואו פראַנץ יאָזעף איז געווען קייזער.

וואָכען און חדשים האָבען מיר אומגעוואָגעלט ווי ציגיינער איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון גאַליציע, אין אַלערליי שטעטלעך און שטעט זיך אויסגעוואַלגערט. אָט האָבען מיר זיך אָבער שוין דערשלעפּט קיין קראָקע. און אָט האָבען מיר שוין אויך, יענעם גרוי־אַסיענדיגען פרימאָרגען דערשלעפּט זיך קיין וויען.

קיין וויען, וואו איבער׳ן האַפּבורג האָט נאָך שטאָלץ געפלאַטערט די פאָן מיט׳ן צווייקעפּיגען, שוואַרצען אָדלער, וואו יעדען פרימאָרגען האָט מען ביים אויפשאַלען פון טרומייטען געביטען די קייזערליכע וואַך, און אויפ׳ן באַלקאָן האָט זיך באַוויזען די געשטאַלט פון אַן אַלטען מאַן מיט באַקענבערד, באַטראַכט מיט שטאָליג־גרויע אויגען די סאָלדאַטען, דעם פאַרזאַמעלטען עולם, די שפּיצען פון דער סט. סטעפאַניע קאַטעדראַלע, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשניטען.

די שטאָט איז גאָר געלעגען אַ שלאָפעדיגע. ס׳האָט ערשט גענומען זשאַריען אויף טאָג. אַ דריבנער רעגענדעל האָט געמראַטשעט. דאָ און דאָרטען האָבען גאַסענלאַמטערנס נאָך אויפגעטויכט מיט זייערע גרינגע פייערען, אָפּגעשלאָגען אַ פּאַס פייער־אָפּגלאַנץ אויף דעם נאַסען ברוק. די בריקען איבער דעם דאַנוי זיינען ווי געהאַנגען אין דער לופטען. די לאַמטערנס איבער זיי אויך אַזעלכע לופטיגע,

ווי זיי וואָלטען פון די וואָלקענס זיך אַרונטערגעלאָזען. זייער ליכט-גרינע, ווינקענדיגע אויגען, ווי פון אויסטערלישע מאָנסטערס, וואָס ראַיען זיך אין די נעפּלען.

זיינען מיר, די מחנה פון עטליכע צענדליג וואָגלער געבליבען אַזוי שטיין יענעם פריען, גרוי-אָסיענדיג פרימאָרגען, אין דער מיט פון דער גרויסער, פרעמדער שטאָט און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, וואו צו גיין.

מיר האָבען געוואוסט, אַז מיר דאַרפען גיין צו דער „איקא“, אַזוי האָט מען אונז געראַטען אין קראָקע. ניט פאַר אַלע איז געווען קלאָר, וואָס די „איקא“ איז אַזוינס, און וואָס דאָרטען וועט אונז דערוואַרטען. געניטע מענשען האָבען אָבער געזאָגט: „די „איקא“ גיט זיך אָפּ מיט העלפען רוסישע אימיגראַנטען . . . דאָרטען איז פאַראַן איינער, וואָס הייסט דר. קאַמינקע און ער איז דער ממונה אויף דעם . . . “

דר. קאַמינקע?.. דר. קאַמינקע?.. מיר, דעם אינגסטען אין דער מחנה, דעם אינגעל צווישען די אַלע פאַר׳צרה׳טע, פאַרעלטערטע וואַנדערער, איז דער נאָמען דר. קאַמינקע ניט געווען פרעמד. האָט ער, דר. אהרן קאַמינקע, ניט געשריבען אַמאָל אין אחד העם׳ס „השלח“? צי אין ראובן ברייניג׳ס „ממזרח ומערב“? אָדער אפשר גאָר אין סאָקאָלאָוו׳ס „האסיף“? מיר איז ניט געווען אינגאַנצען קלאָר, ס׳האָט זיך מיר אָבער געבאַמבעלט אין מח דער נאָמען דר. קאַמינקע, ס׳האָבען זיך אויך געפּלאָנטערט אין מיין אינגעלשען זכרון שטיקער פּאָעזיע, וואָס דער דאָזיגער דר. קאַמינקע האָט איבערגעזעצט אין העברעאיש פון גריכיש, לאַטיין, אָדער אפשר גאָר סאַנסקריט.

איז דאָס פאַר מיר געווען גענוג. איך האָב געדאַרפט ניט מער ווי עפּעס אַ באַריר-פונקט, וואָס קאָן זיין בעסער פון העברעאיש, העברעאישע ליטעראַטור? כ׳האָב עס דערקלערט די אַנדערע. זיי זיינען געשטאַנען ווי פאַרלאָרענע שאָף אויף אַ רעגענדיג פעלד. געשטאַנען בלינדע, צונויפגעהויערטע, באַטראַכט די פרעמדע, גרויסע שטאָט, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי פאַרשלאָסען-אומהיימליך מיט אירע אָסיענדיגע נעפּלען און גרינע מאָנסטער-פייערען.

## 2

די טירען פון דער ביוראָ פון דער „איקא“ האָבען זיך ניט געעפענט פאַר צען. מיר זיינען אָנגעקומען קיין וויען פאַרטאָג, אַרום פינף-זעקס. וואו-זשע טוט מען זיך דערווייל אַהין?

האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס האָט די גאַנצע צייט מיין אינגעלש געמיט געצונדען, קיין רו מיר ניט געגעבען די גאַנצע צייט

וואָס איך האָב געטראַכט, אַז אָט־אָט און איך וועל זיך דערזען אין דער שטאָט ווין.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אָן הערצל׳ס קבר. האָב איך אַ זאָג־געטאָן צו די אַנדערע:

— ווייסט איר גאָר וואָס? לאָמיר גיין צוערשט צום קבר פון דר. הערצל.

— צום קבר פון דר. הערצל?

— יאָ, צום קבר פון דר. הערצל! — האָב איך אויסגערופן . . .

— וואָס שפּעטער וועט מיט אונז זיין, ווייסען מיר ניט . . . דאָס איז דערווייל אונזער לעצטער אָפּשטעל, שפּעטער וועלען מיר זיך צעגיין, יעדער אויף זיין וועג, ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין אַרגענטינע, ווער קיין ארץ־ישראל, איצט זיינען מיר אינאיינעם, טאָ לאָמיר טאַקע אַלע אינאיינעם גיין צום קבר פון דר. הערצל.

אָט אַזוי האָב איך גערעדט צו דער מחנה צונויפגעהויערבעטע מענשען יענעם גרוי־אָסיענדיג פרי־מאָרגען ווען ווין האָט ערשט גענומען אויפמאַכען די אויגען.

זיינען מיר אַוועק צום „פרידהאָף״, צום בית עולם, וואו דאָס שטאַרבליכע אין הערצל׳ען ליגט אונטער שטויב און שטיין. דאָס איז ניט געווען אַזוי גרינג, וואָרים מיר האָבען ניט געוואוסט דעם וועג, ניט געוואוסט אפילו דעם נאָמען פון בית עולם וואו הערצל ליגט. מיר האָבען זיך אָבער דערפרעגט.

דער וועג איז געווען אַ לאַנג־לאַנגער. ווען מיר האָבען דעם „פרידהאָף״ דערגרייכט זיינען מיר געווען טויט־מידע. דער טאָג איז שוין אויפגעגאַנגען. דאָס איינעסענדיגע רעגענדעל האָט אויפגע־הערט. אַ קאַלטער ווינט האָט געבראַכט דעם ריח פון צעווייקטע, אָסיענדיג גראָז און גיך די וואָלקענס צעיאָגט. אַ זון האָט זיך גע־נומען אַרויסשיילען. ס׳האָט צוגעזאָגט אויף אַ טאָג פון זאַפראַן־גאָל־דינער, אָסיענדיגער פּראַכט.

ס׳האָט זיך באַוויזען דער בית עולם־וועכטער מיט די שווערע שליסלען. ער האָט אָפּגעמאָסטען די טשודנע מחנה, באַטראַכט זייערע אויסגעמאַטערטע פּנים׳ער און אָפּגעטראָגענע קליידער מיט אַלטע, ברוגז׳ע אויגען. באַלד האָט אָבער גענומען זיך עפּעס דורכ־שלאָגען אויף זיין צעקארבט, ערדיג פּנים אַ מין ווייכקייט אַזאַ, ווי די זון וואָס האָט די וואָלקענס דורכגעשפּיזעלט. ער האָט אָהן רייד אויפגעעפענט די שווערע, אייזערנע טויערען און אונז אַריינגעלאָזען.

זיינען מיר געבליבען שטיין ביי הערצעל׳ס קבר. מיר האָבען אַרומגערינגעלט אין האַלב־קרייז די נידעריגע, באַשיידענע מצבה מיט דער אייזערנער אָפּצאַמונג אַרום איר. האַרט ביי אַ שטיינערנעם פּאַרקאַן געפינט זיך דער קבר פון אונזער באַפרייער, ניט ווייט פון

אריינגאַנג. מ׳פאַרנעמט זיך ביים טויער אויף אַ שמאָלער סטעזש־קע מיט דין־שפּיציגע, ווייסע שטיינדלעך אונטער די פיס. מ׳גייט פאַרביי עטליכע קברים. אַ הויכע מצבה וואַקסט אויס אין מיטען־דערינען, אַ מצבה פון מירמעלשטיין, אַ פיגור איז אויסגעהאַקט אין אַ זיצענדיגער פּאָזע. די אויפשריפט דערציילט, אַז דאָס איז עפּעס אַ געהיימער האָפראַטה. באַלד נאָך אָט דעם מאָנומענט — דער באַשיידענער קבר פון אונזער באַפרייער, אַ פּשוט׳ער שטיין, אַרומ־גערינגעלט מיט אייזערנע שטאַכעטלעך. אויף דעם שטיין די פּשוט׳ע, גאַנץ באַשיידענע ווערטער בנימין זאב. דאָס אַלץ און ניט מער. אין די שפּאַלטען אַרום דעם קבר, אין דער דערבייאיגער וואַנט, האָ־בען מענשען אַוועקגעלייגט קוויטלעך, ווי אויף די קברים פון הייליגע, קוויטלעך פון מענשען פון גאָר דער וועלט, פון אידען פון אַלע לענ־דער, וואָס האָבען אויף זייער וואַנדערוועג אין ווין זיך אָפּגעשטעלט, געקומען צום קבר פון אונזער באַפרייער טרייסט זוכען, האָפנונג אויפשלאָגען. דער גאַנצער קבר איז מיט אָט די קוויטלעך פאַר־זייט, פון יעדער שפּאַלט און קאַרב קוקען זיי אַרויס, דער געבעט און די האָפענונג פון אַ גאַנץ פאָלק שרייט דורך זיי אַרויס.

## 3

הערצל׳ס גייסט האָט געלעבט אין ווין, ווי ער אַליין וואָלט נאָך אומגעגאַנגען איבער אירע גאַסען, באַגלייט שטענדיג פון דער גע־היימער וואַך פון „קדימה״־סטודענטען, וואָס האָט קיין אויג פון אים ניט אָפּגעלאָזען.

צי זיין אלמנה האָט נאָך דעמאָלט געלעבט — געדענק איך ניט. אויב יאָ, האָט מען זי אין ערגעץ ניט געזען. נאָך הערצל׳ס טויט האָט זי זיך נאָך מער איינגעשלאָסען אין איר אייגענער וועלט. זי האָט ביז איר טויט ניט געקאָנט מוחל זיין די ציוניסטען, וואָס האָבען ביי איר אַוועקגענומען איר מאַן. זי האָט אויך, און אפשר ניט אָהן רעכט, געהאַלטען זיי פאַראַנטוואָרטליך, וואָס איר מאַן איז אַזוי פרי־צייטיג אַוועק פון דער וועלט.

דערפאַר אָבער האָב איך געזען טרודע׳ן און האַנס׳ן. זיי זיינען ביידע געקומען צו אַ פאַרזאַמלונג פון ווינער ציוניסטען. זיי זיינען געזעסען אויף דער נידעריגער, אימפּראָוויזירטער בינע. דער פאַר־זיצער, אינזשעניר קרעמענעצקי, האָט אָנגעוויזען דעם עולם אויף זיי. טרודע, אַ בלאַסע, אַ ציטריג־איידעלע, אין אַ טונקעל קלייד, וואָס האָט נאָך שאַרפער אַרויסגעבראַכט די בלאַסקייט פון איר מאָגער, לענגליך פּנים. האַנס, דער שפּעטער טראַגישער האַנס, נאָך גאָר אַ אינגעל, מיט גרויסע, דערשראָקענע אויגען, ווי ער וואָלט שוין דעמאָלט געזען דעם אָפּגרונט, וואָס דער גרויליגער פאַטום האָט פאַר

אים שפּעטער אויפגעריסען.

„די וועלט” איז גאָר ארויסגעגאנגען אין „טירקענשטראסע נומער 9”—אַ נומער און אַ גאַס, וואָס זיינען אַ מאַרקשטיין אין אונזער גע־שיכטע. עטליכע מאָל איז מיר אויסגעקומען דאָרטען צו זיין. אָט אין די שטיל־שמאָלע, זייטיגע טירקענשטראַסע. אָט איז דאָס אַלטע הויז מיט דעם האַלב־אָפּגעריבענעם נומער 9 איבער די געלבליכע, אָפּגעקראָכענע, הילצערנע טויערען. איך עפען אַ טירעל, און בין אין אַ גרויסען הויף. כ׳הויב זיך אַרויף צום ערשטען שטאָק אויף אייזערנע טרעפּ, גיי דורך אַ טונקעלען קאָרידאָר און בין אין דער רעדאַקציע פון דער „וועלט.” אָט פון די פּאָר צימערלעך מיט זייערע אָרימע שרייבטישען און אָנגעוואָרפענע צייטונגען און זשורנאַלען האָט זיך געטראָגען דער רוף צו אויפלעבונג איבער אַלע עקען וועלט. דאָ האָט הערצל די האָפענונג פון אַ פאָלק איבערגעשאַצט און אויסגעשמידט.

הערצל׳ס אַרבעטס־צימער איז נאָך געשטאַנען אומבאַרירט. זיין שרייב־טיש און שטול, די ביכער אין די שאַפעס, די בילדער אויף די ווענט, דאָס שרייב־געצייג. צו אָט דעם צימער האָבען אידען פון דער גאַנצער וועלט זיך געצויגען. מיט יאָרען שפּעטער האָב איך ווידער געזען אָט דעם צימער. דאָס מאָל שוין ניט אין ווין, נאָר אין ירושלים, וואוהין מען האָט אַריבערגעפירט אַלץ וואָס האָט באַלאַנגט צו הערצל׳ען.

אַלץ—אָבער ניט הערצל׳ען אַליין. אים, דעם באַפרייער אונזערן, האָט מען געלאָזען אַליין אויפ׳ן ווינער בית־עולם. זיין צוואה — מען זאָל זיינע ביינער אַריבערפירען אין זיין, אין אונזער אַלט־ניי־לאַנד — האָט מען נישט אויסגעפירט . . .

איצט, אין דער פאַרבלוטיגטער, פאַרגוואַלדיגטער היטלער־ווין, — ווער ווייסט וואָס עס וועט ווערען פון הערצל׳ס קבר ?

די טעג און נעכט אין אַלט־ווין האָבען זיך געוויקעלט, פאַנאַנ־דערגעשפּונט ווי די ווייכע, וויגענדיגע מעלאָדיע פון אַ שטרוים־וואַלץ. טעג און נעכט אויף די גאַסען און בולוואַרען, ביי די ברעגען פון דער דאָנאַו. אירע וואַסערען, געל־מוטנע, טראָגען זיך דורך דער אַלטער שטאָט, לויפען אַוועק העט־ווייט, ביז צו די פליינען פון אונגאַרן. לייגט זיך דער הימעל, אַ בלויער, אומבאַפלעקטער, נידעריג־נידעריג, און די געל־מוטנעקייט ווערט איבערגעגאָסען אין פיאָלעט־בלוי.

טעג און נעכט אין די קאַפע־הייזער. אינעווייניג ביי די צעעפענ־טע שפּיגעל־פענסטער, וואָס קוקען אַרויס אויף די גאַסען און בול־וואַרען, אָדער אויף די וועראַנדעס אין שאָטען פון ביימער און בלומען. די „שאַלע־ווייס” שוימט אין דער טאַסע, אַזוי שוימט אויך דער מענ־שען־פּאַראַד, וואָס ציט דורך, שטענדיג אַ יום־טוב׳דיג געמיטליכער,

ניט געאײַלט, פּאַמעלעך, װי די לופט, די גאַסן און בולװאַרן, די מענטשן, דאָס גאַנצע לעבן אַרום — אַלץ װאָלט געװען אַלט־אַלטער װין, װאָס מ׳זופּט טראָפּנװײַז, ניט געאײַלטע, פּאַמעלעכדיקע זופּן, ס׳זאָל לענגער בלײַבן דער אַראָמאַט אין מויל.

די טעג און נעכט אין אַלט־װין, װען פֿראַנץ יאָזעף האָט זיך נאָך באַװיזן אין די פּרימאַרגענס אויפֿ׳ן באַלקאָן אין האַפּסבורג, באַטראַכט מיט גרוי־שמאָליקע אויגן דעם װאַך־איבערבײַט, דעם פֿאַרזאַמעלטן עולם, די שפּיצן פֿון דער סאַנקט־סטעפֿאַניע, װאָס האָט זיך אַרויסגעשניטן מיט אירע גאָטישע פֿאָרמען.

## 4

זײַט־בײַ־זײַט מיט׳ן גאָלף־שטראָם פֿון װינער־לעבן, אינמיטן פֿון דער מילד־זוניקער געמיטלעכקײַט האָט זיך געטראָגן דער אידישער שטראָם, געטראָגן זיך אין „צװײַטן בעצירק" קאָכיק־אינטענסיװ, אין די אַנדערע שטאָט־טײלן, װאו די רײַכע אַסימילאַנטן האָבן זיך פֿאַרקליבן, — קאַלט און שטיל, װי די מאָגערע װאַסערן אויף די רעדער פֿון אַ פֿאַרלאָזטער מיל.

װען איך בין אָנגעקומען קײן װין, האָט, אויב מײַן זכרון פֿאַרפֿירט מיך ניט, דער אַלטער ראַבינער דר. נידעמאַן נאָך געהאַלטן אָנגעשטעלט זײַנע קאַנאָנען אויף דער פֿעסטונג פֿון ציוניזם.

די פֿעסטונג איז ניט געװען באַזונדערס שטאַרק יענע יאָרן, האָט מען ניט געדאַרפֿט זײַן קײן גרויסער שיסער. ס׳איז געװען נאָך הערצעל׳ס טויט און דער טרויער איז נאָך געװען פֿריש. װאָלפֿסאָן איז געשטאַנען בײַם רודער. ער איז געװען אַ פּערזענלעכקײַט, אָבער ניט הערצעל, פּונקט װי די אַנדערע נאָך איהם זײַנען ניט הערצעל. אײניקע — אַפֿילו ניט הערצעל׳ס שאָטן...

כ׳האָב געזעהן װאָלפֿסאָנ׳ען אין װין. ער האָט גערעדט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, טאַקע אין צװײַטן באַצירק. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ קלוגען, סוחרי׳שען שמײכעל, אַ ברײטען סוחר׳ישען זשעסט. ער האָט אָבער אויך געקאָנט זיך אָנצינדען, צעפֿלאַקערן זיך אין אַ מין חסידישע התלהבות, גאָר ניט מעשה סוחר. דאָס האָט שוין דער מזרח־איד גענומען די אויבערהאַנט איבער דעם דײַטשען קאָמערסאַנט.

און װיען, די שטאָט פֿון דר. בלאָך און „בלאָכ׳ס װאָכענשריפֿט."

אין אַ שבת אָװענט פֿלעגט ער זיך אַרײַנכאַפּן אין אַ קאַפֿע אויף טאַבאָר שטראַסע. ער איז באַלד אַרומגערינגעלט געװאָרן פֿון נאָהענטע מענטשן, יעדער פֿון זײ מיט אַ פֿרישען נומער „בלאָכ׳ס װאָכענשריפֿט" אין קעשענע. דער ליבער דאָקטער האָט גערעדט און די אַנדערע האָבן איהם געקוקט אין מויל. ער האָט דערצעהלט פֿון

פּאַרלאַמענט, פּאַרטרויט אַ פּאָר סודות וועגן דער רעגירונגס־אָפּאָזיציע, פאַרוואָרפן אַ וואָרט וועגן די טשעכן, קראָאַטן, סלאָוואַקן און די אַנדערע עטליכע מנינים נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט ווי צונויפגעשטוקעוועטע, פאַרביגע לאַטעס איבער דער „משוגע׳נער קאָלדרע,״ וואָס האָט געהייסן עסטרייך־אונגאַרישע אימפּעריע.

אין אַן אַנדער קאַפּע, אויך אויף טאַבאַר שטראַסע, האָט גע־פּראַוועט אַ טיש דר. נתן בירנבוים. ער האָט שוין דעמאָלט געוואָרפן אַ הענטשקע אין פּנים פון דער אידישער וועלט מיט זיין שטאָלץ־אַרויספאָדערנדיגען „מתתיהו אחר.״

אָט שטעהט ער פאַר מיינע אויגען דער דעמאָלט־נאָך־יונגער דר. נתן בירנבוים — דאָס פּנים אויליג־טונקעל ווי ביי אַ פּאַלאַש; די אויגען אונטער די אָנגערוקטע, געדיכטע ברעמען האָבן זיך געצונדען דורך די דיקע ברילען ווי ליכט אין אַ לאַמטערן; די באָרד שוואַרץ־שוואַרצע מיט אַ בלוילעכען אָפּגלאַנץ. ער אַליין—אַ קוועקזילבערדיגער, די הענט אומטאַנצענדיגע, ווי זיינע פינגער וואָלטען אומגעלאָפען איבער די קלאַווישען פון אַ פּיאַנאָ. די רייד, וואָס זיינען געקומען פון זיינע ליפּן, אַזעלכע גערייצטע.

ער, דר. בירנבוים, האָט נאָך דעמאָלט ניט פאַרגעסען זיין כעס אויף הערצל׳ען. ווען מ׳האָט הערצל׳ס נאָמען דערמאָנט, האָבען זיינע ליפּען זיך איבערגעקרימט, געמאַכט אַ גרימאַסע. ער האָט אָבער ניט אויסגעדריקט אין ווערטער, וואָס ער האָט געדענקט. האָבען דאָך הערצל׳ס ביינער שוין גערוהט אויפ׳ן בית־עולם. גערעדט האָט ער וועגען איבסען און אידישער ליטעראַטור. ער האָט זיך שוין גענומען אויפ׳ן וועג פון פאָלקישקייט און אידיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך.

ווען איך האָב מיט יאָהרען שפּעטער דערמאָנט בירנבוים׳ען אָן יענע צייטען, בשעת ער איז געקומען אַהער מיט אַ דעלעגאַציע פון דער „אגודת ישראל״, האָט ער געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע, אַ פּאָך־געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטען, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט אַוועקטרייבען, אַ פליג אַ געהיימע, וואָס נאָר ער האָט געזעהן.

און אָט איז פּאַסמאַניק, ער, דר. פּאַסמאַניק, וואָס האָט אַזוי מיאוסטראַגיש פאַרענדיגט זיין לעבען. ווען איך האָב איהם באַגעגענט אין וויען, האָט ער ערשט גענומען אויסשמידען דעם פּועלי־ציוניזם, ווי ער האָט איהם פאָרמולירט. ער האָט געהאַלטען פאָרטראַגען אין קליינעם לאָקאַל פון די ווינער פּועלי־ציון. דער לאָקאַל איז געווען שטענדיג געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ, ווען דר. פּאַסמאַניק איז אויפגע־טראָטען. ער פלעגט קומען אין צילינדער און אַ שוואַרצע פּעלערינע מיט אַ גלאַנציג־זיידענעם אונטערשלאַק. ער אַליין — אַ דינער, אַ בויגיגער, דאָס פּנים מיט דער צעפּלאַטשטער נאָז, ווי ביי אַ בושמען,

אַזוי אויך דאָס מיטעלע, געדיכטע בערדעל. דאָס איינציג שעהנע אין איהם — די אויגען, גרויסע, ווי שיסלען מיט אייל, אין וועלכע קנייטשען צינדען זיך, דער פלאַם אַן אומהיימליכער.

ווער האָט זיך דעמאָלט געקאָנט מאָלען, אַז אָט דער מענש וועט האָבען אַזאַ סוף? מ'האָט זיך אַ סך זאַכען, וואָס זיינען שפּעטער געשעהן, דעמאָלט ניט געקאָנט מאָלען, ווי אַ שטייגער, טאַקע דעם חורבן און סוף פון אַלט-וויען.

שפּעטער איז געקומען באַרוכאַוו. אים האָב איך געטראָפען אין דער סטודענטען-קיך מיט קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי. אין די אָוועגטען האָט מען זיך פאַרקליבען אין אַ קליינער, ווינקעלדיגער קאַפע ניט ווייט פון דעם אוניווערזיטעט. מ'איז געזעסען ביז כאור. מ'האָט געזופט קאַווע אָדער „שפּריץ" און איינגעהערט זיך די מעשיות פון אַן אַלטען, משיקאַווען ווינער תושב, וועמעס נאָמען איך האָב פאַרגעסען. איך געדענק נאָר זיינע לאַנגע געלבליך-ווייסע לאָקען, וואָס זיינען אים געפאַלען איבער די אַקסלען, זיינע פאַרברוינטע טאַבאַק פינגער און ציין, דאָס לענגליכע, שיטערע בערדעל און זיין הייזעריג קול.

דער עיקר אָבער געדענק איך זיינע טשיקאַווע מעשיות. ער האָט יעדען געקענט אין וויען. ער האָט אָנגעהויבען מיט פּרץ בן משה סמאָלענסקין און פאַרענדיגט מיט הערצל'ען. „ס'איז שוין באַשערט, אַז גראָד פון דער אַסימילאַנטישער וויען זאָל אויפגעהן דאָס ליכט, „כי מוויען תצא" — אָט אַזוי האָט ער אָנגעהויבען, צוערשט סמאָלענ-סקי'ן, וואָס האָט גראָד אין וויען, פון אַלע שטעט אין דער וועלט, אַרויסגעגעבען דעם „השחר" און גערופען דאָס אידישע פאָלק צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. דערנאָך הערצל. ווען ניט סמאָלענסקין ווער ווייסט, צי ס'וואָלט געווען מעגליך, אַז עס זאָל זיך באַווייזען הערצל...

דער איד האָט אויך דערציילט טשיקאַווע מעשיות פון זיין פריינט אָשר ברוידעס. ער איז געווען שטאַלץ אויף דער פריינטשאַפט, כאָטש ער האָט אויך געהאַט טענות צו ברוידעס'ן, פאַרוואָס ער האָט געטרונקען. „ער האָט דערטרונקען זיין טאַלאַנט אין שנאַפּס," האָט ברוידעס'עס פריינט זיך באַקלאָגט. „יאָ, דאָ אין וויען האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים די שכינה, ניט געקאָנט מער אָנשרייבען אַ צווייטען „הדת והחיים," עד..."

און ווינער טעמפּלען און שוהלען און ווינטער קאָנטאָרען. ווינער גבירים, ווינער משומדים, די ווינער געמיינדע. די שטאָט, וואָס האָט שוין אין זעכצענטען יאָרהונדערט געהאַט אַ אידישען באַנקיר — אָפּענהיימער — וואָס האָט געהאָלפען מאַכען וויען פאַר דעם פינאַנץ-נערוו פון מיטעל-אייראָפּע.

ווען איך בין מיט אַ יאָר אַכט צוריק געקומען אַ צווייטען מאָל

קיין וויען, דאָס מאָל פון אַמעריקע, האָב איך די שטאָט דערזען אין איר טרויער און אָוועגט-אונטערגאַנג, אַ בלייכע, אַן אויסגעמאַטערטע, ווי דורך טונקעלען טויל, אָבער נאָך אַלץ אַן אינטריגירנדיג-שעהנע, אַ מין שווינדזיכטיגע שעהנהייט, וואָס גיהט אָפּ אין בלוט, צינדט זיך אין לעצטען פלאַם, לעשט זיך אין כשוף׳דיגער שקיעה.

דער דור, וואָס איך האָב אין 1906 פאַרכאַפּט, איז שוין מעהר ניט געווען. נתן בירנבוים האָט זיך אָפּגעזונדערט אין טלית און תפילין אין אַ ווינקעל אין האַמבורג. הערצל׳ס חברים — כמעט אַלע אויף יענער-וועלט. דעם איינציג-לעבעדיגען, וואָס איך האָב באַגעגענט, דר. שאַליט, האָב איך קוים דערקענט. אין 1906 — אַ זעקס-פוסיגער, גריכישער אַטלעט, אַ פּרינצליכע שעהנקייט האָט פון איהם אָפּגעשלאָגען. ביי דער צווייטער באַגעגעניש האָב איך דערזעהן אַ זקן.

דער איינציגער, וואָס האָט נאָך געפּראַוועט אָנהאַלטען די אַמאָליגע ווינער טראַדיציע, איז געווען דער ברייט-פּלייציגער שטריקער. ער האָט געהאַט זיין טיש אין אַ קאַפע, וואו זיינע חסידים האָבען זיך אַרום איהם פאַרזאַמעלט. איז עס געווען אַן אָפּקומענער טיש, ווי די „טישען" פון די אַמאָליג-באַרימטע חסידישע רביים, דער טשאָרטקאָווער, הוסיאַטינער, בעיאַנער, וואָס זיינען פאַרוואָגעלט געוואָרען קיין וויען און געזוכט אויך דאָרטען אויפהאַלטען אַ „הויף."

איצט איז אָבער אויך אַט די וויען חרוב געוואָרען. היטלער׳ס בלוטיגע-אָפּצאַס האָט אויך די דאָזיגע וויען טעצטראָטען.

וויינט אין מיר דערפאַר דאָס האַרץ, ווען פאַר מיינע אויגען גיהען אויף מיינע אַמאָליגע טעג און נעכט אין דער וויען פון אַמאָל.

(9טער אַפּריל, 1938)

## די אַלטע אידישע פּאַריז

איך בין געגאַנגען זוכען פּאַריז, די אידישע, און זי געפונען אַ פאַרשלאָסענע. צונויפגעדריקטע, אין זיך-באַהאַלטענע, צווישען די קליינע, פייכטע געסלאַך, וואו טאָג און נאַכט פיהרען אַן אַ געראַנגעל און די נאַכט גיהט שטענדיג אַרום מיט זיגער-פּאַהנען. דער באַגריף „געהטאָ" איז געווען אויסגעוועבט פון דעם טראַגיש-פאַנטאַסטישען וואָס ביכער האָבען פאַר מיר געמאָלדען, און אונזער געשיכטע האָט מיר דערצעהלט. די אידישע געהטאָס פון מיטעל-אַלטער, די פינסטערע געסלאַך ערגעץ ביים עק פון שטאָדט אין פראַנקפורט, אַמסטערדאַם, מיט די מוירען וואָס האָבען זיי אַרומגעצאַמט און די טוירען וואָס האָבען זיי ביים זונען-אונטערגאַנג פאַרשלאָסען. איך האָב אָפטמאָל אין מיין געדאַנק זיך אַריבערגעטראָגען צווישען זיי, געלעבט מיט זייער מאַרטער-לעבען, דורכגעגאַנגען אַלע זייערע גריוולען, פאַרנומען

דעם „שמע ישראל״ פון אונזערע קדושים, וואס האט זיך איבער זיי געהערט. דאס ערשטע מאל וואס איך האב אבער געזעהן מיט די אויגען א „אידישע געהטא״ איז געווען אין פאריז. אט אזוי האט זי געמוזט אויסזעהן אין מיטעל-אלטער, אזוי האב איך זי מיר געמאהלען. געסלאך ווי פייכטע, פינסטערע היילען, איבער וועלכע עס שפרייט זיך א שמאלער הימעל-פאס, הייזער גרויע, צונויפגעגאסענע, האלב-פארזונקען אין דער ערד, אלטע הויפען מיט טויערן, ווי פעסטונגען און פארזשאווערטע באלקאנען, געוועלבלאך פון וועלכע ס׳קוקען ארויס בלאסע פנים׳ער און מידע אויגען, און די מענשען וואס געהן, שארען זיך ביי די וועגד, פארשווינדען אין פינסטערע קארידארען, באווייזען זיך זיך ווידער, קוקען זיך ארום, און לאזען זיך ווייטער געהן מיט טריט, שטילע און אומזיכערע.

פאריז, די אידישע, געפינט זיך אין אלט-אלטען טייל פון דער אלטער וועלטשטאדט. אלע געהטאס זיינען אייגענטליך אזוי. אן אלט פאלק ציעהט צו אלטקייט. די רייכע רוישיגע גאסען שרעקען, וועקען אומרוה: מען פיהלט זיך זיכערער דארט וואו ס׳איז שטיל, וואו די זון שיינט זעלטען, וואו מ׳קען ליגען אובאמערקט און ניטווארפען זיך אין די אויגען. אזוי איז עס געווען און אזוי איז עס אויך היינט.

די „ריוואלי-גאס״, די „טעמפעל-גאס״, די „גאס פון הייליגען אנטא-ניום״, די „גאס פון די שלעכטע אינגלאך״, דאס איז דער אנפאנגס-פונקט פון דער אלטער פאריז, דא און אין די גאסען וואס ליגען ארום „האטעל דע וויל״, האבען די פארצייטיגע סוחרים פוןביידע זייטען סעין, אנגעהויבען שמידען די געשיכטע פון דער וועלט שטאדט. וויפיעל בלוטיגע דראמאס דא האבען אפגעשפיעלט, וויפיעל היסטארישע גע-שטאלטען זיינען דא דורכגעגאנגען, און יעדער פון זיי האט אוועקגע-שטעלט זיין אומפארמעקטען שטעמפל אויף יעדער גאס און געסעלע, אויסגעהאקט זיין קאלירענדיגע פערזענליכקייט אין יעדער הויז, אין יעדען שטיין.

איהר געהט איבער די קרומע, פארפלאנטערטע געסלאך פון דער אידישער געהטא, און איהר פארנעמט די שטים פון הונדערטער דורות, גאנצע שטיקער געשיכטע טראגען זיך דורך ווי אין א פאנאראמא פאר אייערע אויגען. די געשיכטען פון אלט-פאריז און פון די פאריזער אידען, וואס האבען זיך פון די עלטסטע צייטען דארטען באזעצט און ניט איין טראגיש קאפיטעל מיט זייער בלוט דארטען אויפגעשריבען.

די היסטארישע געשטאלטען פון אלט פאריז — ווער קען זיי געדענגען און אויסרעכענען? זיי שלייכען זיך ארום האלב-לעגענדארע נאך פון דעם גרויען נעפעל פון זיבעטען יאהרהונדערט, ווען דער גוטער קעניג דאגאבערט איז געווען פראנקרייך׳ס הערשער, דער גוטער קעניג דאגאבערט, וועגען וועלכען יעדעם פראנצויזיש שול-קינד

וועט אייך אזוי פיעל שעהנע מעשה׳לאך דערצעהלען. ניט ווייט טרייבט דער שעהנער סעין זיינע כוואליעס, און ווען דער טאָג איז אַ ווינטיגער, דערטראָגט זיך אַהער זיין פייכטער הויך, און אָט אַרום דעם סעין האָבען די דאָזיגע געסלאַך אָנגעהויבען אויפשטעהן מיט דער אום־אָרדונג און פלאַנלאָזיקייט פון מיטעל־אַלטער. „טייכען זיינען וועגען וואָס באַוועגען זיך און ברענגען יעדען וואו ער וויל״, זאָגט ערגעץ פּאַסקאַל, און די פאַרמערס און סוחרים פון שאַמפּעין און בורגאַנדי, וואָס האָבען אויף דעם סעין געפיהרט זייער ווייץ און ווייץ, האָבען פון די דאָזיגע געסלאַך אַ קורצען שפּאַצירגאַנג פון דעם היינטיגען „האָטעל דע וויל״ (די הויפּט פאַריזער מוניציפּאַליטעט).

און איבער די דאָזיגע געסלאַך איז שפּעטער געגאַנגען דער הויכער, מוטיגער עטיען מאַרסעל, וואָס האָט געשפּילט אַזא ראָל אין דער געשיכטע פון אַלט־פּאַריז. עטיען מאַרסעל איז געווען דער פיהרער פון דער מעכטיגער „האַנס פּאַריזיען״, די גילדע פון סוחרים מיט וועלכער דער קעניג האָט זיך געמוזט רעכענען. ער איז געווען אַ מענש פון פאָלק, גע׳חלום׳ט פון פאָלקס־הערשאַפט אַ סך פריהער איידער די לאָזונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען זיך גענומען טראָגען אין דער לופט. און אָט האָבען אין אַ פריהמאָרגען פון זיבעצענטען יאָהר־הונדערט אויפגעקלונגען די גלאָקען פון נאָטרדאַם פאַר־הילכט די לופט מיט זייער אויפברויזענדיגען קופּער. עטיען מאַרסעל און זיינע אָנהענגער האָבען זיך אַרויסגעשאָטען אין די טויזענדער אויף די גאַסען און געסלאַך פון און אַרום דער היינטיגער אידישער געהטאָ. יעדער פון זיי האָט געטראָגען אויפ׳ן הוט אַ רויט־בלויען באַנד, אַ צייכען פון גלויבען אין כח פון דער גילדע און פון פאָלק, זיי זיינען אַוועק צום קעניג׳ס הויף, געטראָפען איהם אַ דערשראָקענעם, אַ פאַר־לוירענעם, און עטיען מאַרסעל האָט איהם געצוואונגען אונטערצו־שרייבען אַ דעקרעט, לויט וועלכען סוחרים האָבען געהאַט דאָס זעלבע רעכט אין רעגירונגס־אַנגעלעגענהייטען ווי די נאָבעל־לייט, און אַז דער קעניג האָט זיך געדאַרפט באַראַטען מיט זיי אין אַלע זיינע האַנדלונגען. עטיען מאַרסעל האָט דערנאָך אפילו געטיילט דעם סוף פון אַ סך אַנדערע פריי־הייטס־קעמפער. דער מאָב וואָס האָט איהם פריהער גע־טראָגען אויף די הענד, האָט איהם דערנאָך דער׳הרג׳עט, צעהאַקט זיין קערפּער אויף שטיקער און זיין אָפּגעשניטענעם קאָפּ אויפגעהאָנגען אויף אַ קלאָץ ניט ווייט פון „האָטעל דע וויל״. זיין נאָמען איז אָבער אַ מייל־שטיין אין דער פראַנצויזישער געשיכטע. און ווען איהר געהט אַריין אין „האָטעל דע־וויל״ דערהויבט זיך פאַר אייך זיין מעכטיגע פיגור אויסגעהאַקט אין גראַניט.

ניט ווייט פון דער אידישער געהטאָ האָט אויך אַמאָל געוואוינט דאַנטאָן, ווען ער איז געקומען אַלס יונגערמאַן נאָך פּאַריז. ער פלעגט

זיך געהן באָדען יעדען זומער־טאָג אין נאָהענטען סעין, און ווען ער פלעגט אויפהויבען דעם קאָפּ פון וואסער און באַגעגענען זיך מיט די שווארצע גרויליכע טורעמס פון דער באַסטיל, איז די בלוט איהם געקומען אין פּנים אריין, און דורך פּאַרקריצטע ציינער האָט ער ארויס־גערעדט: „אָה, ווען איך זאָל שוין דערלעבען צו זעהן ווי די ווענד פון דער דאָזיגער פעסטונג פון טיראַניי ווערען אַרונטערגעריסען!" ער האָט עס דערלעבט.

און מיט וויפיעל אידישע לעגענדעס און היסטאָרישע געשעהענישן די געסלאַך פון דער אידישער געהעטאָ זיינען אָנגעפּיהלט! וויפיעל אידישען וועה־געשריי די ווענד פון זייערע כמורנע פינסטערע הייזלעך האָבען אין זיך איינגעזאַפּט. וויפיעל אידישע בלוט איז אויף די דאָזיגע קוויטיגע, שפּיציגע שטיינער פאַרגאָסען געוואָרען. אָט געפינט זיך אין דער געגענד די קירך, וואָס טראָגט דעם אויסטערלישען נאָמען „די קירך וואו יעזוס איז געקאָכט געוואָרען". דער דאָזיגער נאָמען איז פאַרבונדען מיט איינעם פון די טיפּישע מיטעלאַלטערליכע בלבולים, וואָס האָבען אַזוי פיעל אידישע לעבענס געקאָסט. שטעהט די קירך מיט איהר שטרענגען גאָטישען געבוי שוין עטליכע הונדערט יאָהר אַזוי. איהרע געשניצטע באַלקאָנען און שפּיצען זיינען שטומע, פינסטערע מאָנומענטען, וואָס רעדען צו אייך פון דעם מאַרטירער־טויט פון אַ אידען מיט דעם נאָמען יונתן. דאָס איז געווען אין צוועלפטער יאָהר־הונדערט, אין די צייטען ווען עס האָט געהערשט „פיליפּ דער שעהנער", וועלכער איז געווען אַ גרויסער צורר היהודים. דערצעהלט די קריסטליכע לעגענדע אַזאַ מעשה: ארום דער איצטיגער „טעמפּעל גאַס" האָט געוואוינט אַ איד יונתן. דער דאָזיגער איד האָט געליהען געלד צו אַ קריסטליכער פרוי און גענומען ביי איהר אַ משכון איהרע יום־טוב־דיגער קליידער. עס איז געקומען זייער פּאַסכאַ און די פרוי האָט געבעטען ביים אידען, אַז ער זאָל איהר געבען איהרע קליידער, כדי זי זאָל קענען געהן אין קירך. דער איד האָט זיי איהר געגעבען, אָבער בתנאי, אַז זי זאָל איהם ברענגען אַ שטיקעל פון דער „האָסטיע", וואָס דער גלח טיילט אויס, און וואָס טראָגט אין זיך, לויט זייער גלויבען, אַ טראָפּען פון קריסטוס'עס בלוט. די פרוי האָט איהם צוגעזאָגט און איהר צוזאָג דערפילט. און יונתן האָט צו זיך געזאָגט: איצט וועל איך זעהן אויב ס'איז אמת, אַז די „האָסטיע" האָט אין זיך קריסטוס'עס בלוט, ווי קריסטען באַהויפּטען. ער האָט גענומען אַ מעסערל און מיט דעם קלינגעל דורכגעשטאָכען עטליכע מאָל די „האָסטיע". בלוט האָט אָנגעהויבען שטראָמען, און דער ערשטוינטער איד האָט אריינגערופען זיין פרוי און קינדער, זיי זאָלען זעהן דאָס וואונדער. דערנאָך האָט ער אַריינגעשלאָגען אַ נאָגעל אין דער „האָסטיע" און מעהר בלוט האָט זיך אַ גאָס געטון. יונתן

האָט דערנאָך גענומען די „האָסטיע" און אַריינגעוואָרפן אין אַ ברענעדיגען אויוועז, און זי איז פון דאָרט אַרויסגעשפּרונגען אַ לעבעדיגע און אָנגעהויבען טאַנצען איבער'ן חדר. ער האָט דאַן די „האָסטיע" אַריינגעוואָרפען אין אַ הייסען קעסעל וואַסער. דאָס וואַסער איז געוואָרען רויט ווי בלוט און די „האָסטיע" איז ווידער אַרויסגע־שפּרונגען פון קעסעל ווי אַ לעבעדיגע. דערוויילי איז יונתן'ס אינגעל אַרויסגעלאָפען אין גאַס און אָנגעהויבען שרייען אויפ'ן קול: „איהר דיענט אומזיסט צו אייער גאָט, מיין פאָטער האָט איהם דער'הרג'עט."

די פרוי האָט זיך דערשראָקן, געכאַפּט די „האָסטיע" אין אַ הילצערנעם קעסטעל און אַוועקגעטראָגען עס צום גלח. דער פּאַריזער בישאָף איז געוואויר געוואָרען פון דער מעשה און ער האָט געלאָזט פאַרהאַפטען יונתן מיט זיין פרוי און קינדער. מען האָט זיי אַ לאַנגע צייט געפּייניגט אין דער פאָלטער־קאַמער און געצוואונגען זיי אָנצונעמען דעם קריסט־ליכען גלויבען. יונתן'ס פרוי און קינדער האָבען ניט געקענט אויס־האַלטען די פּייניגונגען און זיך אונטערגעגעבען, יונתן אָבער איז געבליבען געטריי זיין גאָט, און מען האָט איהם פאַרברענט אַ לעבעדי־גען ניט ווייט פון זיין הויז, אַרום דער איצטיגער טעמפּעל גאַס, וואו עס וועבט זיך אַריין דער געסלאַך־נעט פון דער היינטיגער „אידישער גהעטאָ."

געהט אַריין אין „מוזעי דע קלועי" וואָס געפינט זיך אין דער געגענד און איהר וועט זעהן דאָרט אַ גרויס, אַלט בילד, וואו דער קדושים־טויט פון יונתן איז פאַראייביגט אין פאַרבען. איך האָב לאַנג באַטראַכט דאָס דאָזיגע בילד אין דעם דונקעלען זאַאל פון „מוזעי קולעי" וואו דאָס ליכט פון טאָג זעהט זיך קאַרג דורך די געפאַרבטע קירכען פענסטער, און אַ טיעפער טרויער האָט מיך אַרומגענומען: אומעדום האָבען מיר אונזערע הייליגע בלוט־שפּורען געלאָזען . . . אומעדום וואו דו געהסט און פאָהרסט . . .

אָט געה איך פאַרביי אין דער געגענד פון די „פּעטי־פּאָן", די בריק וואָס פיהרט פון דער נאָטר־דאַם קאַטעדראַלע צו דער לינקען זייט פון סעין. איך קוק זיך איין אין די גרויע שטיינער, און מיר דוכט ווי איך וואָלט נאָך געזעהן אויף זיי דאָס בלוט פון די זיבען אידען, וואָס האָבען זי געבויט אין דרייצענטען יאָרהונדערט. אַ איד מיט'ן נאָמען דענים דעמייקאָוסט איז דענצמאָלט איבערגעגאַנגען צום קרים־טענטום. מיט אַ יאָהר שפּעטער איז ער פאַרשוואונדען און מען האָט ניט געוואוסט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען. באַלד האָט מען געמאַכט אַ בלבול אויף דער קליינער אידישער קהלה, וואָס האָט זיך דענצמאָלט געפונען אין פּאַריז, אַז זיי האָבען איהם דער'הרג'עט. פיער פון זיי זיינען פאַראורטיילט געוואָרען צו ווערען געשמיסען מיט אייזענערנע ריטער אויף די מאַרקט־פּלעצער פון שטאָדט אין פאַרלויף

פון פיער זונטאגס. אזעלכע מארק פלעצער האבען זיך דענצמאלט געפונען זיבען און צוואנציג. נאכדעם האבען די פיער אידען און אנ־דערע דריי באצהלט א שטראף פון אכטציג הונדערט קראנען מיט וועלכע מען האט איבערגעבויט די היינטיגע „פעטי פאן.“

און אין דער געגענד פון דער אידישער געהטא טראגען זיך אויך ארום די שאטענס פון אומשטערבליכע פראנצויזישע שריפטשטעלער, וואס האבען צו פארשיעדענע צייטען דארטען געלעבט. דער לוסטיגער געניאלער באנמארשע, דער באשעפער פון דער שפילעוודיגער „פיגא־רא׳ס חתונה“, וויקטאר הוגא, וועלכער האט דארטען געשאפען זיין „מאריע טודאר“, „רי־בלאז“, און האט אנגעהויבען זיין אונשטערבליכן „לע מיזעראבל“. דארט פלעגען קומען צו איהם די שטערן פון דער ראמאנטישער שול, אלפרעד וויני, מוסעי, אלעקסאנדער דיומא, און ראשעל, די געניאלע ראשעל, אונזער ראשעל, וואס האט דאס הארץ פון פראנקרייך מיט איהר קונסט געצונדען, די גרעסטע מענער ביי איהרע פיס געהאט. איהר פאטער, דער שווייצארישער אידישער גאסען־פידלער, פעליקס, האט דא מיט איהר געוואוינט, און איבער די דאזיגע געסלאך האט זיך געהערט איהר זילבער קול׳כעל, ווען זי האט געזונגען איהרע גאסען־לידלאך.

גענוג אבער וועגען דער אידישער פאריז פון אמאהל. איך בין אין דער היינטיגער „פאריזער געהטא“. דיזעלבע געסלאך און הייזער ווי אמאל; עס האט זיך וועניג דא געענדערט. פאריז ענדערט זיך בכלל אזוי ווינציג, האבען מיר אלטע פאריזער איינוואוינער פארזיכערט. מען בויט וועניג נייע הייזער, מען פארלאטעט בלויז די אלטע. איהר קענט זעהן, געהענדיג איבער די פאריזער גאסען, ווי דא פארבט מען די וואנד פון אן אלטער הויז, דארט אן ארונטערגעפאלענעם קוימען, זעלטען וועט איהר אבער זעהן בויען א נייע הויז. איבערהויפט אין דעם עלטסטען טייל פון פאריז. עס איז דערפאר דיזעלבע געהטא וואס אמאל. די געהטא וואס האט שוין הינטער זיך א געשיכטע פון הונ־דערטער יאהרען.

(30טען יאנואר, 1927)

## די פופצעהן יאהריגען מלחמה צווישען מונקאטש און בעלז

מונקאטש איז א שטאדט, וואס ליגט ארייננגשפארט ווי א קלין צווישען די בערג און טאלען פון די קארפאטען. בעלז איז פארוואָרפען צווישען די פליינען פון אונגארן־רומעניע.ביידע זיינען אלטע חסידישע צענטערם. חסידישע דינאסטיעס האבען אי דא אי דארט פאר דורות לאנג געבליהט. פאר דורות און דורות האבען צו ביידע הויפען מחנות פון טויזענטער חסידים זיך געצויגען. ערב ימים נוראים זיינען אלע

ווענען, וואָס האָבען קיין מונקאַטש און בעלז געפיהרט, געווען פאַר־פלייצט מיט פוהרען און פוסגעהער. אויף די פוהרען חסידים אין שטריימלעך, מיט זייערע פעקלעך אויף די קני. די פערד האָבען זיך געשלעפּט איבער די שלענגעלדיגע שטעגען באַרג־אַרויף באַרג־אַראָפּ. די רעדער האָבען אויפגעהויבען אַ שטויב. און צווישען שטויב, ווי דורך אַ געוועב אַ דין־געשפּינטען, די פּנים׳ער פון חסידים, יום־טוב׳דיג צעשטראַלטע, ווי זיי וואָלטען זיך געטונקט אין דער לויטערקייט פון דער שכינה, וואָס האָט פון מונקאַטש און בעלז זיך געשפּרייט. ווען די זון האָט צו מערב־זייט זיך גענייגט, און צונטעררויט די שפּיצען פון די בוימער גענומען פאַרבען און איבער די בערג איהר לעצטען גאָלד־שפּריי צעוואָרפען, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין פעלד אָדער אין וואַלד, אויפגעזוכט אַ קוואַל אָדער אין הויכן גראָז די הענט אַריינגע־שטעקט, אין פאַרנאַכטיגען טוי זיי געוואַשען, און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה־מעריב. דערנאָך האָט מען פייערען צעלייגט, אַרוים־גענומען עסענוואַרג פון די פעקלעך און דאָס הארץ זיך אונטערגע־לעהנט.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם חומר. דעם אָרימען, געגעבען איהם וואָס ער מאָנט, האָט אַ געזאַנג פון דער נשמה גענומען אַרויספאַלען. חסידישע נגונים האָבען זיך געטראָגען איבער די בערג, אין ווייטע עכאָס זיך צעטראָגען. פון די קאַרפּאַטען־הויכען, וואָס באַהאַפטען זיך מיט די וואָלקענס ביז די טאַטראַ־שפּיצען, וואָס רייסען זיך אַריין אין די הימלען מיט אַ חוצפה אַ פעלזיגער. חסידישע נגונים און חסידישע פייערען, וואָס האָבען זיך אין די ערב־ימים־נוראים׳דיגע נעכט געצונדען. און גוים האָבען שוין געוואוסט אין יענע נעכט: אידען פאָרען צו זייער הייליגען רבי׳ן.

אין יענע צייטען, ווען צווישען מונקאַטש און בעלז האָט זיך נאָך ניט אַריינגעריסען דער בייזער שטן פון מחלוקה, פלעגט טרעפען, אַז מונקאַטשער און בעלזער חסידים האָבען אויף איין וועג זיך באַ־געגענט. האָט מען די פוהרען אָפּגעשטעלט, ביים פייער זיך אַרום־געזעצט, און מונקאַטשער האָבען זייערע נגונים אויסגעזונגען, און די בעלזער זייערע. דערנאָך האָבען זיך הענט אויף אַקסלען געלייגט און מ׳איז אַוועק אַרום די פייערן אין אַ טאַנץ אַ פלאַקערדיגען. די פּוערים האָבען אין זייערע הייזער מיט די שטרויענע סטרעכעס, אין דעם געזאַנג זיך איינגעהערט, לאַנג געקוקט דורך די שייבעלעך אויף די פלאַמענצונגען וואָס האָבען איבער די בערג זיך געהויבען, דורך די בוימער אין די וועלדער זיך אַרויסגעריסען און אָפּגעשלאָסען זייער שיין אויף די איקאָנעס אין די ווינקלען. האָבען די פּויערים אָנגע־שטעלט די אויגען אויף די איקאָנעס, געזוכט עפּעס אין די באַלויכטענע פּנים׳ער פון זייערע הייליגע, גע׳צלמ׳ט זיך פרום, און לאַנג ניט געקאָנט

איינשלאָפֿען.

פאַרטאָג האָבען די פוהרען און פוס-געהר ווידער גענומען ציהען. ווער קיין מונקאַטש, ווער קיין בעלז. און אַט אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטען דורות און דורות. די מונקאַטשער גזע איז טאַקע אַן אַנדערע און די בעלזער אַן אַנדערע. מונקאַטש און בעלז — צוויי שיטות פאַרשידענע. די ערשטע אַ גרוי-אַסקעטישע. וויינעג געזאַנג, און די ביסעל נגונים וואָס מען זינגט יאָ — אָרימע, פאַרשטיקטע. עס דרעהט זיך אַ נגון אָהן אַן עק און אַ סוף; דרעהט זיך אַרום איין מאָגערען לייטמאָטיוו, אָהן פיעל קלאַנג און זינגענדיגען איבערגאַנג. פון דער בעלזער נגינה שלאָגט אָבער אַ פלאַם אַ קאָלירענדיגער. צוויי פאַרשידענע גזע׳ס. אין דער טיף האָבען זיך אָבער די וואָרצלען באַגעגענט. וואָרים בעלז האָט אויך עבודה. און וואָס איז שייך אמונה—אַ מונקאַטשער חסיד איז אויך אַ מאמין.

מיט פופצעהן יאָהר צוריק האָט אָבער דאָס פייער פון מחלוקת אויסגעבראָכען. אַ בייז, פעכיג-שוואַרץ פייער. און עס פלאַקערט אַזוי דורך די אַלע יאָהרען טאָג-איין טאָג-אויס אַ מלחמה אַ ביטערע. דאָס הויפט-שלאַכטפעלד איז די שטאָט מונקאַטש מיט איהרע עטליכע און דרייסיג טויזענט אידען, קלויזען און קלייזלעך, שוהלען און שוהל׳ בעלעך. זי ווערט אויך אַריבערגעטראָגען אויף די גאַסען און געסלעך, אין די הייזלעך און קרעמעלעך, שיינקען און רעסטאָראַנען. דאָס איז אַן אָפענע שלאַכט און אַ באַהאַלטענע. אויף די גאַסען און אין די קלויזען די אָפענע שלאַכט. די פאַרבאָרגענע געהט-אָן הינטער די צעבראָכענע טויערען פון די הויפען, וואו קאַליזשעס עפּוש׳ן ביז דעם הימעל, און הינטער די פאַרמאַכטע טירען און לאָדענס פון די הייזער איינגעהוי-קערט, וואָס טוליען זיך איינער צום אַנדערען ווי שאָף אין אַ שטורם.

געהען אידען איבער מונקאַטשער געסלעך. געהען אין די שטריים-לעך און בעקעשעס צעריסענע. מ׳געהט ווי ניט-זעהענדיג דעם וועג פאַר זיך. אַט זאָלען פיהרען די פיס. וואָרים געהט דאָך דער מענש אויף די וועגען וואוהין די פיס פיהרען איהם. מען רעדט אָבער ניט אויס קיין וואָרט צום אַנדערען. מען קוקט ניט איינער אין צווייטענס זייט. ווי ווילד-פרעמדע וואָלטען זיך אויף׳ן שמאָלען טראָטואַר באַ-געגענט: ווי אָפגרונטען וואָס קיינער קאָן ניט איבערבריקען, וואָלטען צווישען זיי געלעגען. קאָנט איהר זיין זיכער, אַז די אידען וואָס געהן-אום ווי פרעמדע, מיט ליפען פאַרשלאָסענע, זיינען מונקאַטשער און בעלזער חסידים. מען האָט זיך אויף איין געסעל אָנגעטראָפען, אָבער אין מיטען האַלט דער אָפגרונט אָפען זיין פינסטערען מויל.

שטייען צוויי אידען ביי די טירען פון זייערען קרעמלעך. שוין יאָרען און יאָרען ווי מען איז שכנים. די צרות און דאגות פרנסה זיינען אויך שכנ׳ישע. מען שטייט אָבער ווי ווייט-פרעמדע, ווי פון וועלטען

גאַנצע אָפּגעשיידט. מען דרייט ניט אויס דעם קאָפּ איינער אין צווייטענ'ס זייט, ווייל איינער איז אַ מונקאַטשער חסיד און דער צווייטער אַ בעלזער.

וואוינען אידען אין איין הויף. טירען שפּאַרען זיך צו טירען. הייזלעך ליגען איינע אויף די אַנדערע. שוין יאָרען אַזוי. אפשר אַ לעבענס-לאַנג. צווישען די טירען שפּרייט זיך אָבער דער זעלבער אָפּגרונט. שכנים רעדען צווישען זיך קיין וואָרט ניט אויס. מען טרעט די שוועלען ניט אַריבער. מען שטויסט זיך אָן און מען שפּרינגט אָפּ איינער פון דעם אַנדערען, ווי מען וואָלט אָן אַ מצורע זיך אָנגעשלאָגען. וואָרים אין איין שטיבעל וואוינט אַ בעלזער חסיד און אין צווייטען אַ מונקאַטשער.

און ניט נאָר מאַנסבילען אַזוי, נאָר אויך די ווייבער און קינדער. קינדער פון בעלזער חסידים שפּילען זיך ניט מיט די קינדער פון מונקאַטשער חסידים — אויף וויפיל עס איז איבערהויפּט פאַראַן שפּיל ביי מונקאַטשער קינדער. אַ מונקאַטשער חסיד וועט ניט טאָן קיין שידוך מיט קיין בעלזער. אַ גליק נאָך וואָס מונקאַטשער זין און טעכטער זיינען באַשירמט פון ליבעס, כאָטש איינמאָל, דערציילט מען מיר, האָט געטראָפען אַזאַ מעשה:

די יונגע טעכטערל פון אַ מונקאַטשער חסיד האָט זיך פאַרקאָכט אין איר פּלימעניק, אַ פרום בחור'ל און אַ וואוילֿלערנער. מען האָט איר געבראַכט חתנים, האָט זי געשוויגען. מונקאַטשער טעכטער שווייגען. טאַטע-מאַמע רעדען פאַר זיי. די מיידעל האָט אָבער זיך איינמאָל אָנגענומען מיט מוט און עס דערציילט דער מאַמען. דער טאַטע איז דערפון געוואָויר געוואָרען. האָט מען זי באַלד אוועקגעפירט צו אַ פעטער אין דעם שטעטעל כיסד, כדי עס זאָל ביי איר דאָרט אַרויסגעהן די מאַנקאָליע פון קאָפּ. זי האָט דערנאָך חתונה געהאַט פאַר'ן זונדעל פון אַ מונקאַטשער חסיד. דער פּלימעניק איז אַוועק פון האַרצווייטאָג קיין אַמעריקע. דאָס מיידעל, ווידער, איז געשטאָרבען באַלד נאָך דער חתונה. דער מונקאַטשער בדחן האָט אַפילו פאַרפאַסט אַ לידעל וועגען דעם. זינגען עס די דינסט-מיידלעך מיט אַ טרויעריגער מעלאָדיע.

אוי, רבקה'לע — די יונגע בלום\
דער מלאך המות האָט פאַרשניטען.\
געלעבט, געלאַכט און געהייראַט\
און געשטאָרבען גאָר אין מיטען.\
אוי, רבקה'לע, אוי, אוי,\
גרויס איז טאַטע-מאַמע'ס וויי.\
אַזוי פרי מיט ערד פאַרשאָטען,\
ווייל דיין ליבע איז געווען פאַרבאָטען.

זאָל זיך גאָט מרחם זיין,
אוי, די ליבע זי פאַרפירט,
אוי, רבקה'לע, אוי, אוי.
אוי, רבקה'לע, אוי, אוי.

אָט דאָס לידעל זינגען די דינסט-מיידלעך מיט אַ שטיל, פאַרשטיקט קול, און אַז ס'קומט צום „אוי, רבקה'לע, אוי, אוי!" ברעכט זיך דאָס קול איבער אין האַלז, ווי צווישען יעדען קלאַנג וואָלט אַ טרערען-שטראָמעלע זיך אַריינגעריסען. מ'זינגט עס אָבער שטיל, שטיל פאַר זיך, אַז ס'זאָל ניט דערגרייכען, חס וחלילה, צו מאַנסבילשע אויערען, וואָרים „קול באשה ערוה", און אויך מונקאַטשער דינסט-מיידלעך זענען גאָטספאָרכטיגע אידישע טעכטער.

* * *

פּופּצען יאָר האַלט אָן די מלחמה צווישען מונקאַטש און בעלז. דאָס שטעטעל מונקאַטש איז דאָס הויפּט שלאַכטפעלד, „די באַזע פאַר קריגס-אָפּעראַציעס", ווי מיליטערלייט וואָלטען זיך אויסגעדריקט. דער פראָנט ציט זיך אָבער עט אַריבער די קאַרפּאַטען און טאַטרא-בערג, נעמט אַרום ווי אַ רינג אַ פייערדיגער די גאַנצע טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, רומעניע, און רייסט זיך אויך אַריין אין די גרעניצען פון גאַליציע, פּוילען, אומעטום וואו ס'בליט נאָך חסידות.

פאָרט מען איבער די שטעטלעך און דערפלעך פון די קאַרפּאַטען און די מלחמה קומט אַנטקעגען. יעדעס שטעטעל און דערפעל אין צוויי מחנות צעשפּאָלטען. פון אויבען שטיל, די פלאַך אַ פרידליכע, שווייגענדיגע, ווי אויף אַ בית-עולם. אידען גייען און אידען פאָרען, און אַלע די זעלביגע אידען, מיט שטריימלעך, סאַמעטענע אָדער פילצענע, אויף וועלכע דער שטויב פון יאָרען האָט זיך פאַרקליבען. הינטער די שטריימלעך יאַרמולקעס אויף געגאָלטע קעפּ, און פון די יאַרמולקעס פלאַטערען אַרונטער פאות לאַנג-לאַנגע. ניט אָבער אַלע פאות זיינען גלייך. פאַראַן פאות וואָס גרייכען נאָר ביז צו דער באָרד. פאַראַן אָבער אַזעלכע וואָס פאַלען ביז'ן אַקסעל. פאַראַן ווידער פאות וואָס לאָזען זיך ניט פאַרגרייזלען, וויפיל די פינגער זאָלען זיך ניט מאַטערען, גיבען זיך די האַרטע, דראָטיגע האָר אַלץ ניט אונטער. פאַראַן אָבער פאות לעבעדיגע, צאַפּעלדיגע, מיט וואַרימקייט אָנגעהויכט און בלוט אָנגעגאָסען. אָט די פאות זינגען אַ געזאַנג, זינגען עס מיט אַ ריטם אָן אייגענעם. היינט די פאות די פיין-געגרייזעלטע, קונציג-פאַרדרייט אין רינגעלעך אַלערליי, יעדעס רינגעלע ווי אויסגעשמידט פון אַ קינסטלער-האַנט און אַלע רינגעלעך צוזאַמען צונויפגעקייטעלט אין איין גאַנץ מייסטערדיג ווערק. און די בעקעשעס, וואָס זיינען מיט שוואַרצע, געפלאָכטענע גאַרטלען אַרומגעגאַרטעלט. דער חשוב'ער איד, דער רב, דער חסידישער רבי,

הילען זיך אין זיידענע בעקעשעס, שבתים און ימים טובים אין אטלעסענע. גלאנצט דאס זייד און פינקעלט דער אטלעס פון די פלייצעס ארונטער, שלאגט אפ פון זיך א מין שטראליגקייט, ווארים ס׳איז נים נאר א בגד פאר׳ן גוף, נאר אויך פאר דער נשמה. דער פשוט׳ער איד, ווידער, טראגט א ריפסענע בעקעשע, אדער גאר א שווארצע קאפאטע. ווערט שוין פון דער ריפסענער בעקעשע און פון דער קאפאטע מיט וואכעדיגקייט, מיט גרויער. און די גארטלען. נים אלע גארטלען זיינען גלייך. פאראן גארטלען ברייטע, פון איידעלע זיידען־פעדים אויסגעפלאכטען, אדער פון סאמעט און זייד. זיי זיינען נים מער ווי פון שיינקייט וועגען, א טייל פון די מלבושי כבוד ביי די וואס פארדינען כבוד. ווארים אט די אידען דארפען נים קיין גארטלען כדי אויפצושטעלען א מחיצה צווישען הארץ און די מער חומר׳דיגע טיילען פון גוף, וועלכע קענען אמאל דאס הארץ פאר־פירען. זיי האבען דערפאר קיין מורא נים. זיי גלויבען, אז זיי קענען דעם נסיון ביישטיין. די פראסטע אידען קרעמפעווען זיך שוין אבער איין אין שמאלע גארטלען, שטארקע ווי שטריק... און אזוי אומעטום, פון איין עק קארפאטען ביז׳ן צווייטען. פון דעסטוועגען איז יעדעם דערפעל און שטעטעל אויף צוויי לאגערען געשפאלטען. אין איין דערפעל אדער שטעטעל באלאנגט דער רב צום מונקאטשער צד, אין א צווייטען צום בעלזער. און דארטען, וואו עס זיינען פאראן צוויי צדדים, זיינען פאראן צוויי קלויזען. איז יעדע קלויז א פעסטונג פון וואנען מען שטורעמט מיט הארמאטען און מען שליידערט דינאמיט אין דעם שונא׳ס לאגער.

פון וואנען האט זיך אבער גענומען אט דער פאר׳עקשנ׳טער קריג, וואס ציט זיך שוין פופצען יאר? — וואס האט אים ארויסגע־רופען? ווער דערלאזט נים, אז מ׳זאל דאס פייער אויסלעשען? דער ענטפער איז אפהענגיג פון דעם צד מיט וועלכען מען רעדט...

מיין פריינט יונה — און זאל טאקע דא באלד געזאגט ווערען, אז ער האט אויך א צווייטען נאמען: קליין — האט מיר געגעבען די בעלזער ווערזיע. איך האב אנדערש פון אים נים דערוואַרט; ווארים אלע ווייסען, אז ער איז א בעלזער חסיד; און נים גלאט אזוי זיך א חסיד, נאר דער אנפירער פון בעלזער קאמף. פון דעסטוועגען האט ער, זיצענדיג אין מיין האטעל־צימער, מיר פארזיכערט: „איך וועל אייך דערציילען בלויז פאקטען, און איר אליין וועט קאנען משפט׳ען. מיר, די בעלזער, זיינען די נרדפים; זיי, די מונקאטשער — די רודפים... איך וויל גלויבען, אז א מענש, ווי איר, האלט מיט׳ן נרדף"...

האב איך אים פארזיכערט, אז מיין הארץ איז שטענדיג אויף דער זייט פון די באליידיגטע און אונטערדריקטע און דערביי א

פרעג געטאָן:

— אָבער ווי אַזוי האָט זיך די מחלוקה אָנגעפאַנגען?

— אָנגעפאַנגען האָט זי זיך נאָך אין די צייטען ווען דער אַלטער מונקאַטשער האָט געלעבט... עס איז געווען מיט פופצען יאָר צוריק, אין רעכטען ברען פון דעם וועלט-קריג. אונזער מדינה האָט אויך געבלוטעט. די יוגענט איז געווען אויף די שלאַכטפעלדער, די עלטערע זיינען געבליבען אין די שטעטלעך און דערפלעך, געוואַרט דער צאָרן זאָל אַריבער... אין אונגאַרן און רומעניע האָבען זיך דענסטמאָל אָנגעהויבען מוראַ'דיגע רדיפות אויף אידען, איבערהויפט אין טראַנ-סילוואַניע. די אונגאַרען האָבען באַשולדיגט די אידען, אַז זיי ווילען פאַרקויפען טראַנסילוואַניע צו רומעניע, און די רומענער — אַז די אידען זיינען פאַררעטער צו זיי. היינט איז געקומען די באַשולדיגונג אין באָלשעוויזם... אין יענע צייטען האָט דער אַלטער בעלזער רבי געמוזט אַנטלויפען. וואוהין לויפט מען? קיין מונקאַטש. איז דאָך מונקאַטש אַ גרויסע אידישע שטאָט. חוץ דעם האָט דער בעלזער טאַקע געהאַט חסידים אין מונקאַטש. ווען דער בעלזער איז געקומען האָט מען אים אויפגענומען מיט גרוים כבוד. אויפ'ן האַרצען איז טאַקע געווען ביטער. די מלחמה האָט פאַרשלאָגען דעם קאָפּ: פון דעסטוועגען, אַז דער אַלטער בעלזער איז אָנגעקומען, זיינען אַרוים-געגאַנגען הונדערטער חסידים אים מקבל פּנים זיין... דעם אַלטען מונקאַטשער, וואָס איז געווען אַ מושל בכיפּה, האָט עס פאַרברענט. וואָס הייסט, דער בעלזער איז געקומען אין זיין שטאָט און זיך גאָר ניט אָנגעפרעגט ביי אים? דערוווייל האָט מען געגומען גיין צום בעלזער מיט קוויטלעך. דער בעלזער הויף האָט זיך אָנגעהויבען פילען אין מונקאַטש. דער אַלטער בעלזער איז אַפילו געווען אַ שטילער מענש, אַ נחבא אל הכלים, געזעסען איינגעשלאָסען אין די פיר איילען פון זיין חדר'ל איבער אַ גמרא אָדער אַ ספר. אַז מ'האָט אָבער אָנגעהויבען צו קומען פרעגען ביי אים וועגען שטאָט-ענינים: אַ ישיבה, אַ קלויז, טאַקסע, האָט ער זיך ניט געקאָנט העלפען און געמוזט אַרויסזאָגען אַ מיינונג. אַמאָל איז זיין מיינונג געווען פונקט דער היפּוך צו דער, וואָס דער מונקאַטשער האָט געזאָגט. דאָס האָט דער מונקאַטשער נאָך מער דערצאָרענט און די מחלוקה האָט אויס-געבראָכען..."

יונה האָט עס מיר דערציילט מיט אַ שטילען אומעט אין זיין קול. ער איז געזעסען אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער האַנט. ער האָט עס אָבער לאַנג ניט געקאָנט טאָן, וואָרים בשעת ער האָט גערעדט האָט זיין האַנט אויפגעציטערט און מיט איר דער גאַנצער פול-לייבי-גער גוף, ווי דער אָפּשלאָג פון עלעקטרישע שטראָמען וואָלט דורך אים וויברירט. האָט ער זיך איינגעקלאַמערט מיטביידע הענט

אין די קני, ווי ער וואָלט געוואָלט איינצוימען דערמיט די אויפרעגונג וואָס האָט אים אַרומגענומען. איך האָב אים ניט געוואָלט שטערען און געלאָזט אים שווייגען. ער האָט אָבער לאַנג ניט געשוויגען און ווידער אָנגעהויבען:

— און וואָס ווייסט איר וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן! איר קאָנט זיך עס גאָר ניט מאָלען. דער מונקאַטשער און זיינע חסידים האָבען גענומען רודפ'ען דעם אַלטען בעלזער עד חרמה. מען האָט געזידעלט, געשאָלטען. עס איז געקומען צו געשלעגען אין די קלויזען און אויף די גאַסען. שכנים, פריינט, קרובים זיינען זיך געוואָרען דם-שונאים. דער בעלזער רבי האָט אָבער אַלץ געוואונען פון דער מחלוקת, געוואונען מיט זיין שווייגען און אָפּגעשלאָסענקייט. זיינע חסידים האָבען זיך פאַרמערט. עס פלעגען צו אים אויך קומען מיט קוויטלעך גויים, גויה'ס, שיקסעס. די גלחים פון דער געגענט האָבען גענומען ווערען מלא רציחה, דער בעלזער רבי האָט זיי געשעדיגט אין דער הכנסה. וואָס האָט ער אָבער זיך געקאָנט העלפען, אַז מען פלעגט באַלאַגערען זיין טיר?

(8טער נאָוועמבער, 1930)

## צוויי באַגעגענישען מיט לעאָן טראָצקי'ן אין מאָדאַ, טערקיי

נאָך איידער איך בין געקומען קיין טערקיי, וואו כ'האָב פאַרבראַכט אַ שטיקעל צייט אין די מקומות וואו לעאָן טראָצקי האַלט זיך אויף, האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו קריגען אַן אינטימען באַגריף פון דעם ווי אַזוי דער געוועזענער, אַלמעכטיגער באָלשעוויסטישער פירער ריכט אָפּ גלות.

פאָרענדיג פון נעאַפּאָל קיין ווענעדיג האָב איך, דורך אַ מאָדנעם צופאַל, איינער פון יענע צופאַלען, וואָס געשעען נאָר אונטערוועגענס, באַקענט זיך נאָענט מיט דער פאַמיליע פון דעם אייגענטימער פונ'ם הויז אין פּרינקיפּאָ, וואו טראָצקי האָט זיך באַזעצט באַלד ווי ער איז אָנגעקומען קיין טערקיי, און וואָס איז שפּעטער פאַרברענט געוואָרען אונטער פאַרדעכטיגע אומשטענדען.

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ מאַמע און צוויי טעכטער, נאָך גאָר יונגע מיידלעך. מיר איז אויסגעקומען צו זיצען מיט זיי ביי איין טיש און מיר האָבען זיך גיך באַפריינדעט. איר מאַן, אַבעד פּאַשאַ, איז אין עגיפּטען. ער איז אַן אַראַבער, זיין פאָטער איז געווען אַ וויכטיגע פיגור אין אַבדול האַמיד'ס צייטען, און ער איז אים געבליבען געטריי ביז זיין טויט. די נייע טערקישע רעגירונג האָט עס אים דערפאַר ניט געקאָנט מוחל זיין, און ווען ער איז געשטאָרבען

האָט מען דעם צאָרן אַריבערגעטראָגן אויף דעם זון, און מען האָט קאָנפיסקירט אַ גרויסן טייל פון דער רייכער ירושה, וואָס דער פאָטער האָט אים געלאָזן. אָבער פּאַשאַ איז אָבער נאָך אַלץ זעהר רייך. ער האָט אַ סך הייזער אין פּרינקיפּאָ און אַנדערע געגענטען פון טערקיי און ער פירט גרויסע געשעפטן אין עגיפּטן, פון וואַנען זיין פאַמיליע שטאַמט. די פרוי און די קינדער לעבן מייסטענס אין אייראָפּע, בלויז זומער קומען זיי אויף אַ פּאָר חדשים קיין פּרינקיפּאָ.

— אויב אַזוי, קאָנט איר דאָך מן־הסתם טראָצקי׳ן? — האָב איך אַ זאָג געטאָן האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט.

— געוויס! — האָט זי אויסגערופן — איך קען אים שוין צו גוט, הלואי וואָלט איך אים ניט געקענט. ער האָט דאָך געוואוינט די גאַנצע צייט אין מיין הויז...

— אין אייער הויז? — האָב איך זי איבערגעפרעגט.

— יאָ, אין מיין הויז. און גלויבט מיר — האָט זי צוגעגעבן — איך וואָלט געווען צופרידען, ווען ער זאָל ניט געווען דינגען ביי מיר דאָס הויז.

די פרוי האָט גערעדט מיט כעס. עס איז געווען קענטיק, אַז זי טראָגט אַ האַרץ אויף טראָצקי׳ן פאַר עפּעס. דאָס וואָס אין איר הויז האָט געוואוינט אַזאַ היסטאָרישע פיגור, איינער פון די וויכטיגסטע שאַפער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט, ווי עס ווייזט אויס, ניט געמאַכט אויף איר דעם מינדסטן איינדרוק. זי האָט גערעדט מיט דעם טאָן פון אַ צערייצטן הויז־אייגנטימער, וואָס האָט אַ קריוודע געגען איינעם פון זיינע קאָמאָרניקעס. פאַר אָט דער שוואַרץ־אויגיקער דאַמע, וואָס איז אַליין געבוירען געוואָרען אין אַלזשיר, און וואָס האָט פאַרבראַכט אין אַלע הויפּטשטעט פון אייראָפּע, איז לעאָן טראָצקי ניט מער ווי אַ קאָמאָרניק, איינער וואָס האָט געדונגען ביי איר אַ דירה און זי איז מיט אים ניט צופרידען, שטאַרק ניט צופרידען.

איך בין געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס זי האָט אייגנטליך געגען אים. און זי האָט מיר דערציילט אַ לאַנגע געשיכטע: איידער טראָצקי איז געקומען קיין טערקיי, דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר וואָכן פאַר איר אָפּפאָר מיט די קינדער פון פּרינקיפּאָ קיין אייראָפּע, איז געקומען צו איר אַ פראַנצויז און איר געזאָגט, אַז ער וויל דינגען אויף אַ יאָר איינס פון אירע הייזער. זי האָט אים געוויזען צוויי פון די הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען ליידיג, און ער האָט אויסגעקליבען די גרעסערע, וואָס פאַרנעמט צוויי שטאָק און איז אָפּגעזונדערט אין אַ גאָרטען, וואָס קוקט אַרונטער צו אַ האַלב־ווילדען, פאַרלאָזענעם ברעג פון מאַרמאָר־ים. דער פראַנצויז האָט געבראַכט גוטע רעקאָמענדאַציעס פון אַ באַקאַנטער באַנק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז מען דורכגעקומען מיט׳ן פּרייז און מען האָט אויסגעמאַכט אַ קאָנטראַקט.

שפּעטער, ווען זי איז שוין געווען אין איראָפּע, האָט זי אויסגע־פונען, אַז דער פראַנצויז האָט געדונגען דאָס הויז ניט פאַר זיך, נאָר פאַר טראָצקי'ן. צו האָבן טראָצקי'ן פאַר אַ שכן האָט איר גאָר ניט געשמעקט. פאַרוואָס? ווייל איר האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט האָבן צרות. זי האָט די גאַנצע צייט געציטערט, אַז דאָס הויז זאָל ניט אויפגעריסן ווערען פון אַ באָמבע. זי האָט געוואוסט, אַז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געפינען זיך גענוג „ווייסע גווארדייצעס", וואָס יעדער פון זיי איז גרייט אָפּצורעכענען זיך מיט דעם אַמאָליגען באָלשעוויסטישען הערשער.

— און ווי איהר זעהט — האָט זי אַ זאָג געטאָן — האָט מיין האַרץ מיך ניט אָפּגענאַרט. אויב מען האָט ניט געוואָרפען קיין באָמבעס האָט אויסגעבראָכען אַ פייער, וואָס האָט פאַרניכטעט אַלצדינג אין הויז און אויך חרוב געמאַכט אַ טייל פון בנין... און צום סוף קלאָגט מיך נאָך טראָצקי אין געריכט און באַשולדיגט מיך, אַז איך בין פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר'ן פייער.

ווען מיר האָבן זיך געזעגענט אין ווענעדיג האָט זי מיך איינ־געלאַדען צו באַזוכען זי אין פּרינקיפּאָ.

* * *

אין אַ פּאָר וואָכען שפּעטער, האָב איך זיך געמאַכט אַ וועג צווישען די ווילאָס פון דעם אינזעל פּרינקיפּאָ, וואָס ליגען פאַרבאָרגען אין שאָטען פון אַלטע, געדיכטע קאַשטאַן־בוימער און נאָכגעפּרעגט זיך ביי די פאַרבייגייער אויף די אַבעדס. מען האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ גרויסען גאָרטען, וואָס איז אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכען פּאַרקאַן. צווישען די בוימער האָבן זיך געזען די דעכער פון צוויי הייזער. דער גאָרטען שפּרייט זיך אויס אויף אַ הויכער טעראַסע, אַריבער דעם ים. ווען מען קוקט אַרונטער, זעט מען ניט מער ווי וויסטע, שפּיציגע סקאַלעס אין וועלכע די כוואַליעס שלענגלען זיך אָן מיט שוימיגען צאָרן. אויף דער אַנדערער זייט גרינען זיך די אינזלען מאַדאַ און האלקא, פאַרזייעט מיט ווייסע הייזלעך מיט רויטע טשרע־פּענע דעכלעך. אין הינטערגרונד, ביים האָריזאָנט, מאָלען זיך די סילועטען פון פאַררויכערטע בערג.

דער אינזעל פּרינקיפּאָ איז אַ האַלב־איראָפּעאישער קור־אָרט, אַ געמיש פון שפּאָגעל־נייער איראָפּעאישקייט און אַלט אַזיע. עס זיינען פאַראַן עטליכע גרויסע האָטעלען אויף דעם אינזעל, און אין די אָווענטען טראָגען זיך פון די אָפּענע, בלענדענדיג־אָנגעצונדענע פענסטער די קלאַנגען פון דזשעז־מוזיק. דאָ אָבער, וואו די אַבעדס וואוינען, איז די נאַטור נאָך ווילד, פּרימיטיוו. איבער דעם גרויסען גאָרטען מיט די אַלט־אַלטע בוימער און דער גאַנצער לאַנדשאַפט טראָגט זיך נאָך אום אַ פּאַר'בראשית'דיגער הויך. און אָט אין דער

סביבה האָט געוואוינט לעאָן טראָצקי, ביז דאָס פייער האָט אים פון דאָנען פאַרטריבען אין דער נאָענטער מאָדאַ.

די אַבעדם האָבען זיך דערפרייט מיט מיין קומען און מיך אויפגענומען ווי אַ שטאַרק־אַנגעלייגטען גאַסט. זיי וואוינען אין אַ שיינער, קליינער ווילאַ, וואָס הענגט אין דער לופטען אַריבער דעם ים. „און אָט אין דעם צווייטען הויז, וואָס איר זעט, האָט געוואוינט אייער טראָצקי,״ האָט אַ זאָג געטאָן מאַדאַם אַבעד, און מיר אָנגעוויזען דורכ׳ן פענסטער אויף אַ גרויסען בנין מיט פאַרהאַקטע לאָדענס.

מיר זיינען דערנאָך אַריבערגעגאַנגען אין דעם הויז, וואו טראָצקי און זיין פאַמיליע האָבען געוואוינט. דאָס איז אַ קליינער, צווייִשטאָקיגער פּאַלאַץ אין וועלכען טראָצקי האָט זיך געמוזט פּילען זייער באַקוועם. איך בין דורכגעגאַנגען אַ גרויסען זאַל, וואָס האָט געדאַרפט זיין מערקווירדיג שעהן, איידער דער פייער האָט אויסגעבראָכען. דער צעברענטער סופיט און די פאַררויכערטע ווענט האָבען נאָך געטראָגען סימנים פון קינסטלערישע געמעלעכצער, פרעסקאָס און האַלצשניצרייען. אַ גרויסער, קרישטאָלענער קאַנדעליאַבער האָט אַרונטערגעהאַנגען פון מיטען סופיט. מיר האָבען זיך דערנאָך אויפגעהויבען אין די ליכטיגע, רחבות׳דיגע שלאָף־צימערען און אַריינגעגאַנגען אין טראָצקי׳ס קאַבינעט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט מיט די שפּיגעל־פענסטער צום ים. אין מאָסקווע האָט טראָצקי זיכער ניט געהאַט אַזאַ וואוינונג.

ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט טראָצקי די גאַנצע צייט געפילט זיך ווי אַ געפאַנגענער. ער פלעגט זעלטען פאַרלאָזען דאָס הויז אין מיטען טאָג. מען פלעגט אים זען נאָר פאַרטאָג, ווען פרינקיפּאָ איז נאָך געשלאָפען. און קיינמאָל ניט אַליין, נאָר אין דער באַגלייטונג פון זיין זון און פון איינעם אָדער צוויי טערקישע סאָלדאַטען, וואָס זיינען פון אים ניט אָפּגעטראָטען... אין גאַס האָט ער זיך קיינמאָל ניט באַוויזען. מען האָט אים אָפטמאָל געזען אויף אַ שיפעל מיט אַ ווענדטקע אין דער האַנט. ער פלעגט אַזוי אָפּזיצען שעה׳ען און שעה׳ען אין שיפעל, דער קאָפּ אַנטבלויזט, דער געדיכטער וואָלד האָר צעשויבערט און דאָס העמד צעכראָסטעט אַנטקעגען דעם פרימאָרגענדיגען ווינטעל... ער פלעגט אויך אָפט גיין אויף יאַגד אין די פרינקיפּאָ׳ער וועלדער, וואָס דערהויבען זיך אויף אַ באַרג. די וועלדער זיינען ווייט פון ישוב און אויף זייערע שמאָלע, פאַרוואַקסענע שטעגען באַגעגענט מען זעלטען מענשען.

די טערקישע רעגירונג, וואָס האָט געוואוסט וועלכע שווערע פאַראַנטוואָרטליכקייט זי האָט גענומען אויף זיך מיט דעם, וואָס זי האָט דערלויבט דעם פאַרטריבענעם באָלשעוויסטישען פירער צו באַזעצען זיך אין איר לאַנד, האָט אָנגענומען די שטרענגסטע פאַרזיכטס־

מיטלען, צו פארהיטען, אז ס'זאל מיט אים קיין בייז ניט געשען. חוץ די צוויי סאלדאטען מיט געלאדענע ביקסען, וואס זיינען אוועקגע־שטעלט געווארען ביי זיין טיר צו האלטען די וואך טאג ווי נאכט און ניט צולאזען קיין פרעמדען, סיידען טראצקי קאן אים און וויל אים זען, האט די פאליציי אין פרינקיפא געקראגען א באפעל צו האלטען אן אויג אויף יעדער פרעמדער, פארדעכטיגער פערזאן, וואס וועט זיך באווייזען אויפ'ן אינזעל, און צו פארהאלטען יעדען איינעם, וואס וועט זיך ארומדרייען צופיל אין דער געגענט וואו טראצקי וואוינט. די פרינקיפא און קאנסטאנטינאפאלער פאליציי האט אויך געדארפט צושטעלען אפטע באריכטען צו דער רעגירונג אין אנקארא וועגען דעם ווי טראצקי לעבט און צי אלצדינג ארום אים איז אין גוטער ארדנונג.

און אט אזוי האט טראצקי א שטיק צייט געלעבט אין פרינקיפא אן אפגעזונדערטער, א פארשטויסענער, זעענדיג זעלטען א פרעמדען מענשען אין די אויגען און פארברענגענדיג נאר אין קרייז פון זיין קליינער פאמיליע: זיין פרוי און זון און די פראנצויזישע סעק־רעטארשע.

ווי מאדאם אבעד און אנדערע, וואס האבען געהאט א געלעגענ־הייט צו וויסען, האבען מיר דערציילט, האט דער פארטריבענער באלשעוויסטישער הערשער זיך געפילט גארניט גליקליך דעם ערשטען יאר פון זיין גלות. ער פלעגט אויסזען פארכמורעט, ארייגעטאן אין זיך, און מען האט אים זעלטען געזען רעדענדיג צו זיינע נאענטע.

איינער, וואס האט געזען טראצקי'ן א סך מאל אין פרינקיפא און מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו רעדען וועגען דעם, איז א רוסישער טאטער מיט'ן נאמען שאכאוואלאף. ער איז אן אנגעשטעל־טער אין טערקישען יאכט־קלוב אין פרינקיפא, וואס געפינט זיך ניט ווייט פון דעם הויז וואו טראצקי האט געוואוינט. שאכאוואלאף איז אן אינטעליגענטער מענש און ער האט געמוזט פארלאזען רוסלאנד צוליב זיין געגנערשאפט צום באלשעוויזם. ער האלט אבער פון טראצקי'ן, וועמען ער רופט מיט דעם אינטים־חבר'שען נאמען „ליא־ווא". „ליאווא איז א מענש מיט א געניאלען קאפ אויף די אקסלען," האט ער מיר געזאגט, „סטאלין איז אבער ניט מער ווי א כאם, א מוזשיק"... שאכאוואלאף האט זיך גוט איינגעארדענט אין טערקיי, ווייל ער איז א מוסולמאנער און ער פארקערט אין הויכע רעגירונגס־קרייזען. ער איז געווען צוויי זומערען אין פרינקיפא, אין דער צייט ווען טראצקי האט זיך דארטען געפונען, און ער האט זיך אינטערע־סירט צו וויסען ווי אים לעבט זיך און ווי ער פילט זיך אין דער פרעמד. האט שאכאוואלאף מיר דערציילט:

„ווען איך האב טראצקי'ן געזען דעם ערשטען מאל, האט ער

געמאַכט דעם איינדרוק פון דעם אומגליקליכסטען מענשען אויף דער וועלט... אַ טיפער טרויער האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגען און פון יעדען קנייטש פון זיין פּנים. איך געדענק אים גאַנץ גוט פון רוסלאַנד, פון די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע. איך האָב אים געזען אין מאָסקווע און אין לענינגראַד. ווען איך האָב אים באַגעגענט אין פּרינקיפּאָ האָט ער אויסגעזען פאַרעלטערט און ווי געבויגען אונטער אַ שווערער משא."

* * *

שפּעטער האָט טראָצקי אָנגעהויבען זיך פילען אַביסעל פרייער און זיכערער אין פּרינקיפּאָ. מען האָט אים געזען כמעט יעדען פרימאָרגען פישען. מען האָט אים אויך באַגעגענט אָפטער אין וואַלד. ער האָט זיך אויך באַוויזען אַ פּאָר מאָל אין דעם דערפעל, וואו די באַפעלקערונג פון'ם אינזעל גייט איינקויפען אין די קרעמלעך און פאַרברענגען אין די עטליכע רעסטאָראַנען, וואָס שפּרייטען זיך ביים קליינעם האַפען. ער האָט אויך באַזוכט עטליכע מאָל קאָנסטאַנטינאָפּאָל — נאַטירליך, צוערשט זיינען אָנגענומען געוואָרען די נויטיגע פאָרזיכטס-מיטלען.

לעצטען ווינטער, דערציילט מען מיר, האָט זיך טראָצקי אויף אַזוי ווייט איינגעשטעלט, אַז ער האָט באַזוכט דעם האָטעל „טאָקאַטיליאָן" אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. „טאָקאַטיליאָן" איז דער רייכסטער און אַריסטאָקראַטישסטער האָטעל, וואָס קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַרמאָגט. דאָרטען שטייען איין די העכסטע פאָרשטייער פון דער רעגירונג, ווי אויך די גרויסע אייראָפּעאישע געסט וואָס קומען קיין טערקיי. אַהין קומען אויך די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אַריסטאָקראַטישע פאַרברענגען אין די אָוונטען, איבערהויפּט ווינטער. עס ווערען דאָרט געגעבען בעלער, באַנקעטען און עס איז פאַראַן דאָרטען אַ קאַבאַרעי און אַן אויסגעצייכענטער אָרקעסטער. האָט מען אין אַט דעם רייכען האָטעל, וואָס איז שטענדיג געפּאַקט מיט מענשען פון דער „הויכער געזעלשאַפט", באַגעגענט לעצטען ווינטער דעם פאַרטריבענעם באָלשעוויסטישען פירער.

נאָכדעם ווי זיין הויז אין פּרינקיפּאָ האָט אָפּגעברענט און ער האָט זיך אַריבערגעקליבען אין דער נאָהענטער מאָדאַ, האָט דער רעזשים פון זיין לעבען זיך שטאַרק געביטען. אין פּרינקיפּאָ האָט ער זעלטען אויפגענומען פרעמדע מענשען און בלויז איין זשורנאַליסט האָט זיך איינגעגעבען אין צוויי יאָהר צייט צו האָבען מיט איהם אַן אינטערוויו. אָבער אין מאָדאַ גיט ער אָפט אינטערוויוס און נעמט אויך אויף מענשען וואָס שטעהען צו איהם נאָהנט.

ווען איך זאָג, אַז טראָצקי גיט איצט אָפטערע אינטערוויוס,

מיין איך דערמיט ניט צו באַהויפּטען, אַז יעדער איינער וואָס וויל איהם אינטערוויואירען קאָן צו איהם קומען און קריגען אַן ענטפער אויף אַלע פראַגען. פון מיין אייגענער ערפאַהרונג ווייס איך, אַז אויך איצט קומט אַן גאַנץ שווער צו קריגען אַן אינטערוויו ביי טראָצקי'ן.

די סיבה פון דעם, וואָס מען קאָן ביי איהם אַזוי גרינג ניט קריגען קיין אינטערוויו אפילו איצט אין מאָדאַ, וואו ער פיהלט זיך און האַנדעלט פרייער און זיכערער, איז אָבער אַ גאַנץ אַנדערע. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז טראָצקי איז קודם כל אַליין אַ זשורנאַליסט. ער ווייסט דעם ווערט פון געדרוקטען וואָרט, ניט בלויז דעם מאַ־ראַלען ווערט, נאָר אויך דעם מאַטעריעלען. ער ווייסט, אַז זיין נאָ־מען און דאָס וואָס ער זאָגט און רעפּרעזענטירט האָט אַ גרויסען מאַ־טעריעלען ווערט אפילו פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פרעסע, און ער וויל ניט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען זאָלען איהם עקס־פּלואַטירען און דורך פרייע אינטערוויוס מיט איהם געווינען פאַר זיך צירקולאַציע. טראָצקי לאָזט זיך דערפאַר גאַנץ גוט באַצאָהלען פאַר יעדען אינטערוויו וואָס ער גיט, פּונקט ווי פאַר די אַרטיקלען וואָס ער שרייבט. ער באַטראַכט אַן אינטערוויו ווי אַן אַרטיקעל, וואָס פאַקטיש איז עס דאָך איינס און דאָס זעלבע. וואָרים וואָס איז דער אונטערשייד, ווען איינער זעצט זיך אַוועק און שרייבט אַליין אויף זיינע געדאַנקען, אָדער ער גיט זיי איבער צו אַ צווייטען און יענער שרייבט זיי אויף?

טראָצקי איז בכלל אַ גאַנץ פּראַקטישער מענש, און ער ניצט־אויס גאָר ניט שלעכט זיין וועלט־נאָמען און זיינע גרויסע שריפט־שטעלערישע פעהיגקייטען. ער אַליין האָט דירעקט ניט צו טאָן מיט דער געלט־זייט פון זיין שריפטשטעלערישער אַרבייט: די געשעפט־ליכע זייט ווערט געפיהרט פון זיין זוהן — אַ פעהיג און פּיפיג בחור'ל, וואָס טויג זיך אויס צום ענין. טראָצקי אַליין ווייסט אָבער פון אַלע פאַרהאַנדלונגען און אָפּמאַכען מיט די אַרויסגעבער פון זיינע ביכער אין אַמעריקע און אייראָפּע, און מיט די רעדאַקטאָרן פון די צייטונ־גען און זשורנאַלען, וואו זיינע אַרטיקלען ווערען פאַרעפענטליכט. דער פאַרטריבענער באָלשעוויסטישער פיהרער באַלאַנגט בכלל ניט צו די מענשען, אויף וועלכע מען זאָגט, אַז „זיי ווייסען ניט קיין צורת מטבע". אין דעם קאָן מען דעם קלוגען טראָצקי'ן ניט חושד זיין. און דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס ער האָט אין די לעצטע יאָהרען געמאַכט אַ סך געלט פון זיין ליטעראַרישער אַרבייט. ער קריגט הויכע סומען פאַר זיינע אַרטיקלען און ביכער. איך ווייס ניט ווי ווייט דאָס איז אמת, נאָר אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען מיר פאַר־זיכערט, אַז פאַר איין אינטערוויו אין „מאַנטשעסטער גאַרדיען" האָט ער זיך געלאָזט באַצאָהלען פינף הונדערט דאָלער...

איך האָב טראָצקי'ן געזעהן צוויי מאָהל, און ביי ביידע באַגעגענישען האָט דער שמועס, וואָס איך האָב מיט איהם געהאַט, ניט געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אַן אינטערוויו. עס איז בפירוש פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז דאָס וועט ניט זיין קיין אינטערוויו, און אַז און דאַרף ניט אויסנוצען די באַגעגענישען פאַר מיינע זשורנאַליסטישע צוועקען. איך האָב געגעבען מיין וואָרט אויף דעם און איך געה עס האַלטען.

און די באַגעגענישען זיינען מיר אויך ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי: איך האָב אָוועקגעשריבען טראָצקי'ן אַ בריף, בעטענדיג ביי איהם, ער זאָל מיר לאָזען וויסען, ווען איך קאָן איהם זעהן. איז קיין ענטפער ניט געקומען. איך האָב געשריבען אַ צווייטען מאָל, און דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער. דערנאָך האָב איך דערהאַלטען אַ טעלעפאָן פון זיין סעקרעטאַרשע, אַז איך קאָן קומען איהם זעהן. איך בין געפאָרען פון פרינקיפאָ קיין מאָדאַ, וואו ער געפינט זיך. אָבער אַנשטאָט דעם, אַז איך זאָל אינטערוויואירען טראָצקי'ן, האָט ער מיך אינטערוויואירט. ער האָט מיר געשטעלט פראַגען וועגען אַמעריקע. ער ווייסט אפילו וואָס ביי אונז טוט זיך, וואָרים ער פאָלגט נאָך די אַמעריקאַנער געשעהענישען און איז אינפאָרמירט וועגען אַלצדינג, וואָס עס קומט פאָר אין דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען פון אַמעריקע, — פונדעסטוועגען האָט ער געוואָלט הערען פון מיר, דעם „אַמעריקאַנער", ווי מיר פילען אין רעאַגירען אויף דעם עקאָנאָמישען צוזאַמענברוך. טראָצקי איז ניט שטאַרק איבערראַשט פון דעם, וואָס מיר רופען דאָ מיט דעם מילדען נאָמען „עקאָנאָמישע דעפּרעסיע", ער האָט פאַר דעם אַ פיל שאַרפערען טערמין, — „קאַפּיטאַליסטישער באַנקראָט", — אַ באַנקראָט, וואָס געהט אָן אויף דער גאַנצער ליניע אין אַלע לענדער פון דער וועלט; און ער האָט עס דערוואַרט און אויך פאָראויס געזאָגט.
(3-טער אָקטאָבער, 1931)

## די „גאַס פון מעקסיקאַנער דענקער"

אַ גאַנצען טאָג, ווען די אַנדערע גאַסען אין מעקסיקאָ סיטי קאָכען מיט לעבען, ליגט אָט „די גאַס פון די מעקסיקאַנער דענקער" אַ שווייגענדיגע, אַ פאַרגליווערטע, ווי זי וואָלט איהר לעצטען אָטעם אויסגעהויכט. איהר זעהט ניט קיין מענשען, די טויערען, וואָס פיהרען צו די הויפען זיינען פאַרריגעלט, די לאַדענס פאַרהאַקט און קיין פּיפּס הערט זיך ניט, ווי די גאַס וואָלט געווען אַ פאַרלאָזענע און איהרע איינוואוינער וואָלטען זיך אין גרויס שרעק ערגעץ אָפּגעטראָגען.

איהר זעהט ניט מעהר ווי מאַגערע, אויסגעהונגערטע הינט זיך אומבלאָנקען. זיי ליגען אויסגעצויגען מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגען, גיבען איבער דאָס ביינערדיגע לייב און די אָפּגעטריפּעטע פעל צו דעם חסד פון די פליגען. ריהרען זיך ניט פון אָרט, ווען איהר געהט פאַרביי, אָדער ווען איהר טרעט אפילו אָן אויף זיי אומגערן, ווי זיי וואָלטען געוועזן גע'פּגר'טע. אַנדערע שטעהען גלאַט אַזוי און קוקען אייך נאָך מיט אומעטיגע, יאַמערנדיגע אויגען.

די מעקסיקאַנער הינט זיינען די עלענדסטע און רחמנות'דיגסטע באַשעפּענישען וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זעהן. איך האָב גע־זעהן הינט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס זיינען באַריהמט אין דער וועלט און וועלכע מען האָט צו פאַרדאַנקען, וואָס די באַפעלקערונג דאָרט איז שוין לאַנג ניט אומגעקומען פון אַ מגפה דורך דעם מיסט און אָפּפאַל, וואָס מען וואַרפט אַרויס אין די גאַסען. זיינען די קאָנ־סטאַנטינאָפּאָלער הינט אָנגעגאָסענע, זאַטע, דאָס לייב ביי זיי איז פול און ביי אַ סך גלאַנצט די פעל פון זאַטקייט. זיי געפינען אַזוי פיל שפּייז פאַר זיך אין די בערג מיסט, אַז זיי ווערען פויל פון צופיל פרעסען, ליגען זיי גאַנצע טעג מיט אויסגערונדטע בייכער אָנטקעגען דער זון, דרימלען צופרידען און אויסגעכאַליעט, און כאַפּען פליגען.

גאַנץ אַנדערש זיינען אָבער די אָרימע, אומגליקליכע הינט אין מעקסיקאָ סיטי, זיי האָבען ניט קיין מיסט און אָפּפאַל אויף די גאַסען, וואָרים די שטאָט ווערט געהאַלטען ריין און מען פּאַסט אויף אויף די סאַניטאַרע באַדינגונגען, און דער מעקסיקאַנער ווייזט אַרויס, צוליב עפּעס אַ סיבה, וואָס איז מיר ניט קלאָר, גאָר ווינציג סענטי־מענט פאַר הינט, אַזוי אויך דער אינדיאַנער, כאָטש די מעקסיקאַנער הינט זיינען ניט ווינציגער געטרייע באַשעפּענישען צו זייערע בעלי־הבתים, ווי די הינט אין דער גאַנצער וועלט.

ווען די שטאָט שלאָפט שוין גאַנץ געשמאַק און איז שוין גרייט זיך איבערצוקערען אויף דער אַנדערער זייט, מאַכט ערשט אויף „די גאַס פון מעקסיקאַנער דענקער" איהרע אויגען, טשוכעט זיך אויס און הויבט אָן לעבען. צוערשט הערט זיך אַ סקריפּ פון טרויערען, דערנאָך אַ געקלאַנג פון לאָדען־קליאַמקעס, באַלד טויכען אויף פייערען אין די שטיבער און פענסטער ווערען אויפגעפּראַלט. די פענסטער זיינען האַרט ביי די טראָטואַרען, ווי דאָס וואָלטען געוועזן ניט פענס־טער, נאָר טירען, מ'קאָן גלייך פון גאַס אַריינשפּאַנען אין שטוב דורך די דאָזיגע פענסטער.

זעהט איהר באַלד, ווי די פייערען צינדען זיך אָן. איהר זעהט אויך ווי עס נעמען זיך באַווייזען געשטאַלטען, מאָדנע, טונקעלע געשטאַלטען, וואָס שפּאַרען זיך אַרויס פון די פענסטער און בויגען זיך אַרויס צו דער גאַס. איהר קומט צו נעהענטער און דערזעט פאַר

זיך פרויען, פון יעדען ברייט-צעעפענטען פענסטער קוקען זיי ארויס, זיי בויגען זיך ארויס אָנשפּאַרענדיג זיך מיט די נאַקעטע אָרעמס אויף די געזימסען אָדער זיי זיצען אויף ביינקלעך פאַר דער טיר.

און זיי זיינען מער אויסגעטאָן ווי אָנגעטאָן, זיי טראָגען קורצע קליידעלעך איבער דעם נאַקעטען לייב, די אַקסלען און אָרעמס אינגאַנצען אַנטבלויזט און אַזוי אויך די בריסט. אייניגע טראָגען קאָלירענדיגע שאַלען אויף די אַקסלען, וואָס הענגען נאַכלעסיג און לאָזען טיילען פון נאַקעטען לייב פריי און אָפען פאַר'ן אויג. אָט אַזוי אין יעדען פענסטער — אַ האַלב-נאַקעטע פרוי אָן אָנגעפּאַרבטע. עלטערע פרויען, ביי וועלכע די אויסגעלעבטקייט שפּאַרט זיך ארויס פון אונטער די פלאַסטען פאַרב און שמינקע, און יונגע, פרישע, נאָך ניט צעטראָטענע, נאָך ניט אויסגעזויגענע. אָט אַזוי אין יעדען פענסטער, די גאַנצע לאַנגע גאַס אַזוי, פון ביידע זייטען הייזער, אַזוי ווייט ווי דאָס אויג קאָן כאַפּען.

און מענער נעמען זיך באַווייזען אַזוי גיך ווי די פייערען בליצען אויף אין די פענסטער און פרויען-געשטאַלטען רוקען זיך ארויס פון די צעפּראַלטע לאָדענס, זיי באַווייזען זיך פון אַלע זייטען, שלייכען זיך ארויס פון די שאָטענס, וואָס די גרין-גאַזיגע לאַמטערנעס שלאָגען אָפּ פון זיך, פון צווישען די נידעריגע ביימלעך, וואָס שפּרייטען זיך אויף ביידע זייטען גאַס מיט זייערע געדיכטע, קורץ-געשוירענע קעפּלעך, וואָס שפּרייטען זיך אויף ביידע זייטען, און פון די טויערען, וואָס עפענען זיך און פאַרמאַכען זיך מיט אַ סקריפּ פון ניט-געשמירטע רעדער.

ביסלעכווייז ווערט די גאַס פול. וואָס טיפער די נאַכט שניידט זיך אריין, אַלץ קאָכיגער ווערט דאָ. שכור'ע אויסגעשרייען נעמען אָנפילען די לופט, אַ פרויען-קוויטש מעסערט זיך אריין אין דער נאַכט; אַ געזאַנג פון אַ ראַדיאָ; פון אַן אַנדער פענסטער אַ זיסליך-אומעטיגער מעקסיקאַנער ראָמאַנס וואָס אַ גראַמאָפאָן שפּילט אויס; ווידער אַ פרויען-קוויטש. דאָ און דאָרט שפּאַנט אַ מאַן אריין אין פענסטער, פאַרשווינדט מיט דער פרוי, דאָס ליכט ווערט אויסגעדרעהט, דער לאָדען פאַרהאַקט. עס נעמט אָבער ניט לאַנג און די פרוי באַווייזט זיך ווידער און אַן אַנדער מאַן שטעהט שוין איבער איר אַריבערגעבויגען. אַזוי גאַנצע נאַכט ביז דער פריהמאָרגען נעמט גרויען, אַזוי אין יעדען פענסטער פון דער לאַנג-לאַנגער גאַס, וואָס איז פאַרבויט מיט אַלטע, נידעריגע הייזער, אייגענטליך ניט קיין באַזונדערע הייזער, נאָר איין לאַנגע, ריזיגע געביידע, וואָס איז דורכגעהאַקט פון טויערען און פענסטער.

איז אָט די גאַס, וואָס רופט זיך „די גאַס פון מעקסיקאַנער דענקער", דער פּראָסטיטוציע-צענטער אין מעקסיקאָ-סיטי. דאָ הויבט זיך אָן

ערשט דאָס לעבען, ווען די גאַנצע שטאָט, וואָס גערט שלאָפען פריה, דערהט זיך שוין איבער אויף דער אַנדערער זייט.

פאַרוואָס די מעקסיקאַנער פּראָסטיטוטקעס האָבען אויסגעקליבען פאַר זיך „די גאַס פון די מעקסיקאַנער דענקער" און וואָס זיי האָבען געצילט מיט דער דאָזיגער פיינער איראָניע — ווייס איך ניט.

אייגענטליך דאַרפען די „מעסיקאַנער דענקער", אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע ברואים אין מעקסיקאָ, זיך ניט באַליידיגען אויף די פּרעהליכע מיידלעך אין זייער שטאָט. איך ווייס ניט, וואָס די מעקסי־קאַנער דענקער טוען אויף אָדער וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן מיט זייער דענקען, איך ווייס אָבער, וואָס די דאָזיגע מיידלעך טוען אויף מיט זייער אונטערטעניגען, נאָכגיביגען, לאָסטשטענדיגען שווייגען.

און די מעקסיקאַנער פּראָסטיטוטקעס, — האָבען מיר פאַרזיכערט מענשען, וואָס ווייסען, — זיינען ניט קיין גאַסען־פרויען אין דעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט. אַ סך זיינען אָנשטענדיגע טעכטער, אפילו מאַמעס פון קינדער און האָבען אפילו מענער מיט וועלכע זיי לעבען; ניט מעהר, וואָס זיי האָבען זיך אויסגעקליבען אָט די פּראָ־פעסיע, איינע פון די עלטסטע אין דער מענשליכער געשיכטע.

באַציהען זיי זיך צו זייער פּראָפעסיע מיט אַ געוויסער זעלבסט־ווירדיגקייט. זיי זיינען ניט אַזוי קאָמערציאַליזירט ווי די גאַסען־פרוי אין אַנדערע לענדער. דער „גאַסט", וואָס קומט צו דער פרוי אין דער „גאַס פון מעקסיקאַנער דענקער", ווערט באַגעגענט, ווי אַ פריינט. עס טרעפט אויך אָפט, אַז צווישען די דאָזיגע פרויען און זייערע באַזוכער פאַרקניפּט זיך מיט דער צייט אַ נאָהענטע, אינטימע פריינט־שאַפט. באַוואוסטע מעקסיקאַנער פּאָליטיקער האָבען זייערע בעסטע און איבערגעבענסטע פריינט צווישען די פרויען, וואָס וואוינען אויף דער „גאַס פון די מעקסיקאַנער דענקער".

ווי ווייט דער געפיהל פון זעלבסט־ווירדיגקייט איז אַנטוויקעלט ביי די דאָזיגע פרויען, באַווייזט דער פאַקט, וואָס זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַן אייגענער קערפּערשאַפט, אַ מין פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין אָדער יוניאָן. אין מעקסיקאָ רופט מען דאָס „סינדיקאַט".

האָט דער דאָזיגער סינדיקאַט צוויי אויפגאַבען: ערשטענס צו באַשיצען די מיטגלידער קעגען „פרעמדער קאָנקורענץ", איבערהויפּט קעגען דער קאָנקורענץ פון די פראַנצויזקעס, וואָס לאָזט זיך שטאַרק פיהלען; צווייטענס — צו פאַרטיידיגען זיך קעגען דער עקספּלוא־טאַציע פון די בעלי־בתים פון די פרעהליכע הייזלעך.

מ'האָט מיר דערצעהלט, אַז צווישען די דאָזיגע בעלי־בתים האָבען זיך אַמאָל אויך געפונען אחינו בני ישראל.

די דאָזיגע פאַרשוינען, אָדער ווי מען רופט זיי אין די צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער „טמאים" האָבען איינגעוואַנדערט מיט אַ יאָהר

צען־פופצען צוריק פון דעם צענטער פון וועלט־פראָסטיטוציע—בוענאָס איירעס.

זיי האָבען געהערט, אַז עס זיינען אָנגעקומען עטליכע טויזענט אידען קיין מעקסיקאָ, און עס ווערט דאָרט אַ ישוב, האָבען זיי זיך דערפרעהט; זיי האָבען דערזעהן פאַר זיך אַ נייעם מאַרק פאַר זייער „סחורה".

די „טמאים" האָבען אָבער באַלד אויסגעפונען, אַז זיי האָבען אָנגעטראָפען אין מעקסיקאָ אויף שלעכטע קונים. די איינגעוואַנדערטע אידען זיינען באַשטאַנען פון גאָר אַן אַנדער עלעמענט, זיי האָבען באַלד אויפגעהויבען אַ ביטערען קאַמף קעגען די פרויען־הענדלער און זיי ניט געגעבען קיין רוה. מ'האָט זיך אָפטמאָל אַריינגעריסען אין די געסלעך, וואו די פרויען האָבען זיך אויפגעהאַלטען און מען האָט די חברה אָנגעבראָכען די ביינער און געלאָזט זיי פיהלען, אַז זיי קאָנען דאָ ניט פאַרבלייבען.

די מלחמה האָט אָנגעהאַלטען אַ פאָר יאָהר, וואָרים די „טמאים" האָבען זיך אַזוי גיך ניט אונטערגעגעבען. מען האָט זיי אָבער סוף־כל־סוף פאַרטריבען.

טאָ זאָל דאָס טאַקע פאַרצייכענט ווערען אויף דער קאָנטע פון די מעקסיקאָנער אידען, וואָס זיי זיינען איצט ניט פאַרטראָטען אויף דער „גאַס פון די מעקסיקאָנער דענקער".

איינער פון די ערשטע איינגעוואַנדערטע אידען, מינדלין, וועמען עס איז אגב אויסגעקומען אָנצופיהרען די מלחמה קעגען די „טמאים", האָט מיר דערצעהלט גאָר טשיקאַווע זאַכען. אָט דער מינדלין איז געווען דער ביבליאָטעקאַר פון דער יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט. די י. מ. ה. א. איז געווען דער איינ־ציגער אָרט אין גאַנץ מעקסיקאָ סיטי, וואו מען האָט געקאָנט קריגען אַ אידיש אָדער העברעאיש בוך. די צאָל, פון די, וואָס זיינען געקומען נאָך ביכער איז געווען אַ קליינע, ווייל אידען האָבען נאָר וואָס איינ־געוואַנדערט, און מען איז געווען פאַרנומען מיט זוכען חיונה, איינ־אָרדענען זיך אין דער ווילד־פרעמדער וועלט און מען האָט ניט געהאַט קיין צייט און קיין געדולד פאַר ביכער.

„ווייסט איהר אָבער, ווער עס זיינען געווען די אָפטסטע באַזוכער אין דער ביבליאָטעק, און וואָס פלעגען אַרויסנעמען די גרעסטע צאָל אידישע און העברעאישע ביכער?" האָט מינדלין באַמערקט, „דאָס זיינען געווען צוויי בעלי־בתים פון פרייליכע הייזלעך. איינער איז געווען אַ יונגערמאַן, אַן אינטעליגענטער מענש, ער איז געווען גוט באַהאַווענט אין ליטעראַטור און מיר פלעגען אָפט פיהרען דיסקוסיעס. איך האָב אַ שטיק צייט ניט געוואוסט וואָס זיין באַשעפטיגונג איז. און ווען איך האָב דאָס אויסגעפונען, האָב איך ביי איהם געפרעגט, ווי קומט דאָס,

וואָס אַזאַ מענש ווי ער זאָל זיך אָפּגעבען מיט אַזאַ מיאוס'ער, שענד־ליכער פּרנסה . . . דער יונגערמאַן האָט מיר אויסקעהערט מיט אַ שמייכעל, און גענומען דערנאָך אַנטוויקלען אַ גאַנצע פילאָסאָפיע וועגען די גרויסע נוצען פון פּראָסטיטוציע. ער האָט מיר געזוכט צו באַווייזען, אַז זיין באַשעפטיגונג איז פיל אָנשטענדיגער און ניצליכער ווי אַ סך אַנדערע."

„וואָס איז געוואָרען מיט דעם דאָזיגען יונגעמאַן?" האָב איך גע־פרעגט מיי מינדלינ'ען.

„ער איז אַוועק פון מעקסיקאָ, פּלוצים פאַרשוואונדען. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז ער אַוועק קיין ארץ־ישראל".

אונטער מינדלינ'ס ברילען האָט זיך באַוויזען אַן איראָנישער אויגען־פינטעל.

„און וואָס איז געוואָרען מיט דעם צווייטען?" האָב איך געפרעגט.

„דעם צווייטען האָט מען דער'הרג'עט. ער האָט זיך צעקריגט מיט אַן אַנדער פרויענהענדלער און יענער האָט איהם דער'הרג'עט. ער איז אויך געווען אַן אינטעליגענטער מענש און האָט געהאַט אַ פרייע האַנט . . . און די דערפאַרונגען מיט די בתולות, די אידישע מיידלעך, וואָס האָבען זיך אויפגעהאַלטען אויף דער „גאַס פון די מעקסיקאַנער דענקער" — עך, וואָס איך האָב זיך אָנגעזעהן און אָנגעהערט"...

מינדלין האָט זיך פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנפרישען דעם זכרון און אָנגעהויבען:

„געה איך אַזוי איינמאָל אין אָוועגט איבער דער גאַס פון דער „הייליגער ווערא קרוז" וואו די פרעהליכע הייזלעך האָבען זיך גע־פונען. מיט אַמאָל דערהער איך: „פעטער, פעטער, איר זענט אַ איד?" איך קוק זיך אום און דערזעה אַן אָנגעפאַרבטע נקבה אין אַ פענסטער. וויל איך שוין געהן ווייטער, שרייט זי אָבער צו מיר ווידער: „פעטער, פעטער, איהר זענט אַ איד?"

זאָג איך צו איר:

„און אַז איך בין אַ איד. וואָס־זשע ווילט איר? וואָס קומט אייך אַרוים?"

„איך וויל וויסען, ווי ווייט עס איז צו ימים נוראים..."

„וואָס האָט איר צו טאָן מיט ימים נוראים?"

„וואָס־זשע, איך בין ניט קיין אידישע טאָכטער?" האָט די נקבה זיך באַליידיגט, און מיך אָנגעקוקט בייז.

איך גיי אַ ביסעל ווייטער און הער ווידער פון אַ פענסטער:

„פעטער, איר זענט אַ איד?"

„איך בין אַ איד."

„ווייסט איר אפשר, ווען עס פאַלט אוים כ' כסלו?"

„צו וואָס דאַרפט איר וויסען, ווען עס פאַלט אוים כ' כסלו?"

„ווייל כ׳ כסלו האָב איך יאָרצייט נאָך דער מאַמע...״ האָט די בחור׳טע אין פענסטער אויסגערופען.

„היינט איז אָבער פון זיי קיין סימן ניט פאַרבליבען,״ האָט מינד־לין פאַרענדיגט, „מיר האָבען זיי אויסגעראָמט, יאָ, אויסגעראָמט...״

איז דאָס זיכער איינער פון די שענסטע פאָזיטיווע זייטען אינ׳ם אידישען ישוב אין מעקסיקאָ.

(11טער יאַנואַר, 1936)

## די הייליגע שטאָט צפת

גאַנץ פרי, ווען די זון האָט ערשט גענומען אויפגיין איבער׳ן „הר כנען״, האָב איך זיך אַרונטערגעלאָזען מיט דעם שלענגעלדיגען שאָסיי, צו דער אַלטער, הייליגער שטאָט צפת.

איך האָב דערגרייכט יענע נאַכט צום שפּיץ פון באַרג אַ טויט־מידער, אומגעפאָרען אַ גאַנצען טאָג אין די היצען, און ווען דער אָוונט האָט זיך אָנגערוקט, האָב איך דערפילט אַ פיבער אין די ביינער. ס׳האָט מיך גענומען טרייסלען, אין די פיס אַזאַ מידקייט, ווי דאָס בלוט וואָלט אויסגערונען פון זייערע אָדערען.

ס׳קומט, האָב איך צו זיך געטראַכט. וואָס? האָב איך ניט גע־וואוסט, אפשר מאַלאַריע, אפשר דיזענטעריע, אפשר אַן אַנדער חולאת.

האָט מיר די פּערספּעקטיוו פון בלייבען ליגען קראַנק אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג כנען גאָרניט געשמעקט, ליגען אַ קראַנקער אויפ׳ן „הר כנען״ — דאָס ניט, אויב אָבער שטאַרבען גיך, אָהן מאַטערניש, אַ מין יציאת נשמה אָהן יסורים — דאָס זעט איר — יאָ, דאָס וואָלט געווען אַ גרויס גליק, אַ באַלוינונג פאַר אַלץ, וואָס דאָס לעבען האָט ניט געגעבען. שטאַרבען אויף דעם „הר כנען״ — וואָס פאַר אַ גליק־ליכערען סוף קאָן איך זיך ווינשען.

האָבען אָט אַזעלכע געדאַנקען געזשומעט אין מיין צעהיצטען קאָפּ בשעת איך האָב זיך אומגעוואָרפען אַ פיבערדיגער אין מיין בעט. אַ ברעג לבנה האָט זיך אַריינגעשניטען ווי אַ בלאַנקער מעסער אין מיין פענסטער. כ׳האָב געקוקט אויף דעם שטאָליגען אָפּגלאַנץ און פייער־פונקען האָבען גענומען טאַנצען פאַר מיינע אויגען. כ׳האָב אויף אַ ווייל זיך דערשראָקען און אַרונטערגעטאַנצט פון מיין געלע־גער. מיינע באָרוויסע פיס האָבען דערפילט דעם קאַלטען שטיין פון דער פאָדלאָגע. האָט עס געווירקט אויף מיר ווי אַ פראָסטיגער טוש, אין מח האָט זיך אויסגעלייטערט, כ׳האָב זיך שנעל אָנגעטאָן און בין אַרויס אויף דעם גאַניק פאַר מיין פענסטער.

האָבען זיך גאָט׳ס אַלע וואונדער פאַר מיר יענע נאַכט אַנט־

פלעקט, אַלע וואונדער, וואָס האָבען ווען זיך דאָ אָפּגעשפּילט פון טאָג, וואָס משה האָט פון דער הויך פון באַרג דאָס געבאָטענע לאַנד געזען ביז די טעג פון אונזער צייט. דער גאַנצער וואונדערגאַנג פון מיין פאָלק האָט דאָ פאַר מיר זיך דורכגעטראָגען, אָט דאָ אין די נעפּ־לען, ליכטיג־רויכיגע, וואָס פילען אָן דעם טאָל, פויזען אום ווי וואָל־קענס, וואָס האָבען צו דער ערד זיך אַרונטערגעלאָזען, אָט דאָ זע איך זיי די דורות, הונדערטער, טויזענטער, וואָס זיינען געקומען פאַר מיר, אָט שווימען זיי פון די נעבלען אַרויס, שטעלען זיך אויס מחנות, מחנות, אין רייען אומענדליכע, דורות פון אַלע צייטען און לענדער. יעדער דור מיט זיין ווייַ און אייביגער האָפענונג, יעדער דור מיט זיין צינדענדיגען שטערען, און אַלע זיינען זיי איצט דאָ פאַרזאַמעלט אונטער דעם פאַספאַר־שיין פון דער לבנה, אַלע האָבען זיי הויט און לייב אויף די קנאָכען אַרויפגעצויגען, ביין צו ביין, און גליד צו גליד באַהעפט, מיט לעבען אָנגעהויכט ווי די מתים אין טאָל, וואָס יחזקאל האָט געזען.

און קולות האָב איך פאַרנומען שטייענדיג אַליין אין מיטן נאַכט אויפ׳ן באַרג כנען, קולות, וואָס האָבען פון די אַרומיגע בערג און טאָלען זיך געטראָגען, פון די טויזענטער קברים, וואָס זיינען איבער זיי צעזייט, פון די קדושים, וועמעס הויך שוועבט אום, פלעמעלט ווי אַ נר תמיד. אָט הער איך זיי די קדושים, די העלדען, די וואָס האָבען דעם גורל פון מיין פאָלק אין פייער פון אייביגקייט אויסגעשמידט, אָט הער איך זיי פון די בערג, פון די טאָלען, פון דער הייליגער צפת, וואָס ליגט אַנטקעגען דעם הר כנען, פון די קברים פון מירון.

און גאַנץ פרי, ווען די זון האָט ערשט גענומען אויפגיין איבער׳ן „הר כנען", האָב איך זיך אַרונטערגעלאָזען מיט׳ן שמאָלען, שלענ־געלדיגען וועג צו דער אַלטער, הייליגער שטאָט צפת.

צוערשט באַרג אַראָפּ. ערטערווייז ווי מען וואָלט זיך פון אַ וואַנט אַרונטערגעגליטשט. אָט־אָט און מען וועט פאַרלירען דאָס גלייכגעוויכט, פליען אונטען אין טאָל, וואָס האַלט אָפען דאָס שוואַר־צע מויל. ווען דאָס זאָל געשען — פּרואווט די ביינער ניט אויפ־קלייבען. זאָלען זיי דאָרטען בלייבען, טריקענען זיך אונטער דער זון, צעפאַלען אין שטויב, צעטראָגען ווערען דערנאָך איבער די בערג.

דערנאָך באַרג אַרויף, באַרג־אַרויף. ניט גלייך, נאָר שלאַנגיג־געדרייט, ענליך צו דער „סערפּענטינא", ווי מען רופט דעם זיג־זאַג וועג, וואָס פירט צווישען די בערג קיין ירושלים.

איבער צפת הענגט נאָך אַ ווייסער נעפּעל, ווי פּאַרע פון פרישער, נאָר וואָס אויסגעמאָלקענער מילך, וואָס שווימט נאָך אין דער דאָיניצע. אויף דער „כנרת" איז מיט אַ ווייסען נעפּעל באַצויגען, דער נעפּעל

איבער׳ן „כנרת״ דאמפט ארויס פון די וואסערען, קנוילט זיך דיך-וואלקענדיג און ווערט צערונען.

די שטאט פון די מקובלים קומט מיך אנטקעגען מיט די נידעריגע דעכלאך פון אירע הייזער. א ציטער נעמט מיך ארום, דער ציטער פון ערב יום כפור, ווען מען שפאנט אריבער די שוועל פון שול צו „כל נדרי״.

פאר מיר גייט אויף און דעם פרימארגען, וואס אט די שטאט מיינט פאר אונז. אויף מיין וועג צו אירע טירען שטייען אויף די הייליגע, וואס זיינען איבער אירע געסלעך אומגעגאנגען, זייערע אומפארמעקטע טריט אויף אירע שטיינער געלאזען. אט דאס איז זי די מקובלים-שטאט, די אלטע, פארהייליגטע שטאט פון אר״י הקדוש. אט דא האבען זיך די הימלען פאר זיי געעפענט און דא איז דער לייטער צו די הימלען אויפגעשטעלט געווארען, דער לייטער, וואס פירט צו די שערי שמים, גרייכט צום היכל פון דער שכינה, צום כסא הכבוד. אט דא איז עס געשען. אט דא זיינען אלע לויטער-קייטען אויפגעגאנגען און די טירען צו אלע פארבארגענקייטען האבען אויפגעפראלט. דא האבען אויגען געזען קלארער ווי ביים שפאלטען פון ים אלץ וואס איז פארהוילען, מראשית עד אחרית כל הדורות.

די געסלעך וואכען שוין אויף ווען איך קום אן אין שטאט. לאז איך זיך אוועק איבער די געסלעך. שמאלע, מיט שפיציגע שטיינער געפלאסטערטע. מען לאזט זיך ארונטער ווי אין א טאל. דא און דארטען פירען טרעפלעך. אפטמאל זיינען די שטיינער אונטער די פיס גלאטע, פאלירטע פון דעם שפאן פון הונדערטער דורות, גליטשט מען זיך אויף זיי ווי אויף גלאז, און מ׳מוז זיך ביי די ווענט אנהאלטען.

אין די קייטלאך — ארימע, אפגעריסענע מענשען. עלטערע מענער און ווייבער. פנים׳ער פארצאגטע, דערשלאגענקייט אין די אויגען. די באוועגונגען, דער קוק — ווי פון מענשען, וואס דער-שלעפען בעל כרחם דאס לעצטע ביסעל יארען. ס׳זאל זיין ביי זיי די ברירה, וואלטען זיי מוחל געווען דאס גליק.

די הייזער ווי אין פעזען אויסגעהאקט, וואוינונגען מיט די שטיי-נער פון גאס צונויפגעגאסען, ווי די דירה וואלט פון דער ערד אדער פון א בארג ארויסגעוואקסען. דורך אפענע טירען זעען זיך הויפען. אויף די הויפען — פרויען פאר דער צייט פארעלטערטע, קינדערלאך ברודיגע, אפגעריסענע, מיט אומעטיגע אויגען.

די מענשען, וואס איך באגעגען — מיטעליעריגע און אלטע לייט. נישטא קיין יונגע אין צפת. די יוגענט, האט מען מיר דערציילט, צעלויפט זיך פון צפת, ווער אין די שטעט, ווער אין די קאלאניעס. איז צפת היינט פארבליבען מיט אירע אלטע לייט, וואס הארכען זיך איין ווי אין די טריט פון משיח — אין די טריט פון טויט. צפת די

היינטיגע — אַ מושב זקנים.

איך גיי אום מיט אַ פאַרקלעמפּטע האַרץ. ווען איך פאַרנעם אַ קינדערש געוויין שטעל איך זיך אָפּ, האָרך זיך איין אַ פאַרוואונדער־טער, וואָרים איך האָב דעם געפיל, אַז איך גיי אום אין אַ טויטער שטאָט, אין אַן אָרט, וואו ניט מער ווי גייסטער טראָגען זיך אום, שאָטענס פון ווייט־ווייטען אַמאָל שלייכען זיך דורך, באַווייזען זיך און ווערען באַלד צערונען.

איך בין אין דער שול פון אר"י הקדוש. אַריבער פיר הונדערט יאָר איז אַלט די דאָזיגע שול. אויף אירע טונקעלע, איינגעהויקערטע ווענט — די קדושה פון הונדערטער דורות.

איך דערזע אַן עלטערען איד איבער אַ ספר, אַ ספרדי מיט אַ טונקעל פּנים און אַ דין, געקרייזעלט בערדעל מיט זילבער־פעדים דורכגעשטרייפט. אויפ׳ן קאָפּ אַ רויטע פעסע מיט אַ שוואַרצען ווערך. ער זעט און זעט מיך ניט, הויבט ניט אויף דעם קאָפּ פון ספר. אויפ׳ן הויף אין דער זון זיצט אַ יונגערמאַן אין אַ ברייטען קאַפּעלוש, די לאַנגע קאַפּאָטע אַרומגעגאַרטעלט. ער האַלט איינגע־גראָבען די אויגען אין אַ פאַרגעלטען „זוהר". אַנטקעגען אים די בערג, מירון, די קברים פון די מקובלים. ער — מיט דעם „זוהר" אין די הענט — ווי ער וואָלט צו זיי געזאָגט: „זעט! דער הייליגער פאָדים איז ניט איבערגעריסען . . . דאָס פייער ברענט נאָך . . ."

## טעג און נעכט אין דער הייליגער שטאָט ירושלים.

פרייד און טרויער גייען אויף ווי מאָרגען־טוי, ווען מ׳קומט אין דער הייליגער שטאָט ירושלים.

די פרייד און דער טרויער נעמען אויפשפּילען אין האַרצען נאָך איידער די פיס באַטרעטען די ערד, אויף וועלכער נביאים און גדולי האומה זיינען אומגעגאַנגען.

מען לאָזט זיך מיט׳ן וועג, וואָס פירט אַהין ווי אַ טאָל. איבער׳ן קאָפּ בערג, אויף ביידע זייטען פעלדער,ביימער, יונגע וועלדער, דאַ און דאָרטען אַ בנין אין מיטען דעם שאָסעי. דער וועג איז אַ שמאָ־לער, ווי אַ ווירע. אַ שאָסעי אַ געפלאַסטערטער, וואָס זעט אויס נאָך ניי. ס׳איז טאַקע אַ נייער וועג, וואָס מ׳האָט געמוזט בויען אין דער צייט ווען די מלחמה מיט די אַראַבער איז אָנגעגאַנגען און דער אַלטער וועג איז באַשאָסען געוואָרען. דער נייער שאָסעי איז אַ מין אום־וועג, וואָס לויפט זייט־ביי־זייט ניט ווייט פון אַלטען. דער שלאַנ־געניוועג פון פריער איז געבליבען ווי געוועזן. מ׳מאַכט אַלץ הקפות, ווען מען האַלט זיך אין דערנענטערען צו ירושלים. ס׳גילט אַלץ דער אַלט־אַלטער פסוק „ירושלים — הרים סביב לה" פאַר דער אַלט־

אלטער הייליגער שטאָט.

דער טרויער נעמט אויפגיין אזוי גיך ווי מ׳פאָרט אריין אין טאָל. עס איז ווי מ׳וואָלט געפאָרען איבער אַן אלעע פון אַ גרין־צעבליטען פּארק, אזוי נאָענט און געדיכט וואַקסען דיביימער ביי די זייטען, אזוי נאָענט זיינען אויך די בערג, וואָס דערהויבען זיך און שלאָגען אָפּ לאַנגע שאָטענס.

אויך די בערג זיינען גרין־גרין, באַדעקט מיט יונגע ביימלעך, וואָס רייסען זיך צום הימעל מיט זייערע קוטשעראַווע, צעשויבערטע קעפּלעך. איך געדענק ווי די בערג האָבען אויסגעזען מיט יאָרען צוריק. זיי זיינען געשטאַנען נאַקעטע, וויסט־אָפּגעליידיגטע, אַרונ־טערגעקוקט מיט זייערע שטיינער, וואָס זיינען געווען פאַרזייט איבער זיי. האָט מען באַטראַכט די בערג און מיט זייער אומהיימליכער, שרעקיגער וויסטקייט, מיט די שטיינער, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער זיי, און מ׳האָט געזאָגט צו זיך: נישט אַנדערש נאָר אַז גאָט׳ס קללה איז אויסגעגאָסען אויף זיי, אַז קיין גרעזעל און ביימעל וועט מער אויף זיי נישט וואַקסען, וואָרים ווי קאָן עפּעס וואַקסען און בליען אויף אָט דער ערד, וואָס איז פון שטיינער געשמידט?

איז אָבער געשען אַ נס און די ביימער האָבען זיך באַקליידט מיט גרינס. ביימלעך שטייען שטאָלץ מיט זייערע געבלעטערטע קעפּ־לאַך, יונגע וועלדלאַך גייען אויף, פייגעל טשוויטשערען, פאַדען אום צווישען די צווייגען. ס׳איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער הייליגער שטאָט. די זון האָט זיך שוין גענומען זעצען און געגאָלדיגט די שפּיצען פון די בערג און פון די ביימלאַך. האָבען גאַנצע סטאַיעס מיט אַלערליי פייגעל זיך אומגע־קערט פון ערגעץ אויף נאַכטלעגער אין זייערע נעסטען. זיי האָבען אומגעצירקעלט אין דער לופט, צעלאָזען זיך אין אַ פריילעכען טשי־ריק־טשיריק־געפּילדער, ווי יונגע מיידלאַך אויף אַן אויספלוג, דערנאָך זיך אַרונטערגעלאָזען צווישען די ביימלעך.

אַ איד פון ישראל, וואָס איז געזעסען ביי מיין זייט אין אויטאָמאָ־ביל, האָט געזען ווי איך באַטראַכט די פייגעל, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„איר ווייסט, זינט אונזער לאַנד איז באַוואַקסען געוואָרען מיט גרינס, מיט בלומען און ביימער, האָבען זיך גענומען יאָווען צו אונז מאַסען פייגעל . . . יאָ, מאַסען פייגעל . . .״

„זיי זיינען אויך אונזערע נייע עולים״, האָט באַמערקט דער שאָפער, וואָס האָט געקירעוועט קונציג מיט׳ן ראָד פון אונזער אוי־טאָמאָביל . . . „די פייגעל קומען פון פאַרשידענע לענדער, ס׳האָבען זיך באַוויזען אַזעלכע מינים פייגעל, וואָס מיר האָבען פריער נישט געזען . . .״

האָבען די בערג, וואָס זיינען איצטער איינגעטונקען אין גרינס,

און די פייגעל, וואָס האָבן אומגעפּאַדעט — אַרויסגערופן פרייד. זיי זיינען געווען ווי רעדעוודיגע עדות פון דער אויפלעבונג פון אונזער לאַנד.

וועגן זיי, די פייגעל, האָט מען ניט געדאַרפט זאָרגן ווי וועגן די עולים פון איראַק אָדער אַפגאַניסטאַן, אָדער רומעניע. זיי געפינען אַליין אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ. זיי געפינען אויך שפּייז פאַר זיך און זייער פּיצעלוואַרק. זיי, די פייגעל, זיינען נישט קיין פּראָבלעם.

אָבער אינאיינעם מיט דער פרייד גייט אויך אויף דער טרויער, און טאַקע אויפ׳ן וועג קיין ירושלים.

באַלד ווי מ׳פאָרט אַריין אין טאָל, דערזעט מען פאַר זיך אויף ביידע זייטן איבערגעקערטע, צושמעטערטע אויטאָמאָבילען. מ׳באַטראַכט די אויטאָמאָבילען און מען וואונדערט זיך: צו וואָס האָט מען זיי געלאָזט דאָ ליגן? און וואָס אייגענטליך איז געשען? דערקלערט מען אייך:

„אָט די אויטאָמאָבילען זיינען צעשאָסען געוואָרען אין דער צייט, ווען דאָ, אין טאָל, זיינען אָנגעגאַנגען ביטערע שלאַכטען... די אַראַבער זיינען געווען אויף די בערג, פון דאָרטען האָבן זיי אָנגעפירט זייער קאַמף קעגען די אידען... אידישע קעמפער פון „אירגון", פון דער „הגנה", פון דער „שטערן גרופּע" האָבן זיך געפּרואווט דורכברעכען אַ וועג... דאָס איז געווען אין דער צייט ווען ירושלים איז געווען באַלאַגערט און גערופן נאָך הילף... האָט מען זיך איינגעשטעלט און געענטפערט דעם רוף. מ׳האָט געוואוסט, אַז דער וועג איז געפערליך, אַז דער שונא לויערט אויף די בערג פון ביידע זייטען, אַז מ׳לאָזט זיך אין אַ פּאַסטקע, אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעהאַלטען..."

אַזוי דערציילט מען אייך. פרעגט איר ווייטער:

„וואָס-זשע איז געשען?" ענטפערט מען אייך ווייטער:

„וואָס ס׳איז געשען? וואָס פרעגט איר וואָס ס׳איז געשען? איר זעט דאָך די איבערגעקערטע אויטאָמאָבילען, איר זעט דאָך די לעכער פון די קוילען, נו, איז וואָס איז דאָ צו פרעגען? עטליכע צענדליג יונגע, אידישע קרבנות זיינען דאָ געפאַלען, מען האָט אָבער דורכגעבראָכען דעם וועג און ירושלים האָט געקראָגען הילף, יאָ, די אויטאָמאָבילען ווידער, די פאַרזשאַווערטע און צעשאָסענע. זיי האָט מען געלאָזט אויף ביידע זייטען וועג ווי אַ דערמאָנונג... זאָל יעדער, וואָס פאָרט אַריין אין דער הייליגער שטאָט אָדער וואָס שפּאַנט צופוס אויף דעם וועג, וואָס פירט צו אירע טויערן, דערמאָנען זיך אין דעם, וואָס דאָ איז ערשט ניט לאַנג געשען, ווי אידישע העלדען האָבן דאָ פאַרלאָרען זייערע לעבענס, ווי מען האָט דאָ געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון ירושלים... יאָ, די איבערגעקערטע אויטאָמאָבילען וואָס דער

זשאַוועד האָט זיך שוין איינגעגעסען אין זייערע מעטאַלענע זייטען און רוקענס, און וואָס קוקען פיל־אויגיגע מיט זייערע לעכער, וואָס די קוילען האָבען אין זיי געלאָזען, זיי שרייען אַרויס צום אידען, וואָס דערנענטערט זיך צו דער הייליגער שטאָט:

„זכור את אשר עשה לך עמלק . . .״

ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס דער נאָמען פון היינטיגען שונא איז נישט עמלק . . .

פרייד און טרויער גייען אויף ווי מאָרגען־טוי, ווען מ׳קומט שוין אָן אין דער הייליגער שטאָט, און מ׳נעמט אומגיין איבער אירע גאַסען . . .

פריער, אַז אַ איד איז געקומען קיין ירושלים, איז דער ערשטער געדאַנק געווען, ער וועט גיין זען די ערטער, וואָס זייַנען פאַרהייליגט אין אונזער געשיכטע, וואָס לעבען אין אונזער געמיט, וואָס באַגלייטן אונז פון אונזערע חדר־יאָרען אָן . . .

דער ערשטער געדאַנק איז געווען צו גייַן צום כותל מערבי. איך געדענק, אַז איך האָב דאָס געטאָן באַלד יעדעס מאָל, ווען איך בין געקומען אין דער הייליגער שטאָט. איך האָב זיך שטענדיג געפעדערט און געלאָזען זיך מיט אַ ציטערדיג האַרץ צו דער וואַנט, וואָס איז אַן עדות פון אונזער אַמאָליגען חורבן און אויך פון אונזער אומפאַרגענגליכקייט אַלס פאָלק. דער וועג האָט מיך געפירט דורך די שמאָלע, טונקלע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, צווישען טומעל און געזעמעל פון די אַראַבישע קרעמלעך און גאַסען־הענדלער. איך האָב געהאַלטען אין אייַנ אַרונטערלאָזען זיך אויף די טרעפּלאַך, וואו די שטיינער זייַנען אויסגעריבען און גלאַנצען פון די טריט פון הונדערטער דורות. דערנאָך האָב איך זיך געמאַכט אַ וועג אין דעם לאַבירינט פון געסלאַך און זאַוואולקעס ביז איך האָב דערגרייכט דעם שמאָלען קאָרידאָר, וואָס פירט צום כותל מערבי, און ווען מייַנע אויגען האָבען די אַלטע, פאַרהייליגטע, פאַראייביגטע וואַנט דערזען, האָט דאָס האַרץ מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט, אַ פייכטע הייטעל האָט די אויגען פאַרצויגען. אַלץ אין מיר האָט אויפגעציטערט, אַלץ אין מיר איז געוואָרען געשפּאַנט ווי די סטרונעס פון אַ פידעל, אָט־אָט און ס׳וועט פּלאַצען און איך וועל אויסברעכען אין אַ געוויין, אין אַן אויסגעשריי, אין אַ היסטעריש כליפּען.

און אַזוי אויך ביים קבר פון אונזער מאַמע רחל. אַזוי גיך ווי מיינע פיס האָבען מיך געקאָנט טראָגען, האָב איך זיך געאיילט צו דער הייל, וואו די מאַמע רחל האָט געפונען איר קבר אויפ׳ן וועג קיין פדן ארם. איך האָב זיך אַרונטערגעלאָזען די עטליכע טרעפּלאַך, אַ קלעפּיגע, סקלעפּיגע פייכטקאַלטקייט האָט מיך איינגעוויקעלט. איך בין געבליבען שטיין אַ פאַרגליווערטער פאַר דעם

אוהל. די פייכטע אויגען האָבען זיך געשמאָלצען אין אַ זאַלציגער פליסיגקייט, געפינטעלט ווי די ליכט, וואָס האָבען געברענט אין די טונקעלע ווינקלען און נישעס און אָפּגעוואָרפען לאַנגע שאָטענס.

דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעלאָזען צו די קברי המלכים, צו די קברים פון די קדושים, וואָס זיינען צעזייט איבער׳ן הר הזיתים, צו די אַנדערע הייליגע פּלעצער, וואו יעדער שטיין רעדט פון דער אַמאָליגער, פאַרגאַנגענער גלאָריע, פון קאַמף און זיג, פון ליכטיגען נעכטען, פון האָפענונגען אויף אַ ליכטיגען מאָרגען . . .

אַזוי פלעגט זיין פריער, ווען איך בין געקומען קיין ירושלים, מיט יאָרען צוריק, ווען די אידישע מלוכה איז נאָך געווען נישט מער ווי אַ חלום . . .

דעמאָלט בין איך גאַנצע טעג אומגעגאַנגען איבער דער אַלטער ירושלים. די נייע האָט ווינציג געמיינט. אומגייענדיג איבער דער אַלטער ירושלים האָב איך געהאַט דאָס געפיל ווי הינטער מיר גייען נאָך טויזענטער יאָרען אידישע געשיכטע, ווי איך ווער באַגלייט אויף מיין וועג פון הונדערטער דורות. דאָס איז געווען אַ וואונדערליך געפיל, וואָס לאָזט זיך גאָרניט באַשרייבען. ניין, דאָס קאָן מען אין קיין ווערטער ניט איבערגיסען.

היינט אָבער איז דער וועג צו דער אַלטער שטאָט פאַרצוימט מיט אַראַבישע באַיאָנעטען.

היינט, אַז מ׳וויל אַריינקומען אין דער אַלטער שטאָט, מוז מען קריגען אַ באַזונדערע דערלויבעניש פון אַבדאַלאַ׳ס קאָמאַנדירען.

גייט מען היינט אַרום איבער די גאַסען פון ירושלים און אַ טרויער באַגלייט אייך.

איר פילט טיפע שאַנד, ווייטאָגדיגען ווייטאָג, וואָס אונזערע הייליגקייטען, די פאַראייביגטע מאָנומענטען פון אונזער פאַרגאַנגענהייט ליגען אין פרעמדע הענט.

איר פילט טיפע שאַנד און ווייטאָגדיגען ווייטאָג, וואָס אַ איד קאָן ניט צוקומען צום כותל מערבי.

איר פרעגט זיך:

וואָס טוען זיי, די אַראַבער דאָרטען? ווי קומען זיי אַהין? פאַרוואָס האָט מען עס דערלאָזט?

די שאַנד און דער ווייטאָגדיגער ווייטאָג ווערען נאָך טיפער, ווען איר ווייסט, אַז ס׳האָט געקאָנט אַנדערש זיין, און אַז מיר אַליין זיינען ניט ווינציג שולדיג אין דעם . . .

גייט איר אום אַזוי איבער די גאַסען פון דער נייער שטאָט, איר נישטערט מיט די אויגען, איר זוכט צו געפינען טרייסט אין דער נייער ירושלים פאַר דעם ווייטאָג, וואָס פייניגט אייך דערפאַר וואָס איר קאָנט ניט אַריינקומען אין דער אַלטער שטאָט.

און די טרייסט קומט אַנטקעגן.

וואָרים ס'איז פאַראַן פרייד, גאָר אַ סך פרייד, אויך שיינקייט, כשופ'דיגע שיינקייט אין דער נייער ירושלים.

## אַ רייזע איבערן מדבר סיני

עס גלויבט זיך קוים — עס איז אָבער געשען, איך האָב געהאַט די זכיה צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס געהייליגסטע אָרט אין אונזער געשיכטע, דאָרטן וואו מיר האָבן געהערט דעם ליכטיגן אָנזאָג: „היום נהית לעם", היינט ביזטו געוואָרן אַ פאָלק.

איך האָב געזען דעם באַרג סיני. דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק, ווען איך האָב באַזוכט ארץ ישראל צום צווייטן מאָל.

די ענגלענדער זיינען נאָך געווען דעמאָלט אין לאַנד און די אַראַבער. ענגלישע טאָמים מיט זייערע ביקסען און ברודיגע אַראַבער מיט און אָן אייזעלאך זיינען געווען די שוואַרצע פלעקן אויפ'ן ליכטיגן הינטערגרונט פון אונזער לאַנד.

ווען מ'האָט זיי אַנגעטראָפן, איז דאָס געזאַנג, וואָס האָט מיך באַגלייט אויף מיינע וואַנדערונגען איבער די קבוצות, קאָלאָניעס, שטעט פון ארץ ישראל, אָפּגעהאַקט געוואָרן. ערשט ווען זיי זיינען אַוועק פון אויג, האָט די פרייד ווידער אויפגעקוואָלט און די האָפענונגען, אַז ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען אונזער לאַנד וועט באַפרייט ווערן, זיינען אויפגעגאַנגען ווי אַ זון, וואָס ברעכט זיך דורך צווישן וואָלקן.

געדענק איך, ווי איך האָב אין אַ פרימאָרגן גענומען די באַן אין ירושלים און אַוועקגעלאָזט זיך קיין מצרים.

ס'זיינען געווען ווייניג פּאַסאַזשירן. אין מיין וואַגאָן האָבן זיך געפונען עטליכע אידן און אַ צוויי־דריי אַראַבער. דאָס זיינען שוין געווען אייראָפּעאיזירטע אַראַבער, אָן טורבאַנען און כאַלאַטן, נאָר אין אייראָפּעאישע קליידער. זיי זיינען געזעסן אין אַ זייט, אָפּגעזונדערט. ווען איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין זייער ווינקעל, האָב איך זיך באַגעגנט מיט טונקעלע, אומהיימליכע בליקן, פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעבלאַנקט אַ חלפ'דיגע פיינטשאַפט.

די באַן האָט גיך פאַרלאָזט דעם ישוב פון אונזער לאַנד און גענומען זיך אַריינשניידן אין דער מדבר. זאַמדיגע פלאַכן זיינען געלעגן אונטער אַ פלאַמיגער זון. דער ווייס־זאַמדיגער ים האָט געגלאַנצט ווי אַ גאָלדענער שפּיגל. מ'האָט לאַנג אין דעם שפּיגל ניט געקאָנט קוקן. דער אָפּבליאַסק האָט געבריט דאָס אויג ווי פריסעק אַזוי, אַז מ'האָט געמוזט אַוועקדרייען דעם קאָפּ.

די וואַגאָנען זיינען געלאָפן מיט אַ לייכטן אָפּקלאַנג, ווי גלעק־

לאָך פון קאַראַוואַנען, איבער די רעלסען און צווישען זאַמד. דאָס זאַמד האָט גענומען אַריינדרינגען אין וואַגאָן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די פענסטער זיינען געווען פעסט פאַרמאַכט. אַ דינער מעל-שטויב האָט באַדעקט די ווענט פון וואַגאָן, די בענקלאַך און די מענשען אויף די בענקלאַך. מ'האָט אויך גענומען פילען דעם זאַמדיגן שטויב אין מויל און אין די נאָזלעכער. אין מויל איז געוואָרען טרוקען און טערפקע.

איך האָב זיך באַקלאָגט וועגען דעם פאַר מיין שכן, אַ איד פון ארץ ישראל, אַ סוחר וואָס איז געפאָרען צוליב געשעפט קיין קאַירא.

„אונזערע עלטער זיידעס, די יוצאי מצרים, איז עס אָנגעקומען פיל שווערער...״ — האָט דער איד אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכעל.

דעם אידענ'ס כלאחר-יד'יגע באַמערקונג האָט אויפגעריסן אַ פאַר-האַנג אין מיין מח. ס'האָט מיט אַמאָל אויפגעבליצט אין מיין גע-דאַנק: ג-ט מיינער! דאָס פאָר איך דאָך אויף דעם וועג, אויף וועלכען אונזערע עלטער-זיידעס, די יוצאי-מצרים, האָבען געשפּאַנט, נישט מער וואָס איך פאָר קיין מצרים און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. דאָס איז ניט אַלץ, ניין, ווייט ניט אַלץ. זיי, די יוצאי מצרים, האָבען געוואַנדערט איבער אָט-די זאַמדיגע מדבריות'ען פער-ציג יאָר, אָבער מיך האָט די באַן אַרויסגעפירט פון ירושלים אינ-דערפרי, ווען איבער דער הייליגער שטאָט איז געהאַנגען אַ מאָרגענ-דיגער נעפּעל, און ווען מ'האָט קוים געזען דעם שפּיץ פון מגדל דוד און פון די מינאַרעטען און דעכער, — —און היינט אָוונט וועט די באַן מיך ברענגען קיין קאַירא, וואו די פּיראַמידען שטייען ווי שטומע פאַראייביגטע עדות פון אונזער אַמאָליגען שעבוד.

האָב איך אָנגעשטרענגט מיין בליק צו באַטראַכטען די מדבר. דאָס איז ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג דורך דער פאַרמעליגטער שויב. איך האָב זיך איינגעקוקט אין דעם ווייס-גאָלדענעם שפּיגעל, וואָס האָט זיך געמיניעט פאַר די אויגען. זאַמדיגע פלאַכען און ניט מער, ערגעץ אין דער ווייט, וואו מדבר און האָריזאָנט האָבען זיך באַגעגענט, האָט זיך עפּעס געטונקעלט, אָפּגעשלאָגען אַ שאָטען. אפשר איז עס געווען אַן איינזאַם ביימעל. אפשר אַ ווייטער אָאַזיס. אפשר גאָר אַ מיראַזש ווי ס'טרעפט אָפט אין מדבר. שפּעטער האָב איך געזען אַן אָאַזיס. צווישען זאַמד-בערגלאַך האָבען זיך אַרויסגעהויבעןביימער ווי אַ וועלדעל אין מיטען פון אַ פעלד. געצעלטען האָבען זיך אַרויס-געשניטען מיט זייערע ווייסע, היטעל-צוקערדיגע דעכלאַך. קעמלען זיינען געלעגען אין שאָטען אויסגעשטרעקט מיט די פעדערשטע פיס און בערגעלדיגע הארבען. אַראַבער אין דינע, פלאַטערנדיגע כאַלאַטען.

דערנאָך ווייטער מדבר. אָט דאָס, הייסט עס, איז דער מדבר סיני. אָט דאָ האָבען אונזערע עלטער-זיידעס געוואַנדערט פערציג יאָר. און,

ווי ! וואָס זיינען זיי אויסגעשטאַנען ! אָט יאָגען זיך נאָך זיי פּרעה'ס לעגיאָנען. אָט שניידען זיי אָפּ דעם וועג די עמלקים, די אַנדערע. באַלד, ביים אָנהויב, נאָך איידער מ'האָט אָפּגעטרייסעלט פון די וואונדיגע פיס דעם שטויב פון מצרים. נאָך איידער דאָס לייב האָט פאַרגעסען דעם רוט פון די פייניגער און שקלאַפענטרייבער, האָבען זיך אָנגעהויבען שטרויכלונגען, מלחמות מיט אַלערליי שונאים.

אזוי באַלד ביים אָנהויב פון אונזער געשיכטע.

אזוי דורך אונזער גאַנצער געשיכטע.

איך האָב נישט געקאָנט אָפּרייסען מיינע אויגען פון וואַגאָן־פענסטער, כאָטש די אויגען האָבען גענומען ווייטאָגען און טרערען פון היץ און זאַמד־שטויב. איך האָב זיך געזען אין זייערע געצעלטען. איך האָב זיי געזען, ווי זיי מאַכען זיך אַ וועג אונטער דער ברענענ־דיגער היץ, מיט דעם עמוד ענן בייטאָג און פאָראויס און דורך די פּרעסטעלדיגע נעכט, מיט דעם עמוד אש ביינאַכט. איך האָב זיי געזען מיט זייערע פרויען און קינדער, מיט די אַלטע לייט און עופ'עלאַך, שבט נאָך שבט. די כהנים און די לויים, און די מאַסען, דאָס פאָלק.

איך האָב אויך געהערט זייערע רייד און זייערע קריגערייען. אָט באַקלאָגען זיי זיך, וואָס דער וועג איז לאַנג און שווער, וואָס די געפאַר פון שונא הענגט שטענדיג איבער זיי, וואָס די שפּייז איז אָרעם און מאָגער. אין מצרים איז געווען בעסער; יאָ בעסער. מ'האָט געאַרבעט שווער, די בייטש פון אָנטרייבער האָט געסווישטשעט איבער'ן רוקען, אָבער די טעפּ מיט פלייש, די טעפּ מיט פלייש... ווער ווייסט? אפשר האָט מען בעסער געדאַרפט בלייבען אין מצרים, ניט געדאַרפט זיך לאָזען איבעררעדען פון משה'ן! דאָס געבאָטענע לאַנד, צו וועלכען ער פירט אונז? ווער ווייסט, ווען מיר וועלן אָנ־קומען אַהין? ווער ווייסט? דער וועג איז לאַנג און שווער און די כחות שעפּען זיך אויס, און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז? די מרגלים, וואָס מיר האָבען געשיקט אויסצוזוכען דאָס לאַנד, זיינען געקומען צוריק מיט גאָרניט קיין פריילעכע בשורות. זיי זאָגען, אַז דאָס איז אַ לאַנד, וואָס עסט אויף, ברענגט אום אירע איינוואוינער... כלב בן יפונה און יהושע בן נון רעדען טאַקע אַנדערע רייד; זיי זאָגען, אַז דאָס איז אַ געבענשט לאַנד, אַ לאַנד פון מילך און האָניג, אָבער — קאָן מען זיי גלויבען? וועמען זאָלען מיר גלויבען?

און אָט איז דער גאָלדענער קאַלב. ערשט נעכטען געקראָגען אַ תורה, אָבער אַזוי גיך ווי משה האָט אויסגעדרייט דעם רוקען, האָט מען שוין אויפגעשטעלט אַ גאָלדענעם קאַלב, ניט אויסגעהאַלטען דעם נסיון...

און אָט זיינען קורח און זיין עדה. וואָס האָט קורח געוואָלט? וואָס האָבען געוואָלט די, וואָס האָבען מיט אים געהאַלטען? דער

אייביגער קאַמף פון געפירטע קעגען אַ פירער... אַזוי אַמאָל, אַזוי היינט... אויך די אַלטע טראַגעדיע פון פירער, וואָס ברענגט די, וואָס ער פירט, צום געבאָטענעם לאַנד, אָבער ער אַליין קאָן אַהין ניט אַריינקומען, ער אַליין שטאַרבט אין מיטוועג.

אַזוי אַמאָל, אַזוי היינט.

און אָט דערזע איך אים אין מיטען פון דער מחנה יוצאי מצרים, אים וואָס האָט די אַלע, איבער וועלכע ער טורעמט, אַרויסגעפירט פון קנעכטשאַפט.

איך זע משה רבנו און זיין ברודער אהרן. איך זע דעם אומעט אויף משה׳ס פנים. איך זע אים, ווען ער איז אַלט און מיד, די ראיה פון זיינע אויגען טונקעל, ווי מיט אַ טיול פאַרצויגען. ער פילט ווי די נאַכט דערנענטערט זיך. ער הערט די פאַטאַלע שריט. ער גייט אַרויף אויפ׳ן באַרג נבו. ער וואַרפט אַ בליק אויף די קברים פון דור המדבר. ער באַטראַכט זייערע זין, די יונגע און שטאַרקע, דעם נייעם דור, וואָס איז אַרויס פון די לענדען פון די געוועזענע קנעכט. זייערע אָדערען זיינען שוין פריי פון קנעכטיש בלוט. זייער לייב טראָגט ניט קיין סימנים פון שקלאַפּענטרייבער׳ס רוט. זיי זיינען שוין בני חורין, זיי זיינען ראוי אַריינצוקומען אין געבאָטענעם לאַנד.

ער, משה, קאָן אָבער אַהין ניט אַריינקומען. פאַר אים איז דער וועג פאַרשלאָסען. שטייט ער אויף דעם באַרג נבו און באַטראַכט דאָס לאַנד. ער זעט אירע בערג און אירע טאָלען. ער זעט ווי די זון זינקט איבער דער לאַנדשאַפט. אַ דינער נעפּעל לאָזט זיך אַרונטער ווי אַ פאָרהאַנג. דער פאָרהאַנג הויבט זיך אָבער באַלד אויף פאַר זיינע אויגען. און דאָס בילד, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים, שלאָגט אויף אַ קוואַל פון פרייד אין זיין האַרץ. ער זעט פאַר זיך די דערפער און די שטעט, וואָס די אידען, וועלכע האָבען דאָס לאַנד באַצוואונגען, האָבען אויפגעשטעלט. ער זעט די פעלדער, וואָס זיי האָבען פאַרזייעט, ווי זיי גערהען אויף און בליהען אונטער אַ לויטערן הימעל. ער הערט דאָס געלעכטער און געזאַנג איבער די בערג פון אפרים און יהודה. ער זעט די פרייד, וואָס פאַרפלייצט די גאַסען פון ירושלים.

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ווידער אַרונטער. די נאַכט קומט אָן. די אייביגע נאַכט שליסט אים איין אין אירע אָרעמס.

„און אָט איז דער באַרג סיני!" — האָט מיין שכן מיך אויפגעוועקט מיט אַמאָל פון מיינע געדאַנקען.

איך האָב אויפגעציטערט פון זיינע רייד.

„דער באַרג סיני!"

„יאָ, דער באַרג סיני, אָט דאָרטען העט, אין דער ווייט!..."

איך האָב זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דער ריכטונג, אויף וועלכער מיין שכן האָט מיר אָנגעוויזען. איך האָב, ווי דורך אַ נעפּעל,

געזען דעם סילועט פון אַ באַרג. דער באַרג, גאָרניט קיין הויכער, האָט זיך אַרויסגעהויבען פון זאַמדיגען פלאַך.

מיינע אויגען האָבען זיך ניט געקאָנט אָפּרייסען. איז אָט דאָס דער הר סיני? ג-ט אין הימעל! מיינע אויגען זעען עס דעם הר סיני! אָט דאָ, אויף אָט דעם באַרג האָבען מיר געקראָגען די תורה, אונטער קולות וברקים? אָט דאָ איז געשען דער גרעסטער וואונדער אין דער מענשליכער געשיכטע. דאָ איז געבוירען געוואָרען דאָס פאָלק ישראל, אויף אָט דעם באַרג, אַזאַ שטילער און באַשיידענער, אַזאַ נידעריגער, וואָס שטאַרצט אַרויס אין מיטען פון דער מדבר. אויף אָט דעם באַרג איז עס געשטאַנען משה רבנו, וועמענס קאָפּ האָט, ווי דער שפּיץ פון יעקב׳ס לייטער אָנגעשפּאַרט אין די הימלען.

זאָגט דער רמב״ם, אויף וועמען ס׳איז געשריבען, אַז ממשה עד משה לא קם כמשה, אין זיין מורה נבוכים: „יתבאר לי שבמעמד הר סיני לא היה כל המגיע למשה מגיע לכל ישראל, אבל הדיבור — למשה לבדו עליו השלום...״ דאָס מיינט אין אַנדערע ווערטער, אַז די צען געבאָט האָבען דערגרייכט צוערשט צו משה׳ס אויערען, און ער האָט זיי ערשט דערנאָך איבערגעגעבען צו די ששים רבוא יוצאי מצרים, וואָס זיינען געווען פאַרזאַמעלט אַרום דעם הר סיני.

וואָרים אַזוי איז עס. די געטליכע רייד דערגרייכען צוערשט צו די אויערען פון דעם וואָס איז ראוי זיי צו דערהערען. און ווער איז ראוי? דער מענש פון גרויסען גייסט, דער אויסדערוויילטער, דער אדם עילאה, ער ווידער טרינקט אָן מיט זיין גייסט די וואָס זיינען דורשטיג נאָך ג-ט׳ס וואָרט.

אַזוי אַמאָל ביים באַרג סיני, אַזוי אויך היינט.

וואָרים ניט נאָר די ששים רבוא יוצאי מצרים זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, נאָר אויך אַלע דורות, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי.

יעדער איד איז אַ געהייליגטער, גרייט אויפצונעמען די רייד פון משה׳ן. וואָס זיינען דערגרייכט צו זיינע אויערען בשעת ער האָט אַריבערגעטורעמט דעם הר סיני.

און אויך — כל אדם יכול להיות כמשה. נאָר וואָס דען? מ׳קאָן זיך קאָנען דערהויבען, אויפהויבען צו די הימלען.

און ווי האָט געזאָגט דער קאָצקער, ווען מען האָט ביי אים גע-פרעגט: פאַרוואָס רופט מען דעם יום-טוב שבועות „זמן מתן תורתנו״ און נישט „זמן קבלת תורתנו״? ווייל, האָט דער הייליגער קאָצקער געענטפערט: „שבועות האָט מען אונז טאַקע געגעבען די תורה, אָבער מקבל זיין די תורה דאַרף אַ איד יעדען טאָג״.

יאָ, יעדען טאָג...

(9-טער יוני, 1951)

# די אידישע ניו־יארק

## א שפאציר אין דעם ווייטען אידישען נעכטען

יצחק הערים און איך זיינען אלטע פריינט. אונזער פריינטשאפט האלט אן ארום צוואנציג יאר. מיר האבען זיך באקענט די ערשטע וואך, וואס איך האב זיך ארייגעקליבען אין דער געגענט, וואס מען רופט „גריניטש ווילעדזש״.

דורך די אלע יארען טרעפען מיר זיך כמעט יעדען טאג; אמאל — צוויי מאל א טאג: אינדערפרי, ווען איך בין אויף מיין וועג אין רעדאקציע, און פארנאכט, ווען איך בין אויף מיין וועג צוריק אהיים.

דאס, וואס יצחק הערים האט געלעבט אין יאר טויזנט אכט הונדערט פינף־און־צוואנציג, דאס הייסט: מיט הונדערט זיבען־און־צוואנציג יאר צוריק, און וואס זיינע ביינער רוען זינט דעמאלט אויף דעם קליינעם בית־עולם, וואס געפינט זיך אין דער געגענט, וואו איך וואוין, — דאס מאכט כלל נישט אוים. פאר מיר איז ער א לעבע־דיגער מענש. איך זע אים ווי ער וואלט געווען מיין שכן. איך הער אויך זיינע רייד. עס טרעפט גאנץ אפט, אז דאס, וואס ער דערציילט מיר, פארכאפט מיך, — און איך בלייב א געפלעפטער און פאר׳כישופ׳־טער ... ווארים וואונדערליכע זאכען דערציילט ער מיר — א וועלט א ווייטע, א ניט־דאאיגע, וואס לעבט נאר אין די כראניקעס, לעבט ער אויף פאר מיר. ס׳איז גענוג, אז איך זאל נאר זיין נאמען זען — אז דער שטח פון די הונדערט זיבען־און־צוואנציג יאר זאל פארשווינדען; אז א בריק, אן אויסטערלישע און פאנגענדיגע, זאל אריבערגעווארפען ווערען איבער׳ן תהום פון צייט.

דאס טרעפט גאנץ אפט, איבערהויפט אין ליכטיגע פרימארגענס, ווען א מילדע זון שמייכעלט מיט איר גאלדענעם שמייכעל פון א פלעק־לאזען הימעל — צו דער שטאט אונטען, וואס קנוילט זיך מיט איר גאסענפלאנטער, מיט אירע תפיסות, וואס די מענשען האבען זיך אהין אליין ארייגעשפארט און וואס זיי רופען היימען, אדער אין א פארנאכט, ווען איך בין אויף מיין וועג אהיים, ווען א זים־מילדע מעלאנכאליע גייט אויף אינאיינעם מיט די ערשטע שטערען; גאסען און מענשען ווערען פארצויגען מיט דורכזיכטיגען, זיידענעם טויל, פייערען נעמען זיך צינדען אין שויבען, גאסענלאמטערנעס בליצען

אויף און אַ גערויש פילט אַן די לופט, ווי די דומפּע עכאָס פון כוואַליעס, וואָס שלאָגן זיך אָן אין אַ ברעג, וואָס מ׳זעט ניט, נאָר מ׳אַנט, מ׳פילט נאָר דעם אָטעם פון פייכטע, זאַלציגען ווינט...

אין אַזעלכע פרימאָרגענס אָדער פאַרנאַכטען נעם איך מיר צייט און בלייב שטיין לענגער ביים קליינעם בית־עולם, וואָס איז אַריינ־געשפּאַרט צווישען צוויי הויכע הייזער — אַזוי, אַז איידער מען קומט צו נאָענט, פאַרדעכטיגט מען גאָרנישט, אַז דאָ, צווישען די פילשטאָקיגע געביידעס, רעסטאָראַנען, קליינע ווערקשטאַטען, האָבען אַ מנין אָדער מער פון די אידישע פילגרימען — די, וואָס האָבען געזען דעם פרימאָרגען פון דער רעפּובליק און וואָס האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער אידישער ניו יאָרק, — אַז זיי האָבען דאָ געפונען זייער לעצטע אייביגע רו.

דער בית־עולם איז איינער פון עטליכע, וואָס די היגע שפּאַנישע געמיינדע „שארית ישראל" האַלט אויס. אַ בראָנזענער טאָפעל דער־ציילט די פאַרבייגייערס וואָס פאַר אַן אָרט דאָס איז. ווער די קברים זענען. אַ הויכע וואַנט טיילט אָפּ די מצבות פון דער גאַס. דער גאַנצער בית עולם פאַרנעמט נישט מער ווי עטליכע שפּאַן ערד. נישט מער ווי אַ צענדליק קברים זענען צעוואָרפען. צוויי מאָגער־שווינדזיכטיגע אַקאַציע־ביימלעך שפּרייטען זומער זייער שאָטען. ווען האַרבסט און ווינטער קומען, שטייען זיי נאַקעטע, ציטערן מיט די קרענקליכע צווייגלעך. די מצבות זענען פאַרעלטערטע, אין דער ערד איינגע־זונקענע. נישט אַלע אויפשריפטען קען מען לייענען. אויף אייניגע האָט די צייט אָפּגעמעקט די נעמען, אָדער אַ טייל פון זיי אָפּגעריבען. דעם נאָמען „יצחק הערים" — ניין, נישט יצחק, נאָר „אייזעק הערים" — האָט אָבער די צייט געשוינט. רעגען און ווינט האָבען די אותיות נישט געשעדיגט — זיי טרעטען אַרויס בולט אויף דעם באַשיידענעם שטיין אַזוי, אַז יעדער פאַרבייגייער קען לייענען „אייזעק הערים". אויך דאָס יאָר, ווען אייזעק הערים׳עס געביין איז געבראַכט געוואָרען אַהער. דאָס יאָר איז געווען ווי איר ווייסט שוין — 1825. אויב איר וועט אויסרעכענען, וועט איר זען, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי עטליכע צענדליג יאָר נאָך דעם ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע; דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז גע־וואָרען פּרעזידענט, און אַלע גלעקער האָבען אויסגעקלונגען, אַלע שטערען האָבען אויסגעזונגען —

אַ נייע, פרייע וועלט איז געבוירען געוואָרען.

ווער איז געווען אייזעק הערים? פון וועלכען לאַנד האָט ער איינגעוואַנדערט? איך האָב ביי אים נישט געפרעגט. איך האָב אויך נישט געניוסטערט און געפאָרשט אין די כראָניקעס, אויב זיין נאָמען געפינט זיך דאָרט און ס׳ווערט דערציילט פון וואַנען אַ שיף האָט אים

געבראַכט צו די ברעגעס פון דער פאַנטאַסטישער, פרייער וועלט.

איך האָב עס נישט געדאַרפט און אויך נישט געוואָלט. איך האָב געפּרואווט אַליין טרעפן פון וועלכן לאַנד אייזעק הערים האָט איינגעוואַנדערט. איך האָב צו זיך געזאָגט: אייזעק הערים? דאָס איז נישט דער נאָמען פון אַ אידען אין וועמעס אָדערן עס רינט דאָס בלוט פון די אנוסים פון שפּאַניע אָדער פּאָרטוגאַל. ניין, אייזעק הערים איז דער נאָמען פון אַ דייטשען איד אָדער אַ פּוילישען. צווישען די גאָר ערשטע פּיאָנערען האָבען זיך אויך געפונען אידען פון דייטש־לאַנד און פון פּוילען. געווען אפילו אַ איד פון ארץ ישראל.

אייזעק הערים האָט אפשר צוערשט אויסגעוואַנדערט קיין ענג־לאַנד און פון דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע. אַנדערע האָבען עס געטאָן, האָט ער נאָכגעפאָלגט זייער ביישפּיל. אפשר.

דאָס אַלץ קאָן זיין אַזוי ווי איך מאָל עס מיר, ס׳האָט אָבער גע־קאָנט זיין אויך אַנדערש. ס׳איז ניט וויכטיג.

וואָס מיך אינטערעסירט יעדעס מאָל, וואָס איך שטעל זיך אָפּ און פאַרפיר אַ שמועס מיט אייזעק הערים, איז דאָס, וואָס ער האָט מיר דערציילט פון דער אַמאָליגער ניו יאָרק און פון דער צייט, ווען ער האָט געלעבט און איז אַרומגעגאַנגען איבער די ניו יאָרקער גאַסען, און איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבען גענומען בויען אַ אידיש לעבען אויף דער ערד פון דער שטאָט, וואו מ׳האָט אַמאָל פאַרצוימט דעם וועג פאַר אידישע איינוואַנדערערס.

דאָס איז געווען ווען ניו יאָרק האָט נאָך געטראָגען דעם נאָמען „ניי־אַמסטערדאַם". דער גובערנאַטאָר פון דער שטאָט איז געווען דער איינפוסיגער פּיטער סטייוועסאַנט. דער צווייטער פוס זיינער איז געווען אַ הילצערנער. ער איז געווען אַ מענש מיט אַ שלעכט הארץ. פאַר אידען האָט ער געהאַט פאָראורטיילען און שנאה. ווען ער האָט זיך באַוויזען אויף די גאַסען פון ניי־אַמסטערדאַם, האָבען די בירגער אָפּגעטראָטען אים דעם וועג מיט מורא׳דיגען אָפּשיי און געבויגען זיך פאַר אים. וואָרים ער האָט געוועלטיגט ווי אַן אַליינהערשער אי־בער דער שטאָט. די מלוכה אין האָלאַנד, וואָס האָט אים געשיקט אַהער, איז געווען וויט, איבער אָקעאַנען, האָט ער געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. דער עכאָ פון זיין הילצערנעם פוס מיט׳ן אייזערנעם שפּיץ האָט זיך געלאָזט הערען נאָך איידער ער אַליין האָט זיך באַ־וויזען, און האָט געווירקט אויף די בירגער ווי דער קנאַק פון אַ בייטש.

דאָס איז געווען פיל פרייער איידער אייזעק הערים האָט באַ־טראָטען די ערד פון דער נייער וועלט.

אין אייזעק הערים׳עס צייטען האָבן אידען זיך געפילט פיל פרייער. „איר ווייסט", האָט הערים מיר איינמאָל אַ זאָג געטאָן, „אין

מיין צייט איז אין ניו יאָרק געווען ניט מער ווי עטליכע הונדערט אידען. יאָ, און ווייסט איר ווי גרויס עס איז געווען די גאַנצע באַפעלקערונג? ניט מער ווי אַ פינף און זיבעציג טויזענט.

„מיר האָבען געהאַט אַ מקום קדוש אויף מילס סטריט, אויך אַ מנין־שטיבעל אויף גריניטש סטריט", האָט ער מיר ווייטער דערציילט, „מיר זיינען געווען פרום, אָפּגעהיט כשרות, געהאַלטען הייליג די שבתים און ימים טובים. יאָ, אָבער דאָס יונגוואַרג, איז ווייסט דאָך, דאָס יונגוואַרג איז שוין געוואָרען אַ ביסל פרייער...

„איר ווייסט", האָב איך איינמאָל צו אים באַמערקט, „ווען די פילגרימען זיינען געקומען פון ענגלאַנד אַהער און געלאַנדעט אויף די ברעגען פון ניי־ענגלאַנד, האָט יעדער פון זיי געהאַט ביי זיך אַ ביבעל..."

„דאָס איז גאַנץ פיין, אָבער — וואָס קומט אַרויס. זיי האַלטען פון דער ביבעל, אָבער מיט וואָס באַצאָלען זיי דעם פאָלק, וואָס האָט זיי געגעבען די ביבעל? מיט שנאה און רציחות", האָט אייזעק העריס זיך אָנגערופען, „כאָטש פון דער צווייטער זייט האָבען מיר ניט געהאַט וואָס זיך צו באַקלאָגען אויף אונזערע שכנים. אונז איז אַוועקגעגאַנגגען דאָ זעהר גוט. אָט נעמט מיך. איך האָב געהאַט אַ גאָר פיין געשעפט אויף גריניטש סטריט. איך האָב געעפענט אַ קראָם, וואו איך האָב פאַרקויפט קאַווע, וואָס איך האָב געקראָגען פון בראַזיל. מיין שותף איז געווען אַ בראַזיליאַנער איד. שלום יהודה האָט ער געהייסען, אַ פיינער מענש געווען, נאָר אַביסעל צו פאַררייסען ביי זיך, געהאַלטען זיך פאַר אַ גאַנצען יחסן... ער איז דאָ אויך מיין שכן. ער ליגט ניט ווייט פון מיך... זעט", און העריס האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ מצבה.

„מיט וואָס איז ער געווען ביי זיך אַ יחסן?" בין איך געווען נייגעריג צו וויסען.

„מיט וואָס?" האָט העריס איבערגעפרעגט מיט אַ שמייכעל. „ס'איז צום לאַכען. ער, פאַרשטייט איר מיר, איז אַליין געקומען פון האָלאַנד. זיינע זיידעס זיינען געווען אנוסים. זיי זיינען אַנטלאָפען פון שפּאַניע. נו, האָט ער געגלויבט, אַז דאָס מאַכט אים פאַר אַן אויסגעוויילטען. ער האָט מיר ניט איינמאָל געזאָגט: „מיר, שפּאַנישע אידען, זיינען דאָס זעמעלמעל... מיר האָבען געגעבען דעם אידישען פאָלק די גרעסטע פערזענלעכקייטען: שמואל הנגיד, שלמה בן גבירול, יהודה הלוי, די בן עזרא'ס, דן יצחק אברבנאל, דעם רמב"ם, רב סעדיה גאון. איר שפּילט זיך מיט שפּאַנישע אידען! און היינט די פּאָרטוגעזישע אידען! ווען נישט די פּאָרטוגעזישע אידען, אויך די שפּאַנישע, וואָלט קאָלומבוס ניט געווען אַנטדעקט אַמעריקע. די שפּאַנישע אידען האָבען פינאַנסירט קאָלומבוס'עס עקספּעדיציע, וואָרים וואו

האָבען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ גענומען געלט, אויב ניט פון די אידען? יאָ, די פּאָרטוגעזישע אידען, די זאַקוטאָס, האָבען צוגעגרייט פאַר קאָלומבוס'ן די מאַפּעס, אָהן וועלכע ער וואָלט געווען פאַרלוירען זיין וועג איבער ימים און אָקעאַנען..." אַט אַזעלכע לעקציעס פלעגט פאַר מיר האַלטען מיין שותף שלום יהודה, כדי מיר צו באַווייזען, אַז די שפּאַנישע אידען און די פּאָרטוגעזישע זיינען די אמת'ע אתה בחרתנו'ניקעס. איך אָבער פלעג אים ענטפערען, אַז כל ישראל בני מלכים הם — אַלע אידען זיינען איינע און די זעלביגע מיוחסים, אַלע קינדער פון ג-ט, ווי ס'שטייט געשריבען „בנים אתם לד'" — דענקט איר ניט, אַז איך האָב רעכט?" האָט יצחק הערים פאַרענדיגט.

איך האָב מיט אים מסכים געווען. איך האָב אים אויך דערציילט, אַז שפּעטער האָבען די איינגעוואַנדערטע דייטשע אידען אויך גע-גומען שפּילען די ראָל פון מיוחסים. פּונקט ווי די שפּאַנישע און פּאָר-טוגעזישע אידען האָבען פריער געקוקט פון אויבען אַרונטער אויף די אידען, וואָס זיינען געקומען פון אַנדערע לענדער, אַזוי האָבען שפּעטער די דייטשע אידען גענומען באַטראַכטען די אידען פון פּוילען, פון רומעניע, אָדער פון גאַליציע, צי פון רוסלאַנד, ווי זין און טעכטער פון אַ נידעריגער ראַסע.

„הייסט, אַז ס'האָט זיך גאָרניט געענדערט?" האָט יצחק הערים ביי מיר געפרעגט.

„אָה, ס'האָט זיך שוין גאָר פיל געענדערט", האָב איך זיך אָנ-גערופען. „יאָ, איר וואָלט ניט דערקענט ניו-יאָרק. איר וואָלט ניט דערקענט אַמעריקע"...

יצחק הערים בעט ביי מיר אָפט, אַז איך זאָל אים דערציילען פון די אידען אין ניו יאָרק. ווען ער האָט פון מיר געהערט, אַז אין ניו יאָרק אַליין לעבען אַריבער צוויי מיליאָן אידען, האָט ער אויס-גערופען:

„ג-ט איינער! דאָס איז דאָך פיל מער ווי ס'איז געווען אין מיין צייט אין דער גאַנצער וועלט!"...

אַן אַנדערש מאָל האָב איך אים דערציילט פון די שולען, בתי מדרשים, תלמוד-תורה'ס, ישיבות, טעמפּלען, פון די צדקה-אינסטי-טוציעס וואָס מיר האָבען אויפגעשטעלט, פון די אַלע אידישע קהלות, די גרויסע און די קליינע, פון דעם איינגעפונדעוועטען אידישען קיבוץ, וואָס ציילט נאָענט צו זעקס מיליאָן...

יצחק הערים האָט מיך אויסגעהערט אַ פאַרגאַפטער. דערנאָך האָט ער גענומען רעדען צו זיך שטיל, ווי ער וואָלט זיך אַליין עפּעס פאַרטרויט:

„ניט מיר און ניט די אַנדערע אידן פון מיין צייט האָט זיך עפּעס

אזוינס געְחלומ׳ט, ניין...״ ער איז אַ ווייל אַנטשוויגען געוואָרען, באַלד האָט ער אָבער ווידער אָנגעהויבען רעדען:

„איר ווייסט״, האָט ער אַ וואָרף געטאָן, „אין אָט דער געגענט, וואו איך האָב געוואוינט, איז געווען שווער צו קריגען אַ מנין. מיר האָבען געהאַט אַ מנין־שטיבעל, אָבער ניט אַלעמאָל האָט מען גע־קאָנט צונויפקלייבען אַ מנין...״

איך האָב אים געוואָלט זאָגען, אַז היינט, נאָך הונדערט עטליכע און צוואנציג יאָר, מיט די אַלע שוהלען און בתי־מדרשים און טעמפּ־לען, איז אויך ניט בעסער. היינט קאָן אויך טרעפען, אַז מ׳קאָן ניט קריגען קיין מנין. ווען אַ איד האָט יאָרצייט און וויל האָבען א מנין טרעפט אָפט, אַז ער מוז שטיין אין גאַס פאַר דער שוהל און בעטען זיך ביי פאַרבייגייענדיגע אידען, אַז זיי זאָלען אַריינקומען, ווייל ס׳פעלט אַ צענטער... איך האָב אויך געוואָלט באַנוצען זיך מיט׳ן גלייכווערטעל, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערען וועגען מנינים און אידישע סענטערס: „אין דער אַלטער היים״, האָט איינער גע־זאָגט, „האָט געפעלט אַ צענטער צו אַ מנין. דאָ אָבער פעלט אַ מנין צו אַ סענטער״.

איך האָב אָבער געשוויגען און גאָרנישט געזאָגט, וואָרים צו וואָס זאָל איך מצער זיין אַ אידען, וואָס האָט נאָך מיט הונדערט און צוואַנ־ציג יאָר צוריק געפונען זיין רו?... צו וואָס? ער קאָן נאָך דער־ציילען, וואָס ער וועט הערען פון מיר, צו זיינע אַנדערע שכנים, וואָס ליגען ביי זיין זייט אויף דעם קליינעם בית־עולם, וואָס איז אַריינגעשפּאַרט ווי אַ קלין צווישען געביידעס און איז באַשיצט פון דער גאַס מיט אַ הויכער וואַנט און וואו מאָגער־שווינדזיכטיגע ביימ־לאך וואַרפען אָפּ זומער־צייט אַ שאָטען און אין אָסיען און ווינטער ציטערען זיי מיט די קרענקליך־נאַקעטע צווייגלאך...

ניין, ניט אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אויף אונזער עולם השקר דערצייל איך מיין פריינט יצחק הערים, מיט וועמען איך טרעף זיך כמעט יעדען טאָג, אָפטמאָל צוויי מאָל אַ טאָג. איך וויל בעסער הערען וואָס ער האָט מיר צו דערציילען פון יענער ווייטער, פאַרנעפּעלטער צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, ווען ניו יאָרק איז געווען יונג, נישט מער ווי עטליכע צענדליג גאַסען, ווען די יוסטע בירגער, די האָלענ־דער, די ענגלענדער זיינען אומגעגאַנגען אין זייערע געפּוידערטע פּאַרוקען, קורצע הייזקעס, רעקלאַך מיט קרוזשעוועס ביים האַלז און די אַרבעל, דרייעקיגע היטלען, זאָקען ביז די קני, שיך מיט באָקלען און שלעסלאַך, און ווען ניט מער ווי אַ פּאָר אידען האָבען פאַרזיכטיג־שטיל געשטעלט די ערשטע טריט אויף דער נייער וואונדער ערד.

# רעסטאָראַן פּאָליטיק אויף דער איסט סייד

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך אויף מיין לעצטען באַזוך אין פּאַריז, געכאַפּט אַ שפּאַציר שבת ביינאַכט, מיט מיינעם אַ פריינט, איבער די קרומע, שלענגעלדיגע געסלעך פון מאָנמאַרט.

מיין פריינט, וואָס האָט געוואוינט אַ לאַנגע צייט אין פּאַריז, און געקענט אַלע ווינקלען און ווענ״עלעך פון דער וועלט-שטאָט, ווי אַמאָליגע תלמידי-חכמים די סטעזשקעס פון נהרדעא, האָט צו מיר מיטאַמאָל אַ זאָג-געטאָן:

„קומט אַריין אין אָט-דעם קאַפע-הויז... וועלען מיר זיך אַביסעל צוזעצען...״

מיך האָט גע׳חידוש׳ט פאַרוואָס מיין פריינט האָט פון אַלע קאַפע-הייזער, וואָס מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען, גראַד אויסגעקליבען דאָס דאָזיגע אָרט, וואָרים דאָס קאַפע-הויז, וואו ער האָט געוואָלט מיר זאָלען אַריינגען, איז געווען ווייט פון איינלאַדענדיג. דאָס פּלאַץ איז געווען קליין און האָט אויסגעזעהן סומנע. אין דעם מאָגערען גער-טענדעל זיינען געווען צעוואָרפען אַ פּאָר טישלעך, אינעווייניג זיינען געזעסען עטליכע מענשען, איינגעהילט אין אַ קאַרג, קרענקליך ליכט. גאַרסאָנען אין ברודיגע פאַרטוכער און מיט פאַרשלאָפענע פּנים׳ער זיינען געשטאַנען אין די ווינקלען.

איך האָב אָבער ניט געפרעגט קיין פראַגעס און האָב נאָכ-געפאָלגט מיין פריינט. ווען מיר האָבען זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישעל און באַשטעלט די באַרימטע „קאַפע-אָלעי״ — אַ טאַסע מוטנע וואַסער, פאַרוויסט מיט אַביסעל מילך, האָט מיין פריינט באַמערקט:

„איר זעהט אָט דעם פּלאַץ? אָט-דאָ-אָ זיינען געבוירען געוואָרען די מערסטע אייראָפּעאישע רעוואָלוציעס פאַר דעם לעצטען פערטל יאָהרהונדערט. דאָ האָט איר, שפּעט ביינאַכט, געקאָנט טרעפען אין אַ ווינקעל די באַלקאַנישע טעראָריסטען; ביי אַן אַנדער טישעל האָט איר געקאָנט זעהן דרום אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערען, געוועזענע פּרעזידענטען פון די דרום-אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, וואָס האָבען געמוזט מאַכען פּליטה, און אויך אויסגעאַרבעט פּלענער ווי צו פאַר-כאַפּען די רעגירונג און ווערען פּרעזידענטען...

„און דאָ, — האָט מיין פריינט פאָרטגעזעצט, — האָט מען אויך געקאָנט זעהן פון צייט-צו-צייט לעאָן טראָצקי׳ן. ער פלעגט זיצען מיט זיין צעשויבערטען, קוטשעראַווען קאָפּ, שרייבען גיך-גיך. זיין האַנט האָט זיך געטראָגען אויפ׳ן פּאַפּיר מיט דער פלינקקייט פון אַ דינאַמאָ. ער האָט נאָר פון צייט-צו-צייט זיך אָפּגעשטעלט, איינגעגראָבען די לאַנגע, שפּיציגע פינגער אין דעם וואַלד האָר, אַנגעשטעלט די קוילינע אויגען אין דער לופטען, און באַלד זיך געגעבען אַ כאַפּ, ווי עפּעס

וואָלט אים אונטערגעטראָגען און ווייטער געשריבען..."

איז פון מיין פריינט'ס רייד אויפגעגאַנגען מיטאַמאָל אַ וואונדער־ליך ליכט איבער דעם טונקעלען, אומעטיגען, ניט באַזונדערס ציכ־טיגען אָרט. דאָס קליינע קאַפע־הויז, וואו אָרעמע מענשען פון „מאָנ־מאַרט" האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן פאַר אַ פּאָר סאַנטים, איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מיינע אויגען אין אַ מין פריי־הייטס־טעמפּעל, וואו צינדענדיגע לאָזונגען זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרען און אַ קאַמפּס־רוף האָט אויפגעקלונגען הויך, מעכטיג און פאַנאַנדער־געטראָגען זיך איבער אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט, געוועקט און געמונטערט אַלע אָריאַכטעטע און אונטערדריקטע...

האָב איך אָפּט דעם זעלביגען געפיל ווען איך טראַכט פון געוויסע קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען אויף דער איסט־סייד.

אויך דאָרטען, אין די איסט־סיידער קאַפע־הייזער און רעסטאָ־ראַנען, זיינען רעוואָלוציעס צוגעגרייט געוואָרען און געשיכטע איז געשאַפען געוואָרען.

די רעוואָלוציעס, וואָס מען האָט געפּלאַנעוועט און אויסגעאַר־בייט ביי די טישלעך פון די איסט־סיידער קאַפע־הייזער האָבען ניט געפירט צו קיין בלוט־פאַרגיסונגען. זיי האָבען אָבער געבראַכט גאַנצע איבערקערענישען אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען.

און פונקט ווי די אייראָפּעאישע אָדער דרום־אַמעריקאַנער רעוואָ־לוציעס, האָבען אויך די איסט־סיידער אויפטרייסלונגען און איבער־קערענישען אומגעוואָרפען טראָנען און אונטערגעהאַקט די ממשלה פון אַלערליי אויטאָקראַטען.

און ניט נאָר רעוואָלוציעס זיינען געבוירען געוואָרען אין די קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען פון דער איסט־סייד, נאָר אויך נייע אידייען און באַוועגונגען, נייע קולטורעלע ווערטען.

די דאָזיגע ערטער זיינען געווען די קוזינע, וואו ביי די טישלעך האָט מען אַלטע געטער צעשמעטערט און נייע אויסגעשמידט. מען האָט ניט נאָר צעשטערט דאָס אַלטע, נאָר אויך געבויט קאָנסטרוק־טיוו, געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר נייע געזעלשאַפטלעכע בנינים, גע־געבען זין, כאַראַקטער און אינהאַלט צום נייעם לעבען, וואָס מען האָט דאָ געשאַפען.

געה איך אָפּט פאַרביי די גאַסען, וואו אַמ די קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען זיינען געשטאַנען. די מערסטע זיינען שוין נישטאָ. אפילו די געביידעס, וואו זיי האָבען זיך געפונען, זיינען שוין לאַנג אַרונטערגעריסען געוואָרען און אַנדערע זיינען אויף זייער פּלאַץ אויס־געוואַקסען. איך געדענק אָבער וואו דער אָדער יענער אַמאָליג־באַ־רימטער רעסטאָראַן אָדער קאַפע־הויז האָט זיך געפונען.

בלייב איך שטעהן יעדען מאָל ווען איך גיי פאַרביי דאָס אָרט,

ווי פאַר אַ מאָנומענט, וואָס פאַראייביגט פאַר די שפּעטערע דורות דעם אָנדענק פון אַ גרויסער און שטורעמדיגער צייט, וואָס איז שוין לאַנג פאַרשוואונדען.

טראַכט איך מיט ווייטמוט פון יענער צייט, פון די מענשען, וואָס רוהען שוין אין זייערע קברים, אַ גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטען נעמט דורכגיין פאַר מיינע אויגען. איך זעה זיי אין די טעג ווען זיי האָבען די רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער אָנגעפילט. אָט זעה איך זיי זיצען ביי די טישלעך. אָט פאַרנעם איך זייערע רייד. אָט שיילען זיך אַרויס פאַר מיר, ווי פון אַ נעפעל, זייערע פּנים׳ער, זייערע זשעסטען און העויות... אָט זיינען זיי! אָט הער איך זיי! זיי, וואָס האָבען אַריינגעטראָגען די פאַרביגקייט פון זייער רעגנבויגענדיגער פערזענ־ליכקייט אין לעבען פון דער איסט־סייד, זיי — די איקאָנאָקלאַסטען, די באַהן־ברעכער און צוימען־צעשמעטערער, די פּאָעטען און קינסט־לער, די אַוואַנטוריסטען און טשודאַקעס, די קעמפער און טרוימער, די פּיאָנערען און בויער...

דערמאָן איך זיך אָן „קאַפע בולעוואַרד" אויף סעקאָנד עוועניו. דאָס איז דער ערשטער, אַריסטאָקראַטישער, קינסטלער־צענטער אויף דער איסט־סייד.

ווען מען איז אַרויפגעגאַנגען די עטליכע זייטיגע טרעפּלעך, האָט מען זיך דערזעהן אין אַ גרויסען זאַל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט מיט זיינע גרויסע, צענומענע שפּיגעל־פענסטער אויף דער עוועניו. די טישלעך זיינען געווען אַרויסגעשפּאַרט, האַרב ביי די ברעגעס פון פענסטער, און מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי די מענשען וואָל־טען געזעסען אויף אַ באַלקאָן.

אינעווייניג איז שטענדיג געווען געפּאַקט. אַ געמישטער און קאָלירענדיגער עולם איז געזעסען ביי די טישלעך און אָנגעפילט די אָנגערויכערטע לופט מיט אַ צונגיגען געפילדער. האָט מען דאָרטען געקאָנט הערען אַלע זיבען־און־זיבעציג לשונות און טרעפען מענשען פון אַלע לענדער און נאַציעס. אין איין ווינקעל האָבען די פראַנצויזען געלאָזט זיך הערען. אין אַ צווייטען — די דייטשען. זיי האָבען דאָ־מינירט דאָס פּלאַץ און געפיהלט זיך ווי אויף דער טאַבאַר־שטראַסע אין וויען, אין די גוטע, אַלטע צייטען.

און די רוסען, די אידישע רוסען און די ניט־אידישע, האָבען גערעדט אויף׳ן קול און זשעסטיקולירט. אויך די אונגאַרען האָבען געהאַט אַ באַזונדערען ווינקעל. און דאָ און דאָרט האָט מען געהערט ענגליש. דאָס זיינען געווען די אַמעריקאַנער וואָס פלעגען קומען אין „קאַפע בולעוואַרד", ווען זיי פלעגען זיך אַרונטערלאָזען אויף דער איסט־סייד, וואָס איז יענע יאָהרען געווען אַ האַלב־לעגענדאַרער פּלאַץ און וואוהין מען פלעגט קומען פון „אַפּטאַון" זעהן די „ווילדע רוסען",

וואָס קומען פון אַ לאַנד, וואו ווייסע בערדן לויפן אום אין די גאַסן, און „די אייניקלעך פון די נביאים", די אידען, די ישעיה׳ס און ירמיהו׳ס, די עמוס׳עס און מיכה המורשתי׳ס, וואָס געהען אום אויף די גאַסען פון דער איסט־סייד, מיט זייערע לאַנגע, פּאַטריאַרכאַלע בערד, און די אַנאַרכיסטען, אַט די שרעקליכע מענשען, וואָס געהען שלאָפען מיט אַ באָמבע צוקאָפּענס אָנשטאָט אַ קישען.

אין „קאָפּע בולעוואַרד" פלעגט זיך אַריינכאַפּען גאַנץ אָפט „טעדי" רוזוועלט, דער שפּעטערער טעאָדאָר רוזוועלט, איינער פון די קאָליר־פולסטע פּרעזידענטען, וואָס אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבען.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען „טעדי" רוזוועלט איז געווען פּאָלים־קאָמישאָנער פון ניו יאָרק. ער פלעגט שטענדיג קומען אַהין אין דער באַגלייטונג פון זיין פריינט טשאַרלס ריעס, דער געוועזענער צייטונגסמאַן, דער שפּעטערער מיליאָנער און איינער פון די ליכ־טיגסטע מענשען צווישען די דעמאָלטדיגע ניו יאָרקער רעפאָרמער און ליבעראַלען.

רוזוועלט און ריעס פלעגען זיצען ביי אַ טישעל און שפּילען שאַך. „טעדי" האָט ליב געהאַט די איסט־סייד. ס׳איז געווען נאָך אַ רעסטאָ־ראַן אויף דער איסט־סייד, וואו ער פלעגט קומען גאַנץ אָפט, דאָס איז געווען שוואַרץ׳עס אונגאַרישער רעסטאָראַן אויף הויסטאָן סטריט.

און „טעדי" האָט מיט דער נייגיריגקייט און דעם פאַרכאַפּענדיגען אינטערעס פון אַ נאַטור־פאָרשער, וואָס ער איז געווען, חוץ אַ סך אַנדערע טועכצען און באַשעפטיגונגען, נאָכגעפאָלגט דעם רעגענבויגענדיגען שטראָם פון איסט־סיידער לעבען. ער האָט ניט איינמאָל באַטראַכט מיט פאַרגאַפטע אויגען די אַלע אויסטערלישע מענשען, זייערע זשעסטען און מאַניערען, איינגעהערט זיך אין זייערע רווישיגע רייד, און זיינע אויגען, אונטער די דיקע אויגענגלעזער האָבען זיך געזשמורעט פון פאַרוואונדערונג, די בלאַנקענדיגע, אַרויסשטאַרצענ־דיגע לאָפּעטע־ציין, האָבען זיך נאָך מער צעפינקעלט.

אין „בולעוואַרד" האָט מען אויך געקאָנט אָנטרעפען די הויכע, עלאַסטישע פיגור פון מאַרק טווען, אין זיין אייביג־ווייסען זומער־אַנצוג, מיט אַ בוטאָניער אין לאַטץ און אַ ווינטיג־צעקרויזטען קאָפּ האָר. אָדער דעם ג־ט־באַקעמפער, דעם אַמעריקאַנער בנימין פייגענ־בוים, נאָר מיט מער פייער ווי בנימין פייגענבוים, דער האַלבער אַנאַרכיסט און גאַנצער אַטעאיסט „באָב" אינגערסאָל. ער פלעגט קומען אין „בולעוואַרד" יעדען מאָל ווען ער האָט געהאַלטען איינע פון זיינע שטורעמדיגע לעקציעס אין קופער־יוניאָן. „באָב" אינגער־סאָל׳ס לעקציעס זיינען שטענדיג געווען אַ קאַמף קעגען די הימלען, אַ קרייצצוג קעגען רבונו של עולם.

דער יונגער אב. קאהאן, וואס האט געארבייט דעמאלט אין דער אמעריקאנער פרעסע, פלעגט קומען אהין מיט לינקאלן סטעפענס. אויך מיט דעם דעמאלט בארימטען אמעריקאנער פאעט וויליאם דיען האועלס.

און די ברידער העפגוד,ביידע יונגע זשורנאליסטען פון לינקאלן סטעפענס־שניט, פלעגען זיין דארטען אפטע געסט. נארמאן העפגוד איז אין צייט פון ערשטען וועלט־קריג געווען אמעריקאנער אמבא־סאדאר אין דענמארק. דער אנדערער העפגוד האט אנגעשריבען א בוך פול מיט באגייסטערונג פאר דער איסט־סייד. אין דעם בוך האט ער געשילדערט א גאנצע ריי טיפען פון אינטערעסאנטע אידישע פערזענליכקייטען, וואס ער האט באגעגענט בשעת ער פלעגט אנגעהן איבער די איסט־סיידער גאסען און פארברענגען אין די רעסטאראנען און קאפע־הייזער. פאר העפגוד'ן, ווי פאר א סך אנדערע אמעריקאנער, איז די איסט־סייד געווען אן עקזאטיש ווינקעל. זיי פלעגען זיך ארומ־טערלאזען אהין מיט דעם זעלביגען געררייצטען נייגיר און רעגיגען דערוואַרטונגס געפיל, ווי מ'לאזט זיך אוועק אויף א רייזע ערגעץ אין די טיפענישען פון אינדיע צו די דערווישען, אדער צו די „דאלאי־לאמאס" אין די מיסטעריעזע טעמפלען פון טיבעט. העפגוד'ס בוך וועגען דער איסט־סייד איז אגב אילוסטרירט געווארען פון יעקב עפ־שטיין, דעם היינטיגען וועלט־בארימטען סקולפטאר. עפשטיין איז דעמאלט געווען א יונג בחור'ל און געלעבט אויף דער איסט־סייד. ער האט באלאנגט צו א גרופע יונגע קינסטלער ווי „דזשאו" דייווידסאן, וואס איז אויך, ווי עפשטיין, אוועק שפעטער קיין אייראפע און גע־וואונען פאר זיך א גרויסען נאמען אין דער קונסט־וועלט.

איז „קאפע בולעווארד" געווען יענע יארען איינער פון די אינטערעסאנטסטע, קאסמאפאליטישע ווינקלען אין ניו יארק, ווען מען איז אריינגעפאלען אהין האט מען פאר זיך געזעהן א בילד פון גאנץ אמעריקע אין מיניאטור, אמעריקע דאס לאנד פון אימיגראנטען, וואו יעדער פאלק און נאציע האבען געבראכט מיט זיך אן אייגענע פארב, א שפראך און קולטור און דעם באזונדערן ריטם און אויפ־געזאנג פון אייגענעם בלוט.

און „קאפע מאנאפאל" — אויך אויף דער צווייטער עוועניו.

יעדען מאל ווען איך געה פארביי די געגענט צווישען דער זי־בעטער גאס און „סט. מארקס פלעיס" נעמט עפעס אויפשלאגען אין מיין הארץ. איך דערזעה פאר זיך מיטאמאל דאס קליינע גערטענ־דעל מיט די טישלעך. די ליליפוטען־בוימלעך, וואס וואקסען ארויס פון די גרינע קעסטלעך מיט ערד, שפרייטען א נישטיגען שאטען. איז דאס ביסעל גרינס ניט מער ווי לשם דעקאראציע. דער עיקר זיינען די טישלעך און וואס מען קאן זיצען אין גאס, באטראכטען

פריי דעם מענשען-פאַראַד אויף דער עווועניו און פאַרשפּילען זיך מיט דער אילוזיע, אַז מען איז אין איראָפּע, מ׳זיצט אין איינעם פון די דרויסענדיגע קאַפע-הייזער אין וויען, בערלין אָדער פּאַריז.

און די אילוזיע ווערט נאָך שטאַרקער פון די צייטונגען וואָס מען לייענט. אין „קאַפע מאָנאַפּאָל״ ווי אין „קאַפע בולעוואַרד״ האָט מען געקראָגען די איראָפּעאישע פּרעסע. פלעגען זיצען די געסט, זופּען לאַנגזאַם די טאַסע שוימיגע קאַווע און האַלטען איינגעגראָבען די אויגען אין דער „נייע פרייע פּרעסע״, דאָס „בערלינער טאַגעבלאַט״, די „פּאָסישע צייטונג״, די „פראַנקפורטער צייטונג״. דאָ און דאָרטען האָט מען אויך געזעהן איינעם לייענען די פּאַריזער „מאַטען״. אויך די אונגאַרישע פּרעסע און די איטאַליענישע האָט מען געקאָנט טרעפען הענגען אויפ׳ן הילצערנעם געשטעל.

זעה איך פאַר זיך זומער-צייט די מענשען אין גערטענדעל, אויך אינעווייניג ביי די טישלעך. אַ גאַנצען טאָג איז דאָס גערטענדעל געווען לייזיג. אויך אינעווייניג האָט אַן אויסגעהוילטע טונקעלקייט זיך געשפּרייט. פאַרנאַכט האָט שוין אָבער אָנגעהויבען קומען דער עולם.

זענט איר געווען זיכער, אַז ווען איר זאָלט ניט געווען אַריינפאַלען אין אַן אָווענט אין „קאַפע מאָנאָפּאָל״ וועט איר טרעפען ביי אַ טישעל דר. שמריהו לעווין. פאַר דר. לעווין איז „קאַפע מאָנאָפּאָל״ געווען זיין צווייטע היים. עס איז אויך געווען פאַר איהם — איראָפּע. אַן ערזאַטץ פון וויען, בערלין און פּאַריז. דר. לעווין, וואָס איז פון דער נאַטור געווען אַן אמת׳ער באָהעמיער, האָט געמוזט האָבען אַ קאַפע-הויז, ווי אַ פיש מוז האָבען וואַסער. פלעגט ער קומען אין די אָווענטען פאַרברענגען אין „קאַפע מאָנאָפּאָל״. ווען ער איז אין אָווענט געווען פאַרנומען מיט אַ רעדע, איז ער געקומען שפּעט, אַרום צוועלף, און אָפּגעזעסען דאָרטען ניט איינמאָל ביז דער פרימאָרגען האָט גענומען גרויען און דער טראַך-טאַראַך פון די מילכוועגענער האָט שוין אָנגעהויבען קוילערען זיך איבער דעם שטיינערנעם ברוק.

דר. לעווין איז געווען אַ ליידנשאַפטליכער שאַכשפּילער, האָט ער יעדען אָווענט, מיט דער פּינקטליכקייט פון אַ פרומען אידען, וואָס פאַרפעלט ניט קיין אשרי, געשפּילט עטליכע פּאַרטיעס שאַך. ער האָט שוין דאָרטען געהאַט זיינע שטענדיגע מיטשפּילער. איינער פון זיי איז געווען דער פאַרשטאָרבענער דר. זיוו — אַ טשיקאַוואַר פאַרשוין. אַליין אַ מעדיקער, איז ער אָבער געווען פאַרנומען מער מיט שאַך און פּאָעזיע ווי מיט מעדיצין. ער האָט געקאָנט אָפּזיצען אַ נאַכט איבער׳ן שאַך-ברעט, זיצען מיט זיין אַש-גרויען פּנים, אומבאַוועגליך, פאַרגליווערט ווי אַ בודא.

און ער האָט אויך געשריבען דייטשע לידער. עטליכע האָט ער

פארעפענטליכט אין דער זונטאג-אויסגאבע פון דער „שטאטס-צייטונג".
ער האט דערנאך ארויסגעגעבן א ביכעל מיט זיינע לידער און עס
אויסגעטיילט צווישען פריינט. צווישען מיינע ספרים געפינט זיך
אן עקזעמפלאר מיט דעם מחבר'ס אויפשריפט אין דייטש: „צום האכ-
וואלגעבארענעם יונגען שריפטשטעלער, א. א. וו.".

דר. זיוו האט צוליב זיין פאעזיע פארלוירען א היפש ביסעל פריינט,
וואס האבען ניט געוואלט צוגעבען, אז ער איז א צווייטער היינריך
היינע.

דר. לעווין, וואס איז געווען געבענשט מיט א בייסיגען הומאר,
פלעגט פון צייט-צו-צייט ארייננווארפען א שפילקעדיגע באמערקונג
ווען זיוו האט גענומען לייענען זיינע לידער. פון לעווינ'ען האט אבער
זיוו זיך ניט באליידיגט, ווייל ער האט געהאט פאר אים גרויס דרך-
ארץ. ער פלעגט אפילו ניט באליידיגען זיך ווען שמריהו לעווין האט
ניט איינמאל דערקלערט מיט א גוטמוטיג-קאטעגארישען טאן, איידער
זיי האבען זיך אוועקגעזעצט שפילען:

„הער דאקטאר, מיר שפילען שאך און ניט דיסקוטירען קיין
פאעזיע!"

איז „קאפע מאנאפאל" געווען א שטיק אייראפע בזעיר אנפין.
יעדער טישעל האט פארטראטען א באזונדערע מדינה. אט איז גע-
ווען דאס „דייטשע טישעל". ביי דעם דאזיגען טישעל איז דער ווארט-
פירער געווען דער מוזיק-קריטיקער פון דער „שטאטס-צייטונג" אל-
פערסאן. דאס איז געווען א הויכער, לייביגער פארשוין מיט א גלאנ-
ציגען פארוק אויפן נאקעטען שארבען. ער איז שטענדיק געווען אנ-
געטאן אין א לאנגען, פאראדנעם סורדוט, ווי עס פאסט פאר א קריי-
טיקער, וואס האט זיין באשטימט ארט אין דער „מעטראפאליטען
אפערא הויז". און ער איז אפט געקומען אין א הויכען צילינדער. זיין
לענגלאך, פליישיג פנים איז שטענדיג געווען ערנסט און געטראגען
א מינע פון זעלבסטווירדיגקייט. די לאנגע, שטעכיגע וואנצעס זיינען
געהאנגען ווי ביי א קאטער איבער די ליפען. דער גאנצער מענש
האט געגעבען א געפיהל ווי ער וואלט איינגעשלונגען א סלופ. איז ער
געזעסען מיט עטליכע דייטשען ארום זיך און געפיהרט דעם טיש.
צווישען די, וואס פלעגען זיך צוזעצען, זיינען געווען די ברידער, די
ארויסגעבער פון דער „שטאטס-צייטונג". אויך אונזערע אייגענע דיי-
טשען אדער אזעלכע, וואס האבען געהאט „א חלק אין דייטשלאנד",
ווי דער פארשטארבענער וואן-סטראטען.

ער, פריטץ וואן-סטראטען, איז געווען א האלענדישער איד. דאס
איז געווען א פאנטאסטישער מענש, אן אוואנטוריסט, אן אידעאלער
העלד פאר א פארכאפענדיגען ראמאן. אין האלאנד האט ער זיך
אפגעגעבען מיט זשורנאליזם און געשעפט. וואס פאר א געשעפט?

דאָס איז געווען שווער צו זאָגען. עס האָט געהייסען דימענטען, עקס-פּאָרט און אימפּאָרט, און — ג-ט ווייסט וואָס.

וועגען זיין זשורנאַליזם האָט אָבער קיין ספק נישט געקאָנט זיין, ווייל די אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אין דער „שטאַטס-ציימונג" זיינען געווען גלענצענד. פון יעדער זאַץ האָט זיך ארויס-געהויבען אַ מענטש מיט אַ פינקעלדיגער פען.

און ער איז אויך געווען אַ פיינער פּאָעט. ער האָט פאַרעפענט-ליכט אַ ביכעל לידער אין דייטש, אונטער דעם נאָמען „האָנאָר וויק-טוס". זיינען דאָס קעמפעריש-נאַציאָנאַלע לידער פון שוואונג און פאַרנעם. דער פּאָעט משה לייב האַלפּערין האָט איבערזעצט עטליכע פון זיי אין אידיש. וואָן סטראָטען׳ס לידער פאַרדינען מען זאָל זיי נים פאַרגעסען.

און זיין אייגען לעבען איז געווען אַ העלדען-ליד. ווען דער בורען-קריג האָט אויסגעבראָכען, האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אַרמיי פון אַלטען, פעלזיגען גענעראַל קרוגער און געשלאָגען זיך געגען די ענגלענדער.

ווי ער האָט מיר דערקלערט, האָט ער עס געטאָן ווייל: „אידען אַלס אונטערדריקט פאָלק, דאַרפען שטענדיג קעמפען אויף דער זייט פון די פאַראַכטע און אונטערדריקטע..."

ער האָט זיך דערנאָך דערדינט, אַזוי האָט ער פאַרזיכערט, צום ראַנג פון גענעראַל.

איז נישט וויכטיג צי ער איז באמת געווען אַ גענעראַל. זיכער איז, אַז ער איז געווען אַ מערקווירדיגע פערזענלעכקייט. איך האָב אים נאָהענט געקענט און ער שטייט ווי אַ לעבעדיגער פאַר מיינע אויגען: אַ מיטעלוואוקסיגער, זיין פיגור, אַ דיקע, אַ געפּאַקטע, האָט געאָטעמט מיט קראַפט; אַזוי אויך זיין עפּעלדיג-רויט, מיט בלוט-אָנגעגאָסען, רונד פנים, און דער בליציגער אויסדרוק פון די קליינע, גרויע אויגעלאַך אונטער די אָנגערוקטע, בושיגע ברעמען.

אין דער צייט פון ערשטען וועלט-קריג האָט ער גערעדט צו מיר און צו אַנדערע לאַנג און פּאַטעטיש וועגען שאַפען אַ אידישע אַרמיי, וואָס זאָל געהן איינגעמען ארץ ישראל. ער האָט שוין אפילו אויסגעאַרבייט דעם גאַנצען סטראַטעגישען פּלאַן. וואָס מען האָט נאָר געדאַרפט איז געווען געלט צו סובסידירען די אַרמיי. די שיפען, וואָס זאָלען ברענגען די אידישע אַרמיי צו די ברעגעס פון ארץ ישראל, וועט מען שוין קריגען.

האָט ער צוגעשטעלט זיין פּלאַן דעם אַלטען יעקב שיף, און ער איז געווען זיכער, אַז שיף וועט דעם פּלאַן פינאַנסירען. דער אַלטער שיף האָט איהם אָבער אפילו נים געענטפערט. וואָן סטראָטען האָט דערנאָך געשטורעמט קעגען שיפ׳ן און די אַנדערע אידישע מיליאָ-

נערען, גערופען זיי מיט נעמען וואָס געפינען זיך נאָר אין לעקסיקאָן פון אַן אַלטען, אויסגעפּראָוואוטען מיליטער-מענש, און באַגלייט יעדען אויסדרוק זיינעם מיט אַ זעץ פון זיין מעכטיגען פויסט, אַז דאָס טישעל האָט גענומען אונטערטאַנצען.

וואָן סטראַטען איז אויך, צווישען זיינע טויזענט-און-איין אויס-טערלישע טועכצען, געווען אַ שטיקעל צייט אַ אידישער שרייבער. דאָס איז געווען ווען די וועלט מלחמה האָט אויסגעבראָכען. דאָס „טאַגעבלאַט" האָט מיטאַמאָל באַשלאָסען צו האָבען אַן אייגענעם קריגס-עקספּערט. האָט מען אַנגאַזשירט גענעראַל וואָן סטראַטען, און ס'האָט טאַקע געקלונגען אימפּאָזאַנט: „מלחמה-איבערזיכט פון גענעראַל פריטץ וואָן סטראַטען". אידען האָבען עס געלייענט און געגאַפט.

געשריבען זיינע אַרטיקלען האָט וואָן סטראַטען אין זיין פּינקעל-דיגען, געשליפענעם דייטש, און אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלען צו איבערזעצען עס אין פּשוט'ן פּאָפּולערען אידיש. וואָס איך האָב אָפּט-מאָל געטאָן צו וואָן סטראַטענ'ס קלאַסישען דייטש, איבערהויפּט צו זיין פאַרוויקעלטער מיליטערישער טערמינאָלאָגיע — זאָל מיר איין ג-ט מוחל זיין ...

איז אָט דער וואָן סטראַטען געווען אַ באַרעכטיגטער בירגער אויף דער דייטשער טעריטאָריע, וואָס איז געווען פאַרנומען פון אַלפּערסאָנ'ען, די ברידער רידער און אַנדערע דייטשען.

איינמאָל ביינאַכט האָט מען מיך אויפגעוועקט פון שלאָף און מיר אָנגעזאָגט פון „בית ישראל שפּיטאָל", וואָס איז דעמאָלט געווען אויף דזשעפערסאָן סטריט, אַז וואָן סטראַטען איז געשטאָרבען. אויפ'ן צווייטען טאָג איז געווען די לויה. זיינען איך און דר. קאַפּלער געווען די איינציגע, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך דעם אָרימען, אומגע-הובעלטען אָרון פון דעם געוועזענעם אידישען גענעראַל.

און אַזוי ווי עסטרייך און אונגאַרן האָבען דעמאָלט ניט גע'חלום'ט, אַז ס'וועט קומען אַ בייזער טאָג און היטלער וועט ווערען דער הער-שער פון אייראָפּע, האָבען די עסטרייכער און די אונגאַרישע געהאַט טישלעך זייט ביי זייט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר פאַרבינדעטע.

מיט דער עסטרייכישער טעריטאָריע איז שוין אָבער געווען אַ שטיקעל געמיש. ווען ס'איז געקומען צו דער עסטרייך, ווי זי איז געווען פאַרטראַטען אין „קאַפע מאַנאַפאַל" האָט מען זיך אָנגעשטויסען אויף דער זעלביגער פעלקער-צעשפּליטערונג ווי אין דער עסט-רייך פון יענער זייט ים, וואָס האָט זיך געשפּרייט ביי די ברעגעס פון דעם בלויען דאַנוי און געלעגען אַ צוואָרפענע ווי אַ „משוגענע קאָלדרע" איבער די קאַרפּאַטען און שאַטרא-בערג, אַנגאַזשירט גע-נעראַל וואָן סטראַטען. איבער די פליינען פון אונגאַרן, איבער די

סטעפּעס און בערג פון די באַלקאַנען.

ס׳איז געווען, למשל, אין „קאַפע מאַנאַפּאַל״ אַ באַזונדערע טע־ריטאָריע פאַר די גאַליציאַנער. די אונגארישע, ווידער האָבען געהאַט זייער ווינקעל. און היינט די ווינער — זיי זיינען געווען אַ וועלט פאַר זיך.

דערנאָך זיינען געקומען די רומענער — זיי זיינען אויך געווען פאַרטראַטען אויף דער מאַפּע פון מאַנאַפּאַל״. די „רוסען״, וואָס פלעגען קומען, האָבען זיך געפיהלט ווי טוריסטען, געסט, אָבער — אַנגעלייגטע געסט.

און סתם אידען — קאָסמאָפּאָליטען אין „קאַפע מאַנאַפּאַל״, וואָס האָבען אומגעוואַנדערט פון טישעל צו טישעל. אַט האָבען זיי פאַר־בראַכט אַ ביסעל ביי די דייטשען, און אַט זיינען זיי אויסגעוואַקסען ביי די גאַליציאַנער, און אַט לייגען זיי שוין צו אַן אויער ביים טישעל פון די אונגארען אָדער רומענער.

פאַר מיינע אויגען ווערען אויפגעלעבט געשטאַלטען גאַנץ און האַלב־פאַרגעסענע. די מערסטע פון זיי זיינען שוין ניט מיט אונז און די אייניגע וואָס לעבען נאָך, פאַלגען נאָך מיט אומעטיגע אויגען ווי דאָס ליכט פון זייער טאָג לעשט זיך און די אָווענט־שאָטענס רוקען זיך אָן.

## שמריהו לעווין רעדט אין אַ „רייטער אַקאַדעמיע״

אין 1906 איז שמריהו לעווין געקומען צום ערשטען מאָל קיין אַמעריקע. האָבען די ציוניסטען געזוכט אַ זאַל וואו זיי זאָלען איהם גע־בען אַ פאַסענדיגען קבלת־פּנים. מען האָט געוואוסט, אַז ס׳וועט קומען אַ גרויסער עולם, און מ׳האָט דערפאַר נאָכגעטראַכט פון אַ פּלאַץ, וואָס זאָל קאָנען אַריינעמען די טויזענטער, וואָס מען האָט דער־וואַרט.

האָט מען פון אַלע פּלעצער אין ניו יאָרק אויסגעקליבען אַ פּלאַץ, וואָס רופט זיך „די רייטער אַקאַדעמיע״ און וואָס געפינט זיך אויף דער עטליכע און זעכציגסטער גאַס און בראָדוויי.

אין דער „רייטער אַקאַדעמיע״ לערנט מען זיך, ווי דער נאָמען דערציילט, רייטען אויף פערד. ווען איהר קומט אַהין דערטראָגט זיך צו אייערע נאָזלעכער דער ריח פון שטאַל. איהר הערט אויך דאָס גאַלאָפּירען פון פערד און דעם אויפמונטערנדיגען קנאַק פון בייטשען. פאַראַן אָבער דאָרטען אַ גרויסער זאַל, וואָס נעמט אַריין טויזענטער מענשען. די בענקלעך זיינען אויסגעשטעלט האַלב רונד, ווי אין אַמפיטעאַטער. האָט דאָרטען שמריהו לעווין געמאַכט זיין גאָר ערשטען אויפטריט.

האָט אויף דער פאַרזאַמלונג אין דער „רייטער אַקאַדעמיע" פאָ־סירט אַ געשעהעניש, וואָס האָט געדינט ווי אַ סימבאָל פאַר שמריהו לעווינ'ם ווייטערער טעטיגקייט אין אַמעריקע, און פון זיין ווירקונג, וואָס ער האָט געהאַט אויף די פאַרשיידענע קלאַסען און שיכטען פון היגען אידענטום.

דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער אַלטער יעקב שיף. איז שוין דאָס אַליין, וואָס יעקב שיף איז געווען פאָרזיצער אויף אַ קבלת־פנים לכבוד אַ ציוניסטישען פיהרער, געווען אַן אויס־טערלישע דערשיינונג. דער אַלטער שיף איז געשטאַנען ווייט פון ציוניזם. צווישען די ציוניסטען און זיין קרייז איז אַנגעגאַנגען גאַנץ אָפט אַ שאַרפער קאַמף, און דאָ קומט פּלוצלינג שיף און איז דער פאָרזיצער אויף אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער דער ציוניסטישער אַגיטאַטאָר, דער נאַציאָנאַלער קעמפער, דער הייסער איד שמריהו לעווין איז דער עהרענגאַסט.

האָבען זיך אַלע געחידוש'ט און קאָמענטירט וועגען דעם. די דער־קלערונג איז געווען, אַז יעקב שיף איז געקומען אָפּגעבען כבוד נישט שמריהו לעווינ'ען, דעם ציוניסטישען פירער, נאָר שמריהו לעווינ'ען, דֶי רעכטע האַנט פון דר. פּאָול נאַטאַן, דעם פיהרער פון „דייטשען הילפּס פאַראיין" און אויך שמריהו לעווין, דעם געוועזענעם דעפּוטאַט פון דער רוסישער דומע און דעם אונטערצייכענער פון „וויבאָרגער מאַניפעסט".

אַ סך זיינען אָבער געקומען אונטער דעם איינדרוק, אַז דער אַלטער דזשייקאָב שיף האָט מיטאַמאָל „דערזעהן דאָס ליכט" און איז איבערנאַכט געוואָרען אַ ציוניסט.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער אָפּטימיזם? פון אַ ציר־קולאַר, וואָס די ציוניסטען האָבען פאַרשפּרייט פאַר דער פאַר־זאַמלונג.

דער צירקולאַר איז געווען צו העלפען אין דער קאַמפּאַניע פון „נאַציאָנאַל פאָנד" און אונטערגעשריבען איז דער צירקולאַר געווען פון „דזשייקאָב שיף, טשערמאַן".

האָט דער עולם געלייענט דעם צירקולאַר, באַטראַכט דעם „דזשיי־קאָב שיף, טשערמאַן" און געצויגען מיט די אַקסלען. אַנדערע האָבען אויסגערופען:

„מזל טוב! דזשייקאָב שיף איז געוואָרען אַ ציוניסט!!"

שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דער דזשייקאָב שיף, וואָס איז דער טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַל־פאָנד קאָמיטע, איז אַ גאַנץ אַנדערער. דער ציוניסט דזשייקאָב שיף איז ניט געווען דער אַלטער באַנקיר, נאָר אַ יונגער מענש, און אַ באַשיידענער גע־שעפטסמאַן. זיין איינציגע שייכות מיט'ן „אמת'ן" דזשייקאָב שיף

איז געווען בלויז אין נאָמען.

די וויכטיגסטע געשעהעניש, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען ווי אַ מין סימבאָל, איז אָבער פאָרגעקומען בשעת דער פאַרזאַמלונג. אין מיטען פון שמריהו לעווינ׳ס רעדען, ווען דער גאַנצער עולם איז גע־זעסען ווי היפּנאָטיזירט, האָט זיך מיטאַמאָל איינגעבראָכען די פּלאַט־פאָרמע. דער אַלטער שיף איז אַרונטערגעשליידערט געוואָרען פון אַ בענקעל. די אַנדערע חשוב׳ע פּלאַטפאָרם-געסט האָבען זיך איבער־געקוליעט פון דעם פאַל. דער איינציגער, וואָס איז געבליבען שטעהן אויף די פיס, גאַנץ, אומבאַשעדיגט און שמייכלענדיג, איז געווען שמריהו לעווין.

דער עולם איז, נאַטירליך, געוואָרען צעטומעלט. מען האָט גע־נומען אויפשפּרינגען פון די ערטער, עס איז שיער געקומען צו אַ פּאַניק. ווען מען האָט אָבער דערזעהן דעם רוהיגען, שמייכלענדיגען שמריהו לעווין, האָט מען זיך גיך באַרואיגט. באַלד איז די פאַר־זאַמלונג ווייטער אָנגעגאַנגען און שמריהו לעווין האָט ווייטער גע־שפּונען זיין כשוף׳דיגע נעץ, אין וועלכער ער האָט פאַרוויגט זיינע צוהערער.

קום איך צו דער שטורעמדיגער עפּאָכע אין אַמעריקאַנער אי־דישען לעבען, ווען דאָ איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישען די „יאַ־הודים״ און אונזערע היימישע אידען, די מזרח-אייראָפּייאישע איינ־וואַנדערער.

שמריהו לעווין איז געקומען אין דער צייט ווען דער קאַמף האָט דאָ געפלאַקערט, און אים איז באַשערט געווען צו שפּילען גאָר אַ וויכטיגע ראָל אין דער מלחמה.

מיר דערמאָנט זיך אָן עפּיזאָד, אין וועלכען דער אַלטער יעקב שיף האָט ווידער פיגורירט.

דאָס איז געשען אין דער צייט ווען דער אַלטער יעקב שיף, מיט זיין זילבערדיג-ווייס בולאַנדזשע-בערדעל, שטאָליג-גרוי, שמייכ־לענדיגע אויגען, און וואָס האָט גערעדט ענגליש מיט אַזאַ געדיכט־דייטשען אַקצענט, כאָטש מיט אַ מעסער צו שניידען, איז געווען דער אומגעקרוינטער קעניג פון אַמעריקאַנער אידענטום.

לואי מאַרשאַל איז געווען דער פּרעמיער-מיניסטער. ער, מאַרשאַל, אַ דיקער, אַ ברייטאַקסעלדיגער, מיט אַ גרויסען, בושיגען קאָפּ און הויכען שטערען הינטער וועלכען אַלץ, וואָס איז ווען געשריבען געוואָרען און גע׳פּסק׳ענט געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט אַמערי־קאַנער קאָנסטיטוציאָנעלען געזעץ, איז געווען אָנגעקליבען און איז געשטאַנען אין דערזעלביגער אָרדענונג ווי די געזעצביכער אין זיין ריזיגען ביבליאָטעק-צימער, וואו ער האָט מיך ניט איינמאָל אויפ־גענומען.

מאַרשאַל איז געווען דער קאָפּ פון די „יאַהודים". נאָמינעל איז דער אַלטער שיף געווען דער פיהרער און קעניג. די לייצען זיינען אָבער אין אמת'ן געלעגען אין מאַרשאַל'ס האַנט.

און ער האָט פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן פון אַ פירער: אַ קלאָרער קאָפּ, אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט'ן אידישען לעבען. ער איז געווען איינער פון די געציילטע צווישען די „יאַהודימישע" פירער, וואָס האָט געקענט די ברייטע אידישע מאַסען און געהאַט אַ פאַרשטענ־דעניש פאַר זייער לעבען. ער האָט געקענט אידיש, געלייענט די אידישע פרעסע און האָט אפילו פאַרעפענטליכט אַן אַרטיקעל אין אידיש וועגען דעם אָפּברוך פון דער „טריטי" צווישען אַמעריקע און רוסלאַנד, אין וועלכער ער האָט געשפּילט די וויכטיגסטע ראָל. דער אַרטיקעל איז געווען געדרוקט אין דער „צוקונפט". ער האָט געגלויבט אין כח פון די איינגעוואַנדערטע אידישע מאַסען און גע־זוכט זיי צו געווינען, האָט ער מיט דער הילף פון זיינע פריינט גע־גרינדעט אַ טעגליכע צייטונג „די אידישע וועלט" און געמאַכט דעם דעמאָלט זעהר פּאָפּולערען צבי הירש מאַסליאַנסקי פאַר דעם הויפּט־רעדאַקטאָר און צוגעצויגען אַזעלכע שריפטשטעלער ווי דעם גרויסען פּאָעט מאָרים ראָזענפעלד, הערמאַלינ'ען און אַנדערע.

מאַרשאַל איז אויך געווען אַ שטאָלצער איד. דער אידישער כבוד איז געווען ביי אים טייער און הייליג. ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פאַרטיידיגען דעם כבוד און די אינטערעסען פון אידישען פאָלק, האָט ער געקעמפט מיט אומגעוויינליכען מוט. מאַרשאַל איז געווען דער, וואָס האָט געפירט צו דעם, אַז אַמעריקע זאָל אָפּברעכען אירע באַציאונגען מיט דער צאַרישער רוסלאַנד פאַר ניט רעספּעקטירען די רעכט פון אַמעריקאַנער אידישע בירגער. ער האָט אויך געבראַכט הענרי פאָרד אויף די קני. ער איז געווען אין צענטער פון טויזענט און איין קאַמפען פאַר אידישע אינטערעסען דאָ און אויף יענער זייט ים.

אָט דער אידישער שטאָלץ, וואָס מאַרשאַל האָט דעמאָנסטרירט, איז אגב געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די מערסטע היגע „יאַהודים" פון זיין דור. מען האָט עס געקענט אויך זאָגען וועגען יעקב שיף, וואָס האָט איינמאָל געהאַט דעם מוט אַ קלאַפּ צו טאָן מיט דער טיר פון „ווייסען הויז", אין פנים פון פּרעזידענט טעפט, בשעת יענער האָט זיך געקווינקעלט צי ער זאָל אָפּברעכען די „טריטי" מיט רוס־לאַנד.

די היגע „יאַהודים" האָבען שטענדיג אַרויסגעוויזען אַ פיינעם ראַסען־שטאָלץ, אַן איבערגעבענקייט צו אידישע אינטערעסען, ניט געקוקט אויף זייער אַסימילאַטאָרישקייט. זיי זיינען אין דעם פּרט געווען גאַנץ אַנדערשדיג פון די אַסימילאַטאָרישע אידען אין מערב־

אייראָפּע. דערפאַר איז ביי די היגע אַסימילאַטאָרישע אידען געווען אַזוי ווינציג געמישטע הייראַטען. אַזוי לאַנג ווי דער אַלטער שיף האָט געלעבט האָט קיין גוי ניט געקאָנט אריינדרינגען אין דער משפּחה. און שמד, אָט די מגפה, וואָס איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט צווישען די אַסימילאַטאָרישע אידען אויף יענער זייט ים, איז צווישען די היגע „יאַהודים" ניט געווען בנמצא.

אויף לואי מאַרשאַל האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ שטיקעל אויטאָקראַט. דער אמת איז, אַז ער איז געווען אַ דאָמינירענדיגער מענש און האָט ניט אַרויסגעוויזען קיין סך געדולד מיט די „איסט-סיידער פאַנטאַזיאָרען". דאָס מיינט אָבער ניט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין אינעווייניגסטע אַכטונג צו די מענשען, וואָס האָבען געגעבען דער איסט-סייד איהר גייסטיג פּנים. ער האָט געקענט נאָהענט אַ סך אידישע שרייבער. ער האָט ליב געהאַט אידיש-טעאַטער. ער האָט ליב געהאַט אַ אידיש בוך. ער האָט אָנגעזאַמעלט אַ גרויסע ביבליאָטעק, וואָס איז געווען רייך אין „יודאיקא". זיינע ספרים, וואָס אַ סך פון זיי האָבען געהאַט די אויפשריפטען און ווידמונגען פון די מחברים, זיינען דערנאָך פאַרקויפט געוואָרען אויף „פּושקאַרטס" אויף קאַנאַל און אָרטשאַרד סטריטס. ווייזט עס נאָר, אַז די יורשים האָבען ניט איבערגענומען די טראַדיציע פון זייער גרויסען פאָטער, און צעטרענצעלט זיין גייסטיגע ירושה. דאָס איז אגב אמת אויך בנוגע יעקב שיפ'ס זוהן מאָרטימער, וואָס איז געווען אַ היבש ביסעל ווייט פון טאַטענ'ס דרכים.

אָדער סיירוס אַדלער — „דער מיניסטער פון אויפקלערונג" אין דער יאַהודימשער מלוכה פון יענע יאָרען. ער, סיירוס אַדלער, איז געווען דער „אוטשאַני יעוורעי" ביי די היגע דייטשע אידען.

איז ער געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ ביז גאָר, אַ פאַרביגע פּערזענליכקייט — אַ געלערנטער, אַ פאָרשער פון סעמיטיקס, אַ זשורנאַליסט, אַן אויסגעצייכענטער אָרגאַניזאַטאָר, און, ועל כולם, קלוגער, דורכגעטריבענער פּאָליטיקער. ס'איז געווען עפּעס פוקסיש-כיטרע אין זיין עקספּרעסיוו, מאַגער פּנים, אין די גרויליכע אויגען, וואָס האָבען געהאַט אין זיך אַ שטאָליגען אָפּגלאַנץ.

אַן אַנדער וויכטיגער מיניסטער אין שיפ'ס קאַבינעט, איז געווען סיירוס סולצבערגער. ער איז געווען אַ טרוקענער מענש, אַגרעסיוו, אָפּטמאָל אַראָגאַנט, אָבער אויך ער איז אויף זיין אופן געווען איבער-געגעבען צו די אינטערעסען פון אידישען פאָלק.

און דער „יורש עצר", דער „פּרינץ אָף וועילס", שיפ'ס איידעם, דער יונגער פעליקס וואָרבורג, אין דער עפּאָכע, וואָס איך באַשרייב דאָ, איז פעליקס וואָרבורג נאָך געשטאַנען אין הינטערגרונט. דאָס איז געווען ערב דער פייערליכער דעקלאַראַציע, וואָס דער אַלטער

שיף האָט געמאַכט אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דעם זאַל פון דער „יאַנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָן" אין הארלעם. איך בין גראָד געווען אויף יענער פאַרזאַמלונג. געדענק איך ווי שיף האָט דערקלערט צום עולם, אַז זיין איידעם פעליקס, וואָס איז געזעסן דעמאָלט ביי זיין זייט, גערהט ווערען דער „יורש עצר" און וועט פאַרנעמען זיין טראָן.

פעליקס, אַ דינער, אַ טונקעלער, אַן עלעגאַנטער, האָט זיך אויפגעשטעלט. דער עולם האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט. פעליקס איז געשטאַנען מיט אַ באַשיידענער מינע, געשמייכעלט ווייך און פאַרלעגענד, און געבויגען זיך פאַר'ן עולם.

דערווייל איז אָבער שיף נאָך געזעסן אויפ'ן טראָן, מיט דער קרוין אויפ'ן קאָפּ און מיט'ן סצעפּטער אין דער האַנט. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר דעם באַשירעמער און באַשיצער פון אַמעריקאַנער אידענטום, איבערהויפּט פון די איינגעוואַנדערטע, מזרח-אייראָפּיישע אידען, וואָס זיינען געקומען פון צוריקגעשטאַנענע, האַלב-באַרבאַרישע מדינות און האָבען זיך דערפאַר גענויטיגט אין דער אויפקלערונג און גייסטיגער דערהויבונג פון זייערע ראַפינירטע, הויך-ציוויליזירטע ברידער, וואָס האָבען געהאַט דאָס גליק צו האַנדלען מיט בהמות אָדער אָפּגעבען זיך מיט געלט-וועקסעל אין דייטשלאַנד, און איינזאַפּען אין זיך די ג-ט-געבענשטע, פון הימעל-געשאָנקענע, דייטשע קולטור.

און ניט נאָר האָבען שיף, מאַרשאַל און די אַנדערע יאַהודימשע פירער פון יענע יאָהרען באַטראַכט זיך פאַר די, וואָס די השגחה אַליין האָט באַשטימט צו ווערען די וועג-ווייזער, און לערער פון אַמעריקאַנער אידענטום, נאָר זיי האָבען אויך געגלויבט, אַז זיי זיינען באַרופען געוואָרען פון דער געשיכטע צו פיהרען דאָס אידענטום פון דער וועלט.

אין יענע יאָהרען פלעגט מען אָפט הערען רעדען וועגען דער „העגעמאָניע פון אַמעריקאַנער אידענטום". אין פּשוט'ע ווערטער האָט עס געמיינט, אַז די פירערשאַפט פון וועלט-אידענטום, דאַרף אַריבערגעהן פון דער אַלטער, אָפּגעלעבטער אייראָפּע צו דער יונגער, אימפּעטיג-וואַקסענדיגער אַמעריקע.

אין דעם דאָזיגען דראַנג נאָך „העגעמאָניע", וואָס האָט זיך געמערקט ביי די היגע יאַהודימשע פיהרער, איז געווען אַ היבש ביסל פון אַ פּאַרוועניום רייסען זיך צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין מזרח און שפּילען די ערשטע פידעל. די היגע „יאַהודים" האָבען געזאָגט צו זיך און צו אַנדערע: „צו אונז קומט מען נאָך געלט, און מיר זיינען רייך און קאָנען געבען, אויב אָבער מיר האָבען די מאה ווילען מיר אויך האָבען די דעה. . ."

איז זיך דעמאָלט פאַרלאָפען אַזאַ מעשה:

די היינטיגע „האיאס", וואָס האָט נאָך דעמאָלט געטראָגען דעם באַשיידענעם און מער הארציגען נאָמען „הכנסת אורחים", האָט גע־האַט איינע פון איהרע יערליכע פאַרזאַמלונגען. יעקב שיף איז געווען איינער פון די דירעקטאָרען אָדער גרינדער פון דער „האיאס", האָט מען איהם איינגעלאַדען קומען האלטען אַ רעדע.

די „הכנסת אורחים" האָט זיך נאָך דעמאָלט געפונען אין אַ פּראָסטער געביידע אויף איסט־בראָדוויי. די צימערן אויף די עטליכע שטאָק זיינען געווען איבערגעפּאַקט מיט אימיגראַנטען. די שיפען האָבען געבראַכט יעדען טאָג פרישע שטראָמען איינוואַנדערער. און די שטראָמען האָבען זיך דערנאָך געטראָגען אומאונטערבראָכען פון די רויט־ציגעלנע געביידעס אויפ'ן „טרערען־אינזעל" ביז צו דער גרויער געביידע פון דער „הכנסת אורחים" אויף איסט־בראָדוויי.

ווען יעקב שיף איז געקומען צו דער פאַרזאַמלונג האָט שוין גע־וואַרט אויף איהם אַ גרויסער עולם. דער זאַל איז געווען געפּאַקט און הונדערטער, וואָס האָבען ניט געקאָנט אַריינגעהן אינעווייניג, זיינען געשטאַנען אין דרויסען.

דער אומגעקרוינטער קעניג איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַן אָוואַציע, אַזוי גיך ווי זיין נידריג־וואוקסיגע, געפּאַקטע פיגור האָט זיך באַוויזען. מען האָט איהם אַרויפגעפירט מיט גרויס פּאַראַד אויף דער בימה. די בימה איז געווען דעקאָרירט מיט אַמעריקאַנער פענדלעך. דאָ און דאָרטען האָבען זיך דורכגעוואָרפען אויך אונזערע אייגענע בלוי־ווייסע פאָנען.

אויף ביידע זייטען פון דער בימה, דאָרטען וואו די רעדנער האָבען געדאַרפט שטעהן, האָבען געפלאַטערט, פון איין זייט אַ גרויסע אַמע־ריקאַנער פאָן און פון דער צווייטער זייט אַ אידישע.

און אָט איז שיף אויף דער בימה. דער עולם, איסט־סיידער אידען און אידענעס, נעכטיגע אימיגראַנטען, אָפּלאָדירען רוישיג, ענטוזי־אַסטיש. די „דוירבים" זיינען ביי זיי פאַררוקט אויף די פאַרשוויצטע שטערנס, די דיקע קייטען פון די גאָלדענע „וואָטש און טשיינס", וואָס באַצירען די זשילעטען, קלימפּערן ווי גלעקלעך ביי יעדער באַוועגונג. די אויגען עסען זיך איין אין דעם מיטעלוואוקסיגען מענשען מיט דעם שנייאיגען בערדעל און וואַנצעס און געדיכטע ברעמען. מען ווייסט, אַז דאָס איז ער אַליין, דזשייקאָב שיף, דער מאַן, אַרום וועמעס נאָמען גאַנצע לעגענדעס האָבען זיך געשפּינט נאָך אויף יענער זייט ים, און פון וועמעס עשירות און צדקה מען האָט זיך וואונדער אַנדער־ציילט.

אַ קליינינקייט דזשייקאָב שיף! אָט איז ער, אין פלייש און בלוט, אַליין זיך אַרונטערגעלאָזען צו זיינע אָרימע ברידער אויף דער איסט־סייד, געקומען רעדען צו זיי, צו די נעכטיגע אימיגראַנטען, וואָס

האָבען נאָך אינגאַנצען ניט אַרויסגעטריבען פון זייערע ביינער דעם ווילגאַטש פון דער שיף, וואָס האָט זיי געבראַכט צו די פרייע, גליק־ליכע ברעגעס פון אַמעריקע.

איז מען געשטאַנען געשפּאַנטע, מיט היציגער גערינגקייט, און אָנגעשטעלט די אויערען צו הערען, וואָס אָט דער וואונדערמאַן געהט ז'יי זאָגען.

שיף האָט גענומען רעדען. ווען ער זאָל געווען זיין אַזאַ פינאַנסיר ווי אַ רעדנער, וואָלט ער געווען אומגעגאַנגען אין די הייזער. חוץ דעם איז פשוט געווען אוממעגליך אויפצוכאַפּען זיינע רייד צוליב דעם דייטשען אַקצענט זיינעם. ער האָט גערעדט ענגליש מיט אַ שוואַ־בּישען דייטש, און וואָס ער האָט געמאַכט פון די „אייטשעס" און די „טים" האָט נאָר איין ג־ט געדאַרפט זיך דערבאַרעמען.

ער, שיף, וואָס האָט זיך געלאָזט קאָסטען אַ מאַיאָנטעק אויף „אַמעריקאַניזאַציע" און געאַרבייט מעשים, אַז די אידישע אימיגראַנ־טען זאָלען זיך וואָס גיכער אַמעריקאַניזירען, לערנען ענגליש, צו־נויפגיסען זיך מיט'ן לעבן פון דער נייער וועלט, ניט שאַפען קיין שפּראַך - אָפּגעזונדערטקייט צווישען זיך און זייערע ניט - אידישע שכנים, ער האָט ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען גערעדט ווי אַ דייטש, וואָס איז נאָר־וואָס אַרונטער פון שיף.

שיף האָט אָבער אייגענטליך ניט געדאַרפט רעדען, ווייל זיינע מעשים האָבען גערעדט פאַר אים. דעריבער האָט ניט אויסגעמאַכט וואָס מען האָט אים ניט פאַרשטאַנען.

און די וואָס זיינען געקומען צו דער פאַרזאַמלונג זיינען אייגענט־ליך געקומען איהם זעהן און ניט הערען.

האָט אָבער אויף יענער פאַרזאַמלונג שיף אַרויסגעזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס אַ סך האָבען אויפגעכאַפּט, ניט געקוקט אויף זיין קוידע־רישען אַקצענט.

און דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט האָט אויך געווירקט ווי דער אויפרייס פון אַ באָמבע און אָפּגעהילכט ווייט און ברייט, געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער אידישער און ענגלישער פּרעסע, און אויפגעע־רודערט דערנאָך די גאַנצע געזעלשאַפטליכע מיינונג.

וואָס־זשע האָט ער געזאָגט אַזוינס ?

ער האָט געזאָגט ניט מער און ניט ווייניגער, אַז די אידען וואָס „דינען" צו צוויי פאָנען, און האָבען אַ צווייענדיגע פּאַטריאָטישע צוגעבונדענקייט, זיינען שלעכטע אַמעריקאַנער און קאָנען ניט זיין אמת־געטריי צו אַמעריקע.

שיף האָט דערביי אָנגעוויזען אויף דער אַמעריקאַנער און אי־דישער פאָן, וואָס האָבען געמיניעט זיך מיט זייערע פאַרבען אויףביידע זייטען פון דער בינע און אויף די שטערען און שטרייפען

און די ווייס-בלויע פאַרבען, מיט וועלכע די ווענט פון זאַל זיינען געווען דעקאָרירט.

די ציוניסטען זיינען געווען די ערשטע אויפצוהויבען אַ שטאַרקען פּראָטעסט קעגען שיפּ׳ם ווערטער. מען האָט איהם באַשולדיגט אין טאַקטלאָזיקייט, אומפאַרזיכטיקייט. ס׳האָט זיך אפילו דערהערט דאָס גאַרניט שיינע און גאָר ניט ליבע וואָרט „מסירה״.

דאַרף מען האָבען אין זין, אַז צו באַשולדיגען אַ יחיד אָדער אַ גרופּע אין „צווייענדיגער געטריישאַפט״ איז געווען יענע צייטען אַ געפערליכער ענין. עס איז געווען ערב פון ערשטען וועלט-קריג. די לופט איז געווען אָנגעלאָדען מיט פּולווער. אויך דעמאָלט, פּונקט ווי היינט, האָבען זיך געפונען אין אַמעריקע „פינפטע קאָלומניקעס״, כאָטש דער דאָזיגער טערמין האָט נאָך דעמאָלט ניט עקזיסטירט. די דעמאָלטיגע „פינפטע קאָלומניקעס״ זיינען געווען די בירגער מיט „אַ בינד-צייכען״ (הייפען), ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופען.

זיינען דערפאַר שיפּ׳ם ווערטער געווען אָנגעלאָדען מיט דינאַ-מיט, און איבערהויפּט ווען זיי זיינען געקומען פון די ליפּען פון דעם מאַן, אויף וועמען די ניט-אידישע וועלט האָט געקוקט ווי אויף דעם וואָרט-פירער פון אַמעריקאַנער אידען.

## דר. מאַגנעס מאַכט אַ רעוואָלוציע אין „טעמפּעל עמנואל״

היינט לעבען מיר אין אַ צייט ווען דער „יאַהודים״שער וואָלף און דאָס ציוניסטישע שעפעלע פּאַשען זיך אויפ׳ן גראָז זייט-ביי-זייט.

די צרה איז נאָר, וואָס דאָס גראָז איז אַ היבש ביסעל מאָגערלעך און פאַרוויאַנעט...

עס זיינען אָבער מער ניטאָ די ביטערקייט, דער שאַרפער אַנטאַ-גאָניזם, וואָס האָבען צעשפּאָלטען מיט יאָרען צוריק די ציוניסטען און די היגע דייטשע אידען אויף צוויי פיינטליכע לאַגערען.

היינט האָבען מיר „אַ אידישע אַגענטור״, וואו פאַרטרעטער פון „יאַהודענטום״ אַרבייטען האַנט-ביי-האַנט מיט פאַרברענטע ציוניס-טען.

אין אָנהויב האָבען די יאַהודימשע פאַרטרעטער גערופען זיך „נאָן זייאָניסטס״. די דאָזיגע מאָדנע באַצייכנונג האָט עס געזאָלט דינען אַלס אַ מין קאָמפּראָמיס צווישען זיי און די ציוניסטען. די יאַהודים האָבען דערמיט זיך אַליין געוואָלט באַרואיגען, אַז זיי האָבען ניט אינגאַנצען אויפגעגעבען זייערע אַמאָליגע אַסימילאַטאָרישע פּאָזיציעס, און אַז מיט דעם, וואָס זיי באַטייליגען זיך אין אויפבוי פון ארץ-ישראל, מיינט עס ניט, אַז זיי האָבען, חלילה, קאַפּיטולירט אינגאַנ-צען צום ציוניזם...

אין די לעצטע יאָרען האָט אָבער דער טערמין „נאָן זייאָניסטס” אָנגעהויבען ביסלעכווייז פאַרשווינדען.

די „יאַהודים” אַליין שמייכלען גוטמוטיג ווען מען דערמאָנט זיי אָן דעם דאָזיגען נאָמען.

וואָס דאַרפט איר מער — דער טערמין „יאַהודים” עקזיסטירט שוין מער נישט. דער דאָזיגער טערמין באַלאַנגט צו אַ צייט, וואָס שטעהט שוין הינטער אונז — אַ צייט אַ שטורעמדיגע, ווען אַ קאָ־כיגער אידייען־קאַמף האָט אויפגעברויזט די אידישע גאַס, און ווען אַלערליי פּאַרטייען, פראַקציעס, גרופּעס האָבען פאַרהילט און אָנגע־פילט די לופט מיט זייערע פּאַראָלען און לאָזונגען.

טראַכט מען אָפטמאָל מיט שטילען ווייטוט, מיט אַ מין לירישער, בין־השמשות’דיגער בענקעניש פון יענער צייט.

מען טראַכט פון די אַמאָליגע קאַמפען און מען בענקט נאָך זיי, ווייל זיי דערמאָנען אונז אָן די יאָרען ווען מיר זיינען געווען יונג, דורכגענומען מיט ליכטיגען גלויבען, פעלזענפעסט אין אונזער באַ־וואוסטזיין, אַז דער אמת איז אויף אונזער זייט און אַז די צוקונפט באַלאַנגט צו אונז.

דערמאָן איך זיך אָן די אָפטע און העפטיגע שטרייטיגקייטען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווישען די ציוניסטען און די „יאַהודים”.

די „יאַהודימשע” פירער פון יענער צייט ווי שיף, מאַרשאַל, סולצבערגער, סיירוס אַדלער, ראָזענוואַלד און די אַנדערע, זיי זיינען געווען שאַרפע געגנער פון ציוניזם.

זיי, אויך מענשען ווי אייבערהעם עלקוס, די ריכטער גרינבוים און ביזשור, און די אַנדערע פון דער גרופּע, וואָס האָבען זיך קאָנ־צענטרירט אַרום דער נאָך יונגער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע”, האָבען זיך באַצויגען צום ציוניזם אין איינקלאַנג מיט דער אידעאָ־לאָגיע פון זייערע פּאַסטוכער, די ריילען פון רעפאָרם־אידענטום פון יענער צייט ווי קויפמאַן־קאָהלער, פיליפסאָן און די אַנדערע אַפּאָס־טאָלען פון דער אַמעריקאַנער רוים פון רעפאָרם — סינסינעטי, אָדער אַזעלכע ווי די ראַבינער שולמאַן און סילווערמאַן פון ניו יאָרק. ראַ־בינער סילווערמאַן פון ניו יאָרק „טעמפּעל עמנואל”, איז אגב, שפּעטער געוואָרען אַ כשר’ער ציוניסט. איך געדענק איהם, ווי ער פלעגט אויף די עלטערע יאָרען, אויפטרעטען אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונ־גען, און האַלטען רעדעס וועגען ארץ־ישראל מיט דעם זעלביגען סאָ־נאָרען באַס און ראַבינערישער מעלאָדעקלאַמאַטאָרישקייט, ווי ער האָט עס געטאָן פריהער, ווען ער האָט געקעמפט קעגען ציוניזם און ארץ־ישראל פון דער בימה פון זיין טעמפּעל.

איך געדענק אויך, ווי דער זעלביגער ראַבינער סילווערמאַן האָט

איינמאָל פאַרגעשטעלט שמריהו לעווין פאַר אַ געמישטען עולם, וואָס איז באַשטאַנען פון אונזערע היימישע, מזרח-אייראָפּעאישע אי־מיגראַנטען, און אַמעריקאַניזירטע אידען. האָט דער אַלטער ראַבאַי, מיט זיין ווייס בערדעל, שפּיציגער נאָז און פּראָפּעסאָרישע מאַנירען אָנגעהויבען בזה הלשון:

„עס איז מיין פאַרגעניגען אייך פאַרצושטעלען אַ מאַן, וואָס איז געבענשט מיט דעם אָראַטאָרישען טאַלאַנט פון אַ בוירק, מיט דעם נביאישען פלאַם פון אַ ישעי׳, און מיט דער חכמה פון אַ שלמה המלך . . .״

געדענק איך אויך דאָס קלוג-קלוג, שפּיציג-פּקחות׳דיג שמייכעלע, וואָס האָט זיך געקרייזעלט ביי די ווינקלען פון שמריהו לעווינ׳ס מויל, בשעת ער האָט זיך איינגעהערט אין ראַבאַי סילווערמאַנ׳ס צעפלאַסענע פאַטעטישקייטען . . .

קום איך צו דער צייט ווען דר. יהודה ליב מאַגנעס האָט געמאַכט זיין באַרימטע רעוואָלוציע אין „טעמפּעל עמנואל״.

טעמפּעל עמנואל איז נאָך דעמאָלט געווען די פעסטונג פון רע־פאָרם און אַסימילאַציע אין אַמעריקע. דאָס איז געווען די רייכסטע רעפאָרם-געמיינדע אין גאַנצען לאַנד. די אידען, וואָס פלעגען קומען אַהין צו די „סוירוויסעס״ שבת און זונטאָג, האָבען ניט נאָר געקענט אָפּקויפען לייכט ארץ-ישראל און העלפען באַזעצען דאָרטען אַלע אידען, נאָר זיי וואָלטען אויך געקאָנט איינהאַנדלען אַלע שכנ׳ישע אַראַבישע מדינות, און ס׳וואָלט נאָך אַלץ געווען געבליבען ביי זיי אַ היבש ביסעל מזומן.

דער „טעמפּעל עמנואל״ האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף דער פינפטער עוועניו און דער דריי-און-פערציגסטער גאַס. די געביידע, ווי די מערסטע טעמפּעל-בנינים, איז געווען געבויט אין מורישען סטיל, די ווענט פון גרויען גראַניט, די טורעמס און אויבערשטע געזימסען האָבען דערמאָנט אָן אַ מאָשעע, ס׳האָט נאָר געפעלט דער מועזין, וואָס זאָל זיך באַווייזען אויפ׳ן טורעם דריי מאָל אין טאָג און לאָזען הערען אין דער לופט זיין לאַנגען, קלינגענדיגען, מאָנאָטאָן־אויסגעצויגענעם רוף: „אַלאַ איז גאָט דער איינציגער און מאַכמעד איז זיין נביא!״

דעמאָלט איז דער מאַכמעד פון „טעמפּעל עמנואל״, דער נביא פון די „יאַהודים״ אין ניו יאָרק, געווען דער יונגער, עלעגאַנטער דר. יהודא ליב מאַגנעס.

געקומען איז דר. מאַגנעס פון סינסינעטי, וואו ער האָט געלערנט און זיך שטאַרק אויסגעצייכענט. ווען „טעמפּעל עמנואל״ האָט זיך גענויטיגט אין אַ ראַבאַי, האָבען די קאַרדינאַלען פון סינסינעטי רע־

קאָמענדירט דר. מאַגנעס׳ן.

איז דאָס ניט צוגעגאַנגען אַזוי פּשוט. חוץ דר. מאַגנעס זיינען געווען אויך אַנדערע קאַנדידאַטען. צווישען זיי איז דער יונגער דר. סטיפען ווייז געווען דער שטאַרקסטער. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז דר. ווייז געווען דעמאָלט דער ראַבאַי פון טעמפּעל „בני ישורון״ — איינער פון די עלטסטע אין ניו יאָרק. זיין אַמביציע איז אָבער געווען צו פאַרנעמען די בימה אין „טעמפּעל עמנואל״. דאָס איז אַגב געווען דער חלום און די אַמביציע פון יעדען יונגען ראַבאַי, וואָרים צו זיין דער גייסטיגער פירער פון „טעמפּעל עמנואל״ האָט געמיינט, איבערהויפּט יענע יאָרען, ניט נאָר די בעסטע-באַצאָלטע שטעלע, נאָר אויך אַ כבוד און פּרעסטיזש, וואָס קיין אַנדער טעמפּעל האָט ניט געקאָנט געבען.

פון אַלע קאַנדידאַטען איז אָבער דר. מאַגנעס געווען דער גליק-ליכסטער און דער אויסוואַל איז געפאַלען אויף אים.

ווי מען האָט שפּעטער דערציילט, האָט דר. מאַגנעס געהאַט צו פאַרדאַנקען לואי מאַרשאַל, וואָס ער איז אַנגעקומען אין „טעמפּעל עמנואל״. עס איז געווען מאַרשאַל, וואָס האָט דערקענט אין דעם יונגען ראַבאַי, וואָס האָט נאָר-וואָס צענומען די פליגעל, אַ מענשען מיט גרויסע פעהיגקייטען, איינעם, וואָס וועט מיט דער צייט ווערען אַ פירענדיגע פיגור אין אַמעריקאַנער אידענטום. און די שפּעטער יאָרען האָבען באַוויזען, אַז מאַרשאַל האָט פאַרמאַגט אַ גענייט אויג — ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט אין מאַגנעס׳ען, וואָס איז שפּעטער געוואָרען זיין שוואָגער.

כאָטש פון דער צווייטער זייט קאָן זיין, אַז עס זיינען געווען מאָמענטען ווען מאַרשאַל האָט שטאַרק חרטה געהאַט, וואָס ער האָט געהאָלפען אַרונטערברענגען מאַגנעס׳ען פון סינסינעטי. דאָס איז געווים געווען בשעת מאַגנעס האָט עס געמאַכט די רעוואָלוציע אין „טעמפּעל עמנואל״, און וואָס האָט אויפגעשטורעמט די „יאַהוּ-דים״שע קרייזען פון ניו יאָרק.

און דאָס, וואָס מאַרשאַל האָט געווירקט, אַז מאַגנעס זאָל ווערען דער ראַבאַי פון „טעמפּעל עמנואל״ האָט געפירט אויך צו אַנדערע פאָלגען, וואָס האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף דעם גאַנצען ווייטער-ען גאַנג פון אידישען לעבען אין אַמעריקע.

מאַרשאַל׳ס האַנדלונג האָט געפירט צו דער ביטערקייט, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט צווישען סטיפען ווייז און איהם און אויך צווישען ווייז׳ען און מאַגנעס׳ען. דער אַנטאַגאָניזם צווישען די דריי מענשען האָט אַנגעהאַלטען יאָרען און יאָרען. דער דאָזיגער אַנטאַ-גאָניזם איז אַרויסגעטראָטען ביי צענדליגער עפענטליכע געלעגענ-הייטען און האָט זיך דעמאָנסטרירט אין ציוניזם, רעליף און אונזער

גאַנצער געזעלשאַפטליכער אַרבייט אין אַ משך פון איבער אַ פער־טעל יאָרהונדערט.

די רעוואָלוציע, וואָס דר. מאַגנעס האָט פאַראורזאַכט אין „טעמ־פעל עמנואל" איז באַשטאַנען אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין אַ שבת־אינדערפרי, בשעת אַלע „נאָטאַבעלען" פון טעמפעל זיינען געוועזען אויסגעזעצט ביי די „סוירוויסעס", און נאָכדעם ווי די לעצטע אָרגעל־טענער זיינען צערונען געוואָרען און זיך פאַרלוירען ביסלעכ־ווייס אונטער׳ן הויכן, געוועלבטען דאַך.

די דאָזיגע רעדע, ווי אויך דר. מאַגנעס׳עס רעזיגנאַציע, וואָס האָט געפאָלגט נאָך דער רעדע, זיינען דעמאָלט באַטראַכט געוואָרען אין די נאַציאָנאַלע, אידישע קרייזען ווי אַ מין קידוש השם.

די אידישע גאַס האָט וואָכען און חדשים געקאָכט מיט אָט דער פאַסירונג, און דער יונגער ראַבאַי איז איבער נאַכט געוואָרען אַ נאַציאָנאַלער העלד אין די אויגען פון די איינגעוואַנדערטע, מזרח־אייראָפּעאישע אידען. ביי דער נאַציאָנאַלער יוגענט, די יונגע ציונים־טען, איז ער דערשינען אין ליכט פון אַ לעגענדאַרען ריטער, אַ מין אידישער סער גאַלאַהאַד, וואָס טרעט אַרויס מיט זעלטענעם מוט, איינער אַליין קעגען די מעכטיגע שונאים פון ציוניזם.

דער עלטערער עולם וואָס האָט ליב זיך אָנשפּאַרען אויף אַ פּסוק, אַ פּשט׳ל, אַ וואָרט, האָט גערעדט צווישען זיך:

„אַ צווייטער יהודה המכבי... יאָ, און ניט אומזיסט הייסט ער טאַקע יהודה לייב... יאָ, ער האָט געקעמפט ווי אַ לייב — גור אריה..."

איז דער שאַרפער, דראַמאַטישער אַרויסטריט פון דעם יונגען ראַבאַי אין אַ שבת אינדערפרי, זיין פלאַמיגער פּראָטעסט קעגען די אידען, וואָס פאַרשוועכען די הייליגקייטען פון זייער פאָלק און פאַר־אומרייניגען די אמונה פון זייער פאָלק, אַרויסגעוואַקסען צוליב אַזאַ געשיכטע:

די טאָכטער פון איינעם פון די דירעקטאָרען פון טעמפּעל, איינער פון די רייכסטע אידען אין ניו יאָרק, האָט זיך פאַרליבט אין אַ קריסט און מיט איהם געהייראַט. די חתונה־צערעמאָניע איז געפּראַוועט געוואָרען אין אַ קירך. און דער טאַטע פון דער כלה האָט געפירט די טאָכטער צו דער חופה אין דעם קלויסטער, ער איז געגאַנגען מיט דער טאָכטער אָרעם־אין־אָרעם און זי צוגעפירט צום גלח, וואָס האָט פאַראייניגט דאָס פּאָרל.

יענע יאָרען זיינען געמישטע הייראַטען געווען אַ זעלטענקייט ביי די דייטשע יאַהודים. ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען, האָבען די היגע אַסימילאַטאָרישע אידען אָפּגעהיט די ריינקייט פון זייערע משפחות און זיי האָבען זיך פאַרהיטען פון דער קללה פון געמישטע

הייראַט און שמד, מיט וועלכע די אַסימילאַטאָרען אין מערב-איירא-פּע זיינען געשטראָפט געוואָרען.

האָט דערפאַר די האַנדלונג פון דעם גבאי פון „טעמפּעל עמנואל" אַרויסגערופען אַ שטיקעל גערודער ביי די היגע דייטשע אידען.

דער יונגער ראַבאַי מאַגנעס האָט באַשלאָסען ניט צו פאַר-שווייגען די דאָזיגע געשעהעניש, און ער איז אַרויסגעטראָטען קעגען דעם גבאי מיט אַ רעדע, פון וועלכער עס האָבען זיך געטראָגען פולווער און דינאַמיט.

האָט מען פאַר זיך געהאַט אַזאַ בילד:

עס איז שבת אינדערפרי. דער יונגער, עלעגאַנטער ראַבאַי שטעהט אויף דער באַצירטער בימה פון „טעמפּעל עמנואל". אויף די פּאָלירטע בענק זיינען אויסגעזעצט די „פּני" פון די יאַהודים. אָט איז דער אַלטער שיף; אָט זיינען די ברידער גוגענהיים; אַביסעלע ווייטער לואיסאָן. אין אַן אַנדער ווינקעל די לעהמאַנס, די שטרויסעס. און אָט זעהט מען סולצבערגער'ן, די שטערענס, שיפ'ס שותף לאָעב. און נאָך און נאָך — די רייכקייט און מאַכט פון דער אידישער ניו יאָרק איז דאָ אויסגעזעצט, אָט די וואָס שאַפען ניו יאָרק פאַר דער רייכסטער קהלה אין דער וועלט. זיי, די באַנקירען, די גרויסע אַדוואָקאַטען, די פאַבריקאַנטען, די בעלי-בתים פון די דעפּאַרטמענט סטאָרס, זיי, די אידען, וועמעס טאַטעס, אָדער זיי אַליין האָבען איינגעוואַנדערט פון בייערן, פון שוואַביע, פון שלעזיע, אָט די געוועזענע פעדלערס, וואָס האָבען אַמאָל געטראָגען דעם פּאַק אויף די פּלייצעס, ווי די שטרויסעס, למשל, זיי, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרען רייך, גרויס און באַרימט, און זייערע זין, וואָס פאַרנעמען הויכע פּאָזיציעס, שפּילען אַ ראָל אין דער פּאָליטיק, זיצען אויף ריכטער-שטולען.

זיינען זיי געזעסען יענעם שבת אינדערפרי די דאָזיגע אידען, די זיכערע, די אין-זיך-באַגלויבטע. די איינגעוואָרצעלטע און איינגעזעץ-סענע, אויף די פּאָלירטע בענק און אונטערן געוועלב'טען דאַם פון „טעמפּעל עמנואל", ביי זייער זייט, זייערע פרויען. דער אָרגעל שפּילט, דאָס געזאַנג פון קאַנטאָר און כאָר גיסט זיך צונויף מיט'ן געדעמפּ-טען ליכט, וואָס זייהט זיך דורך די רעגענבויגיג-קאָלירטע שויבען. און אָט הויבט-אָן דער יונגער ראַבאַי זיין „סוירמאָן". דער עולם מאַכט זיך באַקוועמער, מען איז גרייט צו לאָזען זיך פאַרוויגען פון ראַבאַי'ס רייד, ער האָט אַ זאַפטיג-ברוסטיגע שטים, און עס איז אַנ-גענעם איהם צו הערען, זיין ענגליש איז געטאָקט און די ווערטער קייקלען זיך פון זיין האַלז און פאַלען מיט אַ גאָלדענעם אָפּקלאַנג פאַר'ן אויער. ער געפעלט זיי, דער יונגער ראַבאַי. ער איז יונג, שעהן, עלעגאַנט. די פרויען נעמען ניט אַרונטער די אויגען פון אים.

וואָס איז אָבער געשעהן? וואָס נעמט זיך דער עולם פלוצלינג

באַוועגען מיט אומרואיקייט אויף די פּלעצער ? וואָס קוקט מען זיך איבער צעטומעלטע און געפּלעפּטע ? פון וואַנען אָט דער גערודער, וואָס טראָגט זיך ווי אַ ווינט אונטער׳ן הימעל־רוימיגען דאָס פון טעמפּעל ?

דאָס קומט פון דאָרטען, פון דער בימה, וואו דער יונגער ראַבּאַי האָלט זיין „סוירמאָן". דאָס האָט ער מיט זיינע רייד אויפגערודערט דעם טעמפּעל. דאָס האָט ער צעטומעלט אָט די מענער אין זייערע צילינדערס, די געפּוצטע פרויען ביי זייער זייט. דאָס האָט ער, דער יונגער ראַבּאַי מאַגנעס אַרויסגעשלאָגען זיי פון זייער גלייכגעוויכט, פון זייער זיכערקייט און רוה. דאָס האָט ער אַרויסגערופען אויף זייערע פּנים׳ער צוערשט דערשטוינונג, דערנאָך שרעק, דערנאָך צאָרן, אַז איינציגע זיינען אפילו פון זייערע ערטער אויפגעשפּרונגען.

וואָרים דאָס, וואָס דער יונגער ראַבּאַי האָט זיי געזאָגט, איז געווען אַזוינס, וואָס זייערע אויערען האָבען ביז היינט ניט געהערט. ער האָט געשטראָפט מיט רייד, ביטער ווי פּאָלין, זיי, די „גבאים" פון טעמפּעל. ער האָט קודם כל געשמיסען ווי מיט פייערדיגע בייטשען, בפני כל עם ועדה דעם רייכען גבאי, וואָס האָט געפירט זיין טאָכטער צו דער חופּה אין אַ קלויסטער בשעת ער אליין האָלט אָן זיין גבאות אין טעמפּעל. דערנאָך האָט ער גענומען דונערען אויך קעגען די אַנדערע רייכע אידען, די אַסימילאַטאָרען און פאַרלייקענער, וואָס שטייען ווייט פון זייער פאָלק און פאַרשוועכען דעם טעמפּעל וואָס זיי באַטרעטען. דעם יונגען ראַבּאַי׳ס ווערטער זיינען געפאַלען ווי פייערדיגע קוילען.

זיינען געזעסען די אידען אין די צילינדערס, די באַנקירען, די וואָל־סטריט אידען, די באַרימטע אַדוואָקאַטען, צעטומעלטע און פאַרלאָרענע. זיי האָבען זיך אויף אַזוינס ניט געריכט. און ווען זיי זיינען געקומען צו זיך איז צו זייער כעס גאָר קיין גרענעץ ניט געווען.

דר. מאַגנעס האָט, ווי באַמערקט, דערנאָך רעזיגנירט פון „טעמפּעל עמנואל". די דאָזיגע רעדע האָט אים אָבער דערהויבען אין די אויגען פון די נאַציאָנאַליסטיש־געשטימטע אידען צו אַ נאַציאָנאַלען העלד, דאָס איז געווען דער צעמענט פאַר דעם פונדאַמענט פון זיין ווייטערער ציוניסטישער קאַריער.

איך האָב פריהער דערציילט, אַז דאָס, וואָס מאַרשאַל האָט געהאָלפען, אַז מאַגנעס און ניט סטיפען וויז, זאָל ווערען ראַבּאַי פון „טעמפּעל עמנואל", האָט זיך אָפּגערופען שפּעטער אויפ׳ן גאַנצען גאַנג פון היגען אידישען, עפענטליכען לעבען, אין משך פון אַריבער אַ פערטעל יאָרהונדערט.

איז כדאי זיך אָפּשטעלען אויף דעם, אויב מ׳וויל פאַרשטעהן

וואָס עס האָט זיך געטאָן אויף דער היגער אידישער גאַס אין די שטורעם און דראַנג־יאָרען.

דער אַנטאַגאָניזם צווישען מאַגנעס און וויַיז, האָט זיך גענומען ניט נאָר פון דער טעמפּעל־עמנואל־געשעהעניש, נאָר עס האָט אויך צו טאָן מיט דעם שאַרפען, אָרגאַנישען אונטערשייד אין כאַראַקטער פון די צוויי מענשען.

מאַגנעס איז ליריש. ווען ער זאָל געווען געבוירען ווערען אַ זינגער וואָלט ער זיך געווען אויסגעצייכענט אַריינגעפּאַסט אין טענאָר־ראָלען פון ווערדי׳ס אָפּערעס. אַלס אַקטיאָר וואָלט ער געווען אַן אויסגעצייכענטער „ליבהאָבער״. זיין קול איז זאַפטיג, אוויליג, די ווערטער קייקלען זיך אַרויס מיט אַ מעטאַלענעם קלאַנג פון זיין האַלז. אָפּטמאָל האָט מען דעם געפיהל ווי זיינע געטאָקטע, פינקעלדיגע זאַצען וואָלטען געקומען אויסגעפּרעגעלט אויף אַ סקאָוואָראָדע.

וויַיז, ווידער, איז דראַמאַטיש: אַלס זינגער וואָלט ער געווען גוט פאַר וואַגנער־ראָלען. אַלס שוישפּילער וואָלט ער געווען אַן אויסגעצייכענטער פּאַטער־ראָליסט. וויַיז רעדט ניט נאָר ער שטורעמט. זיינע ווערטער זיינען דאָס קראַכען פון אַ באַראַבאַן. ווען ער רעדט זעהט מען זעלטען דעם בליץ, דערפאַר אָבער האַלט איר אין איין הערען דאָס קנאַלען פון דונערען.

אין צייט פון ערשטען וועלט־קריג איז מאַגנעס געווען דער פּאַציפיסט. ער, וואָס האָט געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ דאָס פּרעזידענטשאַפט־מיצעל פון דער אַמאָליגער ניו יאָרקער קהלה, וואָס האָט געהאַט אַזאַ קורצען קיום.

סטיפען וויַיז, ווידער, איז געווען אַ פלאַמענדיגער פּאַטריאָט. די צייטונגען האָבען געוויזען אַ בילד פון איהם ווי ער שטעהט אַזוי אין אַ האַפען, וואו מען האַלט בויען אַ נייע קריגס־שיף, די אַרבעל פאַרקאַשערט, די האָר צעשויבערט, אַ האַמער אין די הערקולעסען־אָרעמס, און — ער שלאָגט אַריין אַ טשוואָק אין דער שיף.

האָבען מענשען פון אַזעלכע צוויי פאַרשיידענע, היפוכ׳דיגע טעמפּעראַמענטען, נאַטירליך, ניט געקאָנט הויזען צווישען זיך.

איז טאַקע געשען, אַז ווען מאַגנעס׳עס זון האָט געשיינט, האָט וויַיז זיך איינגעהילט אין וואָלקען, און — פאַרקערט.

און דאָס האָט זיך אָפּגערופען אויף די פאַרשיידענע געזעלשאַפט־ליכע קאַמפען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף דער היגער, אידישער גאַס, צווישען זיי אויך דער קאַמף צווישען די ציוניסטען און יאַהודים. און ניט נאָר צווישען די ציוניסטען און יאַהודים איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ קאַמף, נאָר אויך צווישען די „יאַהודים״ און סתם־אידען, די מזרח־איירּאָפּייאישע אימיגראַנטען.

די „יאַהודים״ האָבען געפילט, אַז זיי זיינען די באַלעבאַטים פון

אידישען לעבען, זיי האָבען געבויט די מערסטע אינסטיטוציעס, די שפּיטאָלען, די קינדער־היימען, די מושב־זקנים'ס. זיי זיינען געווען איינגעבירגערט און פאַרנומען די וויכטיגסטע פּאָזיציעס אין דער געזעלשאַפט, אין פינאַנס, אין דער פּאָליטיק.

האָבען זיי זיך באַצויגען צו דער „איסט־סייד", ווי אַ קאָלאָניאַלע מאַכט צו אירער אַ קאָלאָניע.

די איסט־סייד איז געווען די יאַהודימשע קאָלאָניע, און די אָרטיגע איינוואוינער, די „נייטיווס", זיי דאַרפען פאָלגען וואָס די קאָלאָניאַלע מאַכט באַפעהלט. ווען עס קומט צו געזעלשאַפטליכער אַרבייט, צו פּאָליטיק, דאַרפען די „יאַהודים" זיין די אָנפירער. די איינגעוואַנדערטע מאַסען דאַרפען געהן אויף דעם וועג, וואָס די שיפס, די מאַרשאַלס, די סולצבערגערס ציייכענען אָן פאַר זיי.

און ווי יעדע קאָלאָניאַלע מאַכט, האָבען אויך די „יאַהודים" גע־זוכט „אַריינברענגען ציוויליזאַציע" אויף דער איסט־סייד, וואָס איז געווען באַפעלקערט פון אימיגראַנטען, וואָס זיינען געקומען פון דער האַלב־באַרבאַרישער רוסלאַנד, פון דער כאַמסקער רומעניע, פון דער אָרימער פּוילען און דלות'דיגער גאַליציע.

די דאָזיגע איינגעוואַנדערטע אידען האָט מען געדאַרפט קודם כל „אַמעריקאַניזירען", האָט מען פאַר דעם צוועק געשאַפען די „עדויקיישאָנאַל עלייענס" און ענליכע אינסטיטוציעס.

די אַמעריקאַניזאַציע איז אָבער ניט באַשטאַנען בלויז אין לער־נען די אימיגראַנטען ענגליש און באַקענען זיי מיט דער געשיכטע פון אַמעריקע און אירע אינסטיטוציעס. דאָס לייען איז געווען ווינציג, מען האָט זיי אויך געוואָלט „אויסמענשלען", לערנען זיי „מאַנירען", אָפּגעוויינען זיי פון זייערע „באַרבאַרישע געוואוינהייטען", וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים.

און מען האָט אויך געזוכט ווירקען אויף דער פּאָליטיק פון די איינגעוואַנדערטע, אַז זיי זאָלען זיך ניט פאַרלירען און שטימען פאַר קאַנדידאַטען אָדער פּאַרטייען וואָס זיינען, לויט דער מיינונג פון די יאַהודימשע ציוויליזאַטאָרען, ניט געווען גוט גענוג.

האָט די הערשאַפט פון די „יאַהודים" איבער די אידען אָנגע־האַלטען אַזוי יאָרען און יאָרען.

ווי עס טרעפט אָבער אָפט אין געשיכטע פון קאָלאָניאַלע מלוכות, האָט אויך די קאָלאָניע, וואָס האָט געהייסען איסט־סייד גענומען רעוואָלטירען קעגען איהרע באַהערשער.

די איינגעוואַנדערטע, מזרח־אייראָפּעאישע אידען האָבען זיך ביסלעכווייס איינגעאָרדענט עקאָנאָמיש. עס זיינען אויסגעוואַקסען צווישען זיי רייכע לייט, און פּראָפעסיאָנעלע מענשען: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען. מיט דער צייט האָבען די זין פון די דאָזיגע אידען

אויך גענומען שפּילען אַ ראָל אין דעם עפענטליכען לעבען, אין דער פּאָליטיק.

און די איינגעוואַנדערטע אידען האָבען גענומען בויען אייגענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, דערציאונגס-אַנשטאַלטען.

האָבען די אידען פון דער איסט-סייד גענומען פיהרען אַ מין־באַפרייאונגס-קאַמף קעגען דער יאַהודימשער ממשלה.

עס האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה צווישען „יאַהודים״ און אידען, וואָס איז אָנגעגאַנגען אויפ׳ן גאַנצען פראָנט פון אידישען לעבען; אַרום דעם ציוניזם, אין צדקה-אַרבייט, אין דערציאונג, אין רעליף, אין אידישער פּאָליטיק.

די מלחמה איז נאָך ניט פאַרענדיגט, זי האַלט נאָך אָן ביז היינטי־גען טאָג, כאָטש די מחיצה, וואָס האָט אַמאָל אָפּגעטיילט די „יאַהודים״ און אידען איז שוין לאַנג פאַרשוואונדען.

די פראַגע איז נאָר: ווער-ווּעמען האָט באַזיגט — די „יאַהודים״ די אידען אָדער פאַרקערט?

געהען אָן וועגען דעם חלוקי דעות. פאַראַן אַ סברא, אַז די „יאַ־הודים״ זיינען אַרויס די זיגער, און אַז זיי זיינען אַלץ די הערשער איבער דעם עפענטליכען, אידישען לעבען אין אַמעריקע.

און אין אָט דער צייט ווען די מלחמה צווישען די „יאַהודים״ און אידען האָט גענומען אויסברעכען, האָט זיך באַוויזען דאָ דר. שמריהו לעווין.

און דר. שמריהו לעווין האָט מער ווי יעדער אַנדער מענש גע־האָלפען ברענגען צו אַ דערנעהנטערונג צווישען די היגע דייטשע אידען און די מזרח-אייראָפּעאישע.

ער אַליין איז מיט זיין גאַנצער פערזענליכקייט געווען דער פיינס־טער אויסדרוק פון אָט דער דערנעהנטערונג. לויט זיין דערציאונג, לויט זיינע אַנשויאונגען, לויט זיין טעמפּעראַמענט, איז דר. לעווין געווען אַ מזרח-אייראָפּעאישער איד. האָט ער אָבער אויך איינגעזאַפּט אין זיך די מערב-אייראָפּעאישע קולטור. און ניט נאָר דאָס — ער האָט אויך יאָרען געאַרבייט זייט-ביי-זייט מיט מערב-אייראָפּעאישע אידען, ער, דער מזרח-אייראָפּעאישער איד, דער געוועזענער ווילנער ראַבינער, איז שפּעטער געוואָרן דער לייטענדיגער גייסט פון „דייטשען הילפס-פאַראיין״ און אַ באַליבטע פיגור אין די סאַלאָנען פון דער בערלינער אידישער אַריסטאָקראַטיע.

איז דר. לעווין דערפאַר געווען דער באַרופענער מענש צו קאָנען אויפשטעלען אַ בריק צווישען מזרח און מערב.

אויב אַזעלכע אידען ווי מאַרשאַל, פעליקס וואַרבורג, זיינען שפּע־טער צוגעטראָטען צום ציוניזם און אַריין אין דער אידישער אַגענטור, איז עס געווען צו פאַרדאַנקען דר. לעווין. דאָס האָט ער, מיט זיין אַגי־

טאַציע און ווירקונג אין די היגע יאַהודימשע קרייזן צוגעגרייט דעם באַדען פאַר דר. ווייצמאַן.

ווען איך האָב זיך מיט עטליכע יאָר צוריק באַגעגנט מיט דר. לעווין אין ירושלים, — דאָס איז געווען אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט, — האָט ער מיר דערציילט, ווי אַזוי ער איז איינמאָל אָפּגעזעסן פון 12 ביינאַכט ביז 5 פאַרטאָג מיט דעם פאַרשטאָרבענעם דזשו-ליוס ראָזענוואַלד און געזוכט צו באַקערען אים צום ציוניזם...

„עס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען”, האָט מיר דר. לעווין דער-ציילט, „אָבער זיין פרוי, זיינע קינדער, האָבען זיך פאַראינטערעסירט מיט ארץ-ישראל”.

און ראָזענוואַלד איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָט זיך ניט אונטערגעגעבען צו שמריהו לעווינ'ס צויבער.

זעה איך אים, ווי ער שטייט אויף דער בימה, צי דאָס איז אין קופּער יוניאָן, אין קאַרנעגי האָל, אָדער גאָר אין אַ שוהל, צי, להבדיל, אַ טעאַטער: אַ דינער, אַ בויגיגער און קוועקזילבערדיגער, ווי דאָס פייער, וואָס האָט אין אים שטענדיג געברויזט, וואָלט ארויסגעשלאָגען פון יעדער באַוועגונג זיינער. דאָס פּנים טונקעל, מיט אַ בראָנזיגען אָפּגלאַנץ. די שטריכען און דער גאַנצער אויסזעהן ווי פון אַ פאַר-צייטיגען אַסיריער. די אויגען גרויסע, קויליג-צינדענדיגע. דאָס דינע, פאַרשפּיצטע בערדעל האָט אים געגעבען אַ מעפיסטאָ-געשטאַלט.

און אָט עפענט ער דאָס מויל. ער הויבט אָן שטיל, ווי ער וואָלט אָנגעפאַנגען אַ געמיטליכען שמועס. דאָס קול — אַ ברוסטיג און וויברירענדיגס. צעוואַרעמט ער זיך ביסלעכוויים. דאָס קול נעמט קלינגען העכער, קרעפטיגער. עס נעמט ניט לאַנג און פלאַמען נעמען שלאָגען פון דער בינע. פייער-קאַסקאַדען טראָגען זיך איבער די קעפּ פון עולם. דער זודיגער שטראָם פאַרפּלייצט, טראָגט אַוועק.

ביסלעכוויים ווערט מען אַרומגענומען פון אַ געפיל, אַז אָט דער טונקעלער, דינער, שלאַנקער מענש, וואָס הויבט זיך אַרויס פון דער בינע ווי אַ פאַנטאַסטישע, ניט-דאָ'איגע פיגור, פּראַוועט דאָ אַ כישוף-שפּיל, ער האָט פאַרהיפּנאָטיזירט די הונדערטער מענשען, וואָס זיינען געווענדט מיט צעפלאַמטע פּנים'ער צו אים, ער טוט מיט זיי וואָס ער וויל; אָט רופט ער אַרויס ביי זיי הילכיגען געלעכטער, אָט הילט ער זיי איין אין אַ וואָלקן פון טרויער, אָט צינדט ער אָן פאַר זיי אַ צע-שטראַלטע זון, אָט פאַרוויגט ער זיי אין ליכטיגע חלומות, אָט אַנט-פּלעקט ער פאַר זיי הימעלשע זעהונגען... דער כישוף-שפּיל גייט אָן די גאַנצע צייט, וואָס אָט דער טונקעלער, דינער, שלאַנקער מאַן, מיט זיינע לאַנגע הענט, וואָס שיסען-אויף אַלע ווײַלע אין דער לופטען, און זיינע לאַנגע, דינע קינסטלער-פינגער, שטייט אויף דער בינע. אָט די הענט זיינע, דער מאַך און זשעסט זייערע, דער פיר אין דער

לופטען, ווי אויך דער שמייכעל זיינער, דער איראָנישער בליק, דער אויסדרוק פון צאָרן, דער שפּילעוודיגער סאַרקאַזם, — דאָס אַלץ האָבען נים ווינציגער געווירקט ווי די צינדענדיגע רייד.

## גריגאָרי גערשוני אין ניו־יאָרק

ס'איז דאָס יאָר 1906. אין דער צאַרישער רוסלאַנד איז די שטי־מונג אַ געדריקטע און דערשלאָגענע. מ'פּיהלט נאָך מיט דער גאַנצער פּיינליכער שאַרפקייט דעם ווייטאָג פון דער דורכגעפאַלענער רעוואָ־לוציע. גלייכגילט און פאַרצווייפלונג נעמען אַרום דעם גרעסטען טייל פון די מאַסען. ס'וואַקסען אויס פאַרשיידענע נייע און ווילדע שטרע־מונגען, וואָס זיינען ווי אַ מין רעאַקציע נאָך דעם דערשטיקטען רע־וואָלוציאָנערען דראַנג. פון איין זייט גאָט־זוכעניש, די געהיימע פּיי־ערען פון מיסטיציזם נעמען ברענען, זיי שלאָגען אַרויס אין די רע־ליגיעז־פילאָזאָפישע שריפטען פון אַ מערעזשקאָווסקי, פילאָסאָפאָף, בערדיאַיעוו, ראָזאַנאָוו און אַנדערע. אין דער דעקאַדענטישער ליטעראַ־טור — דורך אַזעלכע דיכטער און פּראָזע־מייסטער ווי וואַלערי בריו־סאָוו, אַלעקסעי רעמיזאָוו אַנדרעי בעלי אַלעקסאַנדער בלאָק. פון דער צווייטער זייט סעקסועלע צעלאָזענקייט, אָרגיעס, „סאַנינאָווטשטשינאַ" נים נאָר אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אין לעבען.

אַזוי אין דער צאַרישער רוסלאַנד פון 1906.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער אויף דער רוסיפיצירטער איסט־בראָדוויי, וואו מ'איז טויזענטער מיילען ווייט פון רוסלאַנד, אָבער וואו מ'לעבט מיט'ן רוסישען גייסט, וואו דאָס הארץ און די נשמה זיינען פאַרקניפּט מיט רוסישע האָפענונגען און חלומות, און וואו די אַלע ביטערע אַנטוישונגען און פּעכיג־נאַכטיגע האָפענונגסלאָזיגקייטען, וואָס האָבען דעם רוסישען מענשען אַרומגענומען, האָבען אָהער נים דערגרייכט.

אויף איסט־בראָדוויי האָבען די פייערען פון דער רוסישער רע־וואָלוציע געברענט העל און זייער בלענדענדיגער שיין איז נים גע־מינערט געוואָרען, נים געקוקט אויף דעם, וואָס איבער רוסלאַנד אַליין האָט אַ נאַכט אָהן שטערען, אַ טויבע, פּחדים'דיגע נאַכט זיך געשפּרייט.

אין די רוסישע תפיסות זיינען הונדערטער רעוואָלוציאָנערען פאַר־פייניגט געוואָרען. אין די פינסטערע קאַמערן פון שליסעלבורג זיינען געווען איינגעשפּאַרט גערשוני, קאַרפּאָוויטש, סיקאָרסקי, סאַזאָנאָוו און אַנדערע. איבער די אייביג־שנייאיגע פעלדער פון סיביר האָבען זיך געטראָגען די קאַטאָרגע־קייטען פון דער פאַרמוטשעטער מאַרטי־רערין מאַריע ספּירידאָנאָוואַ, פון איזמאַילאָוויטש, פּעראָווסקאַיאַ, יע־זערסקאַיאַ, פיאַלקאַ, שקאָלניק, סידאָרשטשיק אויך פון גערשוני, קאַר־

פאַוויטש און סאַזאַנאָוו און צענדליגער אַנדערע מאַרטירער און קעמ־פער, וואָס האָבן פאַראייביגט זייערע נעמען אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אַנדערע האָבן אָפּגעריכט גלות, געוואַלגערט זיך אין דער פרעמד. לענין אַ ווינקעלדיגער, אַ ווינציג־באַקאַנטער האָט געהונגערט אין דער שווייץ. טראָצקי האָט קוים צענומען די אַדלער־פליגעל. אַזוי אויך אַקסעלראָד, מאַרטאָוו, דאַן.

אין די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע קרייזן פון איסט־בראָדווי האָט מען אָבער געלעבט מיט די דאָזיגע העלדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע מען האָט געפילט זייער אָנוועזנקייט, ווי זיי וואָלטען אומגעגאַנגען פראַנק און פריי איבער די גאַסען פון דער איסט־סייד און געלאָזט הערען זייער שטים, געצונדען מיט זייער פלאַמיגען רוף.

זיי, די העלדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע זיינען פאַר די אימיגראַנטען פון דער אַמאָליגער איסט־סייד געווען ליכטיגע, כישופ׳־דיגע לעגענדעס. זייערע געשטאַלטען האָבן שטענדיג געשוועבט פאַר די אויגען און זייערע נעמען זיינען געטראָגען געוואָרען אויף די ליפּען. מען האָט זיי דערמאָנט מיט אַ תפילה. ווען זייער נאָמען איז אויפגעבראַכט געוואָרען, איז אַ ליכט אויפגעגאַנגען און אַ רעלי־גיעזער עקסטאַז האָט אַרומגענומען.

ס׳איז געווען געוואָרען, אַז אַ רעדנער זאָל געווען דערמאָנען אויף אַ איסט־סיידער פאַרזאַמלונג דעם נאָמען „באַבושקאַ ברעשקאָווסקאַיאַ" אָדער גריגאָרי גערשוני, אַז דער גאַנצער עולם זאָל עלעקטריזירט ווערען און פאַרפלייצט ווערען פון אַן אויפגעברויזטער באַגייסטע־רונג.

קנוט האַמסון לאַכט אָפּ אין זיינע דעראינערונגען וועגען אַמע־ריקע פון דעם אַמעריקאַנער פּאַטריאָטיזם, וואָס דעמאָנסטרירט זיך אַזוי שטאַרק יעדען מאָל ווען מען דערמאָנט וואַשינגטאָן אָדער לינ־קאָלן. ער דערציילט ווי איינמאָל האָט ער בייגעוואוינט אַ טעאַטער־פאַרשטעלונג אין שיקאַגאָ, האָט איינער פון די העלדען פון דער פּיעסע דערמאָנט סתם אַזוי זיך דעם נאָמען „אייברעהעם לינקאָלן". איז דאָס אַליין געווען געוואָרען, אַז דער גאַנצער עולם זאָל אויפשפּרינגען אויף די פיס, אָנהויבען אַפּלאָדירען ווילד און פאַרוואַנדלען די פאָר־שטעלונג אין אַ פּאַטריאָטישער דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט אָנגע־האַלטען אַ האַלבע שעה.

פּלעגט אומגעפעהר דאָס זעלביגע געשען אויף דער אַמאָליגער איסט־סייד. ס׳איז געווען געוואָרען, אַז אַ רעדנער זאָל סתם אַרויסזאָגען דעם נאָמען פון איינעם פון די העלדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַז דער עולם זאָל זיך אָנצינדען און דער זאַל זאָל נעמען שטורעמען.

די אַמאָליגע סאָציאַליסטישע רעדנער האָבען עס געוואוסט, און זיי האָבען עס גאַנץ גוט עקספּלואַטירט. איך געדענק ווי אין קופּער יוניאָן האָט לואי מילער איינמאָל געהאַלטען אַ רעדע פאַר אַן עולם. מילער איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולער רעדנער און האָט געקאָנט „נעמען דעם עולם". דאָס מאָל האָט זיך איהם אָבער ניט איינגעגעבען. זיינע ווערטער קאָכיגע, עקספּלאָדירענדיגע, זיינען געפאַלען ווי אויף טויבע אויערען. דער עולם איז געזעסען קאַלט, אומבאַוועגט. מילער האָט עס דערפיהלט, איז ער געפאַלען אויף'ן אַלטען מיטעל, ער האָט גענומען אויסשרייען, גלאַט אַזוי, פון דער העלער הויט אַרויס, אָהן וועלכער עס איז שייכות צום אינהאַלט פון זיין רעדע, נעמען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע העלדען: ספּירידאָנאָווא! באַבושקא ברעשקאָווסקאַיאַ! באַלמאַשאָוו! ווערא פינגער! און — ס'האָט געווירקט ווי אַ כישוף. יעדען מאָל ווען מילער האָט אויסגערופען אַ נאָמען האָט אויסגעבראָכען אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטען. די באַגייסטערונג האָט געקראָגען אַן אָוואַציע פון עולם, וואָס האָט אָנגעהאַלטען מינוטען-לאַנג.

ווען מילער האָט זיך אָוועקגעזעצט האָט דער דעמאָלט נאָך יונגער ווינטשעווסקי, וועמען מען האָט פונדעסטוועגען גערופען „דער אַלטער ווינטשעווסקי" אָדער „דער זיידע", באַמערקט מיט אַ לייכטער אי־ראָניע דעם רויט-בעקעלדיגען מילער, וואָס איז אין דעם מאָמענט געווען נאָך צונטערדיגער און צעפלאַמטער:

„געגנאָסע מילער, דער עולם האַלט זעהר שטאַרק פון דער באַ־בושקא און גערשוני'ן. . . ."

און היינט שמעלט אייך פאָר, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דעמאָלט אויף דער איסט-סייד ווען די באַבושקא, גערשוני, טשאַיקאָווסקי, און אַנדערע העלדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבען זיך גענומען באַווייזען אין בלוט און פלייש.

האָט מען געדאַרפט לעבען יענע יאָרען אויף דער איסט-סאַיד, כדי צו האָבען אַ בילד פון דער באַגייסטערונג, מיט וועלכער דער אימיג־ראַנטען-עולם האָט אויפגענומען די שליחים פון דער רוסישער רעוואָ־לוציע. יעדער איינער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קעמפּער, וואָס איז דעמאָלט אין יאָר 1906, געקומען אַהער, האָט אויפגערו־דערט און פאַנאַנדערגעטרייסעלט די איסט-סאַיד ביז איהר טיפסטער טיף. מענשען האָבען פאַרגעסען אָן אַרבייט, אָן זייערע באַשעפטי־גונגען, אָן די טאָג-טעגליכע דאגות, אָן דעם שווערן, אימיגראַנטישען גערעאַנגעל, און מען האָט נאָר געלעבט מיט דעם גליק, וואָס מען האָט די זכיה צו זעהן די באַבושקא מיט די אייגענע אויגען און הערען איהרע רייד, שפּעטער גערשוני'ן און אַנדערע. טעג און וואָכען איז מען אומ־געגאַנגען מיט אַ צינדענדיגער פרייד אין הארצען. מען האָט געהאַט

דעם געפיהל, אַז אַ גרויסער יום־טוב האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף
דער איסט־סאַיד, און די איסט־סאַיד האָט טאַקע אויסגעקוקט יענע טעג
אַזאַ ליכטיג־יום־טוב׳דיגע, אַזאַ נשמה־יתירה׳דיגע און כולו קודש׳דיגע.

געדענק איך די „באַבושקאַ”. אָט זיצט זי אין ציימלינ׳ס רעסטאָ־
ראַן, וואו אידישע אַקטיאָרען און שרייבער, די עלטערע, די וואָס האָבען
זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס פון אַ בעסערען מאָלצייט, פלעגען
קומען פאַרברענגען. ס׳איז שפּעט אין אָוונט, נאָך אַ פאַרזאַמלונג.
פאַראַן ווינציג עולם דאָס מאָל ביי ציימלינ׳ען. אין אַ ווינקעל זיצט
די באַבושקאַ, איהרע וואָלדיגע האָר פאַרשנייט און צעשויבערט.
זי אַליין אַ פול־לייביגע און רירעוודיגע. איבער׳ן קייליכדיגען פּנים
שפּילט אום אַ וואָרעמער שמייכעל און בלייבט הענגען ביי די גע־
קאָרבטע ווינקלען אַרום איהר מויל, ווי אַ שטראַל, וואָס האָט זיך
אָן אַ צווייג פאַרטשעפּעט. ניט ווייט פון איר — ניקאָליי טשאַי־
קאָווסקי, אַ ליכטיג־לאָגיקער, מיט אַ באַוועגליך פּנים און אומעטיגע
אויגען. און אויב מיין זכרון דינט מיר ריכטיג, זיינען ביים טישעל
אויך געזעסען דר. זשיטלאָווסקי און דער פאַרשטאָרבענער דר. קאַפּלאַן.

איז די „באַבושקאַ” ניט געווען קיין אָפּטער גאַסט אויף דער
איסט־סאַיד. זי איז אויפגעכאַפּט געוואָרען פון די אַמעריקאַנער, וואָס
האָבען געהאַט אַ וואָרימען אינטערעס פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע.
די דאָזיגע אַמעריקאַנער זיינען נאָך געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן
גייסט פון קענאַן׳ס בוך, אין וועלכען ער האָט געשילדערט אַזוי
פּאַטעטיש די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קעמפער, זייער מאַרטירערי,
די אימה׳דיגעליידען, וואָס זיי טראָגען איבער אויף דער סיבירער
קאַטאָרגע. ביי אַ סך אַמעריקאַנער, איבערהויפּט ביי דער אינטעליגענץ,
ביי שריפטשטעלער, קינסטלער, איז די רוסישע רעוואָלוציע בכלל
געווען אַ מין הייליגקייט. מ׳האָט געזעהן אין איהר אַ לויטערן אָפּ־
קלאַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון דער אייגענער,
דער אַמעריקאַנער. ווען מ׳האָט געהערט פון די רוסישע רעוואָלוציאָ־
נערע קעמפער, האָט מען געטראַכט פון וואַשינגטאָן, דזשעפערסאָן
און לינקאָלן.

האָבען די אַמעריקאַנער אויפגענומען גאַנץ וואַרעם די באַבושקאַ
און טשאַיקאָווסקי און ס׳איז אויך דאָ געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיטעט
צו העלפען דער רוסישער רעוואָלוציע, אין וועלכען עס זיינען אַריינ־
געטראָטען אַ סך אָנגעזעהענע אַמעריקאַנער.

און אָט איז די איסט־סאַיד מיטאַמאָל עלעקטריזירט געוואָרען
פון דער נייעס, אַז גריגאָרי גערשוני קומט קיין אַמעריקע.

גערשוני איז געווען די העלדישסטע פיגור, וואָס די רוסישע רע־
וואָלוציע האָט אַרויסגעגעבען. אַרום זיין נאָמען האָבען קראַנצען פון
לעגענדעס זיך געוויקעלט און געפלאָכטען. מען האָט איהם דערמאָנט

מיט אַ הייליגער ציטער אויף די ליפּען. דער אימיגראַנטישער עולם וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד און דורכגעמאַכט די שטורעמדיגע טעג פון דער רעוואָלוציע, האָט געהערט פון איהם ווי פון אַ ניט־דאָאיגען מענשען, אַן אויסגעחלום׳טע פּערזענליכקייט, איינער פון יענע העלדען, וואָס די פאָלקס־פאַנטאַזיע פורעמט אויס און באַשאַפט.

און דער אופן פון גערשוני׳ס קומען האָט געקלונגען ווי אַ לעגענדע. ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט אויף אַ וואונדערליכען אופן פון דער סיבירער קאַטאָרגע. ער איז אַנטלאָפען קיין יאַפּאַן. פון דאָרטען איז ער אָנגעקומען קיין סאַן־פראַנציסקאָ.

ווען גערשוני איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, האָט אַב. קאַהאַן איבערגעגעבען אין „פאָרווערטס" די געשיכטע פון גערשוני׳ס אַנט־לויפען פון סיביר, ווי ער האָט עס איהם אַליין דערציילט. „ווענען אַנטלויפען האָבען מיר געקלערט פון ערשטען טאָג", האָט גערשוני דערציילט קאַהאַנ׳ען, „מיר האָבען דיסקוטירט פאַרשיידענע מיטלען. ענדליך האָבען מיר גענומען טראַכטען וועגען די שפּייז, וועלכע מען גרייט אָן פאַר די געפאַנגענע. אין דעם האָבען מיר דערזעהן אַ מיטעל זיך צו באַפרייען. די חברים האָבען באַשלאָסען, אַז מיך זאָל מען דעם ערשטען באַפרייען.

„אויף יענער זייט וועג אַנטקעגען דער טורמע," האָט גערשוני ווייטער דערציילט, „געפינט זיך אַ צוויי־עטאַזשיגע הויז, אין וועלכען עס וואוינען די באַאַמטע. די שפּייז, וואָס די אַרעסטאַנטען גרייטען צו אויף שפּעטער, ווערט אַריינגעשטעלט אין אַ קעלער אין יענעם הויז. גראַד דאַן זיינען מיר געווען פאַרנומען מיט פּאַקען קרויט אין פעסער. די פעסער קרויט פלעגען מיר אַריבערטראָגען איבער׳ן וועג צו יענעם הויז און אַריינשטעלען אין קעלער. נאַטירליך, ווען מיר פלעגען טראָגען די פעסער, פלעגט אונז באַוואַכן אַ שטאַרקער קאָנוואָי פון סאָלדאַטען. מיר האָבען באַשלאָסען, אַז מ׳זאָל מיך איינפּאַקען אין איינעם פון אָט די פעסער, און מען האָט אַזוי געטאָן . . ."

ווייטער האָט גערשוני געשילדערט ווי אַזוי מען האָט איהם איינ־געפּאַקט אין דער פאַס מיט קרויט און ווי ער איז שיער נישט דער־שטיקט געוואָרען אינעווייניג. מען האָט איהם אָבער אַרויסגענומען באַצייטענס פון דער פאַס, דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט קיין יאַפּאַן און פון דאָרטען — קיין סאַן פראַנציסקאָ.

האָבען די אימיגראַנטען גלייענט אָט די שילדערונגען מיט פאַר־כאַפּטען אָטעם. די נייעס, אַז אָט דער לעגענדאַרער העלד איז אָנגע־קומען קיין ניו־יאָרק האָט זיך צעטראָגען ווי אַ בליץ. אויך די ענגלישע פּרעסע האָט געשריבען אַ סך וועגען איהם. דער נאָמען גערשוני איז באַלד געטראָגען געוואָרן אויף יעדענ׳ס ליפּען. מען האָט דאָ געטראָגען אין האַרצען פאַר דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד, אויך די ליכטיגע

האָפֿענונגען און חלומות, וואָס מען האָט אָן איהר אָנגעקניפּט.

זיץ איך אויף דער העכסטער גאַלעריע פֿון קאַרנעגי האָל און וואַרט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, אַז די לעגענדע זאָל אָט באַלד איבער־געגאָסען ווערען פֿאַר מיינע אויגען אין אַ וואונדער־ווירקליכקייט.

ס'איז דער אָווענט ווען גערשוני דאַרף אויפֿטרעטען פֿאַר'ן ניו יאָרקער עולם. איך קוק אַרונטער פֿון מיין טורעמדיגער הויך און זעה אַרום מיר און אונטען אין זאָל — אַ ים מיט מענשען. יעדער שפּאַן איז פֿאַרנומען. דער זאָל איז געפּאַקט, אַז ס'דוכט זיך די ווענט וואָלטען געוועז גרייט צו פּלאַצען. ווי אַזוי איך האָב זיך אַריינגעשפּאַרט ווייסט איין גאָט אין הימעל. די צייטונגען האָבען דערציילט אויפ'ן צווייטען טאָג, אַז טויזענטער האָבען געמוזט צוריקגעהן.

און איבער דעם זאָל קנוילען זיך און קייקלען זיך פֿאַנאַנדער הייסע כוואַליעס. די לופֿט אַ פֿולווערדיגע. די טויזענטער מענשען—טויזענטער אָנגעצויגענע סטרונעס. פֿון די פּנים'ער, פֿון די אויגען שלאָגען אויף פֿלאַמען. איך האָב געהאַט דעם געפֿיהל, אַז אָט אָט און די הייסע כוואַליעס וועלען מיך אַ הויב־טאָן פֿון מיין שווינדעלדיגער הויך און אַוועקטראָגען איבער דעם ים מענשען, וואָס זיצען צונויפֿגעשפּאַרטע, צונויפֿגעשמאָלצענע אין איין ריזיגער מאַסע.

אויף דער בינע זיצען מענשען. זיי זעהען אויס, פֿון מיין הויך, ווי ליליפּוטלעך. זיי שטעלען זיך אויף רעדען, ווערטער ווייטע אָפּגע־ריסענע דערגרייכען צו מיינע אויערען; זיי זשעסטיקולירען, ס'מאַכט אָבער ניט אויס, איך הער זיי ניט, און איך האָב דעם געפֿיהל, אַז אויך די אַנדערע הערען זיי ניט.

אָט רוקט זיך אָבער אַרוים ווי פֿון אַ געהיים, פֿאַרבאָרגען ווינקעל, אַ מיטעלוואוקסיגע, דינע פיגור. און איך, ווי טויזענטער אַנדערע, דער־פֿיהלען מיטאַמאָהל, אַז דאָס איז ער, ער, ער, צוליב וועמען מיר זיינען געקומען אַהער, וועמען מיר ווילען זעהן און הערען, אפשר מער זעהן ווי הערען.

ס'דערהערן זיך אַפּלאָדיסמענטען. צוערשט אומזיכערע, ווי מ'וואָלט נאָך נישט געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז ער—גערשוני. באַלד אָבער ווערען די אַפּלאָדיסמענטען אויפֿגעכאַפּט פֿון אַנדערע, ס'נעמט ניט לאַנג און זיי געהען אַריבער אין אַ שטורעם, און דער שטורעם צעברויזט זיך, קראַכט פֿאַנאַנדער ווי אַ אוראַגאַן, ניין, דאָס זיינען ניט קיין אַפּלאָדיסמענטען, דאָס פּאַטשען ניט קיין מענשליכע הענט, דאָס האָבען בליצען די לופֿט דורכגעשאָסען און דונערען האָבען ווי דינאַמיט עקספּלאָדירט, אָדער אַ וואולקאַן האָט מיטאַמאָל אויפֿ־געריסען און פֿלאַמיגע לאַווע האָט דעם גאַנצען זאָל פֿאַרפֿלייצט.

האָט עס אָנגעהאַלטען אַזוי מינוטען און מינוטען. דער מיטעל־וואוקסיגער, סטראָינער מענש איז געשטאַנען צוערשט מיט פֿאַרלייגטע

הענט און זיך איינגעהערט. איך האָב זיך אַריבערגעבויגען אינגאַנצען כדי אים בעסער באַטראַכטען. איך האָב געזעהן זיין בלייך, אויסגעאיידעלט פּנים מיט אַ טונקעל־בלאָנד בערדעל. דאָס עלעקטרישע ליכט האָט אָפּגעשלאָגען שטראַלען אויף זיין גלאַנציגען שאַרבען, און די שטראַלען האָבען זיין פּנים באַלויכטען. ער איז געשטאַנען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען, מיט אַ גערולדיגער מינע, וואַרטענדיג, אַז דער שטורעם זאָל זיך איינשטילען. דער שטורעם איז אָבער אָנגעגאַנגען.

מיטאַמאָל האָט ער צענומען די הענט, וואָס ער האָט געהאַלטען די גאַנצע צייט פאַרלייגט אויפ'ן האַרצען. ער האָט מיט איין האַנט אַ מאַך־געטאָן אין דער לופט, ווי ער וואָלט אויסגעשאָסען איבער די קעפּ פון עולם. האָט עס געווירקט ווי אַ כישוף. דער שטורעם איז ווי מיט אַ האַק איבערגעהאַקט געוואָרען. דער גאַנצער עולם איז ווי דורך אַ היפּנאָז געוואָרען שטיל, אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערען דאָס רינען פון בלוט אין די אייגענע אָדערען . . .

גערשוני האָט אָנגעהויבען זיין רעדע אין אידיש, אין אַ ברוסטיגוואַרעמען, מינסקער אידיש. מ'האָט שפּעטער געזאָגט, אַז ער האָט די רעדע אויפגעשריבען פריהער אין לאַטיינישע אותיות, וויים איך נישט צי דאָס איז אַזוי געווען, איך ווייס נאָר, אַז די רעדע איז געווען אַ טיף־דורכגעפיהלטע, די ווערטער האָבען פון האַרצען אַרויסגעקוואָלט. יעדער וואָרט האָט זיך אַרויסגעקייקעלט און גענומען טראָגען זיך אין דער אָנגעהיצטער, נעפּעלדיגער לופט ווי פייערדיגע קוילען.

און דער גאַנצער טאָן אַזאַ וואַרעם־אידישער. ביי מיר זיינען פאַרבליבענע אין זכרון אַזעלכע ווערטער ווי „אידען—ברידער", „די ליידען פון אידישען פאָלק". און דער אָנהויב: „איך וויל צו אייך רעדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איהר העראָאישער געשיכטע . . . און ווען איך קום צו דעם, ווער איך אַרומגענומען פון דעם זעלביגען הייליגען געפיהל, ווי בשעת איך בין געווען אַ אינגעל און איך בין געגאַנגען מיט מיין פאָטער צו כל־נדרי אין שוהל. און אָט זיינען מיר געבליבען שטעהן אויף דער שוועל פון דער שוהל, און די אָנגעצונדענע ליכט האָבען אַ פלאַם געטאָן אין די אויגען, און אַ געררויש פון די אידען אין טליתים און קיטלען האָט זיך אונז אַנטקעגענגעטראָגען . . ."

די רעדע, וואָס איז דערנאָך געהאַלטען געוואָרען אין רוסיש איז אָבער ניט געווען דאָס וויכטיגסטע. גערשוני איז ניט געווען קיין אָראַטאָר, זיכער ניט פאַר אַזאַ ריזיגען עולם, ווי דער, וואָס האָט אָנגעפּראָפּט קאַרנעגי האָל. ווער האָט אָבער געדאַרפט רעדעס? דער עיקר איז געווען ער אליין — דער לעגענדאַרער העלד, דער אויס־

גע'חלום'טער און פאַנטאַסטישער, די פּעלזען־פיגור פון דער „באיע־וואיא אָרגאַניזאַציע" פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

איז וואַכען און וואַכען געווען אַ יום־טוב אויף דער איסט־סאַיד. ס'האָט גערודערט און געוויגט זיך מיט גערשוני'ן. די פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס איז געווען אין ניו יאָרק קליין און איז באַשטאַנען לרוב פון אינטעליגענטען: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, סתם „רוסקאַיאַ אינטעליגענציאַ", איז מיטאַמאָל דערהויבען געוואָרען. זשיטלאָווסקי, די „באַבושקאַ", טשאַיקאָווסקי, שפּעטער גערשוני, האָבען אַרויסגעהויבען די קליינע גרופּע און געגעבען איהר חשיבות, פּאַרנעם אויף דער אידישער גאַס.

די איסט־סאַיד פון יענע יאָרען איז געווען אַ וועלט פון פּאַרטייען. צו זיין סתם אַ איד איז געווען אוממעגליך, ס'האָט געמיינט זיין אַ בלאָנזשענדיגע נשמה, וואָס זוכט אַ תיקון. און דעם תיקון האָט מען געפונען אין דער פּאַרטיי, ווער ביי די אַנאַרכיסטען, וואָס האָבען אַמאָל דאָמינירט די אידישע גאַס, ווער ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, ביי די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, ביי די בונדיסטען, ביי די ציוניסטען, פּועלי־ציון, טעריטאָריאַליסטען. און אויב ניט קיין פּאַרטיי האָט מען „באַלאַנגט" צו סתם אַן אָרגאַניזאַציע, אַ לאַנדסלייט־פּעראיין, אַן אָרדער ווי דער „אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם", דער „אַרבייטער רינג", דער „אָרדער בני ציון". דער כלל פּאַר דעם אימיגראַנט איז געווען, אַז ער מוז ערגעץ „באַלאַנגען", ער דאַרף האָבען אַן אָרט וואו ער קאָן זיך גייסטיג אויסלעבען.

האָבען די פּאַרטייען אָנגעהויבען קריגען געסט פון אייראָפּע. אין יאָר 1906 האָבען געגומען אַריבערקומען פון יענער זייט די פיהרער פון די מערסטע אידישע פּאַרטייען. דעם אָנהויב האָבען געמאַכט די בונדיסטען, זיי האָבען אַרונטערגעבראַכט צוערשט ליבער'ן, דערנאָך אַבראַמאָוויטש'ען און מאַקסים'ען.

ליבער און אַבראַמאָוויטש —ביידע גלענצענדיגע רעדנער, האָבן צעוויגט דעם אימיגראַנטען־עולם. זייערע לעקציעס אין קלינטאָן האָל זיינען שטענדיג געווען געפּאַקט.

זע איך פּאַר זיך ליבער'ן — העכער פון מיטעלען וואוקס. דאָס אויסגעאיידעלטע פּנים איז אַרומגעראַמט פון אַ ווייך, טונקעל, לענג־ליך בערדעל. אַ מענש אַ ציכטיגער, אין דער קליידונג, אין די מאַניערען, און אין די רייד. די ווערטער און זאַצען קומען ביי אים אַרויס פּאָלירט, אויסגערונדעט. ער איז ניט קיין עמאָציאָנעלער רעדנער, און צינדט נישט אָן, אָבער זיין וויבּרירענדיג קול און דער מענש אַליין — ווירקען, איבען אויס היפּנאָז.

און אַבראַמאָוויטש, אַ טונקעלער, אַן עלעגאַנטער, זיין מאַניער פון אַ יונגען פּראָפעסאָר, פּאַראַן בליץ אין זיינע רייד. אָפטמאָל

רעדט ער איבער די קעפּ פון די מאַסען. ווען ער זשעסטיקולירט, דוכט זיך, ווי ער וואָלט געפּאַכעט אין דער לופטען מיט דעם בלאַנקענדיגען קלינג פון אַ ראַפּיער. ער איז געווען איינער פון די עפּעקטיוווסטע מענשען, וואָס דער „בונד" האָט אַהער געשיקט.

קיינער פון די בונדיסטישע פאַרשטייער האָט אָבער נישט אויפגעשטורעמט אַזוי די איסט-סאַיד ווי מאַקסים. איז דאָס ניט געווען דערפאַר, וואָס מאַקסים איז געווען אַ בעסערער רעדנער ווי ליבער, אָדער אַבראַמאָוויטש, נאָר צוליב דער סענסאַציע, וואָס די פּרעסע האָט אַרום אים געשאַפען.

ווען מאַקסים איז געקומען אַהער, האָט מען אים פּראָקלאַמירט אַלס דעם געוועזענעם „פּרעזידענט פון די באַלטישע פּראָווינצען". מ'האָט געשריבען וועגען אים אַלערליי מעשיות, ווי אַ פייער האָט „פאַרכאַפּט" ריגע און דאָרט פּראָקלאַמירט אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק, און נאָך.

איז דער איסט-סאַידער עולם געלאָפען אין די מאַסען זעהן מיט די אייגענע אויגען דעם געוועזענעם „פּרעזידענט פון די באַלטישע פּראָווינצען", פאַר וועמעס קאָפּ די צאַרישע רעגירונג איז געווען גרייט צו באַצאָלען אַ גרויסען פּרייז.

געטראָפען האָט מען אַ יונג בחור'ל מיט אַ טונקעל בערדעל. די האַלטונג — פון אַ סטודענט, וואָס נעמט אוים ביי מיידלעך. דאָס גאַנצע בחור'ל האָט זיך אויסגעצייכענט אַריינגעפּאַסט אַלס העלד אין אַן אַפּערעטע מיט אַ באַלקאַנישען אינהאַלט; און ווען ער האָט געעפענט דאָס מויל איז נישט געווען וואָס צו הערען.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז דער „פאָרווערטס" און די „וואַרהייט" זאָלען זיך רייסען ביי די טשופּרינעס צוליב דעם אויפגעבלאָזענעם „פּרעזידענט" פון די באַלטישע רעפּובליקען, אָדער פּראָווינצען. דער „פאָרווערטס", וואָס איז געווען דער לייב-אָרגאַן פון די „בונדיסטען", האָט גענומען מאַקסים'ען אונטער זיין פּאָלע און אים מאָנאָפּאָליזירט. מילער האָט עס ניט געוואָלט ליידען. האָט זיך אָנגעהויבען איינע פון די באַרימטע מילער-קאַהאַן מלחמות, וואָס פלעגען האַלטען אַזוי געשפּאַנט די איסט-סאַיד פון אַמאָל.

די מאַקסים-סענסאַציע האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. די איסט-סאַיד איז באַלד פאַרכאַפּט געוואָרען פון נייע העלדען: דניאלי, וואָס איז געקומען צו די טעריטאָריאַליסטען; זרובבל, זאַר, וואָס זיינען אַרונטערגעבראַכט געוואָרען פון די פּועלי-ציון, כּאַשין. שפּעטער האָבען די היגע ציוניסטען אָנגעהויבען קריגען זייערע גדולים: דער בערדיגער דר. מאַזענסאָן, און דער אומפאַרגעסליכער שמריהו לעווין.

# פערזענליכקייטען

## וולאדימיר זשאבאטינסקי—דער אומפארגעסליכער

(א פארטראג אין צוזאמענהאנג מיט זיין פערטען יארצייט)

מיר זיינען היינט אוועקגעזעצט צונויפגעקומען זיך, אויפצולעבען פאר אונזערע אויגען, די ליכטיגע, אומפארגעסליכע געשטאלט פון וולא־דימיר זשאבאטינסקי, וועמען דער טויט האט אזוי פריציייטיג אוועקגעריסען פון אונז מיט פיר יאר צוריק.

און מיר זיינען געקומען היינט ווידעראמאל אויפצעפרישען אין אונזער הארץ וואס זשאבאטינסקי האט געמיינט פאר אונז, זיינע נאכפאלגער, זיינע געטרייע תלמידים, וואס זוכען אויפצוהאלטען דאס ליכט פון זיינע אידעאלען, און אויך וואס ער האט געמיינט פאר דעם גאנצען אידישען פאלק.

און ווען מיר דערמאנען זיך אין דער אומשטערבליכער פערזענ־ליכקייט פון זשאבאטינסקי, טראכטען מיר ניט נאר וועגען זשא־באטינסקי דעם מוטיגען, נאציאנאלען קעמפער, דעם באנברעכער, דעם אויפלעבער און באנייער פון יענעם ציוניזם וואס שטאמט פון דעם לויטער'ן און הייליגען קוואל פון הערצל'ען.

ווען מיר דערמאנען זשאבאטינסקי'ן, טראכטען מיר אויך וועגן זיין זעלטענער פערזענליכקייט, וועגען דעם וואנדערמענש, וואס ער האט מיט זיך פארגעשטעלט.

און מיר טראכטען אויך וועגען דעם גלענצענדיגען שריפט־שטעלער, וועגען דעם גאטגעבענשטען פאעט, וועגען דעם אומפאר־גלייכליכן פאלקס-טריבון, וואס האט געצונדען די געמיטער און גע־ווירקט מיט זיין ווארט ווי מיט א בליץ.

טראכט איך דא, ווען איך שטיי פאר אייך, וועגען זשאבאטינסקי דעם מענש. א לויטערער און ווארעמער מענש, באשאנקען מיט די העכסטע מידות. דורכגענומען אין אלע זיינע מעשים, אין זיינע בא־ציאונגען צווישען מענש און מענש, מיט דער העכסטער אידישער מאראל און עטיק. און דאס איז זעהר וויכטיג, ווייל ליידער פאר־געסט מען ביי אונז, אז אין דער ערשטער ריי קומט דער מענש.

זשאבאטינסקי איז געוועזען פון די געציילטע, וואס האבען געזען

נאָר דאָס גוטע אין מענשען און פאַרמאַכט די אויגען פאַר דאָס שלעכטע. דאָס האָט אים פאַרשאַפט ניט ווינציג יסורים און צרות ווייל שלעכטע מענשען האָבען אויסגענוצט זיין אומבאַפלעקטען גלויבען אין מענשליכער ערליכקייט. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפען. זיינע פאַרשיידענע ביטערע דערפאַרונגען מיט מענשען האָבען אים ניט געענדערט, ניט פאַרהאַרטעוועט.

ערשט מיט אַ וואָך פאַר זיין טויט האָב איך מיט אים גערעדט פון אַ געוויסען ציוניסטישען פּאַרטיי־טוער, וואָס האָט אַמאָל געפליר־טעוועט מיט רעוויזיאָניזם און גע׳חבר׳ט זיך מיט זשאַבאָטינסקי׳ן. דאָס האָט אים ניט געשטערט צו פּאַסקווילעווען שפּעטער וועגען רעוויזיאָניזם און אָנגרייפען זשאַבאָטינסקי׳ן פּערזענליך. האָב איך אַרויסגעזאָגט אָפען וואָס איך דענק וועגען דעם פאַרשוין און מיינע אויסדרוקען זיינען געווען וויט פון קאָמפּלימענטען. זשאַבאָטינסקי האָט מיך אָבער אָפּגעשטעלט. אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזען אַ שטיל, אומעטיג שמייכעלע, און מיט אַ מין ר׳ לוי יצחק׳דיגער התנצלות האָט ער אַ זאָג געטאָן: „עמך ישראל צריכים פּרנסה" — דער איד האָט זיך אפשר ניט געקאָנט העלפען.

און דאָס איז געקומען פון די ליפּען פון אַ מענשען, וואָס אַליין איז דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום פאַר זיינע פּרינציפּען.

זשאַבאָטינסקי איז געווען דער אמת׳ער אדם עילאה, דער ריכ־טיגער פּאַטריציער, דער גייסטיגער אַריסטאָקראַט ביז די וואָרצלען פון זיינע האָר. זיין באַנעמונג צו מענשען, זיינע רייד, זיין יעדער זשעסט, זיינען געווען דורכגעשטראַלט פון גייסט און ראַפינירטקייט. ער האָט זיך געהיט אימיצען ווייצוטאָן מיט אַ וואָרט, איבער־הויפּט ווען יענער איז געשטאַנען נידעריגער פון אים. ער איז געווען דער אדם השלם, ביי וועמען ווערטער און מעשים האָבען זיך צו־נויפגעגאָסען אין אַ זעלטענער האַרמאָניע.

און ווי יעדער גייסטיגער אַריסטאָקראַט, איז ער אויך געווען דער אמת׳ער דעמאָקראַט.

איך האָב ניט באַגעגענט קיין אַנדער מענש אין מיין לעבען, קיין אַנדער אידישען פירער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ אומדער־שיטערליכען גלויבען אין די כחות פון אידישען פאָלק, אין דעם קאָלעקטיווען ווילען פון די ברייטע אידישע מאַסען ווי זשאַבאָטינסקי.

און האַנט אין האַנט מיט דעם דאָזיגען גלויבען אין די אידישע מאַסען איז אויך געגאַנגען אַ טיפער דרך־ארץ פאַר די אידישע מאַסען, אַ פאַרהערליכונג פון פאָלקס־חכמה און געזונטען פאָלקס־אינסטינקט.

ער האָט מער ווי יעדער אַנדער אידישער פירער, וואָס איך האָב באַגעגענט, פאַרמאָגט דאָס, וואָס הערצל האָט גערופען ראַסען־שטאָלץ.

ער, וואָס איז געווען דער אמת׳ער קאָסמאָפּאָליט, דער וועלט־מענש אין ברייטסטען זין פון וואָרט, און וואָס איז געווען ווי ביי זיך אינדערהיים אין די שפּראַכען און קולטורען פון גאַנץ אייראָפּע, ער איז אין דער זעלביגער צייט געווען דער אינטענסיווסטער איד, דער ווירדיגסטער און שטאָלצסטער רעפּרעזענטאַנט פון זיין ראַסע.

ער האָט גערעדט מיט אַ מין רעליגיעזען עקסטאַז וועגען דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, וועגען דער ראָל פון אידען אין דער געשיכטע, וועגען זייער בייטראָג צו דער מענשליכער קולטור, און ער האָט געזען ליכטיגע וויזיעס וועגען דער ראָל, וואָס אידען איז ערשט באַשערט צו שפּילען אין דער צוקונפט, ווען זיי וועלען ווידער ווערען אַ פאָלק מיט אַ לאַנד, אַ גלייכער מיטגליד אין דער משפחה פון פעלקער.

און זשאַבאָטינסקי׳ס גאַנצע אָריענטאַציע איז געווען אַ פאָלקישע. זשאַבאָטינסקי׳ס גאַנצער ציוניסטישער צוגאַנג איז געווען געבויט אויף זיין טיפען גלויבען אין דעם קאָלעקטיווען ווילען פון די אידישע פאָלקסמאַסען און אין די אומדערשעפּליכע אייביגע כחות, וואָס דאָס אידישע פאָלק טראָגט אין זיך.

מיר דערמאָנט זיך ווי איך בין איינמאָל געזעסען ביי זשאַבאָטינסקי׳ן אין זיין באַשיידענעם האָטעל־צימער און ער האָט צו מיר גערעדט פון זיינע פּלענער פון שאַפען אַ אידישע אַרמיי, פון אַ פאַראיינינגטער אידישער רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל טראָגען אַן אמת׳ן פאָלקס־כאַראַקטער און וואָס זאָל פאַרטרעטען אויף אַ ברייט־דעמאָקראַטישען אופן אַלע שיכטען פון אַמעריקאַנער אידענטום.

און ווען איך האָב געפּרואווט אים אָנווייזען אויף דער היגער אידישער ווירקליכקייט, אויף דער פאַרפירערישער אידישער פירערשאַפט, וואָס וועט זוכען לייגען אים שטיינער אין וועג, האָט זשאַבאָטינסקי אויסגערופען:

„איך וועל גיין איבער זייערע קעפּ און ווענדען זיך דירעקט צו די ברייטע אידישע מאַסען, אין וועלכע איך גלויב... זיי וועלען מיך פאַרשטיין!”

און דאָס איז געקומען פון די ליפּען פון אַ מענשען, וואָס איז פאַרלוימדעט געוואָרען פון זיינע געגנער, אַז ער האָט „דיקטאַטאָרישע טענדענצען” און שפּילט די ראָל פון אַ „פירער.”

אויב אימיצער האָט פיינט געהאַט דיקטאַטאָרישע טענדענצען און פירער־קולט, איז עס געווען זשאַבאָטינסקי. ער האָט עס מיר ניט איינמאָל געזאָגט: „דאָס העסליכסטע אין די דיקטאַטורען — האָט ער זיך פאַר מיר איינמאָל אויסגעדריקט — איז די געצענדינעריי... היטלער, מוסאָליני — דאָס זיינען דאָך געצען, יעדער פון זיי אַ מולך, און די, וואָס טאַנצען אַרום זיי — נביאי הבעל, און דאָס איז מיר

מיאוס, עקעלט מיך און עמפערט מיך, ווייל ס'איז געגען מיין נאטור און עס איז אזוי אַנטי-אידיש. מיר אידען האָבען פּראָקלאַמירט פייערליך פון בארג סיני: לא תעשה לך פסל ומסכה! און לא תעשה לך אלקים אחרים" . . .

און דאָס פון די ליפּען פון אַ מענשען, וועמען מ'האָט פאַרלוימדעט אין אַנטוויקלען אַ פירער-קולט.

און עס איז געווען זשאַבאָטינסקי דער אומפאַרגלייכליכער פאָלקס-טריבון, דער גרעסטער אָראַטאָר וואָס אידען האָבען אַרויס-געגעבען.

וועגען זשאַבאָטינסקי'ס בינע-כשוף, וועגען זיין געוואַלטיגער אָראַטאָרישער קראַפט וואָס האָט ממש פאַרכאַפּט, מיטגעריסען ווי אַ לאַווע, וועגען דעם זיינען שוין לאַנג באַשאַפען געוואָרען לעגענדעס. די וואָס האָבען נאָר איינמאָל געהערט זשאַבאָטינסקי'ן וועלען אים זיכער ניט פאַרגעסען זייער גאַנץ לעבען. אַ סך האָבען פאַרגליכען זשאַבאָטינסקי'ן מיט זשאָרעס'ען, דער גרעסטער רעדנער וואָס פראַנקרייך האָט פאַרמאָגט. אַנדערע האָבען אים פאַרגליכען מיט דעם ציצעראָ פון ציוניזם מאַקס נאָרדוי. וויים איך ניט ווי וויים די אַלע פאַרגלייכונגען שטימען. זשאַבאָטינסקי'ן קאָן מען בכלל ניט פאַר-גלייכען, ווייל ער איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. איך וויים נאָר, אַז יעדען מאָל ווען איך האָב געהערט זשאַבאָטינסקי'ן האָב איך געזען באַשיינפּערליך ווי דער מענש צינדט אָן, פאַר'כישופ'ט און ברענגט אַריין אין אַן אומבאַשרייבליכען עקסטאַז. ער האָט פאַר'כישופ'ט מענשען וואָס זיינען געקומען לכתחילה ווי זיינע אויסגעשפּראָכענע קעגנער. די וואָס זיינען געקומען שילטען זיינען דערנאָך אַוועק מיט אַ ברכה אויף זייערע ליפּען.

מיר איז אויסגעקומען צו הערען וועגען דער וואונדער-ווירקונג וואָס זשאַבאָטינסקי האָט געהאַט מיט זיין רעדען אויף די ספרדישע אידען צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע ליבע, ווייל ער האָט געזען אין זיי די אָפּשטאַמלינגען פון די שטאָלצע אידישע פּאַטריצער פון דער גאָלדענער עפּאָכע פון אידישער רענעסאַנס אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. די ספרדישע אידען האָבען פאַר זשאַבאָטינסקי'ן אויס-געדריקט יענעם פיינעם, אויסגעאיידעלטען, גייסטיגען אַריסטאָקראַ-טיזם, וואָס ער האָט געוואָלט איינפלאַנצען ביים גאַנצען אידישען פאָלק.

האָט מען מיר דערציילט, אין דער צייט ווען איך האָב באַזוכט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וועגען דעם אומגעהויערען איינדרוק וואָס זשאַ-באָטינסקי האָט געמאַכט אויף די דאָרטיגע אידען בשעת ער איז געקומען קיין טערקיי אין דער צייט פון דער יונג-טערקישע רעוואָ-לוציע. ער האָט אָנגעצונדען יעדען איינעם, אפילו די וואָס האָבען

אים ניט פארשטאַנען, מיט אַ געוואַלטיגען ענטוזיאַזם. עס איז געווען עפּעס אַזוינס אין זיין פּערזענליכקייט, אין זיין קול, אין זיין טאָן, אין דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, אין דעם פייער פון זיינע אויגען וואָס האָט פאַרכאַפּט יעדען איינעם ווי אַ פלאַם...

און דאָס זעלבע האָב איך געהערט אויך בשעת איך האָב באַזוכט סאַלאָניק פון די דאָרטיגע אידען. איך בין געווען אין סאַלאָניק פינף און צוואַנציג יאָר נאָכדעם ווי זשאַבאָטינסקי איז דאָרטען געווען, און דאָך האָט מען נאָך דאָרטען, פינף און צוואַנציג יאָר שפּעטער, ניט פאַרגעסען זיינע רעדעס וואָס ער האָט געהאַלטען אין שפּאַניאָליש.

און עס זיינען פאַראַן טויזענטער און טויזענטער ציוניסטען אין אַלע עקען פון דער וועלט, וואָס די ציוניסטישע קאָנגרעסען האָבען געהאַט פאַר זיי אַ ווערט אַזוי לאַנג ווי זשאַבאָטינסקי איז אויף זיי אויפגעטראָטען און אויפגעשטורעמט די געמיטער.

און עס איז געווען זשאַבאָטינסקי דער מוטיגער קעמפער און דער נאַציאָנאַלער העלד, נישט דאָ איז דער אָרט צו געבען אַן אָפּשאַץ פון זשאַבאָטינסקי׳ס מיסטאָרישע פאַרדינסטען פאַר דעם ציוניזם בכלל און פון דער ראָל וואָס דער אידישער לעגיאָן, וועלכען ער האָט געגרינדעט, האָט געשפּילט אין דער נייער געשיכטע פון אידישען היימלאַנד.

איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען, אַז זשאַבאָטינסקי האָט ניט נאָר אָרגאַניזירט דעם אידישען לעגיאָן, ניט נאָר געקעמפט אין אידישען לעגיאָן, אַלס סאָלדאַט און קאָמאַנדיר, נאָר אַז ער האָט אויך געפירט אַ קאַמף פאַר דעם אידישען לעגיאָן.

און ס׳איז געווען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי דער גרויסער שריפטשטעלער, דער פינקעלדיגער פעליעטאָניסט, דער בליציגער פובליציסט.

דער פען־נאָמען „אַלטאַלענאַ”, מיט וועלכען זשאַבאָטינסקי האָט זיך באַנוצט פאַר זיינע פעליעטאָנען אין די „אָדעסקיא נאָוואָסטי” און אַנדערע צייטונגען איז פאַר יאָרען געטראָגען געוואָרען אויף די ליפּען פון יעדען לייענער פון רוסיש און באַוואונדערער פון רוסישען וואָרט.

אין זיינע פעליעטאָנען האָט אַלטאַלענאַ־זשאַבאָטינסקי אַרויסגעוויזען אַ וואונדערליכע מייסטערשריפט פון סטיל און פאַרכאַפּענדיגע גייסטרייכקייט פון געדאַנק. ער איז געווען ווירטואָז פון וואָרט. די שפּראַך פון פושקין, לערמאָנטאָוו און טאָלסטאָי איז געוואָרען ביי אים ווי אַ סטראַדיוואַריוס אין די הענט פון אַ חפץ.

און צו דעם קינסטלעריש־אויסגעהאַמערטען סטיל איז געקומען די אייגענאַרטיגקייט פון טראַכטען, דער אָריגינעלער געדאַנק, דער פינקעלדיגער פּאַראַדאָקס, דער שפּילעוודיג־פילאָזאָפישער איינפאַל.

זיינע פעליעטאָנען האָבען אָוועקגעשטעלט אַלטאַלענאַ־זשאַבאַ־

טינסקי אין דער מזרח-ריי פון די גרויסע רוסישע פעליעטאָניסטען פון זיין צייט, זייט ביי זייט מיט די קאַריפעען פון רוסישען פעליעטאָן, וואָס איז געווען אַ באַזונדערע און גאַנץ איינציגאַרטיגע קינסטלערישע שאַפונג, ווי דאָראָשעוויטש, אַמפיטעאַטראָוו, יאַבלאָנאָווסקי.

אַלטאַלענאַ-זשאַבאָטינסקי איז געוואָרען אַ באַליבטער נאָמען ביים רוסישען לייענער, און אויך ביים רוסישען שרייבער. מיר האָט אַמאָל דערציילט דער פאַרשטאָרבענער דר. קאָראַלניק, אַז ווען ער איז געווען אין פּאַריז האָט ער זיך איינמאָל געטראָפען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסען רוסישען נאָוועליסט, קופּרין. זיי האָבען זיך צערעדט וועגן פאַרשיידענע ענינים, אויפגעפרישט אַלטע זכרונות. מיט אַמאָל גיט קופּרין אַ פרעג ביי קאָראַלניק'ן:

„זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואו איז אַהינגעקומען וולאדימיר זשאַבאָטינסקי?"

קאָראַלניק האָט אים דערקלערט, אַז זשאַבאָטינסקי איז פאַרטאָן אין ציוניזם, איז דער גרינדער פון אַ נייע באַוועגונג א. ז. וו.

„אַ שאָד! אַ שאָד! — האָט קופּרין באַמערקט, אויסהערענדיג קאָראַלניק'ן. — איר ווייסט — האָט קופּרין צוגעגעבען — מיר רוסען זיינען אייך מוחל סעמיאָן יושקעוויטש, אייזמאַנ'ען, און נאָך, אַבי גיט אונז צוריק זשאַבאָטינסקי'ן"...

זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ גרויסער, שאַפערישער גייסט, אַ נאָוועליסט פון ברייטען פאָרנעם, אַ גאָט-געבענשטער פּאָעט. עס איז זיכער, אַז דער פּאָליטיקער, דער פּאַרטיי-מענש, דער נאַציאָנאַלער קעמפער, האָבען מקריב געווען אין אים דעם נאָוועליסטישען ברייטען פאָרנעם, דעם דיכטער פון בליציגען שוואונג.

ס'איז גענוג צו לייענען זשאַבאָטינסקי'ס גרויסען ביבלישען ראָמאָן „שמשון הגבור", איינע פון די פיינסטע קינסטלערישע שאַפונגען אין ביבלישען זשאַנער, אָדער זיין פּראַכטפולער ראָמאַן „פּאָיעטרא" (פּינק) וואָס איז אַ מין אָדע וועגען דער אָדעס פון זיין צייט, זשאַבאָטינסקי'ס אָדעס, אַז מ'זאָל באַגרייפען וואָס פאַר אַ גרויסען קינסטלערישען כח מיר האָבען אין אים פאַרמאָגט, און ווי אָט דער וואונדער-כח איז גע'פּטר'ט געוואָרען און געבראַכט געוואָרען פאַר אַ קרבן אויפ'ן מזבח פון ציוניזם.

און וויפיל צער, וויפיל יסורים דער קינסטלער אין זשאַבאָטינסקי'ן האָט עס געמוזט איבערטראָגען, ווען ער האָט צוגעזען ווי זיין שאַפונגס דראַנג ווערט פאַרהאַמעוועט און געצוימט פון די גרויע, טאָג-טעגליכע פּאַרטיי-קאַמפען און פּאַרטיי-זאָרגען.

און זשאַבאָטינסקי דער וואונדערליכער איבערזעצער.

זיין איבערזעצונג פון ביאַליק'ס שירים אין רוסיש איז אויף אַ

האָר נישט געמינערט אין קראַפט און שיינקייט פון אָריגינאַל. ער־טערוווייז דערהויבט זיך דער איבערזעצער איבער׳ן אָריגינאַל.

אָדער זיינע שעדעווערע איבערזעצונגען פון עדגאַר אַלען פּאָו, וואָלט וויטמאַן און אַנדערע אין רוסיש. ניט פון קלענערען קינסט־לערישען באַדייט זיינען זיינע איבערזעצונגען פון איטאַליעניש אין העברעאיש פון דאַנטע׳ס אינפערנאָ און פון אַנדערע איטאַליענישע קלאַסיקער. ביאַליק, וואָס האָט די לעצטע יאָרען געקוקט קרום אויף זשאַבאָטינסקי׳ס פּאָליטישער אַרבעט, האָט זיי געלויבט ביז׳ן הימל. ביאַליק האָט ניט איינמאָל אויסגעדריקט טיף באַדויערען וואָס זשאַ־באָטינסקי קאָן זיך ניט אָפּגעבען מער מיט ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט געזען אין אים אַ גרויסען, שעפערישען כח פאַר דער העברעאי־שער ליטעראַטור.

זשאַבאָטינסקי איז אויך געווען איינער פון די בעסטע פּובליציס־טען אין עטליכע שפּראַכען — אידיש אַריינגערעכענט. ער האָט אידיש, ווי העברעאיש, זיך אויסגעלערענט ערשט אין די שפּעטערע יאָרען, און דאָך איז ער אין ביידע שפּראַכען געווען דער מייסטער פון וואָרט.

צווישען זשאַבאָטינסקי׳ס שאַפונגען וואָס וועלען בלייבען אין אוצר פון ליטעראַטור איז אויך פאַראַן אַ זאַמלונג פון נאָוועלען, וואָס איז אַרויס מיט יאָרען צוריק אין לאָנדאָן. דער באַרימטער ענגלישער ראָמאַניסט און עסעאיסט וואַלפּול האָט באַמערקט ערגעץ נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט זשאַבאָטינסקי׳ס נאָוועלען: „ווער איז אָט דער פּראַכטפולער דערציילער, דער געשליפענער נאָוועליסט וואָס רופט זיך מיט דעם מאָדנעם נאָמען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי? פאַר־וואָס הערט מען פון אים ניט אָפטער?"

זשאַבאָטינסקי האָט געדאַרפט קעמפען מיט ציוניסטישע טוער און פירער, וואָס האָבען אָנגעווענדט קעגען אים אַלערליי פאַרלוימדונגען. ער האָט געדאַרפט קעמפען מיט אַ פאַר׳סמ׳טער עפענטליכער מיינונג מיט אַלטע פאַרשימעלטע פאַראורטיילען, מיט שנאה און אינטריגעס. ער האָט אָבער דאָס אַלץ אויסגעהאַלטען, און דורכדעם געוואונען אַ היסטאָרישען זיג פאַר אונזער נאַציאָנאַלער אידעע.

און זיין קאַמף אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ניט איצטער, ווען מיר שטייען ביי זיין אָפענעם קבר, ווילט זיך רעדען פון דעם טעראָר וואָס מ׳האָט אָנגעפירט קעגען אים פון ערשטען מאָמענט אָן וואָס ער איז אַוועק אויף זיין אייגענעם וועג.

ער איז אָבער אַלץ בייגעשטאַנען, באַגעגענט אַלע אַטאַקעס מיט אַ שטאָלץ־געהויבענעם קאָפּ, איגנאָרירט אַלע בלוט־בלבולים מיט שטאָלצען שווייגען, ניט געענטפערט זיינע פאַרלוימדער, ניט אונטער־

געלאָזען זיך צו זייערע מעטאָדען, נאָר ערליך, מוטיג, אָפען, ווירדיג געקעמפט פאַר דעם וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אמת און הייליג. זשאַבאָטינסקי, וואָס איז געווען די פאַרקערפּערונג פון לאָיאַליטעט צו זיינע פריינט, איז אויך געווען די פאַרקערפּערונג פון גאַלאַנטקייט צו זיינע קעגנער.

און זשאַבאָטינסקי׳ס אומגעהויערע קרבנות, וואָס ער האָט גע־בראַכט אָהן אַ וואָרט פון באַקלאָגען זיך, נאָר פאַרקערט, מיט דער הויך פון איינעם ביי וועמען קיין קרבן איז ניט צו גרויס ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דער פרייהייט און דאָס גליק פון זיין פאָלק.

זיינע תפיסה־טעג אין עכו; דאָס פאַרשפאַרען פאַר אים די טויערן פון דעם געבאָטענעם לאַנד, פאַר וועלכען ער האָט זיין לעבען אוועק־געגעבען; זיינע מאַטערנישען און ראַנגלענישען — נאָר די וואָס זיי־נען געווען נאָהענט צו אים ווייסען וואָס דאָס לעצטע האָט געמיינט.

זשאַבאָטינסקי׳ן איז באַשערט געווען צו פאַרענדיגען זיין לעבען אַזוי פאַרצייטיג דאָ אין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך געקליבען ערשט אָנצוהויבען אַ נייעם קאַמף פאַר דער אויפלעבונג און באַפרייאונג פון אונזער פאָלק.

ער איז געשטאָרבען אַ פיל־געליטענער. זיין פרוי — אין לאָנדאָן. זיין איינציגער זון — אין דער פעסטונג פון עכו, און די טראַגעדיע איראָניע — אין טאָג פון זשאַבאָטינסקי׳ס טויט האָט מען באַפרייט זיין איינציגען זון, וועלכער איז געווען פאַר אים דער אָטעם פון זיין לעבען. וויפיל פרייד דאָס וואָלט אים געווען געגעבען — ווען ער זאָל עס געווען דערלעבען.

איז ער געשטאָרבען אין מיטען וועג. געשטאָרבען אין אַ פרעמדע לאַנד און אויף אַ פרעמדער ערד.

ער האָט געזען פאַר זיין טויט ווי זיין וועלט, די וועלט פון מענש־ליכקייט און מענשליכע ווערטען, די וועלט פון ניינצענטען און אָנ־הויב צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, מיט אַלץ וואָס זי האָט געשאַפען, ווערט חרב. און ער איז געווען אַן איטעגראַלער טייל פון אָט דער וועלט. אירע אידעאַלען און מענשליכע ווערטען זיינען געווען זיינע.

האָט ער איבערגעלעבט מינוטען אין צווייפל און צער. אָבער — ניט מער ווי מינוטען; וואָרים באַלד איז געקומען צוריק זיין גלויבען אין מענשען און דער גלויבען אין דער איינינקייט פון זיין פאָלק.

שטעהן מיר היינט, מיר, זיינע געטרייע נאָכפאָלגער און תלמידים, מיט געבויגענע קעפּ פאַר דער וואונדערגעשטאַלט פון דעם וואונדער־מענש — וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, און מיר שווערען היינט ביי זיין הייליגען אָנדענק צו בלייבען געטריי צו די אידעאַלען פאַר וועלכע ער האָט זיין לעבען אָפּגעגעבען.

# שמועסען מיט נחום סאָקאָלאָוו

ס'איז געוואָרען פופצען יאָר זינט מיר האָבען פאַרלוירען איינעם פון די גרעסטע שרייבערם פון אונזער דור — נחום סאָקאָלאָוו.

וויל איך דאָ ניט געבען קיין אָפּשאַץ פון סאָקאָלאָוו דעם געניאַלען זשורנאַליסט, דעם העברעאישען גאָלדמינצער, דעם מייסטער פון אידישען וואָרט, דעם ווירטואָז אין עטליכע אַנדערע שפּראַכען, אָדער נחום סאָקאָלאָוו דעם ציוניסטישען שטאַטסמאַן, דעם מענשען, וואָס פלעגט אויפטרעטען מיט גרויס ווירדיגקייט, מיט ריכטיגען פאַרנעם פאַר שרים און מלכים —

איך וויל דאָ דערציילען עטליכע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען אין פאַרבינדונג מיט סאָקאָלאָוו'ן—פון דער צייט, ווען ער איז געווען דאָ אין אַמעריקע. איך וויל דאָ איבערגעבען אַ פּאָר שמועסען, וואָס איך האָב געהאַט מיט אים, און אויך די מיינונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט פאַר אַנדערע, בשעת איך האָב זיך געפונען דערביי.

סאָקאָלאָוו איז געווען עטליכע מאָל אין אַמעריקע. „מיט יעדען באַזוך אין אַמעריקע ווערט מיר אַמעריקע אַלץ ליבער", האָט ער איינמאָל באַמערקט. „איך פיל זיך בכלל זעהר היימיש אין אַנגלאָ-זאַקסישע לענדער. איך קאָן ניט פאַרגעסען, אַז מיר זענען גאַנץ נאָענטע קרובים מיט די ענגלענדער. עס איז טאַקע אמת, אַז די קרובים באַהאַנדלען אונז גאָר נישט לייטיש אין ארץ ישראל, און ניט דאָס האָבען מיר דערוואַרט פון דעם פאָלק, וואָס באַרימט זיך, אַז די ביבעל איז זיין טישבוך, און וואָס האָט אונז געגעבען די באַלפור-דעקלאַראַציע, אָבער—זיי זיינען פאָרט קרובים . . צי זיי ווילען אָדער ווילען ניט — זייער גאַנצע קולטור איז געלייטערט געוואָרען אין דעם פייער פון אונזערע נביאים. ווען ניט די „קעניג דזשעימס" איבערזעצונג פון דער ביבעל, וואָלטען זיי ניט געהאַט קיין מילטאָן און קיין שעקספּיר . . . דער גאַנצער ענגלישער דראַנג צום מזרח שטאַמט פון דער ביבעל . . .

„און מיר געפעלט זעהר שטאַרק לאָנדאָן", האָט סאָקאָלאָוו וויי-טער באַמערקט. „יעדעס מאָל, ווען איך קום קיין לאָנדאָן, פאַרשוואַנדט איך אויף עטליכע שעה פון מיין האָטעל און כאַפּ אַ לאַנגלאַנגען שפּאַציר איבער די לאָנדאָנער גאַסען, איבערהויפּט אין פאַרנאַכטג, ווען די גאַסען ווערען שטיל און מ'הערט דעם אָפּקלאַנג פון די אייגענע טריט . . .

„און עס איז ניט קיין קליינינקייט צו שפּאַצירען איבער די גאַסען פון אַ שטאָט און פילען ווי דו ווערסט באַגלייט פון די געשטאַלטען פון שעקספּיר און מילטאָן, פון דזשאָן סטואַרט מיל און הערבערט ספּענסער, און אַז אָט-אָט וועט זיך פאַר דיר אַרויסשלייכען די

געשטאַלט פון דעם געניאַלען דיזראַעלי.

„ניו יאָרק ווידער איז שוין אַ גאַנץ אַנדער שטאָט", האָט סאָקאָלאָוו פאַרגעזעצט. „ניו יאָרק איז מערקווירדיג מיט איר פילפעלקערדיגקייט. וואו קאָנט איר נאָך געפינען אַזא שטאָט, וואו אויף איר ערד זאָלען האָבען געמאַכט זייער היים די זין און טעכטער פון אַלע פעלקער און ראַסען פון דער ערד? אַ פריינט מיינער האָט מיך וועקגעפירט אין דער שפּאַנישער געגענט, ערגעץ אין אַ ווינקעל אין דעם אויבערשטען טייל פון דער שטאָט, — בין איך אויף אַ פּאָר שעה אַריבערגעטראָגען געוואָרען, ווי דורך קפיצת הדרך, קיין גראַנאַדע אָדער קיין באַרצעלאָנאַ . . .

„און היינט — צו געפינען זיך אין אַ שטאָט, וואָס האָט אַ קיבוץ פון צוויי מיליאָן אידען", האָט סאָקאָלאָוו פאַרענדיגט זיין ראַפּסאָדיע וועגען ניו יאָרק, „דאָס איז דאָך אַן אוניקום אין אונזער גאַנצער אידישער געשיכטע!"

סאָקאָלאָוו האָט זיך אויך געפילט היימיש אין ניו יאָרק, ווייל אים האָט ניט געפעלט דאָס ענגלישע לשון.

ער איז איינמאָל געקומען אַהער אינאיינעם מיט אוסישקינ'ען. אוסישקין האָט ניט געקענט קיין ענגליש, האָט סאָקאָלאָוו געמאַכט פון אים גוטמוטיגען שפּאַס. „מנחם איז אַ גרינהאָרן", האָב איך אים געהערט באַמערקען צו דעם פאַרשטאָרבענעם אייבעלע גאָלדבערג, וועלכער איז געווען דערביי. „איך נעם איין בושות פון אים . . ." ער האָט זיך דערביי צעלאַכט מיט זיין ברוסטיגען, אָנשטעקענדיגען געלעכטער.

איך האָב דערמאָנט אייב גאָלדבערג. גאָלדבערג איז געווען סאָקאָלאָוו'ס אַ פאַרברענטער חסיד. סאָקאָלאָוו, ווידער, האָט געהאַלטען פון גאָלדבערג'ן. אייבעלע'ן האָט זעהר שטאַרק געשמייכעלט פון דעם, וואָס מ'האָט אים גערופען אין די העברייאישע קרייזען „דער קליינער סאָקאָלאָוו" — „סאָקאָלאָוו הקטן".

סאָקאָלאָוו'ס ענגליש איז, אגב, געווען אַ גאַנץ מאָדנער: ס'איז געווען אַ זעהר קאָרעקטער, אַ זעהר ליטעראַרישער ענגליש, אָבער — ווען מ'האָט אים געהערט רעדען ענגליש, האָט מען זיך דערמאָנט אין דער מעשה, וואָס האָט צירקולירט אין ציוניסטישע קרייזען וועגען אַ דייטש. מ'האָט דערציילט, אַז אין דער צייט פון ציוניסטישען קאָנגרעס האָט סאָקאָלאָוו געהאַלטען אַ רעדע אין דייטש. דאָס איז געווען די דערעפענונגס-רעדע, וואָס פלעגט געוויינליך, פאַרטראָגען מאַקס נאָרדוי, און וואָס איז שטענדיג געווען די הויפּט-אַטראַקציע, דער דראַמאַטישער אַקט פון די ציוניסטישע קאָנגרעסען.

די קאָרעספּאָנדענטען, וואָס האָבען רעפּרעזענטירט די וועלט־פּרעסע, זענען געווען נייגעריג צו הערען סאָקאָלאָוו׳ס רעדע. צווישען די קאָרעספּאָנדענטען זענען געווען איינינע, וואָס האָבען פאַרטראַטען די גרעסטע צייטונגען אין דייטשלאַנד און עסטרייך. ווען סאָקאָלאָוו האָט פאַרענדיגט זיין רעדע, האָט מען דערנאָך געפרעגט ביי די קאָרעספּאָדענטען:

„ווי איז אייך געפעלען סאָקאָלאָוו׳ס דייטשע רעדע?״

„דער הער סאָקאָלאָוו האָט געהאַלטען אַ רעדע אין אַ פּערפעקטען דייטש, אָבער מיר האָבען אים קוים פאַרשטאַנען . . . ״ איז געווען דער ענטפער.

„פאַרוואָס?״ האָט מען געפרעגט.

„עס איז טאַקע געווען אַ פּערפעקטער דייטש״, האָבען די קאָרעספּאָנדענטען געענטפערט, „אָבער דאָס איז געווען אַזאַ הויכער דייטש, וואָס מען טרעפט נאָר אין ביכער און וואָס מען באַנוצט ניט אין געוויינליכען געשפּרעך. דערפאַר איז אונז געווען שווער נאָכצופאָלגען וואָס דער הער סאָקאָלאָוו האָט געזאָגט״.

ווי ווייט די דאָזיגע מעשה איז אמת, קאָן איך אייך ניט קאָווירען. איך קען נאָר זאָגען, אַז סאָקאָלאָוו׳ס ענגליש איז אויך געווען אַ בוך־ענגליש . . . מען האָט זיך געדאַרפט אַביסעל אָנשטרענגען, אַז מען זאָל אים פאַרשטיין.

סאָקאָלאָוו איז לויט זיין גאַנצען אויסזען און האַלטונג געווען אַן אַריסטאָקראַט פון דעם שפּיץ קאָפּ ביז די פיס. אַט שטייט ער פאַר מיינע אויגען. אַ ביסעל העכער פון מיטעלען וואוקס, די פיגור אַ געפּאַקטע און שנעל־באַוועגליכע, דאָס פּנים רונד, דאָס בולאַנזשע בערדעל האָט צוגעגעבען זיין פּנים אַ לענגליכען שטריך, די אויגען בלוילעך־גרויע. ווען ער האָט גערעדט, האָט זיין געלאַסען קול געקלונגען מיט אַ ווייכען, זינגעוודיגען טעמבער. זיינע באַוועגונגען זיינען געווען געלאַסען־געמאָסטענע.

סאָקאָלאָוו האָט זיך גקליידט מיט באַזונדערער פּאַרזיכטיגקייט. דער אָנצוג איז געלעגען אַ גוט־געפּאַסטער אויף זיין לייביגען גוף, דאָס העמד פריש געפּרעסט און פּעכעלדיג, גאָלדענע זאַפּאָנקעס האָבען אַרויסעקוקט פון די מאַנזשעטען, דער קראַוואַט סימעטריש אויסגעבונדען, די האָר פאַרקעמט ווי געהעריג.

אין דער פאָרזיכטיגקייט פון דער קליידונג האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער כאַראַקטער פון דעם מענשען. ער איז געווען אויך אַזוי אין זיין רעדען און שרייבען. די ווערטער, צי דאָס איז געווען אין רעדען, אָדער אין שרייבען, זיינען אַרויסגעקומען ביי אים צוגעקליבענע, ווי ער וואָלט געסילעוועט פּערל אויף אַ שנירעל. ער איז געווען איינער פון די פּראָדוקטיווסטע שרייבער. ער האָט גע־

קענט אַנשרייבען אַן אַרטיקעל, אַן עסעי מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. אָבער ניט געקוקט אויף דעם, איז קיין וואָרט ניט אַרויס־געקומען פון זיין מויל און פעדער ביז עס איז ניט דורכגעלייטערט געוואָרען אין זיין געדאַנק און געמיט.

איך האָב אים געהערט פיל מאָל רעדען. אויף ביאַליק׳ן האָט מען געזאָגט, אַז „ביאַליק שבעל פה” איז ניט ווינציגער גייסטרייך ווי ביאַליק שבכתב. דאָס זעלביגע האָט געקענט אַנגעווענדעט ווער־רען אויף נחום סאָקאָלאָוו.

סאָקאָלאָוו דער רעדנער האָט זיך געקענט צופּאַסען צו יעדען עולם פאַר וועמען ער איז אויפגעטראָטען, פּונקט ווי ער האָט גע־קענט שרייבען פאַר דעם אידען דעם למדן און משכיל און פאַר דעם מאָדערנעם איד, דעם ליטעראַטור־מפונק.

מיר איז אויסגעקומען צו הערען סאָקאָלאָוו׳ן אויף אַ צונויפקום פון אידען לומדים און משכילים ביי דער גרופּע, וואָס רופט זיך „חברותא”. מיר דוכט, אַז דער פאַרשטאָרבענער פּרץ ווערניק איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט און ער האָט פאָרגעשטעלט סאָקאָלאָוו׳ן.

סאָקאָלאָוו האָט אָפּגעמאָסטען דעם עולם, זיין קלוגער, לייכט־שמייכעלענדיגער בליק האָט געזאָגט, אַז עס איז געווען גענוג פאַר אים איין קוק אַרומצוכאַפּען דעם עולם און וויסען פאַר וועמען ער שטייט און צו וועמען ער דאַרף רעדען.

איז דערשינען יענעם אָוונט סאָקאָלאָוו דער חריף ובקי, דער צנא מלא ספרא, דער למדן, וואָס איז אומגעגאַנגען אַרוכות וקצרות, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין דער דלת אמות פון זיין אייגענעם שלאָף־צימער איבער די חדרים און חדרי־חדרים, וואו עס זענען אַנ־געקליבען די אוצרות פון אונזער אַלטער און נייער קולטור.

יענעם אָוונט האָט זיך פון סאָקאָלאָוו׳ס ליפּען געטראָגען אַ לויטער־שפּרודלדיגער קוואַל. ער איז געווען כמעין המתגבר, די וואָס האָבען אים געהערט, זיינען געזעסן מיט אָפענע מיילער און גע־טרונקען ווי דאָרשטיגע זיינע רייד.

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָב איך געהערט סאָקאָלאָוו׳ן רעדען פאַר אַ גרופּע פון אַמעריקאַנער אידישע אינטעלעקטואַלען, אַקאַ־דעמיקער, פּראָפעסיאָנאַלען, ראַבינערס. דאָ איז שוין געשטאַנען אַן אַנדער סאָקאָלאָוו. עס איז דערשינען סאָקאָלאָוו דער ענציקלאָ־פּעדיסט, פאַר וועמען אַלע טירען און טויערן פון דער קלאַסישער און מאָדערנער קולטור זיינען פריי און ברייט צעפּראַלט. ער האָט אַריבערגעוואָרפען אַ שטראַליגע בריק צווישען פּלאַטאָ און בערג־סאָן. איבער דער בריק זיינען דורכגעגאַנגען די גרויסע גייסטער פון יעדען יאָרהונדערט.

איך האָב געזאָגט, אַז סאָקאָלאָוו איז געווען אַן אַריסטאָקראַט אין זיין גאַנצען אויסזען, מיט זיין גאַנצער האַלטונג.

ווי יעדער אַריסטאָקראַט, איז ער אויך געווען דער אמת'ער דעמאָקראַט.

ווען סאָקאָלאָוו איז געווען אין אַמעריקע, פלעגט ער אָפטמאָל פאַרלאָזען זיין פיינעם האָטעל ערגעץ אין די רייכע גאַסען פון אויבערשטען טייל פון שטאָט און אַרונטערקומען אויף אונזער איסט סאַיד. ער פלעגט אַריינגיין צו דעם אַמאָליג-באַרימטען „שלום'ס רעסטאָראַן", וואו אידישע שרייבער האָבען געמאַכט זייער היים. ער פלעגט זיך אַוועקזעצען ביי אַ טישעל און באַלד זיינען אויסגע־וואַקסען אַרום אים שרייבער פון דער אָדער יענער רעדאַקציע. ער איז געזעסען אין צענטער און „געפירט דעם טיש" — דערציילט פון זיינע רייכע ציי‌טונג-דערפאַרונגען, פון זיינע באַגעגענישען אי־בער גאָט'ס וועלט, מיט באַרימטקייטען, מיניסטאָרען, דיפּלאָמאַטען, סתם גרויסע פּערזענליכקייטען, פון די לענדער און קאָנטינענטען, איבער וועלכע ער האָט אומגעוואַנדערט.

איינמאָל, געדענק איך, איז אַריינגעקומען דער באַרימטער חנא אין דעם רעסטאָראַן. ער האָט דערזען סאָקאָלאָוו'ן און איז צוגעגאַנ־גען צו אים און אַ קלאַפּ טוענדיג אים אין דער פּלייצע, האָט ער אויסגערופען:

„נו, וואָס מאַכסטו נחום? ווי געפעלט דיר אַמעריטשקע?..."

סאָקאָלאָוו האָט זיך ניט פאַרלאָרען פון חנא'ס פּאַני-בראַטסטוואָ. ער האָט זיך ברייט צעלאַכט, אויסגעשטרעקט די האַנט צו חנא'ן, זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים ווי ער וואָלט געווען דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטער אָרגאַניזאַציע. ער האָט אויך געענטפערט אויף חנא'ס פראַגע:

„אַמעריטשקע? ניט קיין שלעכטע מדינה. און ווי באַהאַנדעלט דיך אַמעריטשקע?"

„ניט שלעכט . . ." האָט חנא געענטפערט. „עס בענקט זיך אָבער נאָך וואַרשע . . . ."

„נו, יאָ. אָבער דו בלייב בעסער אין אַמעריקע", האָט סאָקאָ־לאָוו באַמערקט מיט אַ קלוגען פינטעל אין די אויגען.

סאָקאָלאָוו איז אין זיין רעדען, אפשר מער ווי אין זיין שרייבען, געווען דער אמת'ער פּקח, די בליציגע פּקחות האָט געשלאָגען פון זיין יעדער באַמערקונג.

סאָקאָלאָוו'ס פּקחות איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע פון ווייצמאַנ'ס. אגב ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו האָבען גאַנץ אָפט ניט געזען אויג-צו־אויג, די באַציאונגען זייערע האָבען זיך ניט אויסגעצייכענט מיט באַזונדערער וואַרימקייט.

צווישען די עלטערע ציוניסטען האָט מען ניט געקענט פאַרגע־סען, אַז סאָקאָלאָוו איז אַמאָל געווען אַ קעגנער פון חיבת ציון,

און אז דער „אָדעסער קאָמיטעט" האָט זיך באַצויגען פיינטליך צו אים.

דאָס איז אָבער ניט געווען די סיבה פאַרוואָס ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו זיינען ניט אויסגעקומען צווישען זיך. עס זענען געווען אַנדערע סיבות, פּערזענליכע, וואָס האָבען געהאַט צו טאָן מיט די פאַרשיידענע טעמפּעראַמענטען פון די צוויי מענשען.

סאָקאָלאָוו'ס פּקחות האָט געקוואָלט ניט נאָר פון מוח, נאָר אויך פון האַרץ. סאָקאָלאָוו איז געווען אין עיקר אַ פּאָעט. ניט אומזיסט האָט ער געגעבען אויסדרוק צו פּאָעטישע שטימונגען און עמאָציעס און האָט געשריבען לידער אין פּראָזע און אפילו אין פּערזען.

ווייצמאַנ'ס פּקחות איז אָבער אַ ליטוויש-טרוקענער, אַ כולו מוח'דיגע. ווייצמאַן איז דער ספּעץ, דער לאַבאָראַטאָריע מענש, דער נישטערער און פאָרשער. אויב ווייצמאַן האָט עמאָציעס, דערשטיקט ער זיי אין זיך.

סאָקאָלאָוו האָט מיט זיך פאַרקערפּערט דעם פּוילישען איד, ביי וועמען לומדות און חסידות זענען געגאַנגען געאָרעמט.

ווייצמאַן איז דער מתנגד'ישער ליטוואַק, וואָס אפילו ווען ער דערוואָרימט זיך, שלאָגט אויך פון אים מיט קאַלט פייער.

איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס די דאָזיגע צוויי מענשען זיינען געווען ווייט און פרעמד איינע פון די אַנדערע, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ביידע האָבען אָפּגעגעבען זייער לעבען פאַר איינעם און דעם זעלביגען אידעאַל.

(10טער אויגוסט, 1951).

## פּנחס רוטענבערג — באַלייכטער פון ארץ ישראל

נישט גרינג איז מיר אָנגעקומען פּועל'ן ביי זיך, אַז דער דיקליכער שווערלייביגער מענש, וועמען איך האָב מיט עטליכע יאָר צוריק געזען אין תל-אביב, ווישען זיך דעם שווייס פון געפּאַלבטען שטערען אין אַ פאַרנעם, זוניגען טאָג, איז עס דער זעלביגער רוטענבערג, וואָס איז מיר אַזוי אָפט געקומען אין וועג אין ניו יאָרק, אין די שטורעמדיגע יאָרען פון וועלט-קריג.

אין ניו יאָרק האָב איך געקענט אַ גאַנץ אַנדער רוטענבערג — אַ הויכען, אַ ברייטאַקסעלדיגען, אַ בויגליך-באַוועגענדיגען. זיין גאַנג אַ שווערער, ווי ער וואָלט געפּרואווט לאָזען אַן אָפּדרוק פון יעדען שפּאַן וואָס ער מאַכט. ער אַליין אָבער אינגאַנצען אַזאַ רירעוודיגענערגישער און קאָכיגער, ווי אַ דינאַמאָ וואָלט אין אים געאַרבעט. געדענק איך אים שפּאַנען איבער די גאַסען פון אונזער איסט-סאַיד, אָדער אין דער רעדאַקציע פון דער אַמאָליגער „ווארהייט", וואו ער

איז געווען אַן אַפּטער אַריינגעהער, אָדער זיצענדיג איבער אַ גלאָז טיי אין דעם רעסטאָראַן „ראַשען איין", אויף דער עטליכע און דרייסיג־סטער גאַס, וואו די פּרוי פון זיין פריינט און פּאַרטיי־חבר פון דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, מענדעל ראָזענבוים, וואָס האָט פּונקט ווי רוטענבערג געפונען זיין תיקון אין ארץ־ישראל, איז געווען די באַלעבאָסטע.

ווען ראָטענבערג האָט זיך אויפגעשטעלט איז איין אַקסעל גע־ווען ביי אים נידעריגער פון אַנדערען, איבערהויפּט ביים גאַנג. די גאַנצע פיגור זיינע אָבער—אַ גראַדע, אַ דעמביגע, ווי אַן אַרויסגע־טשעסעטע. אָרעמס לאַנגע, וואָס האָבען געגעבען אַ געפיל פון אומ־געוויינליכער מוסקול־קראַפט. די פינגער פון די האָריגע הענט, לאַנ־גע און ביינערדיגע.

איך געדענק ווי יעדעס מאָל וואָס מיין אויג איז געפאַלען אויף אָט־די לאַנגע, ביינערדיגע פינגער, האָט אַ פרעסטעל זיך דורכגע־טראָגען איבער מיין רוקען. די דאָזיגע פינגער האָבען מיך ווי היפּ־נאָטיזירט און אַ שטילען שרעק אַנגעוואָרפען. איך האָב מיר ניט געקאָנט העלפען און טראַכטען, אַז אָט־די פינגער האָבען זיך איינגע־גראָבען ווי אייזערנע צוואַנגען אין האַלז פון פּאַררעטעדישען גלח גאַפּאָן, געטיקט און געוואָרגען אים ביז ער איז געוואָרען ברוין און בלוי, די אויגען טויט־פאַרגלאָזט, דאָס פאַרלאָפענע פּנים מיט פאַרגליווערטען אַנגסט און שרעק אין יעדער צעקרימטער שטריך. און ווען דער היפּנאָז פון אָט־די פינגער האָט מיך אָפּגעלאָזען, האָב איך דערנאָך געגומען באַטראַכטען דאָס פּנים פון אָט־דעם אויסטער־לישען מענשען, אַ טונקעלם, ווי ס׳וואָלט שטענדיג אין שאָטען זיך געהילט. ניט דאָס גאַנצע פּנים, נאָר איין זייט, דער שאָטען האָט ווי פון איין אויג זיך אַרויסגעוויקעלט און פאַהילט איין טייל פון פּנים, דער צווייטער טייל איז געבליבען אַן אָפענער, אַ ליכטיג־אַנטפּלעקטער. האָט אָט־דער שפּיל פון ליכט־און־שאָטען, וואָס איז אויף רוטענבערג׳ס פּנים אָנגעגאַנגען, געצויגען צו זיך, גע׳כישופ׳ט ווי אַ מיסטעריע, אָנגערעגט די פאַנטאַזיע, אויפגעשלאָגען דעם קוואַל פון פאַנגענדיגע לעגענדעס, וואָס דער מענש האָט אין זיך אַרומ־געטראָגען.

אָט דעם רוטענבערג׳ן האָב איך געקענט אין ניו יאָרק, דעם מענשען, וואָס יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך באַוויזען, האָט זיך געדוכט ווי ער וואָלט פון שאָטענס זיך אַרויסגעשלייכט. ער איז אומגעגאַנגען ווי אין אַ רויכיגען מאַנטעל מיט אַ קאַפּושאָן איבער די אויגען. מ׳האָט אים קיינמאָל ניט געזען אינגאַנצען, נאָר אין האַלב־שאָטענס, פּונקט ווי זיינע רייד זיינען ניט געווען קיין גאַנצע

און פולע, נאָר אין האַלב־טענער.

אין ליכט פון דער ארץ־ישראל'דיגער זון, וואָס האָט די אויגען געבלענדט, איז ער פאַר מיר אַרויסקעטראָטען אין פולען רעליף, ווי אין דער זון פון ארץ־ישראל וואָלטען זיך אויפגעלייזט און צעווייט די שאָטענס, וואָס האָבען אים פריער איינגעהילט. איז מיין באַגעגעניש מיט אים אין ארץ־ישראל געווען מיט אַ סך יאָרען שפּעטער. אין ארץ־ישראל האָט ער פאַרלוירען די אומרו, וואָס האָט ניו יאָרק פון אים אַרויסגעשפּאַרט. ער איז געוואָרען עלטער און שווערלייביגער. די ביינערדיגע פינגער זיינע, וואָס האָבען דעם גלח גאַפּאָן דערוואָרגען, האָבען אין ארץ־ישראל אַרויפגעצויגען אַ ווייכקייט אויף זיך. רעדען אויך די פאַרענדערטע פינגער פון רו, שאַפערישער רו, וואָס האָט זיך אויף דעם מענשען אַרונטערגעלאָזען פון דעם טאָג, וואָס ער האָט זיין לעבען מיט'ן לעבען און בוי פון דעם אידישען היימלאַנד צונויפגעגאָסען, ווי ער האָט עס געטאָן מיט די וואַסערען פון ירדן.

פאַר מיר הויבט זיך אָבער אָן דאָס פאַרכאַפּעדיגע קאַפּיטעל „פּנחס רוטענבערג" מיט אַמעריקע. פאַר אַנדערע נאָך מיט אַ צייט פריער פון רוסלאַנד. איך געדענק ווי ער האָט זיך באַוויזען אויף דער אידישער גאַס אין ניו יאָרק, זיין אויפקאָכענדיגע ווירקונג אין די עטליכע יאָר, וואָס ער האָט מיט אונז דאָ פאַרבראַכט.

אַ פרעמדער, אַן אומבאַקאַנטער איז ער געקומען צו אונז אין די יאָרען פון וועלט־קריג. ניט מער ווי געציילטע, נאָר די וואָס זיינען געווען אינטים פאַרבונדען מיט'ן גאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָבען געוואוסט ווער פּנחס רוטענבערג איז.

אַ שטיקעל צייט איז ער אומגעגאַנגען מיט דעם אָרעאָל פון געהיימניספולקייט, וואָס האָט זיך אַרום אים געוויקעלט. ער האָט געצויגען אויף זיך אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויסטערלישקייט. זיין הויכע, ברייט אקסעלדיגע פיגור, דאָס טונקעלע, שאָטענדיגע פּנים, די שאַרף־דורכדרינגענדיגע בליקען, האָבען זיך גענומען וואָרפען אין די אויגען אויף פאַרשיידענע אידישע פאַרזאַמלונגען, ס'איז דעמאָלט געווען אַ צעברויזטע צייט אויף דער אידישער גאַס. דער וועלט־קריג, וואָס האָט געברענט אויף יענער זייט ים, די פאַרשיידענע, פאַרכאַפּענדיגע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אַרויסגעשוואומען פאַר'ן אַמעריקאַנער אידענטום, דער געפּיל און באַוואוסטזיין, אַז דער טיטאַנישער קריג שטעלט אַוועק ניט נאָר די וועלט, נאָר אויך דאָס אידישע פאָלק פּנים אל פּנים מיט גוואַלטיגע ענדערונגען און איבערקערענישען, אַז די אידישע געשיכטע שטייט אויפ'ן שוועל פון אַ נייער ווענדונג — דאָס אַלץ האָט אָנגעצונדען נייע פייערן אין אַמעריקאַנער אידענטום. די היגע אידען האָבען דערפילט, אַז די געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי אַזעלכע אחריות'ען, פון וועלכע זיי האָבען גאָר פריער ניט גע'חלום'ט, אַז דער גורל האָט אָנגע־

צייכענט פאַר'ן היגען אידענטום צו ווערען דער רעטער און וועגווייזער פון די מיליאָנען אידען אויף יענער זייט ים. האָט דאָס אַלץ געפירט צו אַ גוואַלטיגער אויפלעבונג, צו אַ מאָביליזירונג פון אַלע געזעלשאַפטליכע כוחות. ס'איז געווען אַ צייט פון אַלערליי פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצען, באַראַטונגען, דעמאָנסטראַציעס.

דער פרעמדער, אויסטערלישער מענש מיט'ן שאַטענדיגען פנים, האָט זיך גענומען באַווייזען אויף די אַלע פאַרזאַמלונגען. מ'האָט אים געזען זיצען אין אַ ווינקעל, דאָס פנים אַנגעשטרענגט, די אויגען איינגעגעסען אין דער בימה וואו אַלערליי רעדנער און פירער זיינען אויפגעטראָטען. ער איז געזעסען, איין אקסעל נידעריגער פון אַנ-דערן, און זיין גאַנצע פיגור אַ וויברירענדיגע, אַן עלעקטריזירטע פון דעם וואָס אַרום אים איז אָנגעגאַנגען. האָט מען גענומען פרעגען: ווער איז ער דער אויסטערלישער מענש? פון וואַנען קומט ער? די געציילטע, וואָס האָבען אים געקענט, האָבען געענטפערט:

— פנחס רוטענבערג . . .

— פנחס רוטענבערג?

— יאָ, פנחס רוטענבערג . . .

— דער פנחס רוטענבערג?

— יאָ, דער פנחס רוטענבערג . . .

און מ'האָט געוואוסט, אַז „דער פנחס רוטענבערג", איז דער מענש, וואָס האָט געשפּילט אַ גאָר העלדישע ראָל אין דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. דער פנחס רוטענבערג האָט עס דורכגעפירט דעם משפט פון זיין פּאַרטיי צו באַשטראָפען דעם פאַררעטערישען גלח גאַפּאָן מיט טויט. קאָלעגע ש. ראָזענפעלד דער-ציילט מיר, אַז ער האָט געהערט פון פאַרשטאָרבענעם אַנ—סקי, וואָס האָט כידוע, אויך באַלאַנגט צו דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלו-ציאָנערער פּאַרטיי, אַז רוטענבערג האָט דערוואָרגען דעם גלח גאַפּאָן מיט די אייגענע הענט. געשען איז עס אין דער אַרבייטער-דעמאָנ-סטראַציע פון 1905. אַ דעפּוטאַציע פון אַרבייטער און פויערים איז אַוועק צום ווינטער-פּאַלאַץ פון „צאַר באַטיושקאַ" בעטען ביי אים רחמים פאַר די אָרימע, באַליידיגטע און אונטערדריקטע. דער ענט-פער פון צאַר באַטיושקאַ איז געווען — פולעמיאָטען. קאָזאַקען האָ-בען באַגעגענט דעם המון אָנגעפירט פון גלח גאַפּאָן מיט פייער. דאָס בלוט פון צענדליגער הרוגים האָט באַלד באַפאַרבט דעם שניי. רוטענבערג האָט זיך דאָרט געפונען בשעת מעשה, און ער האָט עס אַרויסגעשלעפּט גאַפּאָנ'ען פון צוזאַמענשטויס מיט די קאָזאַקען, געבראַכט אים ערגעץ און אויסבאַהאַלטען. שפּעטער — ווען מ'האָט אויסגעפונען, אַז גאַפּאָן איז געווען אַ פאַררעטער, האָט רוטענבערג דערוואָרגען אים מיט די אייגענע הענט. סאַווינקאָוו דערציילט, אַז

ר'האָט אים דערנאָך אויפגעהאַנגען. מ'האָט געפונען דעם גלח'ס קער-פּער באַמבלען זיך אויף אַ שטריק פון סופיט. דאָס אַלץ איז גע-שיכטע.

מ'האָט אויך געוואוסט, אַז „דער פנחס רוטענבערג" איז שפּעטער געוואָרען אַ דערפאָלגרייכער אינזשענער אין איטאַליע. ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, איידער מוסאָליני האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן פאַרבלוטיגטען רייטוואָגען פון היטלער'ס אַנטי-סעמיטיזם, האָט ער אין אַ שמועס מיט אַ ציוניסטישען פירער זיך נאָכגעפרעגט אויף רוטענבערג'ן. דיסקוטירענדיג די אַראַבער-פראַגע אין ארץ-ישראל, האָט מוסאָליני באַמערקט: „איין רוטענבערג האָט מער ווערט פאַר ארץ ישראל ווי דער גאַנצער מיליאָן אַראַבער".

די וואָס ווייסען פון רוטענבערג'ס וואונדער-אויפטו אין ארץ-ישראל וועלען מודה זיין, אַז מוסאָליני האָט געהאַט רעכט.

* * *

מ'האָט ניט געקומען לאַנג און דער פרעמדער, אומבאַקאַנטער פנחס רוטענבערג איז געוואָרען אַ פירענדיגע פיגור אין אַמעריקאַ-נער אידישען לעבען.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער קאָנגרעס-באַוועגונג, אין אידישען לעגיאָן. זיין דינאַמישע קראַפט האָט זיך גענומען לאָזען פילען אויפ'ן גאַנצען פראָנט פון אונזער געזעלשאַפטליכקייט.

מ'האָט שוין מער ניט געפרעגט: ווער איז דער אויסטערלישער מענש? מ'האָט געוואוסט, די גאַנצע אידישע עפענטליכקייט האָט גע-וואוסט—דאָס איז פנחס רוטענבערג.

אין דער צייט וואָס ער איז געווען אין אַמעריקע, האָט ער פאַר-עפענטליכט אַ מערקווירדיגע בראָשור. געשריבען איז די בראָשור ניט פון דעם אַלט-באַקאַנטען „פנחס רוטענבערג", נאָר פון „פינחס בן עמי".

„פינחס בן עמי" איז שוין אַ נייער מענש, אַ ניי-געבוירענער, אַ דורכגעלייטערטער, איינער וואָס האָט נאָך לאַנגע בלאָנדזשעניש-ען און זוכענישען געפונען דעם וועג צו זיין פאָלק.

די דאָזיגע בראָשור איז אַ מין וידוי. רוטענבערג דערציילט אונז פון זיין לעבען, פון זיינע נשמה-ראַנגלענישען. ער דערציילט אונז פון זיין יוגענט, זיינע סטודענטען-יאָרען, זיין אַרבעט און מסירת נפש פאַר אַנדערע. דאָס ליכט וואָס האָט אים געפירט צוריק צו זיין פאָלק איז ביסלעכווייז פאַר אים אויפגעגאַנגען. ער האָט זיך גענומען פרעגען: ווער בין איך און וואו באַלאַנג איך? זיינע פריינט אין איטאַליע, מיט וועלכע ער האָט געאַרבעט, זיי רעדען מיט אַזאַ נאַטירליכער אָפענקייט פון זייער אָפּשטאַם און פאָלק, און ער, ווען עס קומט צו זיין אידישקייט, איז ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט דעם, פאַרוואָס איז עס אַזוי?

אויך אַנדערע פראַגען האָבען אים גענומען מאַטערען. דער ענטפער איז געקומען בּיסלעכווייז: צוריק צום אייגענעם פאָלק, אויך צום אייגענעם לאַנד.

רוטענבערג זאָגט אונז אין זיין בּראַשור: אַן אייגען לאַנד קאָן מען נאָר דערווערבען מיט קרבּנות, פאַר פרייהייט צאָלט מען מיט בּלוט. דערפון זיין אינטערעס אין לעגיאָן. דערפון אויך זיין אינטערעס אין איריגאַציע, און בּאַוואַסערונג פון ארץ־ישראל, אין ליכט פאַר דעם אידישען לאַנד, נאָך אַ סך פריער איידער ער איז געקומען אַהין. דאָס איז געשען נאָך איידער ער האָט דורכגעמאַכט, אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל, דעם עטאַפּ פון קערענסקי׳ס רוסלאַנד.

ער האָט נאָך אין ניו יאָרק אַוועקגעגעבען אַ מאַסע צייט אויף שטודירען און פאָרשען די מעגליכקייטען פון איינשפּאַנען די וואַסער־ענערגיע פון ארץ־ישראל פאַר ווידעראויפבּוי. נאָך איידער ער האָט דערגרייכט דאָס לאַנד, איז ער שוין געווען בּאַקאַנט מיט אַלע זיינע אָפּענע און אין די טיפעניש־פאַרבּאָרגענע וואַסער־כוחות. ער האָט שוין אויך געהאַט פאַרטיגע פּלענער ווי אַזוי אויסצונוצען די דאָזיגע כוחות.

האָט ער דערנאָך אָנגענומען די פאַרלאָזענע ירדן־שטראָמען בּיי דער שוימיגער גריווע, איינגעצוימט זיי, געלאָזען זיי צעטראָגען עלעקטריש־ליכט, און בּליציגען גלאַנץ איבּער אַלע ווינקעלעך פון ארץ ישראל. דאָס ליכט פון אַ ניי לעבּען האָט רוטענבּערג אָנגעצונדען פון דן בּיז בּאר שבע.

אין ארץ־ישראל זיינען רוטענבערג און ליכט—אַ סינאָנים. ווערט קאַליע אַן עלעקטריש לעמפּעל ערגעץ אין אַ שטוב פון אַ פאַרוואָר־פענער קאָלאָניע, זאָגען די קינדער פאַרזאָרגטע: „עפּעס האָט גע־טראָפען מיט רוטענבערג׳ן״. בּליצט אויף ווידער דאָס לעמפּעל, און די קינדער רופען אויס מיט פרייד: „רוטענבערג אַרבּעט ווידער!״

רוטענבערג און ליכט, רוטענבערג און די נייע ארץ־ישראל—זיי זענען צונויפגעגאָסען ווי דאָס ירדן־וואַסער וואָס רוטענבערג האָט מיט זיינע ריזיגע דינאַמאָס איינגעשפּאַנט.

## דער בּן־יהודה משפּחה

אין איין שיינעם טאָג—און ווער ווייסט, צי ס׳איז געווען אַ שיינער טאָג—איז אליעזר בּן יהודה געקומען קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען אין יאָר טויזענט־ניין־הונדערט־ניינצען.

ווען איך זאָג „טויזענט־ניין־הונדערט־ניינצען״, מיינט עס דאָך, אַז דאָס איז געשען מיט אַ דריי צענדליג יאָר צוריק, דאָס הייסט: דריי צענדליג יאָר מיט אַ סמיטשיק. האָט איר אַ טעות. וואָרים, אַז איך טראַכט פון יענער צייט, דוכט זיך מיר, אַז ניט איינער, נאָר עטליכע

מבול׳ס האָבען די ערד פאַרפלייצט.

און ס׳איז דאָך טאַקע אַזוי געשען. מיר האָבען שוין זינט דעמאָלט דורכגעמאַכט די בלוטיגע מבול׳ס פון ערשטען און צווייטען וועלט־קריג, און ווי שטערנזעערס זאָגען, דערנענטערן מיר זיך צום דריטען מבול.

דאָס אַלץ איז אָבער סתם אַזוי אָדער, ווי דער העברייער זאָגט, אגב אורחא.

אליעזר בן יהודה, ווייסט איר דאָך מסתמא, איז געווען „דער פאָטער פון מאָדערנעם העברייאיש״.

און אויב איר ווייסט עס ניט, וועט אסור שאַטען, ווען איר וועט עס וויסען.

אויב העברייאיש איז היינט דאָס לשון פון ישראל, האָט מען עס צו פאַרדאַנקען אליעזר בן יהודה.

דאָס האָט ער גענומען דאָס געצוימטע, קאָמפּאַקטע לשון פון ישעיהו און ירמיהו און עמוס און מיכה המורשתי און איבערגעשמידט עס אין זיין וואונדער־קוזניע אין אַ שפּראַך, וואָס מ׳קאָן באַנוצען יעדען טאָג, מיט וועלכער מען קאָן ניט נאָר אויסרופען אין פּאַטעטיש־סאָנאָרע טענער, ווי דאָס ברויזענדיגע שפּילען פון אַן אָרגעל: „חזון ישעיהו בן אמוץ״, אָדער „והיה באחרית הימים״, נאָר מען קאָן אויך רעדען מיט דעם דאָזיגען לשון כלשון בני אדם, דאָס הייסט: באַנוצען עס אין אונזער גרויער, וואָכעדיגער אַלטעגליכקייט — אין מאַרק, ביים ווערקשטאַט, אין פעלד, אין פּרדס, ביים פלאַסטערען וועגען און שאָסייען.

איך האָב זיך איבערצייגט ביי מיין לעצטען באַזוך אין ישראל, אויב איך האָב זיך גענויטיגט אין איבערצייגונג, אַז העברייאיש איז דאָס לשון פון ישראל. עס נעמט ניט מער ווי עטליכע חדשים, אַז אַ יונגער מענש, וואָס האָט פריער קיין וואָרט העברייאיש ניט געקענט, זאָל זיך איינלעבען מיט׳ן לשון און ס׳זאָל אומפלאַטערען ווי פייגעל אויף זיינע ליפּען...

ווי אַזוי האָט עס געטאָן דער מענש אליעזר בן יהודה? איינע פון יענע פאַנטאַסטישע מעשה׳ס, וואָס זענען געשען אויף דער גע־הייליגטער ערד און אונטער דעם הימעל, פון וואַנען די שכינה קוקט אַרונטער, — די ערד און דער הימעל פון ישראל, וואו אַלץ, וואָס מען הערט און מען זעט דאָרט, איז ניט־דאָיג, פאַנטאַסטיש און לאָזט זיך ניט באַנעמען מיט מוח אָדער משיג זיין מיט שכל.

* * *

אליעזר בן יהודה איז ניט געקומען אַליין, נאָר מיט זיין גאַנצער משפחה: מיט זיין ווייב חמדה, מיט זיין עלטסטען זון איתמר און מיט איתמר׳ס ווייב און, מיר דוכט, מיט נאָך אַ זון. זיי האָבען זיך

באַזעצט ערגעץ אין דעם מערב־טייל פון ניו יאָרק, אין איינעם פון די אַמאָליגע ברוינשטייניגע הייזער, מיט די הויכע טרעפּ און שפּיגעל־פענסטער און וואַזאָנעם אויף די פענסטער, און שווערע בראָקאַד־פאָרהאַנגען איבער די שויבען.

איך בין דעמאָלט געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער „וואַרהייט", עליה השלום. דאָס איז געווען די צייטונג, וואו לואי מילער איז ניט נאָר געווען רעדאַקטאָר, נאָר דער אַליין־הערשער, דער צאַר, דער דיקטאַטאָר, דער נאַפּאָלעאָן...

אין דער „וואַרהייט" בין איך נאָך געווען אַ צוציק, אַ שנעק, עס האָבן זיך דאָרט ערשט געצומען שניידען מיינע שרייבערישע ציין. די אַנדערע, ווי יואל ענטין, באָרוכאָוו, עלבע, אָדער ווי ער האָט זיך אָפּט אונטערגעשריבען „לייבע דער רויטער", סלאָנים, פינקעל, לילי־פּוט, — זיי זענען שוין געווען שרייבערס מיט אַ סטאַזש. איך בין געווען פאַררעכענט צווישען זיי ווי אַ „נאָוואָבראַניעץ" צווישען סאָל־דאַטען, וואָס האָבען שוין דורכגעמאַכט לאַנגען דינסט.

ווי אַזוי מילער האָט אויסגעפונען, אַז איך, דער שנעק, בין אַ שטיקעל למדן, איז פאַר מיר געווען אַ סוד.

„נו — אויב אַזוי, גייט אַריבער און האָט אַן אינטערוויו מיט „ווי הייסט ער דאָרט?" — בן יהודה, טפו זאָל עס ווערען, אַ נאָמען בן יהודה!" — האָט מילער אַרויסגעברומט.

„גוט!"

* * *

איך האָב געטראָפען בן יהודה'ן מיט זיין גאַנצער משפחה. זיי זענען געווען פאַרזאַמעלט אין אַ גרויס צימער, מיט אַ קאָלירעוודיגע שפּאַליר־ווענט — אַ זאַל אַזאַ. פון מיטען סופיט איז אַרונטערגע־האַנגען אַ שווערע קאַנדעליאַברע מיט קרישטאָלנע הענגעלעך און באַפּוצונגען, וואָס האָבען אויפגעקלונגען מיט אַ דין־איידעלער גלעקעל־דיגקייט יעדעס מאָל, ווען אַ ווינטל האָט אַריינגעבלאָזען דורך די אָפענע פענסטער.

ס'איז געווען דער שענסטער צייט פון יאָר אין ניו־יאָרק — אינדיאַנער זומער. די בוימער אין דערבייאיגען סענטראַל פּאַרק זענען געשטאַנען צונטער־רויטע, ווי באַהאַנגען מיט צעצונדענע ליכט. דאָ און דאָרט — די בלעטער קופּערדיג־אויסגעהאַמערטע; דאָ און דאָרט — געטונקענע און צעשמאָלצענעם גאָלד.

בן יהודה איז געזעסען איינגעזונקען טיף אין אַ געבעטענעם שטול. זיין מאָגערער גוף איז ווי פאַרשלונגען געוואָרען צווישען די פאַלדען פון באַשלאָגענעם בראָקאַט.

איך האָב באַטראַכט דאָס מאָגערע שפּאָניגע מענשעל מיט'ן טרוקענעם איינגעפאַלענעם פּנים. דער גאַנצער גוף — ווי פון האָלץ,

וואס איז לאנג געלעגען אונטער דער זון, און איין פונק פון א שווע־בעלע קאן עס אנצינדען און פאנאנדערפלאמען. די אויגען —גרויס־גרויסע, אונטער ארונטערגעלאזענע ברעמען; דער קוק — אן ארום־נעמענדיגער און דורכדרינגעדיגער.

האב איך אין לאנגער, שווייגענדיגער פארלעגענהייט באטראכט אט די לעגענדארע געשטאלט, וואס איז געזעסען ווי ער וואלט געווען ארייננעפאלען אין דער שטול און ווי אפגעשיידט פון די אנדערע אין דעם גרויסן צימער.

חמדה זיין ווייב — א צעבליטע שיינקייט. ס׳האט געשלאגען מיט א רעגיגער ווארימקייט פון איר לייביקער פיגור. אויף איר רונד אנימירט פנים איז אנגעגאנגען א פאנגענדיג שפיל: אט האט זי געשמייכעלט מיט א שפילעוודיגען, קאקעטישען שמייכעל, אט האט זי צוגעווארפען אווארט, באגלייט מיט א צעשטראלטער מינע. זי, חמדה, האט דאמינירט אין זאל. זי האט דאמינירט מיט איר ווייב־ליכקייט. איר יעדער ריר און בויג, איר יעדער שמייכעל און אויסדרוק האט געלאזט וויסען, אז זי איז א פרוי, וואס ווייסט דעם אייגענעם ווערט.

איתמר, דער זון, איז דעמאלט געווען א יונגער, געשטרעקטער בחור — „א בחור כארזים״, א שיינער, מיט דער שיינקייט פון א פרויען־העלד. דאס פנים — פריש, לעבעדיג, די זשעסטן — ספאר־טיווע, אין דער צעשויבערטקייט פון געדיכטען קאפ האר — א מין ארויסרופענדיגע טראציגקייט.

איתמר איז דעמאלט געווען א מין וואונדער־קינד. דורך אים, דורך זיין קלאנגפולען, מעלאדישען, זאפטיגען העברייאיש האט דער פאטער בן־יהודה דעמאנסטרירט וויפיל לעבען און קראפט, וויפיל שיינקייט און יוגענטליכקייט די אלט־אלטע נביאים־שפראך טראגט אין זיך.

איתמר׳ס פרוי איז געווען א טונקעלע, ספרד׳ישע שיינהייט. א ווייך־פלאמפליכע, מיט א רונד, טונקל פנים, פולע, סענסועלע ליפען און קוילינע אויגען. זי איז געזעסען אין א ווינקעל א שווייגענדיגע און געגעבען דעמזועלביגען געפיל פון אפגעשיידטקייט ווי איר שווער.

* * *

מיר איז ניט אנעקומען גרינג דער שמועס מיט בן יהודה׳ן. ערשטענס, דאס לשון: ער האט נאר געוואלט רעדען העברייאיש און נאר מיט דער הברה הספרדית. נו, ווען ער זאל געווען איינגיין מיט מיר אויף א קאמפראמיס און ארונטערלאזען זיך צו דער הברה אשכנזית, וואלט געווען א האלבע צרה. אבער ווען עס איז געקומען צו דער הברה הספרדית, איז מיין צונג, נעבעך, געלעגען אין קימפעט...

אין ישראל, זעט איר, איז עס געווען גאנץ אנדערש: דארטען,

וואו אַלע רעדען מיט דער הברה הספרדית האָט מיין אויער זיך שנעל צוגעוואוינט.

צווייטענס, האָב איך זיך עפּעס ווי פאַרלוירען פון אָט דער לעגענדע פון הויט־און־ביינער, וואָס איז געזעסען איינגענורעט אין שווער־געבעטען פאָטעל און מיך דורכגענומען מיט זיינע אויגען, וואָס האָבען געברענט ווי מיט פייערדיגע שפּיזען.

מיר האָט אַרויסגעהאָלפען דער קוועקזילבערדיגער, עלעגאַנטער איתמר. ער האָט געקענט ענגליש. דורך אים האָט זיין פאָטער מיר געזאָגט אומגעפער אַזוי:

„איך האָב ניט געוואָלט פאָרען קיין אַמעריקע. מיר איז טייער יעדע מינוט. איך האָב געלאָזען מיין אַרבעט אינמיטען און געלאָזען זיך אויף דער ווייטער נסיעה. פאַרוואָס? איך מוז האָבען געלט, כדי צו קאָנען אַרויסגעבען מיין ווערטער־בוך. איך האָב אָפּמאַכען מיט אַ דרוקער, וואָס איך מוז נאָכקומען. האָב איך דערפאַר באַשלאָסען צו קומען אַהער, מיט דער האָפנונג, אַז איך וועל געפינען מענשען, וואָס וועלען מיר העלפען”.

ער האָט ניט פאַרענדיגט. ער האָט ניט געדאַרפט. וואָרים פון זיין טאָן און זיין מינע איז געוועזן קענטיג, אַז ער איז גאָר ניט גליקליך מיט זיין קומען קיין אַמעריקע.

צייטענווייז האָט זיין פּנים געקראָגען אַן אויסדרוק פון פאַר־לוירענקייט צווישען דעם טומעל און הו־האַ, וואָס איז אַנגעגאַנגען אַרום אים.

אַמעריקאַנער אידען האָבען אים אָבער ניט שלעכט באַהאַנדעלט. ער האָט דאָ געקראָגען געלט פאַר׳ן ווערטער־בוך. חמדה איז דאָ געוועזן עטליכע מאָל. דאָס לעצטע מאָל מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען איך האָב זי געטראָפען, האָב איך פאַר זיך געזען די היפּש־פאַרעל־טערטע פרוי, אָבער אויך מיט היפּש־פאַרבליבענער פרישקייט און אפילו אַמאָליגער קאָקעטישקייט אין די שוואַרץ־שוואַרצע אויגען און אַרום די פייכטע ליפּען.

אויך איתמר איז דאָ געוועזן אַן אָפטער גאַסט. ער איז אַרומגע־פאָרען, מיר דוכט, פאַר׳ן קרן היסוד אָדער קרן קימת, אָדער עפּעס אַן אַנדער קרן — און אויסגעזונגען פאַר אַמעריקאַנער אידען און אידענעם זיין מעלאָדישען העברייאיש, וואָס ער האָט פאָרטגעטראָגען מיט אַ וואונדערליכער דיקציע, אויך זיין עלעגאַנטען ענגליש — אַן ענגליש מיט אַן עכט־אַקספאָרדישען אַקצענט.

אים, איתמר בן יהודה, איז געווען באַשערט צו שטאַרבען אין אַמעריקע. דער טויט האָט אים פּלוצים אָפּגעשטעלט אין פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי.

ער, דער אַטלעטיש־געבויטער יונג, וואָס האָט געדינט ווי אַ מין

סימבאָל פון דעם נייעם דור, וואָס וואַקסט אויס אויף דער ערד פון ארץ ישראל, — איז אָוועקגעפאַלן אויף דער גלות-ערד פון אַמעריקע.

ווען די ידיעה פון זיין טויט האָט מיך דערגרייכט, האָט עס ביי מיר אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער. וואָרים איך האָב גוט געקענט איתמר בן אבי. מיר האָבן אָפט פאַרבראַכט אין לאַנג-לאַנגע שמועסן וועגן זיין פאָטער און אויך זיין לעבן אין ארץ ישראל און אין פּאַריז, לאָנדאָן, וואוהין ער פלעגט קומען אָפט זיך אָפּפרישן, אָדער — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — „אָפּטרייסלען פון זיך דעם שטויב פון אַזיע און קומען אין באַריר מיט דער אייראָפּעאישער קולטור..."

אים, איתמר בן אבי, וואָס פלעגט רעדן מיט אַזוי פיל שטאָלץ וועגן ארץ ישראל, מיט אַזוי פיל גלויבן, אַז ארץ ישראל וועט נאָך צוריקקריגן איר אַלטע, פאַרלוירענע גלאָריע, — אים איז ניט געווען באַשערט צו זען דעם אויפקום פון מדינת ישראל.

## פּערזענלעכע עראינערונגען וועגן נפתלי הערץ אימבער

טעג און וואָכן אין אַן איסט-סיידער אַפּטייק. ציהען זיי זיך לאַנג, שלעפעריג און מיד ווי וואָגלער אין אַ מדבר.

די שעה'ן רינען מיט פוילער פאַמעלעכדיגקייט ווי די טראָפּענס דורך דעם פילטער וואו דער געמיש פון כעמישע שטאָפן זייעט זיך אין דער בייכיגער פלאַש וואָס שטעהט אויף מיין טיש אין דעם הינטער-חדר'ל אין וועלכען איך גרייט צו די רעצעפּטען.

איך בין געווען אַ געהילפס-אַפּטייקער, און געווען איז דאָס מיט 25 יאָר צוריק. די אַפּטייק, וואו איך האָב געאַרבעט, האָט זיך געפונען אויף פאָרסייט גאַס, ביים ראָג פון ריווינגטאָן.

דענסטמאָל איז עס געווען דער קוואַרטאַל פון רומענישע אידען. אין יעדער הויז אַ רעסטאָראַן אָדער אַ וויין-קעלער. פרייליכע, אויפגעראַמטע אידען די רומענישע. גאַנץ אַנדערשדיג פון די פּוילישע אָדער גאַליציאַנער וואָס האָבן אויך דאָ, אין דער נייער וועלט, דעם רוקען ניט געקאָנט אויסגלייכען, זיינען אומגעלאָפען פאַרטראָגען, פאַרשמייעט, די אויגען האָבען געפיבערט און אומרוה און זאָרג האָבען אַריינגעוואַקסען אין די קנייטשען פון שטערען און אין די ווינקלען פון מויל, ווי וואָרצלען וואָס קיין מענשליכע האַנט איז ניט בכח אויסצורייסען.

די רומענישע אידען האָבען אויך געאַרבעט אויף „מאַכען אַ לעבען", פונדעסטוועגען האָט מען געפונען צייט צו זיצען שעה'ן און שעה'ן איבער אַ גלעזעל וויין אָדער אַ טעפּעלע שוואַרצע קאַווע. אין דער לופט אַ שאַרפער ריח פון געבראָטענע קאַרנאַצלעך, אַ פעפערדיגקייט פון געריכערטע פליישען, און אָפטמאָל אַ געזאַנג, רומענישע

לידלאָך, לידלאָך פון אידיש טעאַטער.

אין די וואָכנטעג האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אַקטיאָרען, אַלטע אָפּגעלעבטע, וואָס האָבען שוין מעהר ניט געשפּילט. זיי האָבען דערהאַלטען די נשמה און גוף מיט זינגען לידלאָך אין די וויין-קעלערס.

און אַקטיאָרען וואָס שפּילען יאָ. זיי זיינען געקומען אין די וויין-קעלערס ווי איינער וואָס קערט זיך אום אין דער אַלטער היים נאָך יאָהרען און יאָהרען פון וואַנדערען, געהט אַריין אין דער שטוב וואו ער איז געבוירען, בלייבט שטעהן לאַנג און פאַרטראַכט אין דעם חדר וואו זיין וויגעל איז אַמאָל געשטאַנען.

האָט זיך געהערט דער אַקטיאָרישער געזאַנג ביז׳ן ווייסען טאָג אַריין.

און אָט אין דער געגענט האָט געוואוינט נפתלי הערץ אימבער. ניט מעהר ווי אַ פּאָר הייזער פון דער אַפּטייק וואו איך האָב געאַרבעט.

ער האָט מיר שפּעטער, ווען מיר האָבען זיך נאָענט באַקאַנט, דערקלערט פאַרוואָס ער, דער גאַליציאַנער, דער זלאָטשאָווער, האָט געוואוינט ניט אין גאַליציאַנער קוואַרטאַל, נאָר גראָד צווישען די רומענישע אידען.

„מיינע גאַליציאַנער לאַנדסלייט, זאָלען לעבען, האָט ער געזאָגט, זיינען גאַנץ וואוילע אידען, אָבער חסידים, פליאַסקערדריגעס, מען טרינקט לחיים און מען כאַפּט שיריים, דאָס אמת׳ע ביסעל משקה קריגט מען אָבער נאָר ביי די רומענישע אידען, און די אמת׳ע פריי-ליכקייט, און די רומענישע ווייבלעך״, — האָט ער צוגעגעבען, אַ פינטעל געטאָן מיט אַן אויג און צעגאָסען זיך אין אַ טרוקען גע-לעכטערל...

און ער האָט בכלל ניט ליב געהאַט קיין חסידים, וואָרים ער איז געווען און פאַרבליבען אַ משכיל און באַטראַכט חסידים פאַר „מורדי אור״.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען, ווי ער איז צום ערשטען מאָל אַריינגעקומען צו מיר אין אַפּטייק. איך האָב געוואוסט ווער ער איז, און ווער האָט ניט געקאַנט נפתלי הערץ אימבער! ער האָט זיך געלאָזט דערקענען מיט זיינע לאַנגע, אייזען-גרויע האָר, וואָס זיינען איהם געפאַלען פאַטלעסווייס אויף די אַקסלען און איבער׳ן שטערען; דאָס פּנים טונקעל-אַשיג און פאַרשפּיצט; די גרויע אויגען האָבען אַרויסגעשפּיגעלט מיט אַן אומהיימליכען גלאַנץ פון די בלוילאָך-שוואַרצע איינגעזונקענע לעכער; די קליינוואוקסיגע פיגור אַ שפּאַ-ניגע, אַ קנאַכיג-שאַרפע; דער גאַנג אַ ריהעווידיגער, אונטערטענ-צלענדיגער, און זיין גאַנצער הלוך — אַ צעקנייטשטער, ווייכער, ברייטראַנדיגער הוט איז געלעגען ווי אַ קניש אויף די צעשויבערטע לאַנגע האָר; דאָס רעקעל און די הויזען זיינען געהאַנגען ניט ווי

אויף אַ לעבעדיגען מענשען, נאָר ווי אויף דרענגלאך; די שיך צע־דרעהטע, מיט דעם שטויב פון יאָהרען; דער קאַלנער פון דעם ניט־באַזונדער־ציכטיגען העמד צעשפּילעט, אַנטבלויזענדיג דעם שפּיציגען גאָרגעל פון דעם דינער האַלז; דער שוואַרצער קראַוואַט צעפּאַהרען.

האָט ער אויף זיך שטענדיג געצויגען אויגען, וואו ער האָט זיך באַוויזען, און יעדער האָט געוואוסט ווער נפתלי הערץ אימבער איז.

איך האָב זיך אויפגעהויבען אַ דערפרייטער, ווען ער האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזען אין דער אַפּטייק. איך האָב געהאַט דעם געפיהל, ווי אימיצער וואָלט מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן מיט בונטע פאַרבען אויף דעם גרויען הינטערגרונט פון מיין גרוי, אַפּטייקערישען לעבען.

— זאָג נאָר, דו — האָט ער זיך צו מיר געווענדט, ניט קוקענדיג מיר גלייך אין די אויגען, נאָר ערגעץ אין אַ זייט, — קענסטו מיר געבען אַ פּאָר גראַן מאָרפין?

— מאָרפין? — איך האָב אַנגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר אויגען, ווייל דאָס איז איינער פון די כעמישע שטאָפען, וואָס אַן אַפּטייקער טאָר ניט פראַקויפען סיידען מען ברייגנגט אַ רעצעפּט פון אַ דאָקטאָר. — צו וואָס דאַרפסט איהר מאָרפין? — האָב איך ביי איהם געפרעגט.

— ניט דיין עסק! — האָט ער אַ ברום געטאָן מיט זיין הייזעריגליך קול, — איך דאַרף מאָרפין און שוין . . . איך געה זיך ניט פאַר׳סם׳ען, און אויב יאָ, וועל איך לאָזען אַ בריוועל, אַז מען זאָל דיר ניט האַלטען פאַראַנטוואָרטליך.

מיר איז געוואָרען אַביסעל פריקרע און פרעסטעלדיג. איך האָב איהם ניט חושד געווען, אַז ער וויל זיך סם׳ען, ער האָט אָבער אַליין מיך אַרויפגעשטויסען אויף דעם געדאַנק. ווער ווייסט? איך האָב געוואוסט, אַז ער טרינקט. אימבער׳ס טרינקען איז געווען אַ שם־דבר, מען האָט גערעדט דערפון, באַדויערט עס. ער האָט זיך ניט איינמאָל באַוויזען גאָר ניט קיין ניכטערער, און עס האָט וועה־געטאָן. ער, דער „בעל־התקוה”, שאָקעלט זיך אויף די פיס, די אויגען זיינען פאַר־לאָפען, כאָטש דער קאָפּ איז שטענדיג פאַרבליבען קלאָר און די צונג שאַרף ווי אַ בריטווע. באַנוצט ער אויך נאַרקאָטישע מיטלען? מיר איז געוואָרען קאַלט ביי דעם געדאַנק.

איך האָב איהר דערקלערט, אַז איך קאָן איהם ניט גיבען קיין מאָרפין:

— דאָס שמעקט מיט אַרעסט און שטראָף, מר. אימבער, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — איך בין ניט דער בעל־הבית. איך בין אַ „קלוירק” און איך וויל ניט אַריינשלעפּען דעם בעל־הבית אין אַ צרה.

— ווייסטו, אַז איך בין אימבער? — האָט ער אַנגעשטעלט אויף מיר זיינע גרויע, שטעכיגע אויגען.

— געוויס ווייס איך.

— אויב אזוי, גיב־זשע מיר אַ פּאָר גראַן מאָרפין — איז ער ווידעראַמאָל צוגעשטאַנען.

— גלויבסט מיר, איך קאָן ניט. אָבער צו וואָס דאַרפט איהר עס?

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און ניט געענטפערט, זיך אוועקגעזעצט אויף אַ בענקעל און געזעסען אזוי ווי איך וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט. דער קאָפּ איז איהם געפאַלען אויף דער ברוסט און די אויגען זיינען געווען האַלב־צוגעמאַכט. איך האָב איהם באַטראַכט און זיך קיין אָרט ניט געפונען.

— דו ווילסט וויסען צו וואָס איך דאַרף מאָרפין, וועל איך דיר זאָגען, — האָט ער מיטאַמאָל אויפגעהויבען דעם קאָפּ, — דו דענקסט מן־הסתם, אַז איך בין אַ „דאָופּ־פיענד", אימבער טרינקט — געברויכט ער אויך מאָרפין. ניט אזוי? איך פאַרשטעה. האָסט אָבער אַ טעות. איך שלאָף ניט, דו פאַרשטעהסט, איך קאָן ניט שלאָפען, ליג אזוי דורך די נעכט און וואַרף זיך ווי אַ ניט־גוטער, נו וויל איך אַביסעל מאָרפין...

האָב איך ווידעראַמאָל דערקלערט, ווי אוממעגליך עס איז צו פאַרקויפען מאָרפין און אַז מען דאַרף האָבען אַ רעצעפּט פון אַ דאָקטאָר.

— פאַרוואָס קריגט איהר ניט קיין רעצעפּט פון אַ דאָקטאָר?

— האָב איך ביי איהם געפרעגט, — איהר קענט דאָך גענוג דאָקטוירים.

— געוויס קען איך גענוג דאָקטוירים. איך אַנטלויף אָבער פון זיי ווי פון פייער. ווען איך זאָל געווען פאָלגען וואָס דאָקטוירים האָבען מיר געזאָגט, וואָלט איך שוין פון לאַנג די פיס אויסגעצויגען. ניין, איך בין קיינמאָל ניט געגאַנגען צו קיין דאָקטאָר און וועל דאָס מאָל אויך ניט געהן...

איך האָב איהם געגעבען אַן אַנדער זאַך צום שלאָפען, אַ געמיש פון „בראָמיידס", וואָס באַרוהיגט די נערוועז. ער האָט עס גענומען ניט מיט באַזונדערען חשק.

פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך אָבער אָנגעקניפּט צווישען אונז אַ פריינטשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטען ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען. ער פלעגט גאַנץ אָפט דערנאָך אַריינקומען צו מיר אין אַפּטייק, וואו מיר פלעגען זיצען שעה'ן און שמועסען. עס איז אויך געווען מיין טרויעריגע פליכט צו רופען אַן אַמבולאַנס, ווען ער איז געפערליך קראַנק געוואָרען, אַז מ'זאָל איהם אוועקנעמען אין הר־המוריה שפּיטאָל, וואו ער איז געשטאָרבען.

מיינע לאַנגע שמועסען מיט אימבער'ן אין דער שטילקייט פון אַן איסט־סיידער אַפּטייק, צווישען דעם טערפּקען ריח פון אַלערליי מעדיקאַמענטען, וואָס האָבען זיך איבערגעגאָסען אין אַלערליי קאָ־

לירען אויף די פּאָליצעס, און פון די קרייטיכער, אין די קעסטלאַך. זיין גאַנץ לעבען האָט ער מיר דורכגעשפּאַנט אין די שמועסען, מיט־גענומען מיט זיך אויף זיינע אוואַנטוריסטישע רייזעס איבער גאַליציע, רומעניע. איך האָב מיט איהם אין די דאָזיגע שמועסען דורכגעמאַכט זיין לעבען אין ארץ־ישראל, זיינע וואַגאַבונדען־יאָהרען אין לאָנדאָן, דערנאָך אַמעריקע, וואַנדערונגען איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד, יאָהרען אין קאַליפאָרניע, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע. איין צענטער איז אָבער שטענדיג געשטאַנען — ארץ־ישראל.

און עס איז געווען וואונדערליך, כמעט אומגלויבליך צו הערען דעם פאַרליבטען ציטער אין זיין הייזעריג־טרוקען־פאַרטרונקען קול, מיט וועלכען ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער א־ר־ץ י־ש־ר־א־ל.

ער האָט געצערטעלט דעם נאָמען, ווי דאָס וואָלט געווען דער נאָמען פון אַ געליבטער. ער, דער ציניקער, וואָס האָט געהאַט פאַר־לאַכונג און סאַרקאַזם פאַר אַלץ און אַלעמען; ער, וואָס האָט גע־רעדט מיט ביטול און שפּאָט וועגען „גדולים" און זייערע שאַפונגען, צי זיי זיינען געווען פירער פון באַוועגונגען אָדער שאַפער פון וויכטיגע ווערק.

ווען אונזער שמועס האָט זיך פאַרקירעוועט אויף אַ באַוואוסטער פערזענליכקייט, אַ טוער וועמעס נאָמען איז געווען אויף אַלעמענס ליפּען, אַ טריבון וואָס האָט געלאָזט הערען זיין שרייעדיג קול פון אַלערליי בימות, האָבען זיינע דינע ליפּען זיך פאַרצויגען אין אַ מין פאַרשלענגלטען מעסער־שניט, דאָס פּנים האָט זיך איבערגעקרימט אין אַ חוזק־גרימאַסע און ער האָט אַרויסגעזייעט דורך די ציין:

— אָה, מר. מ.? איך קען איהם, דעם פּלאַפּלער!...אַ בלאָפער, אַ פּלוידערזאַק... יאָגט זיך נאָך בראַוואָ־פּאַטשערייען, ווי אַ קאַקאַטקע נאָך מענער...

דאָס זיינען געווען די מילדסטע ווערטער, וואָס זיינען געקומען פון זיין מויל, וואָרים אָפט פלעגט טרעפען, אַז זיינע עפּיטעטען אויף דעם חשבון פון דער פּאָפּולערער פערזענליכקייט זיינען געווען אַזעלכע, וואָס נאָר די ווענט פון אַ שענק האָבען זיי געקענט הערען.

אימבער האָט פאַרמאָגט אַ חלף'דיגע צונג, און באַנעצט האָט ער זי ניט נאָר אין בראָנפען, נאָר אויך אין וויטריאָל.

און געקומען איז עס פון דעם, וואָס ער איז געווען דער אמת'ער דיכטער. ניט נאָר אין לידער, נאָר אויך אין לעבען. ווי יעדער אמת'ער דיכטער, איז ער געווען סענסיטיוו, ווי אַן אָנגעצויגענע פידעל; און ווי יעדער אמת'ער דיכטער, איז ער געווען עמפּינדליך ביז צו די דינסטע דינקייטען צו יעדען פאַלשען קלאַנג, צו יעדער געמאַכטער פּאָזע, צו יעדען אַקטיאָרישען אָנשטעל.

און ער האָט רעאַגירט אויף דעם גאַליג־שניידענדיג, געגעבען

פרייען, אומגעצוימטען, מוטיגען אויסדרוק צו דעם סאַרקאַזם, וואָס ער האָט אין זיך געטראָגען. און ניט נאָר פריי, אָפען און מוטיג האָט ער עס געטאָן, נאָר אויך בילדליך, בענגאַליש-פאַרביג, ווי נאָר אַ גאָט-געבענשטער סאַטיריקער קאָן עס באַווייזען.

און ווען מען האָט ביי איהם געפרעגט, צי ער האָט געלייענט דעם בוך פון דעם און יענעם שרייבער, וואָס האָט צוגעצויגען אויפ-מערקזאַמקייט אין ליטעראַרישע קרייזען, האָט ער געגעבען אַן ענטפער, וואָס איז געוואָרען קלאַסיש:

— אימבער לייענט ניט קיין ביכער, אימבער שרייבט ביכער...

איז עס געווען ניט מעהר ווי אַ געפליגעלטע וואָרט, וואָרים אין אַמעריקע האָט ער קיין ביכער ניט געשריבען. דער קוואַל פון דיכטונג האָט געשלאָגען ביי איהם פריש און לויטער נאָר אויף יענער זייט ים. די פּאָר שאָפונגען זיינע אויף דער היגער ערד זיינען אַרויסגעקומען בלייך און בלוטלאָז, ווי אַן עקזאָטיש-איבערגעפלאַנצטע פלאַנץ. אין דעם היגען שטויב און שוים האָט די שכינה זיך פון איהם אָפּגעטאָן. דאָ האָט ער פאַרבראַכט אין די קאַפע-הייזער און רומענישע שענקען, אומגעבלאָנקעט אַן אויסטערלישער מיט דעם אויסזעהן פון אַן אינדי-שען אַסקעט, וואָס איז אַריינגעפאַלען אין דער בויערי. ער פלעגט זיך אַרויסלאָזען איבער די גאַסען און געסלאַך פון דער איסט-סייד, און ווען ער האָט באַגעגענט אַ באַקאַנטען, איז זיין ערשטע ווענדונג געווען:

— געהען מיר אַריין אין סאַלאָן מאַכען אַ שנאַפּס?

אויב יענער האָט ניט געהאַט קיין חשק צו מאַכען אַ שנאַפּס, האָט ער איהם ניט אָפּגעלאָזען ביז ער האָט געקראָגען פון איהם אַ מטבע...

און יעדען האָט ער באַגריסט מיט „דו". קיין „איהר" האָט ער פאַר קיינעם ניט געהאַט. דער מענש, צו וועמען ער האָט זיך גע-ווענדעט, האָט געקאָנט זיין דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אָדער אַן אָפּגעריסענער בויערי-טרעמפּ. ביי איהם איז דער מענשליכער מין געווען איינער.

און אַ שוים האָט זיך באַוויזען אויף זיינע ליפען, ווען מען האָט איהם באַגריסט אַלס דער „בעל התקוה", אָדער דערמאָנט איהם אין דער „התקוה".

איז עס ניט געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך, חלילה, געשעמט מיט דער „התקוה". פאַרקערט, ער האָט זיך געפיהלט פרינצליך-שטאָלץ, וואָס דער גורל האָט איהם אויסגעקליבען צו ווערען דער באַ-שאַפער פון דעם ציוניסטישען הימן.

איך דערמאָן זיך אין אַ פייערונג פון ציוניסטען ערגעץ אין אַ זאַל אין האַרלעם. ער איז אַריינגעקומען שפּעט אין דער נאַכט און מען האָט איהם אַרויפגעפירט אויף דער בימה. באַראַנדעם האָט איהם קוים מיט געוואַלט אַרויפגעשלעפּט. ער איז געווען אַביסעל פאַרשנאַפּסקעט

און געבליבען שטעהן א שווייגעדיגער. מען האט איהם אפלאדירט. ער איז געשטאנען מיט זיינע צעפאטעלט-צעפלאטערטע לאקען און באַטראכט דעם עולם. דעם אשיג-טונקעל פנים איז ביסלאכווייז פארענדערט געווארען און א פארב האט גענומען שפילען, אין די איינגעצויגענע באקען. די האלב-פארגלעזטע אויגען האבען אויפגעבליצט. איז ער אזוי געשטאנען א שווייגעדיגער, באטראכט די יונגעלייט, מיידלאך, די עלטערע וואס האבען איהם אויפגענומען ווי דעם נאציאַנאלען פאעט. זיין ביינערדיגער גוף האט ווי איינגעזאפט אין זיך די קלאנגען פון זיין פשוט, אומגעהובעלט, שוואונגלאז ליד, וואס איז עפעס דורך א מיסטעריעזען שפיל פון געשיכטע געווארן דאס האפנונגס-געזאנג פון א פאלק. ער האט דערנאך געהאלטען א קורצע רעדע, פארכלינעט זיך מיט די אייגענען ווערטער און ארונטער פון דער בימה א טיף-גערירטער און אוועקגעלאזען זיך מיט גיכע טריט צו דער „באר" אין דעם ווינקעל פון זאל.

איז ער געווען זעהר שטאלץ מיט זיין אויסדערוויילטקייט אלס דער נאציאנאלער דיכטער. איהם האט אבער וועה-געטאהן, וואס צוליב אט דעם איינציגען ליד האט מען פארגעסען אין זיינע אנדערע שאפונגען. מען האט פארגעסען אין אימבער, דעם דיכטער פון „ברקאי"; מען האט פארגעסען אין אימבער, דעם זינגער פון „וויין און ווייב", דעם אויפלעבער פון דער עמנואל הרומי-טראדיציע אין דער העברעאישער ליטעראטור.

די „התקוה" האט פארשטעלט ווי א טורם די לידער, וואס ער האט באטראכט פאר מעהר פאעטיש און אין וועלכע זיין קינסטלערישע פערזענליכקייט איז צום קלארסטען ארויסגעטראטען.

און ער האט אויך ניט באזונדערם ליב געהאט די הייגטיגע ציוניסטען, ווי יעדען אמת'ען דיכטער, זיינען די באוועגונגס-מענשען איהם געווען דערווידער.

— זיין שרייען ארץ-ישראל! ארץ-ישראל! און אליין זיצען זיי דא . . . — האט ער מיר איינמאל א זאג-געטאן.

דעם איינציגען, וואס ער האט דערמאנט מיט א מין תפילה אויף זיינע ליפען, איז געווען הערצל.

— ער, זעהט איהר, — האט ער מיר פארזיכערט, — האט געהאט אין זיך דאס בלוט פון דוד-המלך . . . יא . . .

אבער, ווי געזאגט, איז ארץ-ישראל געווען ביי איהם דער ליכט-פונקט פון אלץ, דער פייער-רינג, ארום וועלכען אלע זיינע בענקענישען און חלומות האבען זיך געקנוילט.

האט ער מיר לאנג און א סך גערעדט וועגען זיין לעבען אין ארץ-ישראל. דערצעהלט מיר פון די ערשטע טריט פון ישוב, וואס זיינע

אויגען האָבען געזעהן. געמאָלען פאַר מיר די אַלטע ירושלים, די ירושלים פון חלוקה, איהר געזונקענקייט און געפאַלענקייט; אויך די ירושלים פונ'ם ווייטען אמאָל, ווען זי האָט זיך דערהויבען איבער איהרע בערג אין איהר גאַנצער פאַנגענדיגער פראַכט, ירושלים די פאַר'כישופ'טע, ווי זיין פאַנטאַזיע האָט זי געמאָלען און גייסטיג אויג האָט געזעהן; און וועגען ירושלים פון מאָרגען, ווי ער האָט זי אין זיינע לידער באַזונגען.

און גערעדט האָט ער אויך פון זיינע יאָהרען אין לאָנדאָן, פון זיין פריינטשאַפט מיט ישראל זאַנגוויל, ער האָט זיך גוטמוטיג געוויצעלט, וואָס זאַנגוויל האָט איהם אָנגעטאָן די שנאָרער-קרוין אויפ'ן קאָפּ.

— אַ שנאָרער איז מיאוס, — האָט ער מיר געזאָגט — אַ קעניג פון שנאָרערס איז אָבער אַ קעניג; יאָ, דער שנאָרער פאַרשווינדט — דער קעניג בלייבט . . .

און אימבער אין קאַליפאָרניע. מיט דעם איז פאַרבונדען איינע פון די מערקווירדיגסטע געשיכטעס אין זיין פאַרביג-וואַגאַבונדען-לעבען. ער האָט דאָרטען חתונה געהאַט מיט אַ רייכער קריסטען, וואָס איז אין איהם געווען שרעקליך פאַרליבט. זי איז געווען רעליגיעז-געשטימט און געזעהן אין איהם „איי היברו פראָפעט". האָט ער אַ שטיק צייט געשפּילט די ראָל פון אַ הייליגען. אַלטע קריסטליכע מוידען און ווייבער פלעגען קומען צו איהם זיך בענשען. ער איז אומגעגאַנגען ווי אַ בודא-פּריסטער אין אַ פאַרביגען, זיידענעם כאַלאַט און ווייכע פּאַנטאָפעל. איהם איז אָבער מיאוס געוואָרען די קאָמעדיע און ער איז אַנטלאָפען קיין ניו יאָרק.

אין פילאַדעלפיע האָט ער זיך באַקענט מיט דעם אַלטען ריכטער סולצבערגער, וועלכער איז געווען אַ פּאַטראָן פון שרייבער. סולצבערגער האָט זיך באַצויגען מיט גרוים פריינטשאַפט צום „היברו פראָפעט" און „קעניג פון די שנאָרערס" און באַשטימט פאַר איהם אַ שטיקעל פּענסיע. ווען ניט סולצבערגער'ס הילף וואָלט ער געווען אויסגעגאַנגען פון הונגער, גיכער פון דורטש, וואָרים ער האָט מעהר געטרונגען ווי געגעסען.

געלעבט האָט ער צווישען רומענישע אידען. אָבער געשטאָרבען איז ער צווישען זיינע גאַליציאַנער לאַנדסלייט. די גאַליציאַנער אידען האָבען געהאַט זייער אייגענעם שפּיטאָל, הר-המוריה, אויף דער צווייטער גאַס. איז ער דאָרטען געלעגען אַ פּאָר וואָכען און שוין מעהר פון בעט ניט אַרונטער.

איך בין עטליכע מאָל געקומען איהם זעהן אין שפּיטאָל, האָב איך שטענדיג געטראָפען ביי זיין בעטען אַ יונגע, חנ'עוודיגע נוירס, אַן אָדעסער מיידעל.

— זי טרעט ניט אָפּ פון מיר טאָג און נאַכט, — האָט ער אַ זאָג

געטאָן צו מיר מיט אַ שטאָלצען שמייכעל, און זי באַטראַכט מיט פאַר־ליבטע אויגען, — זי פאַרזיסט מיך מיינע לעצטע טעג . . . — האָט ער צוגעגעבען.

ער האָט שוין קוים גערעדט און דער טויט האָט שוין געהויערט איבער זיין פאַרשפּיצט־פאַרבלויטער נאָז. דער פּאָעט אין איהם האָט אָבער נאָך געפלעמעלט, געפלעמעלט דורך די פאַרליבטע אויגען, וואָס ער האָט אָנגעשטעלט אויף דער שעהנער מיידעל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט אין איהר ווייסען קלייד און הויב, געבליהט מיט איהר פולער צייטיגקייט און מיט יעדען ריר ארויסגעזונגען יוגענט און לעבען.

אין איינער פון זיינע לידער בעט ער זיך: ווען דער טאָג פון דערלייזונג וועט שלאָגען, ברייגנגט מיינע ביינער אין לאַנד פון די אבות. זאָלען מיינע ביינער איינזאַפּען אין זיך דעם זאַפט פון איהר ערד.

## נתן בירנבוים און זיינע בלבולים

דאָס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט. דער האָטעל, וואו נתן בירנבוים איז איינגעשטאַנען, איז געווען אַן אַלטער, אַן אָפּגעלאָזענער. אַ שטויב האָט אויפגעשלאָגען פון די דיקע טעפּיכער יעדען מאָל ווען מ׳האָט געמאַכט אַ טראָט. טונקלעקייט, ווי אין אַ פייכטען קעלער האָט אָנ־געפילט די לופט אין די קאָרידאָרען. דאָס מאָגערע ליכט האָט זיך קוים דורכגעזייט דורך די פאַרשטויבטע, ארונטערגעהאָנגענע גלעזלעך פון די פאַרצייטיגע ליוסטרעס.

אין אָט דעם האָטעל פלעגען איינשטיין פרומע אידען : רבנים, סתם כלי־קודש. האָט דאָרטען אויך געמאַכט זיין צייטווייליגע היים נתן בירנבוים, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע.

ער האָט מיך געבעטען איך זאָל אים באַזוכען. איך האָב אים געקענט פון ווין. איך בין דעמאָלט געווען אַ אינגעל — אַ שנעק. איך האָב שוין אָבער געוואוסט ווער נתן בירנבוים איז. איך האָב אַפילו געוואוסט, אַז ער פאַרבאָרגט זיך אונטער׳ן נאָמען מתתיהו אחר. ווען איך זאָג „ער פאַרבאָרגט זיך" איז עס ניט ריכטיג, וואָרים אָט דער נאָמען „מתתיהו אחר" איז געווען ביי בירנבוים׳ען אַ שטאָלצער דעוויז, אַ מין „קריגס־רוף". דאָס האָט ער געוואָרפען אין פּנים פון דער וועלט, אַז ער איז אַן „אחר", אַ רעבעל, אַז ער גייט זיך זיין אייגענעם וועג, און אים קימערט גאָר ווינציג וואָס אַנדערע וועלען זאָגען אָדער ווען מ׳וועט אים אפילו פאַרשטויסען און זיך אָפּזאָגען פון אים.

איז דאָס אַלץ געווען אין יענע וויים־ווייטע צייטען, ווען בירנבוים האָט נאָך געשריבען עסייען אין אַ געשליפען־פינקעלדיגען דייטש

איבער ליטעראַטור. ער האָט געפּרואווט פאַרטייטשען דעם פּאָעטישען אַנאַרכיסט מאַקס שטירנער. ער האָט זיך אָפּגעגעבען מיט איבסענ'ען און מיט די אַנדערע סקאַנדינאַווער. ער איז געווען כולו שייגנייסט, כולו אייראָפּעאישער שריפטשטעלער.

ווען איך זאָג „כולו" איז עס אויך ניט ריכטיג. וואָרים בירנבוים איז קיינמאָל ניט געווען קיין גאַנצער מענש. ביי אים איז שטענדיג אָנגעגאַנגען אַ ראַנגלעניש. פון איין זייט דער אייראָפּעער, פון דער צווייטער זייט — דער גאַליציאַנער איד, וואָס האָט ניט איבערגעהאַקט זיינע וואָרצלען מיט די פאָלקסמאַסען און ניט פאַרלוירען דעם זין פאַר'ן אידישען פאָלקס-לעבען און פאָלקס-לשון.

שפּעטער איז ער פאַרכאַפּט געוואָרען פון הערצל'ס ציוניזם. ניט אַזוי פון הרצל'ס תורה ווי פון רבי'ן. וואָרים דער ענין שטאַט איז בירנבוים'ען געווען אָרגאַניש פרעמד. ער איז אין דעם פּרט געבליבען אַן אַנאַרכיסט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען.

אים האָט אָבער, ווי אַ סך אַנדערע, געפאַנגען די כישוף'דיגע פּערזענליכקייט פון הערצל'ען. ער האָט עס מיר אַמאָל, מיט יאָרען שפּעטער, דערקלערט:

„הערצל? נו, יאָ, אַ מאַגנעטישער מענש געווען הערצל", האָט ער מיר געזאָגט. „זיין גאַנצע דערשיינונג האָט פאַרכאַפּט, ער איז אינגאַנצען געווען איין שטיק וואונדער. און היינט דאָס וואָס ער, דער ווינער סאַלאָן-מענש, דער פאַרפאַסער פון פאַרשייט-שפּילעוודיגע טעאַטער-שטיקער, דער גראַציעזער פעליעטאָניסט — איז מיט אַמאָל געוואָרען דער אָנזאָגער פון אַ אידישער רענעסאַנס, דאָס אַליין איז דאָך איינער פון די גרויסע וואונדער אין אונזער געשיכטע..."

בירנבוים און הערצל זיינען אָבער געווען צו פאַרשאַרפט און אויסגעפּרעגט אין זייער אינדיווידואַליטעט, אַז זיי זאָלען קאָנען הויזען און אַריינפּאַסען זיך איינער אין אַנדערען. יעדער איז געווען אַ וועלט פאַר זיך, אַ גאַנץ באַזונדערע... יעדער האָט געדאַרפט האָבען זיין אייגענעם הימעל און אייגענע ערד.

האָט טאַקע ניט גענומען לאַנג און די צוויי מענשען, וואָס האָבען אין אַ סך פּרטים פאַרגאַנצט איינער דעם אַנדערען, זיינען זיך פונאַנ־דערגעגאַנגען.

זיי האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען, ס'איז אָבער ניט געקומען צו קיין אמת'ער עקספּלאָזיע. ביידע האָבען אָנגעהאַלטען אַ טיפען רע־ספּעקט איינער פאַר'ן אַנדערען. הערצל האָט ניט איינמאָל איבערגע־געבען וואָס נאָרדוי האָט אים דערציילט פון דעם איינדרוק וואָס בירנבוים האָט געמאַכט אויף אים, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל געטראָפען זיך מיט אים אין ווין.

„ווען איך האָב דערזען בירנבוים'ען צום ערשטען מאָל," האָט

נאַרדוי געזאָגט, „האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז אויב ס׳זאָל האַלטען דערביי, אַז אידען זאָלען אויסדערוויילען אַ קעניג, וואָלט בירנבוים געווען דער פּאַסיגסטער קאַנדידאַט.״

מ׳גיט איבער, אַז ווען נאַרדוי האָט דאָס געזאָגט צו הערצל׳ען, זאָל יענער האָבען באַמערקט שפּאַסיג:

„אויב אַזוי, גיי איך צוריקציען מיין קאַנדידאַטור...״

שפּעטער, ווי מיר ווייסען, איז געקומען בירנבוים׳ס צווייטער גלגול. ער איז געוואָרען איינער פון די אַפּאָסטאָלען פון אידישיזם. ער איז געווען איינער פון די, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם אידישים־טישען באַרג־סיני אין טשערנאָוויץ.

איך האָב אים באַזוכט אַט אין יענער צייט. ווי געזאָגט, בין איך דעמאָלט געווען אַ אינגעל — אַ שנעק. דער מאַמע׳ס מילך איז נאָך אינגאַנצען ניט פאַרטריקענט געוואָרען אויף די ליפּען, און אויף דער אויבערשטער ליפּ האָבען זיך ערשט גענומען באַווייזען עטליכע בלאָנדע הערעלעך, וואָס אַז מ׳האָט געוואָלט און מ׳האָט זיך געפונען אין אַן אָפּטימיסטישער שטימונג, האָט מען געקאָנט זאָגען, אַז דאָס איז אַ וואָנצעלע.

בחורים׳לעך פון אַלע עקען און ברעגען, וואָס האָבען זיך פאַר־וואָלגערט אין ווין, פלעגען גיין באַזוכען בירנבוים׳ען; נאַטירליך, אַזעלכע בחורים׳לעך, וואָס האָבען געוואוסט ווער בירנבוים איז.

איך בין געווען איינער פון זיי, בין איך אויך געגאַנגען צו זיין אָרימער וואוינונג, ערגעץ אין ווינער צווייטען באַצירק.

איך האָב דערזען פאַר זיך דעם מענשען, וואָס איז ביז דעם מאָמענט געווען פאַר מיר אַ לעגענדע: העכער פון מיטעלען וואוקס, אַ קייליג־שוואַרצע באָרד האָט אַרומגענומען אַ טונקעל־מאַטאָווע, איידעל־געשניצטע פּנים; אויגען וואונדערליכע, גרויסע, שוואַרצע, צינדענדיגע קנויטען האָבען זיך געטונקען און געברענט אין לויטערען בוימאויל. ווען ער האָט גערעדט, האָבען די אויגען זיך האַלב־פאַר־מאַכט. ווען די לעפּלעך האָבען זיך געעפענט, האָט אויפגעשלאָגען אַ ליכט. אָדער מיטאַמאָל האָט עס אַ וויי־געטאָן מיט אַ טיפען אומעט. דאָס פלעגט געשען גאַנץ אָפט.

איך האָב לאַנג מיינע אויגען ניט אַרונטערגענומען פון אַט דעם אויסטערלישען פּנים מיט דער לענגליכער, פאַרהאַרבעטער נאָז. אַ מזרח׳דיגע שיינקייט איז געווען אויסגעגאָסען אויף דעם דאָזיגען פּנים. אַט אַזוי האָבען געמוזט אויסזען אידען אין די אַלטע, ביבלישע צייטען, ווען אונזער ראַסען־עכטקייט איז נאָך ניט אָפּגעריבען געוואָרען ווי אַן אַלטע מטבע. ניט אומזיסט האָט נאַרדוי געדענקט, אַז ער וואָלט געווען דער פּאַסיגער קאַנדידאַט פאַר אַ מלך בישראל.

ער האָט מיר געשטעלט אַלערליי פראַגעס. ער האָט געוואָלט

וויסען וועגען די אידען אין דער געגענט פון וואנען איך קום. אים איז געפעלען מיין אידיש. ער האט געדענקט, אז איך האב א פיינעם חיתוך הדיבור. איך האב געהערט און געזוויטעלט זיך ווי א מיידעל.

מיט יארען שפעטער, ווען ער איז געקומען קיין אמעריקע, איז ער נאך אלץ געווען אין צווייטען גלגול — אין אידישיסטישען. דאס איז געווען זיין ערשטער באזוך ביי די היגע אידען.

מיר האבען זיך ווידער געטראפען. ער איז דא ארומגעגאנגען אין אן עקזאלטירטער שטימונג. ער האט געזען אין אמעריקע א צווייטע ארץ־ישראל — א אידישיסטישע. אלץ האט געוועקט ביי אים קינדערשע התפעלות: אידיש טעאטער, די אידישע פרעסע, די אידישע מאסען.

ס׳זיינען אוועק יארען און בירנבוים איז ווידער געקומען אהער. דאס איז שוין געווען זיין דריטער גלגול און — דער לעצטער.

ר׳איז געקומען אלס איינער פון די פארשטייער פון דער אגודת ישראל. צווישען אים און די „וועלטליכע אידען", די אידישיסטישע, איז שוין געווען א תהום. זיין וועג האט איצט געפירט צו טראדיציא־נעלער פרומקייט, צו דער שול, צו תורה און מצוות.

ער האט אמאל דערקלערט ווי אזוי די זעלענאיבערקערעניש איז געשען. ער האט דערציילט:

„איך בין געפארען אויף א שיף. האט אויסגעבראכען א שרעק־ליכער שטורעם. די שיף האט געהאלטען ביים אונטערגיין. איך האב גענומען מאכען דעם לעצטען חשבון מיט זיך. איך האב מיטאמאל אריינגעקוקט אין דער טיפסטער טיפעניש פון מיין נשמה און דערזען דארטען אזא חשכות, אזא מדבר, אז א פחד איז מיך באפאלען... אבער פלוצלינג איז א ליכט אויפגעגאנגען פאר מיינע אויגען, און איך האב דערזען, אז אלץ וואס כ׳האב ביז איצט געטראכט און געטאן איז עפר ואפר, אז דער אמת׳ער וועג פירט צו די אלטע, אייביגע, אידישע ווערטען, וואס אונזערע זיידעס און עלטערזיידעס האבען געהאלטען טייער און הייליג. פון דעם מאמענט־אן האב איך פון זיך אפגעטרייסעלט די גוי׳אישקייט וואס האט זיך אנגעקליבען אין מיין נשמה און בין געווארען א איד..."

איך בין געווען פון די ווינציגע, מיט וועלכע בירנבוים האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג, ווען ער איז געקומען אהער צום צווייטען מאל.

איך האב אים באזוכט אין דעם אלטען, אפגעלאזענעם האטעל אין א שפעט־זומערדיגען פארנאכט. ווען איך בין אריינגעקומען האט ער געהאלטען אין דאווענען מנחה. ער איז געשטאנען איינגעגראבען מיט׳ן פנים אין דער וואנט. דאס געלבליכע עלעקטרישע לעמפעל האט אפגעשלאגען לאנגע שאטענס, וואס האבען אים האלב־איינגע־

הילט. ער האָט די גאַנצע צייט מיך ניט באַמערקט, ניט געפילט אַז איך בין אין צימער.

איך האָב געקוקט אויף דעם מענשען וואָס איז געשטאַנען אַ פאַר־דבק׳טער אין דאַווענען, איינגאַנצען אַן אָפּגעשיידטער פון דער ערד. זיין טונקעל געשטאַלט האָט אַלע ווייל לייכט אויפגעציטערט, צונויפגעגאָסען זיך מיט די שאָטענס. פאַר מיינע אויגען איז אויפגעשוואומען בירנבוים פון ווין, דער רעבעל און צוימענברעכער, דער עסייאיסט וואָס האָט געוועבט און געשפינט אין געשליפענער, דייטשער, פּאָעטישער פּראָזע זיינע קריטישע באַטראַכטונגען און געדאַנקען איבער איבסען, ביערענסטערנע־ביערענסאָן.

ערשט ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט מנחה און מעריב האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערלאַנגט מיר די האַנט.

די יאָרען האָבען אים שטאַרק פאַרענדערט. די באָרד איז איצט געוואָרען אַ שנייאיגע, נאָר דאָ־און־דאָרט שוואַרצליך דורכגעשטרייפט. אַזוי אויך דער פיינפאָרמירטער קאָפּ אונטער דער זיידענער יאַרמולקע. די אויגען די זעלביגע. וואונדערליכע אויגען. צינדענדיגע קנויטען אין לויטערען אויל. אין זיין דריטען גלגול האָט אים שוין מער געפּאַסט אַ כסא הרבנות ווי דער קעניגליכער טראָן, אויף וועלכען נאָרדוי האָט אים אַמאָל געוואָלט אַרויפזעצען.

מיר האָבען געפירט יענער אָוונט אַ לאַנגען שמועס ביז עט־שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מיר האָבען גערעדט וועגען ר׳ נחמן מבראַצלאַוו און זיין תלמיד נתן און וועגען חסידות בכלל. ביים סוף האָט ער ביי מיר אַ פרעג געטאָן:

„האָט איר געלייענט ר׳ נתנ׳ס בריוו צו זיין זון יצחק?"

„ניין, איך האָב דעם בריוו ניט געלייענט... אפשר יאָ — איך געדענק ניט..."

„קריגט דאָס ספר׳ל „עלים לתרופה" און לייענט דעם בריוו..."

האָב איך דאָ ערשט ניט לאַנג צוריק געבלעטערט דאָס ספר „עלים לתרופה" און אויפגעזוכט דעם בריוו, וועלכער לייענט זיך אַזוי:

„מיין געליבטער זון יצחק נרו יאיר!

„איך האָב נאָר־וואָס דערהאַלטען דיין בריוו און האָב ניט קיין צייט צו ענטפערען דיר ווי געהעריג. השם יתברך זאָל שטאַרקען דיין האַרץ און דערוועקען דיך אין דעם גרויסען פּאָרכטיגען טאָג וואָס קומט אונז אַנטקעגען מיט פרידען איינמאָל אין יאָר. זאָלסט זוכה זיין צו נעמען אויף זיך פון איצט אָן צו טאָן גוטס יעדען טאָג אָן התבודדות, כדי זאָלסט יעדען טאָג קאָנען טראַכטען וועגען דיין תכלית, זאָלסט אַריינכאַפּען יעדען טאָג אַזוי פיל תורה, תפילה ומעשים טובים, ווי נאָר מעגליך, זאָלסט עס אָפּכאַפּען און אָוועקרייסען פון דעם פאַרבייגייענדיגען שאָטען, פון דעם הבל הבלים, פון דעם וואָלקען

וואָס פאַרשווינדט, וואָס איז אונזער לעבען אויף דער ערד. האָב גוט איין זין, אַז אַלע אונזערע טעג זיינען נאַריש און יעדער מענש קאָן אין זיי אַריינכאַפּען אייביג לעבען, אויף וועלכער מדרגה ער זאָל זיך ניט געפינען. מער האָב איך ניט קיין צייט צו שרייבען דיר.

דיין פאָטער, וואָס בעט פאַר דיר,

נתן מברעסלאוו.״

לייענענדיג דעם בריוו איז פאַר מיר מיטאַמאָל אויפגעגאַנגען די געשטאַלט פון איינעם פון די האַלב-פאַרגעסענע וואונדער-אידען, נתן בירנבוים — ער, וואָס האָט אַמאָל געשליידערט דער וועלט אין פּנים אַריין דעם אַרויסרופענדיגען נאָמען „מתתיהו אחר״ און וואָס האָט פאַרענדיגט אין טלית און תפילין און אין תורה און מצוות.

## צבי הירש מאַסליאַנסקי — צינדער פון אידישע הערצער

אַ פרייטאָג-צו-נאַכט אויף דער איסט-סאַיד. אָסיען-צייט. ס׳האָבען זיך שוין אָנגעהויבען די אַלערליי לעקציעס, מיט וועלכע ס׳זיינען אַמאָליקע יאָרען געוועזען פול אַלע איסט-סאַידער „האָלס״.

ציהען זיך אידען איבער די טומעלדיגע גאַסען. מ׳געהט אין די שוהלען און בתי-מדרשים, וואָס צינדען זיך אין שבת׳דיגע פייערען. ס׳איז יאָ און ניט שבת׳דיג אויף דער איסט-סאַיד. אין די יאָרען פון אַמאַליגער פייגענבוים׳ישער ראַדיקאַלעכץ פון „כשר און טרפה״, פון ראָזענצווייג׳ס „סאָציאַליזם אין בית המדרש״, פון דער „אַנאַרכיסטי-שער תפלה זכה״, זיינען דער שבת-יום-טוב געוועזען עלענטע און פאַר-שטויסענע. ווען די פרייטאָג-פאַרנאַכטיגע שאָטענס האָבען זיך גענו-מען לייגען, האָט די יונגע מלכה-שבת אַרויסגעשטעלט אַן אומזיכער, איידעל פּיסעל און איר פּנים האָט אויסגעזען געפּלעפּט און צעשראָקען, ווען זי האָט גענומען שפּאַנען איבער די גאַסען פון דער איסט-סאַיד.

אידען זיינען אָבער געגאַנגען דאַוונען און שבת׳דיגע ליכט האָבען געשמינקעלט דורך די שויבען פון די טענעמענט-הייזער. מ׳האָט אפילו געקאָנט הערען אויסזינגען אַ שלום-עליכם מלאכי השלום . . .

און אַנדערע אידען זיינען פרייטאָג-צו-נאַכט געגאַנגען צו די לעקציעס, וואָס פלעגען זיך אָנהויבען אָסיען-צייט אויף דער איסט-סאַיד און אָנהאַלטען אַ גאַנצען ווינטער, ביז דער פרילינג האָט זיך גענומען באַוויזען.

די לעקציעס פון אַמאָל האָבען אויך געהאַט אַ שייכות מיט שבת׳דיגקייט, מיט נשמה יתירה . . .

געוועזען אָבער איין אָרט אויף דער איסט-סאַיד, וואָס איז געוועזען אַ מין צונויפגוס פון שוהל און לעקציע-זאַל.

און יעדען פרייטאָג-צו-נאַכטס האָט מען דאָרטען געקאָנט זעהן

אַ געמיש פון היימישער שבת׳דיגקייט מיט אָפּגעטראָגענער, שטויביגער איסט-סאַיד׳ישקייט.

דאָס דאָזיגע פּלאַץ איז געווען די אוידיטאָריע פון דער „עדיוקעי־שאַנאַל אַלאַיענס" אויף איסט-בראָדוועי און דזשעפערסאָן סטריט, וואו יעדען פרייטאָג-צו-נאַכטס האָט צבי הירש מאַסליאַנסקי געהאַלטען זיינע דרשות פאַר׳ן עולם.

אויף דער בימה פון דער אוידיטאָריע איז געשטאַנען אַן ארון־קודש מיט אַ ווייסען, זיידענעם פּרוכת. געווען אויך דאָרטען אַ חזן מיט׳ן נאָמען אבראַמסאָן, אַ גוטער חזן מיט אַ פיינעם טענאָר, וואָס פלעגט אויסזינגען געשמאַק די אַלטע תפלות מיט׳ן אַלטען, סקראַבאָווען נוסח. איידער מאַסליאַנסקי האָט פאָרגעטראָגען זיין דרשה, האָט מען געהאַט אָפּגעדאַווענט מנחה, געזונגען דערנאָך לכו נרננה און דער חזן האָט אויך געמאַכט קידוש איבער אַ זילבערנעם בעכער מיט וויין.

און דאָך איז עס ניט געווען קיין שוהל. ס׳האָט עפּעס געפעלט דאָס וואָס מ׳פיהלט אין אַ מקום-קדוש. אַן אוידיטאָריע יאָ, די בימה, די בענקלעך, וואָס זיינען אויסגעשטעלט האַלב-רונד, ווי אין אַמפיטעאַ־טער, זיינען אויסגעצייכענט צוגעפּאַסט פאַר לעקציעס, אפילו פאַר דרשות פון דעם מין ווי מאַסליאַנסקי האָט זיי פאָרגעטראָגען, אָבער ניט פאַר אַ שוהל.

וואָלט טאַקע אפשר דער עולם ניט געווען געגאַנגען דאַווענען אין דער „עדיוקעישאָנאַל אַלאַיענס", ווען ניט די דרשות.

מ׳האָט אָנגעפילט די אוידיטאָריע יעדען פרייטאָג-צו-נאַכטס. מ׳האָט זיך געשטופּט אוים מורא, אַז מ׳וועט קיין פּלאַץ ניט קריגען, מ׳איז געזעסען קאָפּ אויף קאָפּ, מ׳האָט געדאַווענט און געזונגען „לכו נרננה", „השכיבנו" און געענטפערט הויך אויפ׳ן קול „אָמן" אויפ׳ן חזנ׳ס קידוש.

דער עיקר איז אָבער געווען די דרשה, וואָס האָט געדאַרפט קומען.

די אויגען פון גרויסען עולם זיינען געווען אָנגעשטעלט מיט ציטעריגען וואַרטען אויף דעם דיקליכען, פעסט-געבויטען מאַן, מיט זיין פרייש, עקספּרעסיוו פּנים, וואָס איז געווען ארומגעראַמט פון אַ טונקעל-גרויליך געדיכט-בערדעל און וואָס האָט באַטראַכט דעם עולם מיט אַ בליק, וואָס האָט ארומגענומען אין אַ מין ארויסשטראַלענדיגען צירקעל אַלץ און אַלעמען...

און ווען דער מאַן האָט זיך ענדליך אויפגעשטעלט ריידען, איז אַ נחת׳דיגער זיפץ דורך איבער׳ן זאַל. מ׳האָט זיך באַקוועמער אוועק־געזעצט אויפ׳ן בענקעל, האַלב-צוגעמאַכט די אויגען, ווי בשעת מ׳גרייט זיך הערען אַ פאַנגענדיג געזאַנג, אַ כשופ׳דיג שפּילען, און מ׳האָט זיך געלאָזט פאַרוויגען פון יענעם תענוג׳דיגען געפיהל, וואָס מ׳לעבט איבער נאָר דאַמאָלט ווען די נשמה-יתירה לאָזט זיך ארונטער.

דער עולם אין זאַל איז געווען אַ געמישטער:

מאַסליאַנסקי'ן פלעגען קומען הערען פרומע אידען און פרייע, ראַדיקאַלען, ציוניסטען און די אַמאָליגע שאַרפסטע קעגנער פון די ציוניסטען אויף דער איסט-סאַיד — די בונדיסטען.

איך האָב אַליין טאַקע געטראָפען אין אַ ווינקעל אין אַ פרייטאָג-צו-נאַכטס ביי מאַסליאַנסקי'ס אַ דרשה אַ באַקאַנטען אַנאַרכיסט. איך געדענק ניט זיין נאָמען, איך געדענק אָבער אים אַליין: זיין פּנים איז געווען צעקריפּעלט, דאָס מויל פאַרדרעהט אין אַ זייט, און פון אָט דעם פאַרדרייטען מויל פלעגט זיך שטענדיג טראָגען אַ קאָכיגע ליאַייאַ. ער האָט געפייערט על ד' ועל משיחו און אפילו אויף ננתקה'ן אַליין...

האָב איך אים צו מיין דערשטוינונג „געכאַפּט" ביי מאַסליאַנסקי'ס אַ דרשה.

ער האָט זיך אפילו פאַר מיר דערנאָך פאַרענטפערט: „איך בין געקומען אויסגעפינען מיט וואָס אָט דער רעאַקציאָנער ציט-צו אַזאַ עולם..." האָט ער מיר דערקלערט מיט אַ פאַרשולדיגט שמייכעלע. איך האָב אים אָבער חושד געווען, אַז ער האָט ניט ווינציגער פון עולם הנאה געהאַט פון מאַסליאַנסקי'ס דרשה... זיין געשפּאַנטקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך איינגעהערט און די גליקזעליגע מינע זיינע האָבען אים פאַרראַטען.

איז צבי הירש מאַסליאַנסקי געווען אין זיין צייט דער פּאָפּולער-סטער רעדנער אויף דער איסט סאַיד.

די צוויי ווערטער: „מאַסליאַנסקי ידבר", וואָס האָבען יאָרען און יאָרען זיך באַוויזען יעדען פרייטאָג אין די היגע אידישע צייטונגען, צווישען די קהל'ישע נאָטיצען, האָבען געהאַט אין זיך אַ כישוף-צוצי און זיינען אריין אין וואָקאַבולאַר פון דער איסט-סאַיד.

מ'האָט נאָר געדאַרפט זען אָט די צוויי ווערטער „מאַסליאַנסקי ידבר", אַז אַ ליכטיג שמייכעלע זאָל אויפגיין, ווי דאָס וואָלט געווען דער אָנזאָג פון אַ גוטער, פריילעכער בשורה.

מ'האָט זיך אפילו ניט גענומען די מי אויסצוגעפינען וואָס עס שטייט אין נאָטיץ נאָך דעם „מאַסליאַנסקי ידבר", וואָרים עס איז ניט געווען וויכטיג איבער וואָס מאַסליאַנסקי וועט ריידען.

דאָס וויכטיגסטע איז געווען, אַז ער וועט ריידען.

און אַז מאַסליאַנסקי וועט ריידען, האָט מען געוואוסט וואָס צו דערוואַרטען.

מ'האָט געוואוסט, אַז וועגען וואָס ער וועט ניט ריידען, צי דאָס וועט זיין ציוניזם, ארץ-ישראל, דער אידישער גלות, אָדער עפּעס אַ אידישער ענין, וואָס האָט צו טאָן מיט'ן לעבען פון אימיגראַנט אין דער נייער וועלט, וועט ער צינדען דאָס געמיט, אויפשטורמען די נשמה, אָנרירען יעדער סטרונע אין הארץ, שפּילען ווי אַ ווירטואָז

אויף אַ סטראַדיוואַריוס, אויף אַלע געפילען און סענטימענטען, און ווען מ׳וועט דערנאָך אַרויסגעהן, וועט מען אומגעהן אַ ווייל ווי אויף פרעמדער ערד, אָדער גאָר ניט פיהלען קיין באָדען אונטער די פיס.

מאַסליאַנסקי האָט אין זיין בלי-צייט באַלאַנגט צו יענעם וואונדער-מין פון פאָלקס-רעדנער, וואָס דער הרצל׳שער ציוניזם האָט באַשאַפען.

אַ גאַנצע פליאַדע פון גלענצענדיגע פאָלקס-טריבונען, פון פאָלקס-וועקען און מאַסען-צינדער האָט דער פרילינג פון ציוניזם אונז געגעבען. גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע גאונים פון פאָלקס-רעדנעריי און דרוש, ווי: יעווזעראָוו, צאַדיקאָוו, יוסף זעף, ניסענבוים און אַנדערע. טייל-ווייז געהערט צו דער קאַטעגאָריע אויך דר. שמריהו לעווין, כאָטש ער איז „אין אַ קלאַס פאַר זיך״.

איז דער פינקעלדיגסטער און פאָפּולערסטער פון זיי געווען צבי הירש מאַסליאַנסקי.

ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, איז שוין „זיין נאָמען געגאַנגען פאַר אים״.

די יונגע אימיגראַנטען האָבען אים געדענקט פון דער „אַלטער היים״, וואו ער האָט געוועקט און גערעגט די געמיטער פון ברייטען עולם.

מ׳האָט אים געדענקט, ווען ער האָט נאָך געטראָגען אַ לאַנגע באָרד און אויסגעזונגען זיינע דרשות מיט יענעם מגיד׳ישען, פאַנגענ-דיגען זינג-געזאַנג, וואָס פלעגט אַריינדרינגען אין האַרצען, אָנפילען די נשמה מיט אַ מין הימלישער מתיקות און אויפשלאָגען טרערען אין די אויגען.

אויך דאָ אין אַמעריקע האָט ער אין אָנהויב איינגעפּורעמט זיינע קוילינג-צינדענדיגע רייד אין אַלטען, מגיד׳ישען זינג-געזאַנג.

ער האָט עס אָבער באַלד אויפגעגעבען. ער האָט אָנגעווענדט דעם אָראַטאָרישען מעטאָד פון דער נייער וועלט.

ער איז אָבער אויך דאָ פאַרבליבען דער אַלטער, היימישער מאַסליאַנסקי, דער גאָט-געבענשטער פאָלקס-רעדנער, דער מכשף, וואָס פלעגט פון דער בימה אָנוואַרפען אַ צויבער אויף דעם עולם.

ער איז אויך דאָ, אין דער נייער וועלט, פאַרבליבען מאַסליאַנסקי דער פלאַמפייערדיגער איד, דער ציוניסט מיט אַלע זיין רמ״ח אברים און שס״ה גידים, דער וועקער און צינדער, דער שטראָפער און צאָרנער.

און אויך דאָ האָבען די אימיגראַנטען-מאַסען געטראָגען אים אויף די הענט, פונקט ווי אין די שוהלען און זאַלען פון ליטע, פוילען, גאַנץ רוסלאַנד, איידער די צאַרישע פאָליציי האָט גענומען אים פאַרפאָלגען און געצוואונגען אים צו פאַרלאָזען די פאַרשאָלטענע מדינה...

באַלאַנגט צבי הירש מאַסליאַנסקי צו די פּיאָנערען פון היגען אידישען לעבען.

ער האָט מיט זיין פלאַמיג וואָרט געהאָלפען שאַפען און בויען אונזער געזעלשאַפטליכקייט, אונזערע אינסטיטוציעס, אונזערע באַוועגונגען.

צבי הירש מאַסליאַנסקי — דאָס איז עטליכע צענדליג יאָר פון ציוניסטישער געשיכטע אין אַמעריקע.

אויב ציוניזם איז געוואָרען דאָ אַ פאָלקס-באַוועגונג און געשלאָגען וואָרצלען אין דער גאָר ניט פריינטליכער און גאָרניט פרוכטיגער ערד פון דער נייער וועלט, האָט מאַסליאַנסקי צו דעם בייגעטראָגען.

ער האָט מיט זיין וואָרט אויפגעריסען דעם שטייניגען באָדען, צעאַקערט און פאַרזייט.

און אין די אָוונט-יאָרען פון זיין לעבען, ווען ער קאָן איצט, אַ זאַטער אין יאָרען, מאַכען דעם סך-הכל און קוקען רוהיג-פילאָזאָפיש אויף צוריק, קאָן ער מיט רעכט זאָגען צו זיך: אָט דאָס, וואָס מיינע אויגען זעהען, די ציוניסטישע באַוועגונג, די אידישע אינסטיטוציעס, דער אידישער חנוך — איך האָב דאָס אַלץ געהאָלפען בויען, און ניט מיט געלט, ווייל איך האָב עס ניט פאַרמאָגט, נאָר מיט׳ן כח פון מיין וואָרט, וואָס איז געווען מעכטיגער פון געלט...

מאַסליאַנסקי איז געווען איינער פון די דערציער פון די אידישע מאַסען. אין אַ צייט, ווען די ראַדיקאַלע און יאַהודימשע אַסימילאַציע האָבען באַהערשט די אידישע גאַס, איז ער געווען איינער פון די מוטיגסטע און געצייל‏טע נאַציאָנאַלע קעמפער.

און ער האָט אויך דערצויגען אידישע פירער. דר. חיים ווייצמאַן באַטראַכט זיך אַלס איינער פון זיינע תלמידים. מאַסליאַנסקי רופט אים ליבליך-פאַרצערטעלט: „מיין חיים׳קע”...

און מאַסליאַנסקי האָט אויך געווירקט מיט׳ן געשריבענעם וואָרט.

ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער טעגליכער ציטונג „די אידישע וועלט”, וואָס די פאַרשטאָרבענע מאַרשאַל און שיף האָבען אַרויסגעגעבען.

האָט ער פאַרעפענטליכט צענדליגער אַרטיקלען, וואָס זיינען געווען געשריבען מיט אַ סך טעמפּעראַמענט.

פון באַזונדערען ווערט זיינען זיינע מעמואַרען. די וואָס ווילען זיך באַקענען מיט דער מדבריות-דיגקייט פון אידישען לעבען אין די צייטען ווען מאַסליאַנסקי איז אַהער געקומען, מיט די גרעאַנגלען, וואָס ער און אַנדערע ווי ער זיינען דאָ דורכגעגאַנגען, וועלען געפינען אין מאַסליאַנסקי׳ס זכרונות אַן אוצר פון גראַפישען שטאָף פון גרויסען קולטור-היסטאָרישען באַדייט.

און מאַסליאַנסקי דער מענש. די האַרציגקייט פון זיינע רייד, דער וואַרעמער שטראָם, וואָס טראָגט זיך פון זיי, דער שטראַליגער שמייכעל, וואָס שמייכעלט זיך אַרויס פון זיינע גרוילאַך-בלויליכע

אויגען, פלעכט אַרום ווי אַ קראַנץ זיין שעהן־פאָרמירטען קאָפּ מיט׳ן וואַלד אומרוהיגע, זילבערדיג־גלאַנציגע האָר און באַלויכט זיין גאַנץ פּנים. דאָס אַלץ איז — די פּערזאָן צבי הירש מאַסליאַנסקי. דאָס אַלץ איז אַן אַרויסוואוקס פון דעם מענש.

איז ער דערפאַר געוואָרען דאָ איינער פון די באַליבסטע פּערזענ־ליכקייטען ביי אַלע קרייזען און שיכטען, ביי די יאַהודים און ביי די פאָלקס־מאַסען, ביי די פרומע און די פרייע, ביי די ציוניסטען און אַסימילאַטאָרען.

# דאס אידישע לעבען אין אמעריקע

## אידישער „אימפעריאליזם"

אויב אימפעריאליזם שליסט איין, חוץ טעריטאריאלער עקספאנסיע און דעראבערונג פון נייע מארקען, אויך גייסטיגע העגעמאניע, אן אויסגעברייטערטע ווירקונגס-ספערע, דעמאלט וועט דער טערמין „אידישער אימפעריאליזם" ניט אויסזעהן אזוי אויסטערליש ווי ס׳קאן זיך דוכטען.

אין אונזער פאל קאן געוויס ניט זיין קיין גערייד וועגען דעראבערן נייע טעריטאריעס. אונזערע נאציאנאלע שטרעבונגען אין ארץ-ישראל טראגען אויך ניט דעם כאראקטער פון אימפעריאליזם, ניט געקוקט אויף דעם, וואס געוויסע קעגנערישע עלעמענטען צום ציוניזם האבען ארויסגערוקט די באשולדיגונג, אז ציוניסטען זיינען די אגענטען פון בריטישען אימפעריאליזם.

איז אבער פאראן ביי אונז אן אנדער סארט אימפעריאליזם, וועלכען איך האב שוין דערמאנט, און דאס איז א דראנג צו גייסטיגער העגעמאניע, וואס טרעט ארויס ביי געוויסע אידישע שיכטען. אויך אט די טענדענץ איז ווייט פון דעם קולטור-צוואנג, וואס ווערט באנוצט פון שטארקערע פעלקער לגבי די שוואכערע, ווי, למשל, די דייטשען, וואס זוכען אנצוהענגען זייער קולטור אויף דעם האלז פון אנדערע פעלקער מיט דער הילף פון שווערד, און וואס פארוואנדלען זייער קולטור אין א קאמפס-אינסטרומענט פאר זייערע דעראבערונגס-פלענער. אזוי אויך ענגלאנד און טיילווייז אמעריקע.

אין אונזער פאל מאניפעסטירט אימפעריאליזם אין דעם, וואס איין טייל פון אידענטום, וואס באטראכט זיך פאר אויסדערוויילט און באַרופען פון דער געשיכטע צו דינען פאר דעם וועגווייזער און פירער פון אידישען פאלק, זוכט אויסצואיבען וואס מער איינפלוס און אנצו-האלטען וואס מער מאכט איבער די אנדערע טיילען פון פאלק, וואס ווערען באטראכט פאר די צוריקגעשטאנענע.

און ס׳איז כאראקטעריסטיש וואס אט דער „אידישער אימפעריא-ליזם" איז ארויסגעטראטען צום שטארקסטען ביי די אידען אין יענע לענדער, וואו די אלגעמיינע פאליטיק איז געטריבען געווארען פון אימפעריאליסטישע אינטערעסען און אמביציעס.

עס זיינען געווען די אידען אין דעם קלאַסישען לאַנד פון אימ־פּעריאַליזם — ענגלאַנד, וואָס האָבען די ערשטע גענומען אויף זיך די ראָל פון באַשיצער און פירער פון די אידען אין די מזרח־אייראָפּע־אישע לענדער, וואו ס׳האָט זיך געפונען רוב מנין ורוב בנין פון אידישען פאָלק.

ווען דער „שר״ משה מאָנטעפיאָרע האָט מיט אַריבער הונדערט יאָר צוריק אונטערגענומען זיין שתדלנות־רייזע אין דער צאַרישער רוסלאַנד, צו זעהן ווירקען לטובת די אונטערדריקטע רוסישע אידען, האָט זיין סעקרעטאַר, דר. לעווי, געשריבען: „עס איז די מיינונג פון סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע און אַנדערע אַנגעזעהענע אידישע פּער־זענליכקייטען אין לאָנדאָן, אַז דאָס ענגלישע אידענטום דאַרף נעמען אַ גרויסען אינטערעס אין דער לאַגע פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענ־דער. די פירער פון דעם ענגלישען אידענטום דאַרפען אויסנוצען זייער איינפלוס אין די אינטערעסען פון יענע אידען, און אויך, וואָס איז באַזונדערס וויכטיג, ווייזען זיי דעם וועג און לערנען זיי ווי איבער־צובויען זייער גייסטיג און עקאָנאָמיש לעבען, וואָס איז געבליבען פאַרגליווערט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן...״

און דאָס רוסישע אידענטום פון יענער צייט האָט טאַקע געקוקט אויף משה מאָנטעפיאָרע, אויף די ראָטשילדס און אויפ׳ן ענגלישען אידענטום אין אַלגעמיין, ווי אויף די פירער פון וועלט־אידענטום...

אַזוי אויך נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, ווען פראַנקרייך איז ביסלעכווייז געקומען צוריק צו זיך און פאַרנומען זיך אויף די וועגען פון אימפּעריאַליסטישער עקספּאַנסיע אין דרום־אַפריקע, אין אינדאָ־כינע, נעמט זיך אויך מערקען ביי די פראַנצויזישע אידען אַ טענדענץ פון יענעם ספּעציפישען „אידישען אימפּעריאַליזם״, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ שטרעבונג צו העגעמאָניע פון איין אידישען קיבוץ איבער׳ן אַנדערען.

עס איז אויפגעשטאַנען די „אַליאַנס איזראַעליט״, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט דער אַמביציע צו ווערען דער לייטענדער גייסט פון וועלט־אידענטום.

און פונקט ווי דער בריטישער און פראַנצויזישער אימפּעריאַליזם און שפּעטער דער דייטשער האָבען אַנגעפירט צווישען זיך אַ שאַרפען געראַנגעל, וואָס האָט אויך געפירט צו מלחמות, וועגען „ספערען פון ווירקונג״, אַזוי האָבען אויך די פירענדיגע עלעמענטען פון בריטישען, פראַנצויזישען און דייטשען אידענטום קאָנקורירט צווישען זיך פאַר אַ דאָמינירענדיגער פּאָזיציע אין וועלט־אידענטום.

די „דזשואיש באָרד אָוו דעפּיוטיס״ האָט קאָנקורירט מיט דער „אַליאַנס איזראַעליט״ מיט דעם „דייטשען הילפס־פאַראיין״. די קאָנ־קורענץ איז אויך געווען וועגען „ווירקונג־ספערען״. די ענגלישע אידען

האָבען, למשל, געפֿיהלט, אַז די „ווירקונגס-ספֿערען" אין ארץ-ישראל און אין די מזרח-לענדער בכלל געהערט צו זיי לויט אַלטער טראַדיציע, וואָרים זיינען דאָך ענגלישע אידען און ניט-אידען געווען פֿאַראינטע-רעסירט אין דעם אידישען ישוב אין ארץ-ישראל אַריבער הונדערט יאָר. איז אָבער געקומען די „אַליאַנס איזראַעליט" און אויסגעשפּרייט איר איינפֿלוס דורך אַ גאַנצער נעץ פֿון שולען. דער פֿראַנצויזישער איינפֿלוס אין ארץ ישראל איז באַזונדערס פֿאַרשטאַרקט געוואָרען דורכ'ן „נדיב הידוע", וואָס האָט אויסגעגעבען מיליאָנען און אויפֿ-געבויט אַ גאַנצע ריי קאָלאָניעס.

שפּעטער איז געקומען דער דייטשער „הילפֿס-פֿאַראיין" און אָנגע-פֿאַנגען קעמפֿען פֿאַר מאַכט און פּאָזיציע געגען דער „אַליאַנס".

האָבען די אַלע גרופּירונגען, חוץ זייער אידישען כאַראַקטער, גע-וואָרצעלט אויך אין דורכאויס אימפּעריאַליסטישע אינטערעסען. יעדע פֿון די אויבענדערמאָנטע גרויסע אידישע קערפּערשאַפֿטען, איבער-הויפּט די „אַליאַנס" און דער „דייטשער הילפֿס-פֿאַראיין", האָבען גע-דינט די אימפּעריאַליסטישע אינטערעסען פֿון זייערע לענדער. קייזער ווילהעלמ'ס אינטערעס אין ציוניזם און די פּריינטשאַפֿט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען הערצל'ען בשעת ער האָט אים אויפֿגענומען אין ירושלים, זיינען געווען טיילווייז אַ מאַנעווער קעגען ענגלאַנד, און האָט געהאַט דעם ציל אָפּצושוואַכען דעם ענגלישען איינפֿלוס אין מזרח, און בכלל געווינען די אידען אויף זייער זייט מיט דער הילף פֿון ציוניזם.

און אָט אַזוי אַרום זעהען מיר ווי אין ארץ ישראל און אַנדערע מזרח-לענדער געהט אָן אַ קאָנקורענץ פֿאַר איינפֿלוס און מאַכט. דער קאַמף ווערט אויסגעפֿאָכטען ניט, חלילה, מיט דער הילף פֿון אַרמייען, ווי די אמת'ע אימפּעריאַליסטען טוען עס, נאָר אויפֿ'ן אידישען שטיי-גער, מיט'ן כח פֿון גייסט, מיט דער הילף פֿון שולען, קולטור-אינסטי-טוציעס, פֿילאַנטראָפּישע אַקציעס.

און אַ גאַנץ באַזונדערען קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פֿון אָט דעם „אידישען אימפּעריאַליזם" פֿאַרנעמט דער אַמעריקאַנער אידישער קבוץ, ריכטיגער געזאָגט, איין טייל פֿון היגען קבוץ, און דאָס זיינען די היגע דייטשע אידען, אָדער ווי זיי זיינען געווען באַקאַנט ביז מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר צוריק, מיט'ן נאָמען „יאַהודים".

דער אינטערעס פֿון די היגע איינגעבירגערטע אידען, און דער גורל פֿון זייערע פֿאַרפֿאָלגטע ברידער אויף יענער זייט ים, האָט הינטער זיך אַן אַלטע געשיכטע, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער היגער קבוץ איז נאָך אַזאַ יונגער און האָט אין לויף פֿון צענדליגער יאָרען געפֿונען זיך אין אַ סטאַדיע פֿון פֿלוקס און וואוקס.

אידען אין אַמעריקע האָבען געזוכט אויסצונוצען זייער איינפֿלוס

לטובת די אידען אויף יענער זייט ים נאָך אין פרימאָגען פון היגען, אידישען ישוב, ווען די צאָל פון אידען אין אַמעריקע איז געווען ניט מעהר ווי אַ פּאָר הונדערט טויזענט. מיר זעהען, למשל, אַז עמנואל נח, איינער פון די פּאַרביגסטע פיגורען אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער אידען, און וואָס איז געווען אַ מענש מיט פּאָליטישען איינפלוס און האָט אַ שטיק צייט פאַרנומען דעם פּאָסטען פון אַמעריקאַנער קאָנסול אין טונים, איז אַרויסגעטראָטען אלס באַשיצער פון די אונטערדריקטע און באַרויבטע טוניסער אידען און אַנגעווענדט דעם איינפלוס און די הילף פון אַמעריקע אין זייערע אינטערעסען.

און וואָס גרעסער עס איז געוואָרען דער אידישער ישוב אין אַמעריקע, אַלץ מעהר איז געוואַקסען די ראָל פון אַמעריקאַנער אידישען קבוץ אין אינטערנאַציאָנאַלען אידענטום, און אַלץ מער האָבען די פאָרשטעהער פון אַמעריקאַנער אידענטום גענומען אַרויסטרעטען אַלס קעמפער און באַשיצער פון אידישע רעכטען אין אַנדערע לענדער.

דאָס אַמעריקאַנער אידענטום האָט זיך געלאָזט הערען אין דעם קאַמף פאַר אידישע רעכט אין רומעניע. און די פירער פון אַמעריקאַנער אידענטום האָבען געשפּילט די וויכטיגסטע ראָל אין דעם קאַמף פאַר אידישע רעכט אין דער צאַרישער רוסלאַנד.

ס'איז געווען צו פאַרדאַנקען אַזעלכע אידען ווי סיימאָן וואָלף, דזשייקאָב שיף, לואי מאַרשאַל, וואָס אַמעריקע האָט אָפּגעבראָכען אירע באַציהונגען מיט דער צאַרישער רוסלאַנד.

און זייט-ביי-זייט מיט די אַלע פּאָליטישע אַקציעס, וואָס אידישע פירער אין אַמעריקע האָבען אונטערגענומען אין די אינטערעסען פון די פאַרפאָלגטע אידען אין אַנדערע לענדער, נעמט דאָ אויסוואַקסען אויך דער דראַנג צו אידישער העגעמאָניע, אָדער ווי איך האָב עס פריהער באַצייכענט „אידישער אימפּעריאַליזם", ווי עס האָט זיך מאַניפעסטירט ביי די פירער פון די אידישע קבוצים אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

און כאַראַקטעריסטיש איז אויך, וואָס דער דראַנג פון דעם אַזויגערופענעם „אידישען אימפּעריאַליזם" ביי די היגע אידישע פירער פאַלט צונויף מיט דעם פאַנאַנדערשוואונג פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, וואָס האָט גענומען אַרויסטרעטען אויף דער אַרענע אין דער עפּאָכע פון מעקינלי און מאַרק האַנאַ.

די היגע אידישע פירער האָבען גענומען פיהלען, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט, אַז אויך דאָס אַמעריקאַנער אידענטום זאָל פאַרנעמען אַ גלייך אָרט מיט די אַנדערע דאָמינירענדיגע טיילען פון אידענטום, ווי די ענגלישע, דייטשע און פראַנצויזישע אידען.

אין אָנהויב, ווי אין די אַכציגער און טיילווייז אין די ניינציגער

יאָרען, האָבען די אידישע פירער אין אַמעריקע באַנוגענט זיך מיט אַ סובאָרדענירטער פּאָזיציע. זיי האָבען זיך אונטערוואָרפען צו דער אידישער פירערשאַפט אין אייראָפּע, מען האָט נאָכגעפאָלגט דעם קורס פון דער אידישער פירערשאַפט אין אייראָפּע, מען האָט נאָכגעפאָלגט דעם קורס פון דער „דזשואיש באָרד אָוו דעפּיוטיס" פון דער „אַליאַנס איזראַעליט", פון „אידיש-דייטשען הילפס-פאראיין". מען האָט ניט אונטערנומען קיין זעלבסשטענדיגע אַקציעס, נאָר מען האָט שטענדיג צוערשט זיך בּאַראַטען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַן אינטערנאַציאָנאַלען, אידישען ענין, מיט די אידישע פירער אין אייראָפּע.

שפּעטער, אין מיטען פון די נייַנציגער יאָרען, מערקט זיך שוין ביי די היגע אידישע פירער, און ווען מען רעדט פון אידישע פירער, אין יענע יאָרען, מיינט עס די אַנגעזעהענע, דייטשע אידען, אַ שטרעבונג צו זעלבסשטענדיגער, פּאָליטישער אַקציע. אינאיינעם מיט דעם איז אויך אויסגעוואַקסען ביי זיי די אַמביציע צו ווערען די פירער און וועג-ווייזער פון די פאַרפאָלגטע און „אָפּגעשטאַנענע אידען" אין אַנדערע לענדער.

און ס'פאַנגט זיך אויך אָן אַ שטילער גראַנגעל פאַר פּאָזיציעס צווישען די אידישע פירער אין אַמעריקע און אייראָפּע. אין אייראָפּע האָט מען נאָך אַלץ געקוקט אויף דעם היגען אידישען ישוב פון אויבען אַרונטער. די באַציהונג פון די אידען אין אייראָפּע צו דעם אידישען קבוץ אין אַמעריקע איז געוועזען פאַררעכענט פאַר דעם לאַנד, וואו דער דאָלאַר איז דער גאָט; אַ לאַנד אָהן קולטור, אָהן טראַדיציע. און אָט דער קוק אויף אַמעריקע האָט זיך אויך רעפלעקטירט אין דער באַציהונג פון די אַמעריקאַנישע אידען צום אַמעריקאַנער אידישען ישוב.

אין אייראָפּע און אויך אין אַמעריקע האָט מען גענומען רעדען וועגען „דאָלאַר אימפּעריאַליזם". דער „דאָלאַר-אימפּעריאַליזם" איז געקומען צום אויסדרוק נאָכ'ן שפּאַניש-אַמעריקאַנער קריג, ווען די יונגע, קרעפטיגע, וואַקסענדיגע אַמעריקע האָט דערפילט אירע כוחות און דער אַמעריקאַנער אָדלער האָט אָנגעפאַנגען פאַנאַדערצונעמען זיינע פליגעל.

זעהען מיר אויך דעם אויפשוואונג פון אַ מין „דאָלאַר אימפּעריאַליזם" ביי די אַמעריקאַנער אידען. אויך דער אידישער קבוץ אין אַמעריקע, וואָס איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסען און געוואָרען איינגעפונדעוועט, באַפעסטיגט, האָט גענומען פאַנאַדערלאָזען זיינען פליגעל.

אידישע פירער אין אַמעריקע האָבען גענומען זאָגען: די אידען: די אידען אין אַמעריקע האָבען געלט, פּאָליטישען איינפלוס און ס'איז דעריבער ניט פאַראַן קיין אורזאַך פאַרוואָס די אַמעריקאַנער אידישע פירערשאַפט זאָל ניט שפּילען קיין דאָמינירענדיגע ראָל אין וועלט-

אידענטום.

האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאָנקורענץ וועגן „ווירקונגס-ספערען״ צווישען דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״ און דער „אַליאַנס איזראַעליט״ אָדער דער ענגלישער „דזשאיש באָרד אָוו דעפּיוטים״ און דעם „אידיש-דייטשען העלפס-פאַראיין״.

די אידישע פירער אין אַמעריקע האָבען געפיהלט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט, ווען זיי זאָלען ווערען די פירער און שאַפער פון דער אידישער פּאָליטיק, אויב מען קאָן באַצייכענען אַן אַקטיוויטעט, וואָס איז אין עיקר באַשטאַנען אין שתדלנות, מיט דעם אימפּאָנירענ־דיגען נאָמען פּאָליטיק.

האָט דער דראַנג צו העגעמאָניע אָדער „אידישען אימפּעריאַליזם״ געטראָגען ביי דער אידישער פירערשאַפט אין אַמעריקע אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער, ווי ביי דער אידישער פירערשאַפט אין די מערב-אייראָפּעאישע לענדער.

דאָ, אין אַמעריקע, איז די שטרעבונג צו באַהערשען די „צוריק־געשטאַנענע אידען״, ווי זי האָט זיך מאַניפעסטירט ביי די היגע יאהודים, געווען אַ טאָפּעלטע. אין דער ערשטער ריי איז געקומען די העגעמאָניע איבער דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. די היגע דייטשע אידען, וואָס האָבען זיך דאָ איינגעוואָרצעלט און פאַרנומען וויכטיגע עקאָנאָמישע און אויך פּאָליטישע פּאָזיציעס, זיי האָבען זיך באַטראַכט פאַר די באַרופענע פאָרשטעהער און פירער פון די עמי־גראַנטישע מאַסען פון מזרח-אייראָפּע. זיי האָבען גערעדט אין נאָמען פון די איינגעוואַנדערטע אידען פאַר דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן. זיי, די אָנגעזעהענע דייטשע אידען, וואָס זיינען אין זייער פּאָליטיק און אין זייער לעבען געווען גאַנץ גוטע דעמאָקראַטען און זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלען פון אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטיע, האָבען, ווען עס איז געקומען צו די אידישע ענינים, גאַנץ ווינציג גערעכענט זיך מיט'ן ווילען פון די ברייטע, אידישע מאַסען. ביי אָט די מענשען איז ניט געווען דער מינדסטער ספק, אַז נאָר זיי זיינען באַרופען צו לערנען די איינגעוואַנדערטע אידען, צו ווייזען זיי אַ וועג אין דער נייער וועלט, צו אַמעריקאַניזירען זיי און מאַכען זיי בכלל פאַר „ציוויליזירטע מענשען״.

אין די יאָרען פון ערשטען וועלט-קריג, האָט די שטרעבונג צו העגעמאָניע ביי דער אידישער פירערשאַפט אין אַמעריקע, מאַניפעס־טירט זיך נאָך שטאַרקער ווי פריהער, וואָרים דעם אידישען קבוץ אין אַמעריקע איז געווען באַשערט צו ווערען דער אויפהאַלטער און רעטער פון חרוב'ן אידענטום אין אייראָפּע.

די פאָרשטעהער פון די היגע, דייטשע אידען ווי מאַרשאַל, שיף, וואָרבורג, זיי האָבען נאָך אַלץ געטראָגען די קרוין פון אידישער פירער־

שאפט. זייער פאזיציע אלס פירער, ניט נאר פון אמעריקאנער אידענטום, נאר אויך פון וועלט-אידענטום איז פארשטארקט געווארען דורך דער פיל-פארצווייגטער רעליף-באוועגונג, וואס איז געקומען צום אויסדרוק דורך דעם „דזשאינט" און אנדערע ארגאניזאציעס.

דערמאנט זיך מיר דערביי א רעדע, וואס מארשאל האט געהאלטען אין טעמפעל עמנואל, אין וועלכער ער האט געזאגט: „די געשיכטע האט ארויפגעלייגט אויף אונז א גרויסע מיסיע. מיר אידען אין אמעריקע דארפען ווערען די אויפבויער פון די חרוב'ע קהילות אויף יענער זייט ים; מיר דארפען ניט נאר פארזארגען מיט שפייז די הונגעריקע, מיט קליידער די נאקעטע, מיט א דאך די דאכלאזע, נאר אויך ווייזען זיי דעם וועג און קעמפען פאר זייערע מענשליכע רעכט..."

שפעטער האט ארום אט דער „מיסיע" אנגעפאנגען זיך א געראנגעל צווישען דעם „יאהודענטום" און די נאציאנאלע עלעמענטען פון די היגע אידישע מאסען, וואס זענען באשטאנען לרוב פון די מזרח-אייראפעאישע איינגעוואנדערטע. עס איז געקומען אין לעבען דער „אידישער קאנגרעס" און ס'האט אויסגעבראכען „דער דרייסיג-יאריגער קריג" צווישען „אידישען קאנגרעס" און דעם „אמעריקען דזשואיש קאמיטע", וואס האלט נאך אן ביז היינטיגען טאג.

שטעהט אין צענטער פון אט דעם קריג דער אלטער דראנג צו העגעמאניע, צו „אימפעריאליזם", וואס טרעט ארויס אויך ביי אונז, ניט געקוקט אויף דעם, וואס מיר פארמאגען ניט קיין אימפעריע און וואס ביי אונז קאן ניט זיין קיין רייד פון אימפעריאליסטישער עקספאנסיע.

דאס טראגישע אין דעם טיילווייז-קאמישען שפיל, וואס געהט אן ארום „אידישען אימפעריאליזם" איז אין דעם איצטיגען מאמענט נאר דאס, וואס היטלער'ן האט זיך איינגעגעבען חרוב צו מאכען א היפשען טייל פון וועלט-אידענטום, איבערהויפט פון מזרח-אייראפעאישען, אזוי, אז ס'זיינען פארבליבען גאר ווינציג „ווירקונגס-ספערען" אין דער וועלט, פאר וועלכע אידישע פירער זאלען דארפען פירען מלחמות...

## אונזער חשבון מיט אמעריקע

מ'רעדט ביי אונז אפט וועגען דעם וואס מיר אידען זיינען שולדיג צו אמעריקע.

מ'רעכענט דערביי אוים א לאנגען, לאנגען צעטעל פון חובות וואס מיר האבען גאר דא ניט געמאכט, פונקט ווי די איבערטרייבונג פון אונזערע חובות וואלט בייגעטראגען צו אונזער וויכטיגקייט און

אונזערע פארדינסטען פאר אמעריקע.

מיר איז, למשל, ניט לאנג צוריק אויסגעקומען לייענען אין אן אמעריקאנער ליבעראלען זשורנאל אן ארטיקעל וועגען דעם וואס אמעריקע האט אויפגעטאן פאר די אידען. באמערקט דארטען דער שרייבער פאלגענדעס:

„די הויפט-ענדערונג וואס איז פארגעקומען אין כאראקטער פון די היגע אידען איז דער גייסט פון דעמאקראטי, וואס איז אמעריקע׳ס גרעסטער בייטראג צום מאדערנעם אידישען לעבען.״

דאס איז אבער ניט דערפאר וואס ביז מיר זיינען געקומען קיין אמעריקע איז אונז געווען פרעמד דער גייסט פון דעמאקראטי.

פארקערט, ווייל מיר זיינען א פאלק וואס טראגט אין זיין בלוט די אידעאלען פון פרייהייט און גלייכהייט זיינען מיר מער פון אלע אנדערע איינגעוואנדערטע נאציאנאליטעטען מסוגל אויפצונעמען דעם גייסט פון אמעריקע, אפצושעצען אירע ווערטען און טראדיציעס.

מיר וואס האבען דורך אונזערע נביאים אינספירירט אלע אויפ-געקלערטע פעלקער מיט די אידעאלען פון פרייהייט און גלייכהייט, דארפען ביי קיינעם ניט לערנען וואס עס מיינט דעמאקראטי.

אמעריקע האט פונקט ווי אלע אנדערע פרייע פעלקער געשעפט אירע פרייהייטס-אידעאלען פון אונזער קוואל.

איר פארנעמט דעם גייסט פון אונזערע נביאים אין וואשינגטאן׳ס קאמף-רוף געגען ענגלישער אונטעריאכונג.

איר פיהלט אטעמען דעם הויך פון די ביבלישע פרייהייטס-אידעאלען איבער דער „דעקלערעישאן אוו אינדעפענדענס״.

איר הערט די צארנדיגע שטים פון אונזערע נביאים געגען אונטער-דריקער און אונטערדריקונג אין לינקאלנ׳ס פלאמיגען פראטעסט געגען שקלאפעריי.

מיר אידען זיינען געווים בעלי חובות צו אמעריקע.

מיר זיינען איר שולדיג פאר אונזער פרייער מענשליכער עקזיס-טעניץ וואס מיר פירען דא.

פאר דער מעגליכקייט וואס זי האט אונז געגעבען אויפצובויען אויף איר ערד א אידישען ישוב וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין אונזער געשיכטע.

מיר זיינען אבער ניט הינטערשטעליג אין באצאלען אונזערע חובות פאר דעם אלעמען.

מיר באצאלען זיי מיט פראצענטען.

מיר האבען ניט נאר געגעבען אמעריקע אירע אידעאלען, נאר מיר האבען מער פון אלע אנדערע איינגעוואנדערטע בייגעטראגען צו איר וואונדערליכען מאטעריעלען וואוקס, צו איר לעגענדארער רייכקייט.

אַמעריקאַנער אידען באַצאָלען אַמעריקע פאַר דעם וואָס זי טוט פאַר זיי.

זיי באַצאָלען מיט זייער מארך און גייסט וואָס זיי טראָגען אריין אין אַמעריקאַנער לעבען, מיט זייערע וואונדערליכע שאַפענדע כוחות וואָס פיהלען זיך אויף יעדען געביט פון טעטיגקייט.

מיר ווייסען וואָס אַמעריקע האָט פאַר אונז געטאָן, און מיר קענען זאָגען מיט אַ ריינעם געוויסען, אַז מיר זיינען צו איר קיין בעלי חובות ניט געבליבען.

עס איז נאָר אַ פראַגע צי פילע אַמעריקאַנער ווייסען וואָס מיר האָבען אויפגעטאָן פאַר אַמעריקע.

מיר וואָלטען דערפאַר געראַטען צו די וואָס שרייבען וועגען אונזערע חובות צו אַמעריקע, זיי זאָלען אַמאָל זיך נעמען די מי און אונטערציען דעם סך הכל פון אַמעריקאַנער חובות צו אונז.

עס וואָלט ניט געשאַדט.

## די נייע טעמפעל־אידען

די אַלטע טעמפעל־אידען, די אמת׳ע, די עכטע, די אַזוי־גערופענע יהודים, קענען מיר. מיר קענען זיי מיט אַלע זייערע מעלות און חסרונות, מיט זייער ליכט און שאָטען, און טראָצדעם וואָס צווישען אונז מזרח־אידען און זיי, עפענט זיך אַמאָל אַ תהום, און מיר שטעהען ווי פרעמדע און דערווייטערטע איינער אַנטקעגען דעם צווייטען, און רעדען אויף פרעמדע און פאַרשידענע לשונות, האָבען מיר דאָך טיף אין האַרצען אַ יראת הכבוד פאַר זיי, און קענען ניט פאַרמאַכען דאָס אויג פאַר די גרויסע מעלות מיט וועלכע זיי זיינען באַשאָנקען, און בויגען אָפטמאָל דעם קאָפ פאַר די גרויסע און ליכטיגע פערזענליכקייטען וועלכע זיי האָבען אַרויסגעגעבען.

מיר ווייסען, אַז ביי די אמת׳ע טעמפעל־אידען, איבערהויפט ביי די טאַטעס און זיידעס פון די הייגטיגע רעפאָרמער, איז דאָס וואָרט רעפאָרם ניט געווען אַ ליידיגע פראַזע, אַ פוסטער שפיל אין ריטואַל, אַ פאַרבייטונג פון לעבעדיגען, ליכטיגען תוכן אויף פאַרב־גלעזערדיגער, דעקאָראַטיווער פאָרם, נאָר אַן אידעע, אַ וועלט־אַנשויאונג, אַ פאַרזוך ווען אַפילו אַ ניט־געלונגענער און אויך שעדליכער פאַרטוזעצען די אַרבייט, וועלכע דער רמב״ם האָט אָנגעהויבען — אויף אַריבערצוּוואַרפען אַ בריק צווישען דעם אידענטום און די פרעמדע קולטורען.

און מיט אונזער גאַנצער געגנערשאַפט צו רעפאָרם מוזען מיר דאָך אויך מודה זיין, אַז די פיל־פערלאַכטע „מיסיאָן", וועלכע דאָס רעפאָרם־אידענטום האָט פאַר איר צענטער און ברענענדען פאַקעל געמאַכט, שטאַמט פון אַ לויטערען קוואַל, אַז אונזער נאַציאָנאַליזם

און די „מיסיאָן" פון רעפאָרמער שלאָגען זייערע וואָרצלען פון איינער און דערזעלבער ערד און צעצווייגען זיך פון איין בוים, מער ניט וואָס די ווענען וועלכע פירען פון- און-צו דעם בוים, זיינען פאַרשידענע.

פאַר די אַלטע טעמפעל-אידען, פאַר די אמת'ע, פאַר די עכטע, האָבען מיר דערפאַר דרך ארץ און ווי ווייט פרעמד מיר זיינען פון זיי, פאַרלייקענען מיר דאָך ניט זייערע פאַרדינסטען אַלס גייסטיג-שאַפערישער און אָרגאַניזאַטאָרישער כח אין אידענטום. מיר קענען ניט פאַרגעסען, אַז דאָס רעפאָרם-אידענטום האָט אונז געגעבען די צונצ'עס און גייגערס, און גידעמאַנס און שטיינשניידערס, און די פילע אַנדערע בויער און פאַרטיפער פון דער אידישער פאָרשונג.

און אַפילו די אַמעריקאַנער טעמפעל-אידען, אָדער ווי מיר רופען זיי דאָ, „יהודים", האָבען אויך זייערע גרויסע פאַרדינסטען, וועלכע נאָר בלינדע און שמאָלקעפיגע קענען אָפּלייקענען.

אָהן די דייטשע אידען וואָלט דאָס אַמעריקאַנער אידענטום זיכער ניט געמאַכט אַזאַ געוואַלדיגען פאָרשריט אין די לעצטע עטליכע צענדליג יאָר פון זיין לעגענדאַרישער ענטוויקלונג. די דייטשע אידען האָבען ניט נאָר געהאָלפען לעגען דעם פונדאַמענט פאַר דעם היגען אידענטום, נאָר זיי זיינען אויך געווען פון די ערשטע און טיכ-טיגסטע בויער פון דעם ריזיגען בנין, די אינסטיטוציעס וועלכע זיי האָבען אויפגעשטעלט, די גרויסע פירער וועלכע זיי האָבען אַרויסגע-געבען, די ברייטע און פיל זייטיגע אָרגאַניזאַציאָנס-קראַפט וועלכע זיי האָבען אַריינגעטראָגען אין דעם היגען אידישען לעבען — דאָס אַלץ האָט פיל בייגעטראָגען, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום זאָל ווערען גרויס און מעכטיג און שפּילען אַ פירענדע ראָל אין דער גאַנצער אידישער וועלט.

גייסטיג איז דאָס רעפאָרם-אידענטום אין אַמעריקע געווים שטאַרק הינטערשטעליג אין פאַרגלייך מיט דעם רעפאָרם-אידענטום אין איי-ראָפּאַ. דאָס היגע רעפאָרם-אידענטום האָט אויפ'ן גייסטיגען געביט זעהר ווייניג געשאַפען. עס לעבט נאָך אַלץ מיט דעם באַגאַזש וואָס די גרינדער פון דער היגער רעפאָרם האָבען מיטגעבראַכט פון דייטש-לאַנד און ניט נאָר איז צו דעם באַגאַזש גאָר ניט צוגעקומען, נאָר ער איז נאָך אָרימער און אויסגעליידיגטער געוואָרען פון דור צו דור.

דאָס אָבער וואָס די היגע רעפאָרמער האָבען ניט באַוויזען אויפ-צוטאָן אויף דעם גייסטיגען געביט, האָבען זיי גוט געמאַכט אויף דעם געביט פון אָרגאַניזאַציע, פון פילאַנטראָפּי, און דאָס האָט זיך זיין גרויסען, היסטאָרישען ווערט.

אין די לעצטע יאָרען זיינען אָבער אין אַמעריקע אויפגעשטאַנען נייע טעמפעל-אידען, דאָס זיינען ניט קיין יהודים, און זייער וויגעלע און אויך דאָס וויגעלע פון זייערע טאַטעס אָדער זיידעס איז ניט

געשטאַנען אין דייטשלאַנד. די נייע טעמפּעל־אידען זיינען מערסטענס אונזערע היימישע, איינגעוואַנדערטע אידען, פון פּוילען, גאַליציען, רומעניען, ליטא. אין דער היים איז מען געווען אַ פּשוט'ער איד און מ'איז געגאַנגען דאַווענען אין דער היימישער שוהל און בית המדרש, און אויך דאָ, ווען מ'איז געקומען אין דעם נייעם לאַנד, האָט מען זיך די ערשטע יאָרען געפירט ווי ווייט מעגליך אויף דעם אַלטען, היימישען שטייגער און מ'איז געווען אַ „מעמבער" פון אַן אָרטאָדאָקסישער שוהל, און מ'האָט הנאה געהאַט פון דער דרשה פון אַ היימישען אָרטאָדאָק־סישען רב אָדער גלאַט דרשן, און מ'האָט געקוויקט זיך מיט די אַלטע, האַרציגע, סקאַרבאָווע תפלות פון אַ היימישען חזן.

ס'זיינען אָבער אַוועקגעגאַנגען אַ צען־פופצען יאָר, מ'האָט זיך פאַר דער צייט אַמעריקאַניזירט, מ'האָט געמאַכט אַ פּאָר דאָלאַר, מ'האָט אָנגעהויבען שעמען זיך מיט אַ אידיש וואָרט, מיט אַ אידישער ציטונג און אויך — מיט דער אָרטאָדאָקסישער שוהל.

— און מ'איז געוואָרען אין איין שיינעם פרימאָרגען אַ רעפאָרמער, אַ טעמפּעל־איד!...

און וואָס אַ יאָר ווייטער אַלץ גרעסער ווערט די צאָל פון די שפּאָגעל־נייע טעמפּעל־אידען פון אַמעריקע, איבערהויפּט האָט זייער צאָל גענומען שנעל וואַקסען זינט די אימיגראַציע האָט זיך אָפּגע־שטעלט. אין די לעצטע עטליכע יאָר האָבען גענומען אויסוואַקסען טעמפּלען כמעט אין אַלע שטעטלעך פון אַמעריקע. איר פאָרט היינט אַריין אין אַ שטעטעל אין דער איסט, סאַוט אָדער וועסט, און אַזוי גיך ווי איר קומט אין דער אידישער שכונה וואַרפט זיך אייך באַלד אין די אויגען דער נייער בנין פון אַ טעמפּעל וועלכער שטעהט נאָך אַ פרישער, ווי נאָר וואָס פון דער נאָדעל אַרויס, און ווען איר גיט אַ פרעג, ווער עס האָט דעם טעמפּעל געבויט, געפינט איר אויס, אַז דאָס האָבען אים געבויט היימישע, איינגעוואַנדערטע אידען, וועלכע האָבען אין די לעצטע יאָרען געמאַכט געלט, און האָבען זיך געוואָלט פאַרשאַפען דעם לוקסוס פון אַ טעמפּעל אַנשטאָט דעם היימישען שוהלכעל אין וועלכען זיי האָבען פריער געדאַווענט.

און אין די מערסטע פון די שטעטלעך וואו אַזעלכע טעמפּלען זיינען אויפגעשפּרונגען קענט איר אויך הערען איינע און די זעלבע מעשה: מ'וואָלט באַלאַנגט צו דעם אַלטען, עכטען רעפאָרם טעמפּעל, אויב אַזעלכער געפינט זיך נאָר אין שטעטעל. איינינגע, די גאָר־אָנגעזעהענע און „אַרויפגעאַרבייטע" פון די איינגעוואַנדערטע אידען, באַלאַנגען טאַקע דאָרטען. ניט אַלע ווילען עס און קענען עס אָבער טאָן, ווייל ערשטענס, פיהלט זיך דער היימישער איד, ווי אַמעריקאַ־ניזירט ער זאָל ניט זיין און ווי אים זאָל זיך ניט ווילען שניידען אויפ'ן וועג פון אַ רעפאָרמער, פאָרט אומהיימליך און פרעמד אין

א רעפאָרמירטער שוהל פון עכטע יהודים. די פּרעפּלערייען פון ראַבאַי, די תפלות פון די שיקסעס און דאָס גאַנצע רעפאָרמישע קלאַפּערגעצייג איז פאַר אים אוממעגליך צו פאַרדייען. צווייטענס, האָבען ניט די רעפאָרם-אידען באַזונדערס הנאה פון דעם וואָס „פרעמ־דע" האָבען זיך אָנגעהויבען אַריינצוריִיסען אין זייערע טעמפּלען און ווען עס קומט צו זיי אַ פּוילישער אָדער גאַליציאַנער איד, נעמט מען אים ניט אויף מיט אָפענע אָרעמס.

האָט מען דאַרום גענומען בויען טעמפּלען פאַר זיך און ניט נאָר צו בויען טעמפּלען, נאָר אויך צו שאַפען פאַר זיך „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם", וועלכע מען זאָל קענען אַרונטערשלינגען און פאַרדייען.

וואָס שטעלט מיט זיך אָבער פאַר די מאָדערנע קאַלב וועלכע איז אַרויסגעשפּרונגען אין די לעצטע פאַר יאָר פון דעם שמעלץ־פּראָצעס וועלכער געהט אָן אין היגען אידענטום ?

וואָס פאַר אַ טעם האָט עס די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם" אין וועלכער אַ סך אַמעריקאַניזירטע אידען האָבען זיך אָנגעהויבען צו קלאַמערען און טעמפּלען פאַר איר בויען ?

איך האָב אין דער לעצטער צייט געהאַט אַ געלעגענהייט אַריינצו־קוקען אין די נייע טעמפּלען פון די האַלב־געבאַקענע רעפאָרמער אונזערע, און צו באַטראַכטען דאָס ניט־פליישיג־ניט־מילכיגע קאַלוואַ־ריער־דייטש־אידענטום, און אויף מיר האָט מיט שווערען אומעט געוועהט פון דעם וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהן, און מיר האָט וועה געטאָן צו באַטראַכטען ווי פילע פון אונזערע היימישע, אַריבער־געקומענע אידען, די האַרציגע, ליבע אידען פון פּוילען, ליטא גאַליציען, רומעניען, האָבען זיך דאָ אין אַמעריקע אָנגעהויבען נאַריש צו מאַכען אויף די עלטערע יאָרען און צו שפּילען אַ לעכערליכען שפּיל פאַר וועלכען זיי פּאַסען זיך גאָר ניט.

וואָרים וואָס איז דען די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם" אויב ניט אַ ביליגע נאָכאַהמונג, אַ קאַריקאַטור. ביי די אמת'ע רעפאָרמער איז דאָך על כל פּנים פאַראַנען עכטקייט, טראַדיציע ; ביי זיי האָט זיך שוין אויסגעאַרבייט אַ פאָרם וועלכע פאַרמאָגט אירע אייגענטימליכע שעהנקייטען. די פאָרם איז אַפילו אַ געבאַרגטע, אַ קלויסטערליכע, זי רעדט אָבער אַמאָל צום אויג, צום אויער, צום עסטעטישען געשמאַק, און פונדעסטוועגען איז אַפילו אין אַן אמת'ער רעפאָרם־שוהל פיהלט זיך אָפטמאָל אונזערער אַ איד ווי אויף אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, אין בעסטען פאַל, ווי אויף אַ קאָנצערט, וואו מ'שפּילט באַך און הענדעל און מענדעלסאָן און די שאַפונגען פון אַנדערע רעליגיעזע מוזיקער, און צווישען די אַנטראַקטען האַלט אַ גוטער רעדנער אַ פאָרטראַג וועגען עפּעס אַן אינטערעסאַנטער טעמאַ ווי, למשל, „מאַליער און זיין ווירקונג אויף דער מאָדערנער דראַמאַ", אָדער „די פילאָזאָפען פון

ניינצענטען יאָרהונדערט און די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג״ און נאָך אַזעלכע טעמאַס וועלכע האָבען אַזאַ שייכות מיט רעליגיאָן און אידענטום ווי אַ חזיר־סענדוויטש מיט, להבדיל, אתה הראית.

אין די נייע טעמפּלען פון די ניי־אויפגעשפּרונגענע „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרמער״ טרעפט מען אָבער אפילו דאָס אויך ניט. די נייע טעמפּלען דערמאָנען אָפטמאָל אין אַ וואָדעוויל־הויז, און די צערעמאָניעס וואָס ווערען דאָרטען געפּראַוועט און אין וועלכע אונזערע היימישע, אַמע־ריקאַניזירטע אידען שפּילען די ראָלע פון קאָמעדיאַנטען, מאַכען דעם איינדרוק פון עפּעס אַ מין וואָלוועלען בורלעסק.

איך האָב געפּרובירט אויסגעפינען די סיבה פון דעם פּלוצים׳דיגען אויפשוואונג פון דער נייער „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם״ און איך האָב אַ פרעג געטאָן ביי אַ פּאָר אידען וועלכע זיינען „מעמבערס״ און הויפּט־טוער אין אַ נייעם האַלב־רעפאָרמירטען טעמפּעל: צו וואָס טויג עס אייך? צוליב וואָס זיינט איר אַוועק פון דער אָרטאָדאָקסישער שוהל און זיינט מיט אַמאָל געוואָרען רעפאָרמער כביכול, מיט אַן אָרגאַן און מיט דעם אַנדערען רעפאָרמערשען קלאַפּערגעצייג?

די אידען האָבען זיך געדרויטעלט, ניט געוואוסט אין אַנהויב וואָס צו ענטפערען, און נאָכדעם ווי אַרויסגעפּלאַצט: מיר טוען עס ניט צוליב זיך, מיר אַליין וואָלטען יוצא געווען מיט דער אַלטער שוהל, מיר טוען עס אָבער צוליב דער יוגענט, צוליב אונזערע קינדער; פאַר זיי מוז מען האָבען אַ רעפאָרם־שוהל, ווען ניט ווערען זיי אינגאַנצען אָפּגעריסען פון אידענטום.

מילא, וואָלט די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם״ ווירקליך געהאָלפען צו־צובינדען די היגע יוגענט צו דער אידישער רעליגיאָן, וואָלטען מיר שוין ווי עס איז מיט זיי שלום געמאַכט. דער אמת איז אָבער, אַז דאָס איז ניט אַזוי. די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם״ פאַרמאָגט אין זיך נאָך פיל ווייניגער צוציהונגס־קראַפט פאַר דער יוגענט, ווי די עכטע רעפאָרם. די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם״ פאַרמאָגט אין זיך ניט די הומאַניטאַר־רעליגיעזע און ניט די מיסטיש־רעליגיעזע עלעמענטען וועלכע זאָלען צוקניפּען די יוגענט צום אידישען גאָט און צום אידישען פאָלק. פון נאַציאָנאַלע עלעמענטען איז דאָך אָפּגערעדט. די יוגענט מיט אירע פיינע אינסטינקטען און אומרוהיגע בענקענישען און זוכע־נישען דערפיהלט, אַז די „פּיפּטי־פּיפּטי רעפאָרם״ איז אַ נאָכאַהמונג, אַ קאַריקאַטור, אַ נאָכקרימעניש, אַ באַמיהונג צו דערשטיקען די אייגענע אינדיווידואַליטעט, און זיי קענען ניט האָבען קיין דרך ארץ פאַר די נייע טעמפּלען און פאַר זייערע טאַטעס — די בויער און אויפהאַלטער פון די נייע טעמפּלען.

די וועלכע בויען די נייע טעמפּלען נאַרען זיך דאָרום אָפּ ווען זיי דענקען, אַז מיט שטיין און שטאָל קען מען בויען דעם בריק צווישען

זייערע קינדער און זייער פֿאָלק.

איך גלויב אָבער, אַז די אמת'ע סבה פֿון דעם וואָס אַמעריקאַני־זירטע אידען האָבען אָנגעהויבען צו פֿאַרלאָזען די אָרטאָדאָקסישע שוהלען, און בויען פֿאַר זיך רעפֿאָרם־טעמפּלען, איז אַ גאַנץ אַנדערע; די מעשה, אַז מיט זיי וויל מען צובינדען די יוגענט, איז ניט מער ווי אַ תירוץ. די אמת'ע סבה איז, וואָס צו אונזער טיעפֿען וועהטאָג, זיינען אין די לעצטע יאָרען אויסגעוואַקסען אַ קלאַס אידען אין אַמע־ריקע, וועלכע דענקען, אַז אמת'ע אַמעריקאַניזירונג באַשטעהט אין דעם וואָס מ'הערט אויף צו לעזען אַ אידישע ציימונג, מ'שעמט זיך מיט אַ אידיש וואָרט, מ'געהט אַוועק פֿון דער אָרטאָדאָקסישער שוהל און מ'ווערט — אַ טעמפּעל־איד.

די „פֿיפֿטי־פֿיפֿטי רעפֿאָרם" איז אַ נייער סאָרט אַסימילאַציע, אַן אומבאַוואוסטזיניגע, אַן אומדירעקטע, אָבער אַ ניט־וועניגער שעדליכע ווי די אַסימילאַציע פֿון די עכטע רעפֿאָרמער.

דער אונטערשיד פֿון דער אַסימילאַציע פֿון די עכטע רעפֿאָרמער און דער אַסימילאַציע פֿון די „פֿיפֿטי־פֿיפֿטי רעפֿאָרמער" באַשטעהט נור אין דעם וואָס די ערשטע איז על כל פּנים דער פּראָדוקט פֿון אַן אידעע, פֿון אַ וועלט־אַנשויאונג, ווען אַפֿילו אַ שעדליכע, אַ פֿאַרפֿירע־רישע אידעע; די „פֿיפֿטי־פֿיפֿטי רעפֿאָרם" איז אָבער אַ פּראָדוקט גלאַט פֿון וואוילטאָג, פֿון דעם אַלטען „וישמן ישורון ויבעט".

## איד און אַמעריקאַנער

מיר איז אַריינגעפֿאַלען אין די הענד אַן אויפֿרוף פֿון אַ גרופּע נאַציאָנאַל און רעליגיעז־געשימטע אַמעריקאַנער יונגע לייט וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט מיט דעם צוועק צו דערהויבען דאָס אידענטום אין אַמעריקא און אויפֿצוואַועקען די היגע יונגענד צו איהרע גרויסע פֿליכטען וואָס זי האָט פֿאַר אונזער פֿאָלק און רעליגיאָן.

זאָגען די דאָזיגע וואוילמיינענדע יונגע לייט אין זייער אויפֿרוף אונגעפֿעהר אַזוי: דער יונגער דור דערווייטערט זיך פֿון אונז און געהט אַוועק אויף פֿרעמדע וועגען, אָפֿטמאָל אויף וועגען פֿון וועלכע עס איז מעהר קיין צוריקקעהר נישטאָ. צווישען דער היגער יוגענד און אונזער פֿאָלק, אונזערע טראַדיציעס, אונזער רעליגיע, אונזער גרויסער און ליכטיגער ירושה, וואַקסט אוים אַ תהום, און מיר וואָס פֿיהלען עס, שטרענגען אָן אונזערע כחות אָפּצושטעלען די דאָזיגע געפֿאַהר.

דאָס אַלעס איז געוויס זעהר שעהן, און די אויפֿגאַבע וואָס די יונגע־לייט האָבען זיך געשטעלט, פֿאַרדינט אונזער לויב און זייער אַר־בייט אונזער דערמוטיגונג.

מאָטיווירען זיי אָבער זייער אויפגאַבע מיט אַן ארגומענט פון וועל־כען מיר האָבען זיך געפילט טיעף באַליידיגט און געקרענגט און צוליעב וועלכען אונזערע שעהנע אילוזיעס וועגען זייער ארבייט זיינען פאַר־שוואונדען ווי רויך פאַר'ן ווינט.

זיי זאָגען: „אויב מיר וועלען זיין בעסערע אידען וועלען מיר אויך זיין בעסערע אַמעריקאַנער". און איהר מוזט אומווילנדיג אַרויס־טראָגען דעם איינדרוק דאָס די גאַנצע אידישקייט אונזערע האָט בלויז אויף אַזוי פיעל אַ ווערטה אויף וויפיעל זי מאַכט פון אונז בעסערע אַמעריקאַנער און אַז אונזער תורה, אונזערע נביאים, אונזער גלויבען און האָפענונגען, און אַלע אונזערע הייליגקייטען וואָס מיר פאַרמאָגען זיינען ניט מעהר ווי אַ מיטעל פאַר אַמעריקאַניזאַציע.

ווילט זיך זאָגען צו די ליעבע און גוטמיינענדע יונגע־לייט, אַז דאָס איז אַ טעות, און ניט נור אַ טעות, נור אויך אַ זעלבסט־באַליידיגונג און דערנידעריגונג.

מיר דאַרפען זיין אידען ניט צוליעב אַמעריקאַ.

מיר דאַרפען אָפּהיטען און אויפהאַלטען די אוצרות פון אונזער פאָלק ניט צוליעב אַמעריקאַניזאַציע.

מיר דאַרפען בכלל ניט זיין אידען צוליעב וועלכען עס איז פרעמדען צוועק, מעג דער צוועק זיין ווי שעהן און דערהויבען.

מיר זיינען אידען ווייל עס איז אונזער פריווילעגיע, אונזער גליק צו זיין אידען.

מיר קעמפפען פאַר אונזער גלויבען, פאַר אונזערע אידעאַלען, ווייל זיי זיינען דער אָטעהם פון אונזער לעבען, דער סוד פון אונזער קיום, די פעלזענפעסטע מויער וואָס באַשיצט אונז פון אַלע געפאַהרען און פאַרהיט אונז פון אונטערגאַנג.

אמת'ע באַוואוסטזיניגע אידען וואָס זיינען שטאָלץ אויף זייער אָפּ־שטאַמונג. אויף זייער וואונדערליכער מאַרטירער־געשיכטע און פיהלען מיט יעדען נערוו פון זייער נשמה, מיט יעדען ציטער פון זייער האַרצען די אייביגע און הייליגע ווערטען פון אידענטום לערנען דעם פּשט אַנדערש.

זיי זאָגען: מיר זיינען אידען ווייל מיר ווילען ניט און קענען ניט זיין עפּעס אַנדערש, זייענדיג אָבער אידען פאַרקערפּערען מיר שוין אין זיך ממילא די העכסטע מענשליכע אידעאַלען, די אידעאַלען פון פרייהייט, פון מענשען־ליעבע, פון אַבסאָלוטען יושר, מיט וועלכע עס איז דורכגעדרונגען די אמת'ע, אומגעפעלשטע אַמעריקאַ, די אַמעריקאַ פון דזשעפערסאָן און לינקאָלן.

שטאָלצע באַוואוסטזיניגע אידען האָבען דעם מוטה צו זאָגען צו יענע אַמעריקאַנער וואָס זוכען ביי אונז איינצופלאַנצען די אידעאַלען פון אַמעריקאַ און באַנוצען זיך דערביי אָפטמאָל מיט מיטלען וועלכע

זיינען אַ דירעקטער ווידערשפּרוך צו דער אַמעריקאַנער פרייהייט:

אייער אַרבייט איז אַן איבעריגע און אייער מיה מוז אַפּטמאָל ניט מעהר ווי אַ שמייכעל ביי אונז אַרויסרופען.

איהר קומט דאָך לערנען אייערע רביים, איהר האָט דאָך אייער פרייהייטס־תורה פון אונז איבערגענומען און ניט אַלע פון אייך האָבען זי נאָך ביז היינטיגען טאָג מיט זייער האַרץ און נשמה צונויפגעשמאָל־צען, אייערע ווערטער מיט וועלכע איהר קומט צו אונז, זינגען דאָך אַרויס פון אונזער בלוט.

אויב „בעסערע אַמעריקאַנער" מיינט מענשען וואָס גלויבען אין פרייהייט און גערעכטיגקייט און זיינען גרייט אויף מסירת נפש פאַר זייערע אידעאַלען, זיינען מיר אידען געוויס פון די בעסערע און אמת'ע אַמעריקאַנער.

דער גרויסער אַמעריקאַנער אָראַטאָר וועבסטער, וועלכער איז געוויס געווען אַ גוטער אַמעריקאַנער האָט אַמאָל אויסגערופען אין אַ רעדע: „גאָט שענקט פרייהייט נור צו די וואָס ליעבען די פרייהייט און זיינען גרייט צו באַשיצען זי".

מיר אידען האָבען געוויס ליעב פרייהייט און זיינען אודאי גרייט צו קעמפּפען פאַר מענשליכער גערעכטיגקייט.

און צו די יונגע־לייט וועלכע ערקלערען דאָס זיי ווילען דערהויבען די אידישקייט אין אַמעריקאַ כדי צו שאַפען „בעסערע אַמעריקאַנער" ווילען מיר אויך באַמערקען:

ווען אַנדערע קומען צו אונז מיט דער מיסיע צו מאַכען פון אונז „גוטע אַמעריקאַנער", שווייגען מיר און שמייכלען גוטמוטיג.

אויב אידען אַליין טענה'ן אָבער, אַז מיר דאַרפען ווערען „בעסערע אַמעריקאַנער", פאַרדריסט עס, ווייל דאָס איז שוין פּשוט'ער מה־יפית און אויך זעהר שעדליכער מה־יפית. דאָס איז אַ צושטימונג צו די בלבולים פון אונזערע שונאים, דאָס אונזער אַמעריקאַניזם נויטיגט זיך ווירקליך אין פאַרבעסערונג.

## טענות פון אַ יונגען ראַביי

„איר הערט", האָט צו מיר אנומעלטען אַ זאָג־געטאָן אַ יונגער ראַבי, „דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקע איז געבויט אויף ליגען און היפּאָקריטסטוואָ; די היגע, אַזוי־גערופענע אידישקייט איז ניט מער ווי אַ ביליגע און באַליידיגענדיגע קאָמעדיע; יאָ, איך ווייס וואָס איך רעד, און — קוקט מיר ניט אָן מיט אַזעלכע אויגען"...

ווען דער יונגער ראַבי האָט געזאָגט, אַז איך זאָל אים ניט אָנקוקען מיט „אַזעלכע אויגען", האָט ער געמיינט, אַז ער האָט ניט פאַרפעלט אויפצוכאַפּען דעם אויסדרוק פון דערשטוינונג, וואָס זיינע ווערטער

האָבען ביי מיר אויסגערופען.

ווארים אַט דער אויסברוך זיינער איז געקומען אומדערוואַרט. מיר האָבען געפירט אַ געמיטליכען שמועס וועגען פאַרשיידענע פראַגען, וואָס רירען אָן אונזער פאָלק: ארץ־ישראל . . . ענגלאַנד . . . דער וואַקסענדיגער אַנטיסעמיטיזם — אפילו איצט נאָך דער מפּלה פון היטלער׳ן.

און אַט זיינען מיר געקומען צום אידישען לעבען אין אַמעריקע. דער ראַבי איז מיט־אַמאָל אויפגעשפּרונגען פון אָרט. די ווערטער האָבען זיך ביי אים אַ שפּאַר געטאָן ווי אין אַן עקספּלאָזיע, זיין פּנים איז איבערגעקרימט געוואָרען אין אַ ווייטאָגדיגער גרימאַסע.

עס איז געווען קלאָר, אַז די ביטערע רייד, וואָס איך האָב פון אים געהערט, האָבען זיך ביי אים אָנגעזאַמעלט ווי דאַמף אין אַ קאָכיגען קעסעל.

האָט עס מיר געוואונדערט. ווארים איך האָב געוואוסט, אַז פאַר אַ יונגען ראַבאַי, וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָר פיר־פינף צוריק, פאַרלאָזט די באַנק אין טעאָלאָגישען סעמינאַר, האָט ער געהאַט אַ גוטע זיכערע שטעלע. ער איז געווען דער ראַבי פון אַ „קאָנגרעגיישאָן" אין אַ רייכער קהילה אין איינעם פון די מערב־שטאַטען. די קהילה — אַ קליינע, אָבער אַן אַלטע, אַן איינגעפונדעוועטע, מיט אַ טראַדיציע.

„וואָס זשע וויל ער אייגענטליך?" האָב איך צו זיך געטראַכט. ער האָט געלייענט די פראַגע אין מיינע אויגען.

ער האָט זיך געקליבען מיר ענטפערען. איך בין אים אָבער פאַר־לאָפען דעם וועג און אַ זאָג־געטאָן:

„דאָס, וואָס איך האָב פון אייך געהערט, שמעקט, זאָלט איר מיר מוחל זיין, מיט׳ן שלעכטען ריח פון רכילות אויף אידען; און איר ווייסט דאָך, ווי ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האָט געטייטשט דעם פּסוק „לא תלך רכיל בעמך"? — זאָלסט ניט רעדען רכילות אויף אידען.

„און איך, דאַרפט איר וויסען, בין אַן אוקראַינער", בין איך ווייטער אָנגעגאַנגען, „און איך האָב גע׳ירשנ׳ט די טראַדיציע פון באַרדיטש־עווער רב, ר׳ לוי־יצחק, וואָס האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט: „אַ איד, וואָס רעדט שלעכטס אויף איין אידען, זינדיגט קעגען גאַנצען כלל־ישראל" . . .

„איך דאַנק אייך פאַר אייער מוסר־דרשה", האָט מיר דער ראַבי איבערגעשלאָגען די רייד מיט אַ לייכטען סאַרקאַזם, „אָבער הערט מיך אוים: ר׳ ישראל בעל־שם־טוב און ר׳ לוי־יצחק מבאַרדיטשעוו זיינען ניט געווען קיין ראַבים אין מיין קאָנגרעגיישאָן, און זיי האָבען ניט געהאַט צו טאָן מיט אַזעלכע היפּאָקריטען, ליגנער, גאָט־לעסטערער, פאַרשוועכער פון אַלע הייליגקייטען, ווי מיינע באַלעבאַטים זיינען".

„איך פאַרזיכער אייך, אַז ווען דער בעל־שם־טוב און דער בערדי-

טשעווער רב וואָלטען געווען אָנגעטראָפען אַזעלכע אידען ווי מיינע באַלעבאַטים, וואָלטען זיי געווען קריעה געריסען און אויסגעגאָסען כל חמתם אויף זייער קעפּ״ . . .

„אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיט וואָס זיינען אייערע אידען ערגער פון אַנדערע?״

„איך זאָג ניט, אַז די אידען פון מיין קאָנגרעגיישאָן זיינען ערגער. די ראַבים פון די קאָנגרעגיישאָנס אין אַנדער קהילות האָבען ניט קיין בעסערע דערפאַרונגען, דאָס מאַכט אָבער ניט גרינגער מיין ראָל אַלס רעליגיעזער פירער . . . איך האַלט ניט פון „צרת רבים חצי נחמה״; פאַרקערט, ווען איר זעט, אַז דער גאַנצער כלל איז דעגענערירט, מוזט איר אַריינפאַלען אין פאַרצווייפלונג״ . . .

„איר האָט מיר אָבער אַלץ ניט דערקלערט מיט וואָס די אידען פון אייער קאָנגרעגיישאָן זיינען אַזעלכע ליגנער, היפּאָקריטען, גאָט־לעסטערער, ווי איר רופט זיי . . . ״ האָב איך באַמערקט.

„גוט, איך וועל אייך געבען אַ בילד פון זיי, און איך וויל אייך לאָזען אורטיילען און זאָגען, צי דער בעל־שם אָדער ר׳ לוי־יצחק מבאַר־דיטשעוו וואָלטען געווען מצדיק את הדין אויף אַזעלכע אידען.

„איך בין דער ראַבי פון אַ קאָנגרעגיישאָן וואָס, ווי די בעלי בתים באַרימען זיך, האָט די געביידע אַליין זיי אָפּגעקאָסט אַרום הונדערט טויזענט דאָלער . . . דאָס איז אַחוץ די ספרי תורה מיט די זילבערנע עטרות, מיט דעם געשניצטען ארון־קדוש. דאָס אַלץ האָט באַטראָפען אַ פאַרמעגען.

„און, ווי איר ווייסט, צאָלט מען מיר גאַנץ פיינע שכירות. איך האָב אָנגעהויבען מיט זעקס טויזענט דאָלער אַ יאָר, און קריג היינט אַכט טויזענט. מען איז אויך גרייט צו געבען מיר דאָס יאָר אַ נייע הוספה״ . . .

„אָבער ווען איך זע ווי די הונדערט־טויזענדיגע שול־געביידע שטייט אַ גאַנצע וואָך מיט פאַרשלאָסענע טירען, און ווי גראָז וואַקסט אויף די טרעפּ, פרעג איך זיך: צו וואָס דאַרפען די אידען פון שטעטעל אַ שול? און צו וואָס דאַרפען זיי מיך?״

„וועט איר זאָגען: פרייטאָג און שבת . . . אָבער—אַן אַך און ווי וואָס פאַר אַ פנים עס האָבען די אַזוי־גערופענע פרייטאָג און שבת „סוירוויסעס״ . . .

„פרייטאָג אָווענט קומען נאָך אַ פּאָר מנינים אין שול . . . מען קומט ניט חלילה צו קבלת־שבת, נאָר צום „פאָרום״ . . . דער „פאָרום״ איז אַ מין אונטערהאַלט, עס פאַרנעמט דאָס אָרט פון דער „מאָוווי״ . . . מ׳קען דאָך ניט גיין יעדען אָווענט אין די מאָוווי־הייזער, גייט מען פרייטאָג צו נאַכט צום „פאָרום״, כאָטש ניט אַלע, נאָר אַ קליינער פּראָצענט קומט . . .

„וואָס מיך ברענט אָבער, איז וואָס אידען וואָס קומען שוין צום „פאַרום", פראַווען דערבײַ אַ היפּאָקריטישען שפּיל! איך ווײס אַז זײ קומען אין שול, ניט חלילה צו פוס, נאָר אין זײערע אויטאָמאָבילען. נאָר וואָס דען? זײ שטעלען אָפּ די אויטאָמאָבילען אַ גאַס אָדער צװײ פון דער שול . . . "

„פרעג איך אײַך: צו וואָס פראַווען זײ אָט די קאָמעדיע? פאַר־וואָס אָט דער היפּאָקריטישער אָנשטעל? וועמען דענקען זײ, אָט די גאַטס-גנבים, נאַרען זײ? דעם רבונו של עולם? מיך?"

„שבת אינדערפרי קומט קוים אַ מנין . . . איך האַלט מײנע „סוירמאָנס" פאַר פוסטע . . . "

„און דאָס טשיקאַווסטע איז, וואָס אָט די מחללי שבת, די טרײפ־ניאַקעס, אָט די אידען, וואָס טרעטען מיט די פיס אַלע הײליגקײטען, זײ ווילען, אַז איך, זײער ראַבי, זאָל זײַן פרום ווי דער ווילנער גאון..."

„אַנומעלטען האָט געטראָפען, אַז מײַן װײַב אין געגאַנגען פרײַטאָג אין אַ „מואווי"—זאָלט איר געוועזען זעהן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטעל . . . דער פּרעזידענט פון מײַן קאָנגרעגײשאָן, וואָס האַלט אָפען זײַן געשעפט אַלע טעג אין יאָר, חוץ יום-כפור, וואָס איז עובר אויף אַלע לא תעשה'ס אין דער תורה און אויף יעדען דין אין שולחן ערוך, ער, דער כאַם און צבועק, האָט מיר געהאַלטען אַ מוסר־דרשה און דערקלערט, אַז עס פּאַסט ניט, אַז דער ראַבי'ס װײַב זאָל געהן פרײַטאָג אין אַ מואווי . . . "

„אַ צווייטען מאָל איז דאָס שטעטעל געגאַנגען כאַדאַראַם, ווייל אײנער פון מײנע דירעקטאָרען האָט מיך געטראָפען אין ניו יאָרק אין אַ רעסטאָראַנט, וואָס איז ניט בחזקת כשרות . . .

„ער איז געקומען צוריק אין שטעטעל און דערצײלט עס די אַנ־דערע דירעקטאָרען, און די טריפ'ניאַקעס, די חזיר-עסער און לאָבסטער־פרעסער, זײַנען אויפגעקאָכט געוואָרען: סטײטש זײער ראַבי איז ניט מקפיד אויף כשרות...

„נו, פרעג איך אײַך" — האָט דער ראַבי אויסגערופען — „וואָס וואָלטען דער בעל שם און רבי לוי יצחק מבאַרדיטשוב געזאָגט אויף אַזעלכע אידען?"

דער ראַבי איז אָנטשוויגען געוואָרען אויף אַ ווייל. דערנאָך ווייטער פאָרטגעזעצט:

„און איך וויל גאָר אָוועקפאָרען קײן מעקסיקאַ פאַרקויפען צלמ'־לאַך און איקאָנעס צווישען די אינדיאַנער!" — האָט ער ווי אויסגע־שאָסען.

„ „וואָס גאָר פלוצים צלמ'לאַך און איקאָנעס?"

„פאַרשטעהט איר מיך, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק בין איך געווען אין מעקסיקאַ... איך בין אַרײַנגעפאַלען אין אַ קלײַן, פאַרוואָרפען אָרט

צווישען די בערג. דאָס איז געווען אין אַ מאַרקטאָג... דער מאַרק־פּלאַץ פאַר'ן קלויסטער — פול מיט אינדיאַנער... מיט־אַמאָל דערזעה איך אַ אידען מיט אַ וועגעלע און אויפ'ן וועגעלע צלמ'לאך און איקאָ־נעס "...

„איך האָב זיך צערעדט מיט דעם דאָזיגען אידען און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ ראַבי אין אַמעריקע... האָב איך ביי אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט זיך גענומען צו אַזאַ מסחר, און ער האָט מיר געענטפערט:

„איידער האָבען צו טאָן מיט אַ קאָנגרעגיישאָן פון טריפה'נע אידען, איז שוין בעסער פעדלען מיט צלמ'לאך און איקאָנעס..."

„מיר האָט זיך דעמאָלט געדוכט, אַז דער מענש איז ניט אינגאַנצען ביים זינען" — האָט דער ראַבי פאַרענדיגט. — „איך זעה אָבער איצטער איין, אַז ער האָט רעכט..."

איך האָב גאָרנישט באַמערקט, נאָר געשמייכעלט מיט גאָר נישט קיין זיכערען און פרעהליכען שמייכעל.

# דאס אייביגע פאלק

## אויף די וועגן פון אייביגקייט

זאל דאס, וואס איך שרייב דא, באטראכט ווערן ווי אן „אגרת תנחומין", א טרייסט-בריוו, צו די, וואס טראגן זיך אום מיט פאר־צווייפלונג אין הארצן און פרעגן: „שומר, מה מליל?" — וועכטער, וואס וועט זיין פון דער נאכט?

איך באגעגן פון צייט-צו-צייט אזעלכע אידען און הער זייערע לאמענטאציעס. איך קריג אויך בריוו, דורך וועלכע עס טראגט זיך אן „איכה ישבה".

די דאזיגע אידען זאגן: אונזער שארית הפליטה אין דער חרוב'ער אייראפע ווערט איצטער צעריבען ווי שטויב. היטלער'ס מלחמה קעגן דער וועלט איז דורכגעפאלען, אבער קעגן די אידען אין אייראפע האט ער געזיגט.

און די דאזיגע אידען גיבען צו: זעט ווי די וועלט באציט זיך צו אונז נאך אונזער מורא'דיגען אומגליק. אונזערע זעקס מיליאן קרבנות מיינען ביי דער גוי'שער וועלט גארנישט. דער גוי'שער וועלט פארדריסט נאר, וואס היטלער האט נאך געלאזען עטליכע הודערט טויזענט אידען, וואס זיינען פאר זיי ווי אן אייגעסענדיגע פליג אין א זומערדיגען טאג.

און אויב אזוי, פארענדיגען די קלאג-אידען: אויף וואס קענען מיר האפען און וואס זאלען מיר דערווארטען?

וויל איך די דאזיגע אידען דא ענטפערען און זיי זאגען:

געדענקט, אז מיר גייען אויף די וועגן פון אייביקייט.

געדענקט, אז ווי די וואלקענס איבער שנייאיגע בארג-שפיצען האבען יארטויזנטער איבער אונזער קאפ זיך דורכגעצויגען.

געדענקט, אז הינטער אונז — לענדער פון דער ערד אפגעווישטע און צעשטויבטע.

קברים פון פעלקער פארגעסענע.

קולטורען שוין לאנג-אפגעשטארבענע.

הינטער אונז — א ברעגלאזער דערנער-וועג.

פארזייט מיט די קנאכען פון מיליאנען מארטירער.

הינטער אונז — רויך און פלאַמענצונגען פון שייטערהויפענס און קרעמאַטאָריעס.

הינטער אונז — אַ קאַמף, וואָס האָט קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון פעלקער.

מוראדיגער געראַנגעל מיט אַ וועלט פון שונאים.

אַ מסירת־נפש, וואָס ברעכט אַלע צאַמען און קרישעלט אַלע פעסטונגען.

און פאַר אונז — צעשטראַלטע וועגען, וואָס פירען צו דער אייביג־קייט.

יאָ — צו דער אייביגקייט.

ווייל מיר זיינען דער עם עולם, מיט וועמען די השגחה האָט געשלאָסען אַ ברית עולם.

און געדענקט, אַז יאָרען יאָגען זיך אין מיסטעריעזען געיעג פון שעה'ן נאָך שעה'ן, טעג נאָך טעג.

דורות קומען און פאַרגייען, ווי דאָס גראָז אין פעלד, וואָס בליט און פאַרוועלקט.

דאָס גראָז, צו וועלכען דער שטערבליכער מענש איז געגליכען.

אָבער ניט מיר, די אומשטערבליכע.

מיר שפאַנען אויף די וועגען פון אייביגקייט.

מיט דעם ליכט פון גלויבען אין אונזערע אויגען.

מיר שפאַנען היינט אויף די שטראַליגע וועגען פון אייביגקייט מיט דער זעלביגער, קוואַליגער מוטיגקייט און פרישער גלויביגקייט, ווי אין דעם ערשטען טאָג, ווען מיר האָבען די מצרים־פינסטערניש פאַרלאָזען און אויף דער וועלט־אַרענע זיך אַרויסגעלאָזען.

מיר שפאַנען היינט, פונקט ווי אין דעם ערשטען טאָג ווען מיר זיינען אַ פאָלק געוואָרען — מיט דעם פנים צום מזרח.

מיר — דאָס עלטסטע פאָלק און דאָס אינגסטע.

זעט וואָס עס גייט אָן פאַר אונזערע אויגען אין ארץ ישראל, און אַ טורייסט וועט אויפגיין אין אייער הארצען, ווי די שטראַלען פון דער זון, וואָס ברעכען זיך דורך אַ וועג צווישען וואָלקען.

גיט אַ טראַכט וועגען דעם זין פון אונזער געראַנגעל און דער וואונדער פון אונזער קיום וועט זיך אַנטפּלעקען פאַר אייערע אויגען, און אַ פרייד וועט ביי אייך אויפזינגען.

ענגלאַנד די מעכטיגע, די רוים פון אונזערע טעג, די הערשערין איבער די ימים און אָקעאַנען, די באַצווינגערין פון אַ האַלבער וועלט, האָט זיך פאַרנומען קעגען אונזער פאָלק און אונזער לאַנד.

האָבען מיר געבויגען דעם קאָפּ? ניין! מיר האָבען דערקלערט קריג קעגען דעם בייזען שונא.

און מיר זיינען דאָך אַזוי ווינציג אין צאָל.

און מיר זיינען דאָך מיט אַזוי פיל בלוט אָפּגעגאַנגען.

ווער וואָלט זיך געגלויבט, אַז נאָך דעם מורא'דיגען חורבן, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט אין אייראָפּע, וועלען מיר נאָך געפינען געגנוג כוח און מוט צו שלאָגען זיך קעגען אַ שונא, וועמענס חילות זענען הונדערט מאָל גרעסער ווי אונזערע?

אָבער דער וואונדער איז געשעהן, ווייל — מיר גיין אויף די וועגען פון אייביגקייט.

און געדענקט — זייערע וועגען זיינען נישט אונזערע.

אונזערע וועגען פירען צו אייביגקייט.

זייערע — צו אונטערגאַנג.

גייט אַרוים און לערנט וואָס עס איז געוואָרען פון די וואָס זיינען געגאַנגען אויף זייערע וועגען ביז היינטיגען טאָג און וואָס עס וועט אויף זיי אין דער צוקונפט.

הערט זיך צו צו דעם וויי-געשריי פון זייערע נביאים.

פאַרנעמט נאָר דעם וואָרנונגס-רוף וואָס טראָגט זיך איצטער איבער אַלע גאַסען און ליאַרעמט איבער אַלע דעכער, ווי דראָענדיגע פייער-גלאָקען אין אַ בלינדער נאַכט:

אונטערגאַנג! אונטערגאַנג! אונטערגאַנג!!

זיי האָבען זיך דערטראַכט צו אַלץ מער מורא'דיגע מאָרד-מכשירים, כדי צו דערנעענטערען דעם אייגענעם אומקום.

זייערע נביאים זאָגען: די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע האַלט ביים אויסהויכען איר לעצטען אָטעם.

זייערע נביאים זאָגען: די שווארצע נעפלען פון טויט נעמען זיך שפּרייטען.

די נעפלען, וואָס האָבען פאַרשלונגען בבל, ננוה, צור, מצרים, רוים, גריכענלאַנד — עפענען איצטער זייער מויל אויף דער אַלטער אייראָפּע.

זיי האָבען זיך דערטראַכט צו דער אַטאָם-באָמבע וואָס טראָגט אין זיך דעם סוף פון לעצטען מענשען אויף דער ערד.

וואו ליגט אָבער די רעטונג? וואו קאָנען מיר זיין אויסגעהיט און באַשיצט פון דער געפאַר פון אונטערגאַנג?

נאָר אויף דעם וועג אויף וועלכען מיר גייען — מיר, די אויס-דערוויילטע, פון גאָט-געהייליגטע און געפּירטע.

מיר, וואָס זיינען נישט אויסגעזעצט צו די ערדישע געזעצען פון יוגענט, רייפקייט, אַלטקייט און טויט.

מיר, איבער וועמענס קאָפּ עס האָבען דורכגעצויגען יאָרטויזענ-טער, ווי וואָלקענס איבער שנייאיגע באַרג-שפּיצען.

מיר — דאָס עלטסטע און אינגסטע פאָלק אויף דער ערד.

הינטער אונז — לענדער פון דער ערד אָפּגעווישטע.

מיר קעמפען פאַר אונזער לאַנד'ס פרייהייט און בויען עס אויפ־דאַסניי.

הינטער אונז — קברים פון פעלקער פאַרגעסענע.

מיר קלייבען זיך ערשט צו אַ ניי לעבען אויף דער ערד.

הינטער אונז — קולטורען לאַנג אָפּגעשטאָרבענע.

אונזער אַלטער קוואַל שטראָמט פריש און לויטער ווי אַמאָל, און די וואָס זיינען מיד פון לעבען און דורשטען נאָך אמת, שעפּען דאָרטען ניי לעבען און פרישע כוחות.

יאָגען זיך יאָרען אין פאַרהוילענעם געיעג פון שעה'ן נאָך שעה'ן און פון טעג נאָך טעג.

דורות קומען און פאַרגייען.

געדענקט אָבער, אַז מיר שפּאַנען אויף די וועגען פון אייביגקייט.

מיר שפּאַנען איינזאַמע,

געהייליגטע,

פריידיגע.

געהייליגטע דורך דעם בונד צווישען אונז און דער אייביגקייט.

פריידיגע אין אונזער איינזאַמקייט.

פריידיגע אין דעם באַוואוסטזיין, אַז מיט דעם לעצטען אידען איז דער סוף פון דער וועלט.

## דאָס האַרץ פון די פעלקער

יהודה הלוי האָט געזאָגט, אַז אידען זענען דער „לב שבאומות" — דאָס האַרץ פון די פעלקער פון דער וועלט.

און דאָס האַרץ איז, כידוע, דער איידעלסטער אינסטרומענט אינ'ם מענשליכען אָרגאַניזם.

יעדע קלענסטע ענדערונג, וואָס קומט פאָר אינ'ם מענשליכען קערפּער, רופט זיך תיכף אָפּ אויפ'ן האַרץ.

די נעץ פון טויזנטער און איין פעדעמלעך און קאַנאַלעכלעך, וואָס ציען זיך פון אַלע טיילען פון קערפּער צום האַרץ, און דורך וועלכע דאָס בלוט צירקולירט, — זיינען ווי די סטרונעס פון דוד המלך'ס האַרף, וואָס האָבען אויפגעציטערט ביים מינדסטען בלאָז פון פרי־מאָרגען־ווינטעל.

דער „כינור של דוד" פלעגט אויפשפּילען אַ געזאַנג צום אויפגאַנג פון דער זון. דאָס פלעגט געשען, ווען די פרימאָרגען־ווינטלעך האָבען צעטריבען די לעצטע שאָטענס פון דער נאַכט. דער דינער נעפּעל, וואָס האָט איינגעהילט די ערד אין אַ דורכזיכטיגען שלייער, איז צערונען געוואָרען אין עטער. די פייגעל אין די נעסטען האָבען זיך אויפגע־כאַפּט פון זייער שלאָף און אַרויסגעשטעקט די קעפּלעך. זיי האָבען

דערזען ווי די ערשטע מאָרגענשטראַלען נעמען זיך דורכברעכען. דאָס פייערדיגע אויג פון דער זון האָט זיך גענומען אַרויסשפּאַרען פון צווישען די בערג ווי אונטער אויגענדעקלעך, וואָס עפענען זיך לאַנגזאַם. און ווען ווינטלעך פון צפון האָבען אַ בלאָז געטאָן, האָבען מיטאַמאָל די סטרונעס פון „כינור של דוד" אויפגעציטערט פון זיך אליין. אַן אומגעזעהענע, כישוף'דיגע האַנט האָט גענומען אויף זיי אויפשפּילען אַ געזאַנג צו דער זון, צו דעם נייעם, געבענשטען טאָג, וואָס איז געבוירען געוואָרען; צו גאָט'ס באַשאַף, וואָס איז אויפגע־גאַנגען מיט אַלע פאַנגענדיגע קאָלירען פון רעגענבויגען. די פייגעל אין די נעסטען האָבען אויפגעכאַפּט דאָס געזאַנג. פון יעדען צווייג האָט דאָס געזאַנג זיך צעטראָגען. און יעדער פויגעל און זשוקעל האָבען מיטגעזונגען, יעדעס ווערימעל אין דער ערד. און דאָס געזאַנג האָט אין אַ מעכטיגען כאָר זיך צונויפגעגאָסען און דעם חלל פון דער וועלט אָנגעפילט. און אַ שיר ושבח צום בורא עולם, וואָס האָט באַשאַפען הימעל און ערד, לבנה, זון און שטערען, די פייגעל און די חיות, דעם אָדלער און דאָס ווערימעל און דעם מענשען, דעם „בחיר היצורים", וואָס איז אויך ניט מער ווי אַ ווערימעל, ווען אפילו ער קאָן זיך אויפהויבען צו די הימלען.

און דער „כינור של דוד", וואָס איז געהאַנגען צוקאָפּנס ביים „נעים זמירות ישראל", האָט באַגלייט דאָס פרימאָרגען־געזאַנג פון דער שאַפונג צו דער שאַפונג. ער האָט אויפגעטאַנצט פון זיין געלעגער, אַרויסעשטעקט דעם קאָפּ און באַטראַכט אַ פאַרגאַפטער און פון פרייד פאַר'כישוף'טער די געטליכע פּראַכט פונ'ם אויפגייענדיגען טאָג. ער האָט אויסגערופען צום „למנצח על הגתית": „שטעלט אָן אייערע אינסטרומענטען, וואָרים איך וויל זינגען אַ „מזמור לדוד!" און ער האָט גענומען זינגען.

„גאָט, אונזער האַר! ווי מעכטיג ס'איז דיין נאָמען איבער דער גאַנצער ערד. דו, וואָס האָסט אָפּגעשיידט דיין שיינקייט אויף די הימלען.

„פון מויל פון קליינע קינדער, פון זויגלינגען האָסטו אויפגע־בויט אַ פעסטונג אַנטקעגען דיינע שונאים, כדי צו צעשטערען דעם פיינט און נקמה־נעמער.

„און ווען איך זע דיינע הימלען, דאָס ווערקצייג פון דיינע פינגער, די לבנה און שטערן, וואָס דו האָסט באַשאַפען, טראַכט איך ביי זיך: וואָס איז דען דער מענש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען? און וואָס איז דען דער בן אדם, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען? אָבער, פונ־דעסטוועגען האָסטו אים געמאַכט בלויז אַביסעל ווינציגער, האָסט אים מיט כבוד און פּראַכט באַקרוינט. האָסט אים געמאַכט געוועל־טיגען איבער די שאַפונגען פון דיינע הענט. האָסט אַלץ אַוועקגעלייגט

אונטער זיינע פיס: שאָף, רינדער, אַלץ מיט אַנאַנדער, אויך די בהמות אין פעלד, די פייגעל אין הימעל און די פיש אין ים, און ער אַליין פאָרט אויס אַלע ים׳ען.

„און דערפאַר רוף איך אויס: גאָט, אונזער האַר, ווי מעכטיג איז דיין נאָמען איבער דער גאַנצער ערד!״

און ווי די האַרף פון קעניג דוד, אַזוי איז אויך דאָס פאָלק ישראל — דאָס האַרץ פון די פעלקער פון דער וועלט.

און אין דעם, וואָס מיר זיינען דער „לב שבאומות״ באַשטייט אונזער אויסדערוויילטקייט, דער „אתה בחרתנו מכל העמים ורוממתנו מכל הלשונות״.

אָבער — אויף וויפיל עס איז גוט פאַר אונז צו זיין דאָס האַרץ פון די פעלקער איז אַן אַנדער פראַגע.

וואָרים וואָס מיינט, אייגענטליך, צו זיין דער „לב שבאומות״?

עס מיינט אַז אויף אונזער גורל איז אויסגעפאַלען צו טראָגען ניט נאָר דעם אייגענעם צער, נאָר אויך דעם צער פון דער וועלט.

עס מיינט, אַז מיר זיינען די גרויסע טראַגיקער אויף דער וועלט-בינע, און אַז אין אונזער טראַגישען שפּיל איז אויך פאַרוועבט דער טראַגיזם פון דער מענשהייט.

עס מיינט, אַז מיר זיינען דער באַראָמעטער פון פעלקער און לענדער. דורך דעם פאָלק ישראל, וואָס איז דאָס האַרץ פון די פעלקער פון דער ערד, קאָן מען שטענדיג מאַכען דעם ריכטיגען דיאַגנאָז און באַשטימען אויף וויפיל דאָס פאָלק אָדער יענעם לאַנד איז געזונט אין דער מאָראַל און געזיכערט מיט קיום.

עס מיינט אויך, אַז ווייל מיר זיינען דאָס האַרץ פון די פעלקער, זיינען מיר די ערשטע צו דערפילען די ווייטאָגען פון דער וועלט, און אויך די ערשטע, וואָס ליידען מער ווי אַלע אַנדערע צוליב זיי.

פאַראַן אַזעלכע וואָס זאָגען אונז, אַז דאָס איז אַ גרויסע פּריוויּ-לעגיע, מיט וועלכער מיר דאַרפען שטאָלצירען. די „מיסיע-אידען״ זעהען אין דעם די מיסיע פון אידישען פאָלק. כשאני לעצמי, וואָלט איך מוחל געווען אַנדערע די דאָזיגע מיסיע. זאָלען אַנדערע אָנהויבען ליידען פון האַרצווייטאָג. מיר ליידען שוין פון דעם אַ צוויי טויזענט יאָר — און ס׳איז גענוג.

## שניידען און זאַמלען — (סכות שטימונגען)

„אַ שטאָדט וואָס די דעכער פון איהרע הייזער זיינען העכער פון די דעכער פון איהרע שוהלען און בתי מדרשים, וועט שוף כל סוף חרוב ווערען״.

די שוהל, דער בית מדרש, זיי זיינען די העכסטע בנינים אין דער אידישער שטאָט.

די העכסטע, לויט דעם דאַך? ניין, לויט דעם פּלאַץ וואָס זיי פאַרנעהמען אין אונזער לעבען.

זיי זיינען דער צענטער, אַלץ, דער ליכט-פּונקט פון פרייד, דער לאַגעל פאַר טרערען, די פעסטונג אין צייט פון שטורם.

די שוהל, דער בית המדרש, זיי זיינען דער צענטער פון אַלץ.

די הייזער פון שטאָדט, דאָס איז דער פּרט, דער אינדיווידיאום, העכער, נידעריגער, יעדער נאָך זיין מדרגה.

אוודאי דאַרף אויך דער אידישער פּרט שטעהן וואָס העכער, „קדושים תהיו", אַ פּריסטער-נאַציע, יעדער טראָגט דעם חלק פון אַ גרויסער מיסיע אין זיין בלוט.

קומט אָבער צום פּרט זיינען שוין פאַראַנען מדרגות, העכערע און נידעריגערע.

אַלע אידישע נשמות קוואַלען פון הייליגען ליכט-קוואַל, שטראַ-לען פון כסא הכבוד, ווערען אין דער לויטערקייט פון דער שכינה אויסגעבאָדען.

נידערען זיי אָבער אויף דער ערד אַראָפּ הויבט דער שטן אָן זייער וועג מיט נסיונות אויסשפּרייטען.

ס'הויבט זיך אָן אַ ראַנגלעריי, ווער ס'איז גובר, ווער ס'פאַלט און ווער ס'בלייבט הענגען צווישען הימעל און ערד.

אַזוי איז אין לעבען פון פּרט.

דער כלל מוז אָבער זיין כולו קודש.

פאַר'ן אידישען כלל איז פון יציאת מצרים ביז היינטיגען טאָג אויסגעהאַקט מיט פייער-שריפט אין הימעל די ווערטער: „קדושים תהיו".

דער פאַר זיינען די שוהל און בית המדרש — די פערקערפּערונג פון כלל, ממילא אויך די העכסטע בנינים, מעג אפילו זייער דאַך זיין דער נידעריגסטער פון אַלע.

מיר דוכט, אַז דער דייטשער פילאָזאָף און קונסט-טעאָרעטיקער שעלינג רופט אָן אַרכיטעקטור „פערפרוירענע מוזיק".

אַ פיינע, בילדליכע אויסטייטשונג פון אַרכיטעקטור אַלס קונסט.

פעלקער וואָס זיצען אויף זייער אייגענער ערד און שאַפען זייער אייגען לעבען פריי און אומגעשטערט, גיבען אויסדרוק צו זייער השתפכות הנפש ניט בלויז אין קלאַנגען, אין מוזיק, פּאָעזי, מאַהלעריי, נאָר אויך אין דער „פערפרוירענער מוזיק" — אין אַרכיטעקטור.

די אַלטע, גאָטישע און ביזאַנטישע טעמפּלען וואָס מ'בעגעגענט אין אייראָפּא זיינען די קלאַסישע מוזיק וואָס די אייראָפּעאישע פעלקער האָבען געשאַפען אין זייערע בליהונגס-עפּאָכען.

אין יעדען געשניצטען טורם, קינסטלעריש-אויסגעאַרבייטען קו-

פאל, מאהלעריש־פארביגען פענסטער איז איינגעפרוירען און פאר־בעהאלטען פאר די שפעטערע דורות דער רעליגיעזער דראנג פון גאנצע פעלקער, דער פערזוך פון קריסטענטום צו באפרייען זיך פון די קעטען פון געצענדינערייי.

דער פערזוך איז געמאכט געווארען דורך מירמעלשטיין און פארבען, דורך קאלטער, טויטער מאטעריע וואס איז ניט מעהר ווי קינסטליכע פליגלען פאר׳ן גייסט.

צו קיין העכערען שוואונג האט זיך דער קריסטענטום ניט געקענט דערהויבען.

ניט מיט קינסטליכע פליגלען איז עס געווען בכח דורכצושפאלטען אלע גרענעצען און אויסשפרייטען זיך איבער אלע רוימען.

דאס האט נור געקענט דאס אידענטום.

דאס אידענטום האט ניט פערגליווערט זיין רעליגיע אין די פארמען פון פארפרוירענע מוזיק, ניט איינבאלזאמירט זיין פאטאס אין פארבען און בילדער.

דער רעליגיעזער פלאם וואס האט אין אונזער הארץ געברויזט, האט פערצערט די טויטע מאטעריע, צושמאלצען אלע פארפרוירענע פארמען.

אונזער שוואונג האט געדארפט — מרחב יה.

מיר האבען די גאנצע וועלט פאר אונזער בית תפלה געמאכט.

מיר האבען פון אומעטום אונזער תפלה געשיקט, ווייל מיר האבען געוואוסט, אז זי שפאלט הימלען און טרעפט איהר וועג גלייך צום כסא הכבוד.

אין מיטעלאלטער האבען מיר אויפגעבויט שוהלען אויף וועלכע עס איז געווען אויסגעגאסען אן אייגענארטיגער חן.

די אלטע פראגער שוהל און אנדערע שוהלען אין מזרח־אייראפא וואס האבען אין זייערע ווענט איינגעזאפט די קרעכצען און טרערען פון הונדערטער דורות, זיינען וואונדערליכע מאנומענטען פון א באזונדערער, אינדיווידועלער ארכיטעקטור וואס מיר האבען אין דער געטא פון מיטעלאלטער געשאפען.

די אלע שוהלען זיינען אבער באשיידען, זייערע בויער האבען זיך ניט פיעל געקימערט פאר זייער דרויסענדיגער פראכט, אין די פינסטערע צייטען פון מיטעלאלטער האט מען זיך מיט דעם ניט געקענט אפגעבען.

דאס איז אבער ניט די גאנצע סיבה, דער עיקר איז עס געווען דער פאר וואס דאס אלטע אידענטום האט ווייניג מדקדק געווען אויף דער פארם, די הויפט זאך איז געווען דער תוכן, די אייביגע ווערטען וואס זיינען געווען בעהאלטען אונטער דעם נידעריגען דאך און צווישען די בעשיידענע ווענט.

ערשט אין דער נייער צייט האָט מען זיך ביי אונז אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דער „פּאַרפּרוירענע מוזיק", מיט אַרכיטעק-טור.

די טעמפּלען וואָס די רעפאָרמירטע אידען אין דייטשלאַנד, אַמע-ריקע און אַנדערע לענדער האָבען אויפגעבויט צייכענען זיך אויס מיט זייער דרויסענדיגער שעהנקייט.

דערפאַר זיינען זיי אָבער אַזוי טויט און פּוסט אינעווייניג.

פיעל פון זיי זיינען בכוונה געבויט געוואָרען לויט קלויסטערליכע מוסטערען, ווי זייערע בויער און גרינדער וואָלטען געוואָלט דערמיט אָנדייטען אויף דער גאָר-דינער ליניע וואָס ליגט צווישען טעמפּעל און קירך.

סכות-צייט טרעט פאַר מיר אַרויס דאָס אַלטע אידענטום אין איהר נאַטירליכער געשטאַלט, אין איהר גאַנצער פרישקייט און אונמיטעלבאַרקייט.

דער איד וואָס זאָגט זיינע אושפיזין אונטער'ן גרינעם סוכה-סכך דורך וועלכען די שטערען בליקען אריין, איז פאַר מיר די פאַרקער-פּערונג פון אַלטען אידענטום וואָס גיסט זיך צונויף מיט דער נאַטור, וואָס מאַכט פעלד און וואַלד, באַרג און טהאָל פאַר זיין בית תפלה וואָס שיקט זיין געבעט פון אומעטום וויל פון וואַנען עס זאָלען ניט קומען וועט עס צום כסא הכבוד דערגרייכען.

די סוכה איז מעהר ווי אַ געדעכעניש פון דער צייט ווען מיר האָבען אין דער מדבר געוואַנדערט און זיינען אין ביידלאך געזעסען.

די גרינס פון דער סוכה איז מעהר ווי אַן אָנדייטונג אויף דעם חג האסיף וואָס מיר האָבען אַמאָל אויף אונזער ערד געפייערט.

חג האסיף —

אַ פאָלק האָט אַמאָל מיט די אייגענע הענט זיינע פעלדער פאַר-זייעט, אין דער פייכטער, צעאַקערטער ערד די זריעה געוואָרפען, און איז געקומען נאָכדעם מיט זיינע זיהן און טעכטער ווען די זאַנגען זיינען צייטיג געוואָרען, און שווער-בעלאָדענע אונטער דעם דורכזיכטיגען הימעל געשטאַנען, און דער קלאַנג פון בליצענדיגע סערפען און דער געזאַנג פון איבלענדיגע שניט-לידער האָט געטראָגען זיך אין דער ווייס-נעבעלדיגער לופט און געשפרייט זיך וויט, ווייט איבער באַרג און טהאָל.

חג האסיף —

אַ פאָלק האָט זיינע אייגענע פעלדער פאַרזייעט, האָט עס נאָכ-דעם שניט-צייט געהאָט און די פולע שייערען האָבען עדות אויף זיין אַרבייט געזאָגט, אויף דער בעלוינונג וואָס זיין מיה האָט איהם געבראַכט און אויף זיין צוגעוואַקסענקייט צו דער ערד אין וועלכער ער האָט טיעף די וואָרצלען פון זיין לעבען געשלאַגען.

וואָס איז אָבער דער חג האָסיף אין דער פרעמד? וואָס פאַרזעען מיר, און וואָס שניידען מיר, און מיט וואָס זיינען אונזערע שייערן אָנגעפילט, נאָכדעם ווי די פעלדער ווערען אָבגעלײדיגט און בלייבען שטעהן נאַקעטע און פאַרלאָזענע אונטער דעם קאַלטען, הערבסטיגען הימעל?

מיר זיינען פון דער ערד אָבגעריסען, ניט נאָר פון דער אייגענער ערד, נאָר פון יעדער ערד, אומעטום, אומעטום איז אונזער לעבען צו אַ קינסטליכער פלאַנץ געגליכען, צו אַ קינסטליכער פלאַנץ, וועלכע וואַקסט אין דער פאַרנער, פערשטיקטער לופט פון אָראַנזשערייען און קען דעם פרייען הימעל ניט אָנקוקען און די בעריהרונג פון דער פרישער, פּשוט׳ער ערד ניט איבערטראָגען.

געוויס זיינען פאַראַן היסטאָרישע סבות וואָס מיר זיינען אין גלות אַ פאָלק פון סוחרים געוואָרען, מיר זיינען ניט מיט אייגענעם ווילען פון דער ערד אָוועקגעגאַנגען, ניט נאָר פון דער אייגענער ערד, נאָר פון יעדער ערד. דאָס ענדערט אָבער ניט דעם טראַגיזם פון אַ פאָלק, וואָס דער ערד־גייסט האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן און מוז פייערן זיין חג האָסיף מיט ליידיגע שייערן און פּוסטע תבואה שפייכלערס.

ס׳ווערט דערצעהלט, אַז ווען דער גרויסער, איטאַליענישער נאַציאָנאַלער העלד, גאַריבאַלדי, האָט אין לאַנג איילאַנד געוואוינט און אין אַ ציגעל פאַבריק געאַרבייט, האָט ער אין זיין פרייער צייט בעאַרבייט אַ שטיקעל פעלד, וואָס האָט זיך אונטער זיין הילצערנער כאָלופּקע געצויגען, און ווען זיינע פריינד האָבען ביי איהם געפרעגט, צו וואָס ער טהוט עס, האָט ער געענטפערט: „איך וויל אויך אין דער פרעמד פון דער ערד ניט אָפּגעריסען ווערען... דער אָטהעם פון דער ערד איז דאָך אומעטום דערזעלבער, און גראָבענדיג מיין לאָפּעטע אין דער אַמעריקאַנער ערד פיהל איך איבער זיך דעם הויך פון מיינע איטאַליענישע פעלדער...”

גאַריבאַלדי פלעגט אויך זאָגען צו זיינע לאַנדסלייט, וואָס פלעגען אָהער איינוואַנדערען: „ווערט אין דער פרעמד פון דער ערד ניט אָפּגעריסען, קלייבט זיך ניט אין די גרויסע שטעדט, בלייבט נאָהענט צו דער ערד...” ווייל דער גרויסער, איטאַליענישער נאַציאָנאַלער העלד האָט פערשטאַנען דעם כח פון דער ערד אויף אַ פאָלק, מעג עס זיין אפילו פון אַ פרעמדער ערד.

מיר האָבען עס אויך פאַרשטאַנען, און אונזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט זיך דאָך אָנגעהויבען מיט צוריקקעהר צו דער ערד. שווער איז אָבער דער דאָזיגער צוריקקער, ווייל צווישען אונז און דער ערד שטעהען טויזענטער יאָהרען פון דערוויטערטקייט און אָפּגעריסענקייט און דערפאַר טאַקע קומט אָן מיט אַזוי פיל חבלי לידה די אויפבויאונג פון בריק איבער דעם תהום, וועלכער ליגט צווישען אונז

און פעלד.

דאָס פאָלק וואָס האָט אַמאָל מיט די אייגענע הענט זיינע פעלדער פאַרזייעט און אין זיין פייכטער, צעאַקערטער ערד די זריעה געוואָרפען, האָט ניט נאָר זיינע תבואה שייערן פול געהאַלטען, נור אויך זיינע גייסטיגע שייערן זיינען מיט די פרוכטען פון זיינע שאַפונגען געווען אָנגעפילט, ווייל לעבענדיג אין אייגענעם לאַנד איז צווישען הימעל און ערד שטענדיג אַ פערבינדונג געווען, און דער ערד-גייסט האָט קיין מאָל ניט געהאַט אויף איהם אַזוי פיעל שליטה, אַז ער זאָל איהם פון הימעל אַפּרייסען...

ס'איז דער שענסטער סימבאָל פון אידענטום, וואָס אונזער חג האָסיף, דער יום טוב פון ערד, שליסט זיך מיט שמחת תורה, מיט דעם יום טוב פון אונזער גייסט, איבער דעם אָבקלאַנג פון די אַמאָליגע גלאַנצענדיגע ספערען און יובלענדיגע שניט-לידער דערהויבט זיך דער פייערליכער, גראַנדיעזער שישו ושמחו בשמחת תורה, הימעל און ערד שליסען זיך צוזאַמען, מאַטעריע און גייסט ווערען אויסגעגאָסען אין איין וואונדערליכען פורעם — אין אידענטהום.

מיר האָבען אַמאָל ניט נאָר אונזער אייגען גייסטיג פעלד פאַרזייעט, נאָר אונזערע זריעות זיינען אויך אויף אַנדערע פעלדער פאַרטראָגען געוואָרען און מיט תבואות און פירות וואָס זיינען פון זיי אויפגעגאַנגען נעהרט זיך נאָך די וועלט ביז היינטיגען טאָג.

אונזערע נביאים האָבען נאָר אויף אַן אייגענער ערד געקענט געבוירען ווערען.

נביאות — די מתנה פון הימעל — האָט נאָר פון אונזער אייגענער ערד געקענט אַרויסשפּראָצען און וואונדערליך צעבליהען זיך און דאָס לויטערע, קוואַלענדיגע, געטליכע וואָרט פון נביא אָטהעמט דערפאַר מיט דעם ריח פון פעלד און וואַלד.

אָרעם שטעהט אָבער אונזער גייסטיג פעלד אין גלות, אָרעם, לעדיג און פאַרלאָזען, און פונקט ווי אונזערע שייערן און תבואה-שפייכלערם פוסטעווען, אַזוי זיינען אויך די קאַמערן פון אונזערע גייסטיגע שאַפונגען אויסגעלעדיגט און פאַראָרעמט.

חג האסיף — דער יום טוב פון שניידען און זאַמלען, פון בינדען די זאַנגען און גאַרבען, פון רייסען און צונויפשאַרען די פירות אין הויפענס, פון אויסדרעשען די זאַנגען אין בערג-תבואה-קערנער און אין די שפייכלערס זיי אַריינפיהרען.

און זייט ביי זייט מיט דעם אונאויפהערליכען פּראָצעס פון גייסטיגען שאַפען, אַ פאַרטיעפונג אין זיך און אין דער וועלט ארום, אַ נישטערונג און איינבערעכונג אין די סודות פון דער בריאה, אין די פאַררינגעלטע און פאַרזיגעלטע טויערען פון דער אייביגקייט.

חג האסיף — דער יום טוב פון שניידען און זאַמלען אויף אַלע

פעלדער פון פאָלקס לעבען.

געווען איז אָבער פאַר דעם אַ אומערמידליכער פּראָצעס פון אַקערען און פּאַרזייען, פון באַפייכטען דאָס ערד מיט דעם אייגענעם שווייס.

אין גלות האָבען מיר אָבער אַזוי ווייניג געאַקערט און געזייעט און דערפאַר איז אונזער שניט-צייט אַזוי טרויעריג.

און אויב מיר אַקערען יאָ און זייען, פאַלט אונזער זריעה אויף פרעמדער ערד און ווערט צעוועהט איבער זאַמד און שטיין.

און געהט אַמאָל יאָ די זריעה אויף קומט ניט אָן די תבואה אין אונזערע שייערען און שפּייכלערס. נאָר פרעמדע נעהרען זיך מיט איהר, פרעמדע...

מיר דוכט, אַז נאָרדוי האָט אַמאָהל באַמערקט: „דער גרעסטער טראַגיק פון אידישען פאָלק איז וואָס פאַר פרעמדע האָט ער די גרעסטע מענשען געגעבען און פאַר זיך אַליין מילבען געלאָזט.”

און ניט נאָר דאָס: ווען די זעלבע גרויסע מענשען קומען צו אונז רוהט אויף זיי אַ קללה און אַלע זייערע מעשים זיינען פון דורכפאַל בעגלייט.

דאָס איז דער טראַגיזם פון אַ פאָלק וואָס אַקערט ניט און זייעט ניט די אייגענע ערד.

דאָס איז דער טראַגיזם פון אַ פאָלק פון וועלכען דער ערד-גייסט האָט זיך בכלל אָבגעטאָן.

## טאָרקוועמאדא׳ס פינסטערע געדאַנקען

פינסטערע געדאַנקען האָבען גענומען פייניגען דעם גרויס-אינק-וויזיטאָר טאָרקוועמאדא נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט די רייד פון די שלוחים, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען צו איהם פון דער נייער וועלט.

ער איז געזעסען אין שאָטען פון בוים אין הויף פון דער קירך פון הייליגען איגנאַציוס. דער טאָג האָט געהאַלטען ביים פאַרגעהן, די זון האָט זיך אָנגעהויבען רוקען צו מערב-זייט, אָפּגעשטעלט זיך אַ ווייל אויף די גאָלדענע צלמים און געטונקען זיי ווי אין בלוט. די אויס-געצויגענע פיגור פון מאָנאַך אין אַ לאַנגען, שוואַרצען ראָק וואָס האָט באַריהרט די ערד, און אַרומגעכאַפּט ביי די לענדען מיט אַ שטריק, האָט זיך באַוויזען. זיינע הילצערנע סאַנדאַלען האָבען הילכיג אָפּגע-קלונגען אויף דעם שטיינערנעם געפלאַסטער וואָס האָט געפיהרט צו דער קירך. ער איז פאַרשוואונדען אין אַ טיהר, אויפגעהויבען זיך אויף די טרעפּ צום גלאָקענטורם, און באַלד האָבען זיך גענומען בע-וועגען די גלעקער ווי פאַר׳שכור׳טע, דורכגעריסען די לופט מיט זייער

שווערען, קופערנעם ברומען, און נאָך זיי האָבען נאָך גלעקער פון אַנדערע קירכען זיך אָפּגערופען, איבערגעקלונגען איינע די אַנדערע, ווי געררייצט זיך, געזוכט צו ווייזען ווער ס'איז שטאַרקער. אַ דינער, ציקעלדיגער גלין־גלאָן האָט אין ברוסטיגען, בייזערדיגען באָם־באָם־באָם זיך אנגעגעסען, און אַלע אינאיינעם האָבען זיך צערעוועט אין ווילד־ברויזענדיגע טענער פון אייזען און קופער וואָס האָבען דעם גאַנצען חלל אויפגעציטערט, און אָנגעוואָרפען אַ פּחד אויף די זינדיגע אין גאַס, און אויף די ווידערשפּעניגע וואָס ווערען געהאַלטען אין די נאַסע, פינסטערע מאַרטער־קעלערען פון דער אינקוויזיציע.

טאָרקוועמאַדאָ האָט זיך איינגעהערט אין דעם קלינגען פון די גלאָקען. זיי האָבען אים אָבער דאָס מאָל ווייניג פריידע אָנגעזאָגט.

ער האָט זיי נאָך ניט באַזיגט. די פאַרשאָלטענע אידען זיינען שטאַרקער פון אים. טוויזענטער פון זיי האָט ער געלאָזט פאַרברענען אויף די שייטערהויפענס, אַרויסגעטריבען זיי פון גאַנץ שפּאַניע, גע'פועל'ט אויך ביי איזאַבעלאַ'ן, אַז זי זאָל ווירקען ביי איר קינפטיגען איידעם מאַנועל פון פּאָרטוגאַל, אַז ר'זאָל אַרויסטרייבען אַלע אידען פון זיין מדינה, ער האָט איר פאַרבאָטען צו באַטרעטען די פּאָרטוגעזישע ערד אַזוי לאַנג ווי ס'וועט זיך געפינען אין פּאָרטוגאַל די פוס פון אַ אידען. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז די ווידערשפּעניגע האָבען זיך איצט באַוויזען אין דער נייער וועלט? דער צלם בליצט ווי אַ שווערד, טריפט מיט דער בלוט פון זיינע אומצעהליגע קרבנות, די מאַכט פון דער אינקוויזיציע האָט קיין גרעניץ, קעניגען ציטערען פאַר איר שאָטען. דאָס האָט ער געגעבען דער קירך איר געוואַלדיגען כח, זיין גאַנצען לעבען מלחמה געהאַלטען פאַר איר דערהויבונג. דער אַלטער טעסטאַמענט מוז מאַכען פּלאַץ פאַר דעם נייעם, טאָר אים ניט שטעהן אין וועג, און מיט דעם אַלטען טעסטאַמענט מוז אָפּגעווישט ווערען דאָס פאַרשאָלטענע פאָלק וואָס האַלט זיך געטריי אין אים, טראָגט אים אין זיין בלוט, נעמט אים מיט זיך אין די פייערען אויף וועלכע מען ברענט אים, און פון דאָרטען שטראַלט ער אַרויס נאָך העלער און בלענדענדיגער.

ר'האָט געדענקט, אַז זיין אַרבייט איז פאַרענדיגט. דאָס געל־פּאַרמעטענע פּנים קנייטשט זיך אָבער אין זאָרג, דער קאָפּ בויגט זיך אַ מידער, און די האַנט הויבט זיך ניט אויף אויסצוגלייכען די לאַנגע, שיטערע לאָקען אויף וועלכע דער שניי האָט זיך שוין לאַנג געלעגט, און וואָס ווערען איצט צעשויבערט פון פאַרנאַכטיגען ווינטעל וואָס ציט פון די פעלדער.

די שלוחים פון דער נייער וועלט האָבען אים דערציילט: „אין לימאַ און פּערו, מעקסיקאָ און אין אַנדערע ערטער, האָבען די הונדערטער מאַראַנעם וואָס האָבען זיך דאָרטען באַזעצט ווידער צוריקגעקערט

צו זייער אַלטען גלויבען. זיי היטען אָפּ שבת, פאַסטען, פאַרזאַמלען זיך אין די הייזער און זאָגען זייערע תפלות, זיינען מל זייערע קינדער, און פירען זיך אויף ווי ווידערשפעניגע אידען, פאַר'עקשנ'טע גלויבער אין דער תורה פון משה.

דערצו זיינען זיי געוואָרען רייך און קאָנקורירען מיט די אמת'ע קריסטען. אין לימא און מעקסיקאָ פירען זיי אַ גרויסען האַנדעל, זיי האָבען די שענסטע קראָמען, זיי קריגען צוגעשיקט די בעסטע סחורות, גאָלדוואַרג, קופּערוואַרג און טעפּיכער פון אַראַביע, פּאַרפומען, געוויר־צען און עלפענביין פון טערקיי, זיידענס און בראָקאַדען פון ווענעדיג, דימענטען און פּערל פון האָלאַנד. אין לימא פאַרנעמען זיי די הויפּט־גאַס, „די גאַס פון די סוחרים". זיי האָבען אויך אַן אייגענעם קאָמער־ציאַלען פּלאַץ, זייערע סוחרים פאָרען אום אויף אייגענע שיפען איבער אַלע ימים..."

טאָרקוועמאַדאַ איז געזעסען פאַרזונקען אין מחשבות. די נאַכט האָט זיך שוין לאַנג אָנגערוקט. פון דער קירך האָט זיך געטראָגען דער געזאַנג פון די אָווענטדיגע תפלות. די גלאָקען זיינען אַנטשוויגען געוואָרען. דער דרום'דיגער הימעל איז געהאַנגען איבער'ן קאָפּ ווי אַ סאַמעטענער באַלדאַכין אויסגעהעפט מיט בריליאַנטען וואָס האָבען געפינקעלט, אויפגעטויכט מיט שימערירענדיגען פאַספאָר־פלאַם.

פּלוצים האָט ער זיך אויפגעהויבען. זיין פיגור, וואָס האָט זיך געבויגען אונטער דער משא פון יאָרען, האָט זיך אויסגעגליכען מיט אַמאָל. די אויגען אונטער די געדיכטע ברעמען האָבען אויפגעבליצט מיט דעם גלאַנץ פון פריש־געשאַרפטען שטאָל. ער וועט זיין מלחמה ניט אויפגעבען. דער צלם וועט זיי אויך דאָרטען דערגרייכען, ווי אַ פלאַמיגע שווערד וועט דער צלם זיי אויך אין דער נייער וועלט פאַר־פאָלגען און זיי פאַרטיליגען. זיי האָבען געמיינט, אַז די נייע וועלט וועט זיין אַן אַנטרינונגס־אָרט פאַר זייער ווידערשפעניגקייט. ער קען די בייזע תחבולות פון די פאַרשאָלטענע גאָט־לעסטער. ניט אומזיסט האָבען זיי קאָלאָמבוס'ען אַזוי געהאָלפען. אים איז ניט צום האַרצען די גאַנצע קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבייט פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. דאָס איז ניט מער ווי אַ שפּיל פון שטן, מלכים ווערען פאַרבלענדט פון גאָלד, זיי רעדען איין דער קירך, אַז זי וועט געווינען מיליאָנען נייע גלויביגע אין די ניי־ענטדעקטע לענדער. פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, און מאַנועל פון פּאָרטוגאַל ווילען אָבער מער מאַכט, מער גאָלד. די קירך האָט גענוג אַרבייט אין דער אַלטער וועלט, די אפיקורסות שטייגט, די אינקוויזיציע האָט פאַר זיך אַ שווערען קאַמף, אַלץ מער זינדיגע נשמות דאַרפען געראַטעוועט ווערען. ער וועט אָבער די פייערען פון דער אינקוויזיציע אויך אין דער נייער וועלט אָנצינדען. די ווידערשפעניגע מאַראַנעס וועלען אויפגעהן אין פלאַמען אין מעק־

סיקאָ, פּערו, לימאַ, בראַזיל, און אומעטום וואו די האַנט פון דער אינקוויזיציע וועט זיי נאָר גרייכען. שייטערהויפענס וועלען פלאַקערען אין דער נייער וועלט, ווי אין דער אַלטער...

* * *

און דער פייער האָט זיך אָנגעהויבען. דער „שמע ישראל!" פון אידישע קדושים וואָס זיינען אומגעקומען על קדוש השם, האָט אין יאָר 1574 אויך אָנגעהויבען צו טראָגען זיך איבער דער ערד פון דער נייער וועלט, וואָס דער גענועזער מאַראַן קאָלומבוס האָט מיט דער הילף פון אַנדערע אידישע אנוסים אַנטדעקט, און וואָס טויזענטער אידישע אנוסים האָבען שפּעטער געהאָלפען ענטוויקלען.

* * *

ס'איז אַ גרויסער יום טוב אין דער שטאָט מעקסיקאָ. דער עולם פילט אָן די קירכען, די גלאָקען קלינגען, מענער און פרויען קנייִען מיט'ן פּנים צום אלטאַר, עסען זיך איין מיט די אויגען אין יעזוס'עם פאַר־צער'ט פּנים, מיט דעם דאָרן־קרוין אַרום קאָפּ און דאָס בלוט וואָס טריפט פון זיינע וואונדען. דער אָרגעל שפּילט, און די טענער צערינען זיך און בלייבען הענגען אין דער לופט ווי דער ווייריך, וואָס קנוילט זיך.

דער בישאָף האָט נאָר וואָס געענדיגט זיין דרשה, אין וועלכער ער האָט גערעדט וועגען ליבע און רחמנות וואָס יעזוס האָט געלערענט און געדינט מיט זיין לעבען און טויט אַלס ביישפּיל. די ליבע און דער רחמנות טאָר אָבער ניט אויסגעשפּרייט ווערען אויף די אומגלויביגע וואָס ווילען ניט געהן אין יעזוס'עם ליכט. פאַר זיי האָט יעזוס געהאַט אַ שווערד. די ווידערשפּעניגע דאַרפען אומגעבראַכט ווערען מיט מעסער און פייער... ווי מיר געהען היינט טאָן צו די וואָס האַלטען זיך ביי זייער אפּיקורסות און זינד...

דער עולם הויבט זיך אויף און איילט זיך צו דעם מאַרק־פּלאַץ וואו מ'וועט היינט פאַרברענען אַ פּאָר צענדליג פאַרבאַרגענע אידען, ווי אויך עטליכע געצענדינערישע אינדיאַנער און אַ פּאָר מכשפות און מכשפים. דער מאַרק־פּלאַץ איז שוין געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. מאַסען מענער, פרויען און קינדער שטופּען זיך, שטויסען זיך, פאַרנעמען די טויזענטער פּלעצער וואָס זיינען ספּעציעל געבויט געוואָרען אין דער פאָרם פון אַן אַמפי־טעאַטער, ווי פאַר אַן אָקסען־געפעכט. די וואָס האָבען ניט קיין פּלעצער האָבען זיך פאַרקליבען אויף די דעכער, אויף באַלקאָנען, הענגען אויף שפּיצען פון ביימער.

ס'דערהערט זיך אַ שאַלען פון טרומייטען און אַ רוישענדיגער פּייק־לען פון באַראַבאַנען. דער המון שטרעקט אויס די העלזער. ס'געהען די ריכטער און די הויכע בעאַמטע מיט דעם אַרצבישאָף און גרויס־אינקוויזיטאָר אין פראַנט. זיי זיינען אַלע אָנגעטאָן אין זייערע פאַרבי־

גע מאַנטלען און הויכע מיצען פון סאַמעט און זיידענס, באַפּוצט מיט גאָלד. זיי טראָגען צלמים אין די הענט. נאָך זיי גייען די אנוסים שורות׳ווייז. זיי גייען געבונדען מיט שטריק אויף די העלזער, אויף די קעפּ שפּיציגע קאַפּאַקעס אויף וועלכע ס׳זיינען אויסגעמאָלען די פלאַמען פון גיהנום. אין די הענט טראָגען זיי ליכט. ביי דער זייט גייען גלחים, זינגען תפילות און רעדען צו זיי, אפשר וועלען זיי אין דער לעצטער מינוט טאָן תשובה און באַקערען זיך צום קריסטליכען גלויבען. אַרום און אַרום זעהען זיך רייטער און פוסגעהער, מיט בלאַנקע שווערדען און שפּיזען וואָס גלאַנצען אונטער דער זון. די ברעגען פון די מאַנטלען וואָס די אידישע אנוסים טראָגען זיינען פאַר־דרעהט. דאָס דאַרף דינען אַלס סימבאָל פון דער פאַרדרעהטקייט פון תורת משה.

די מחנה דערנעהנטערט זיך. דער המון לאָזט אַרויס אַ ווילדען, חיה׳שען געשריי. די האַלב־נאַקעטע אינדיאַנער זיינען אויך געקומען. זיי שטעהען און באַטראַכטען דאָס בילד. זיי פאַרשטעהען נישט וואָס דאָ קומט פאָר. די אויגען לויפען ביי זיי אום צעשראָקענע, ווי ביי געפאַנגענע חיות. די אנוסים זיינען שוין אויף׳ן מאַרק־פּלאַץ, מ׳זעצט זיי אוים אויף די בענק וואָס זיינען פאַר זיי צוגעגרייט, און די סאָלדאַטען מיט די בלאַנקע שווערדען און שפּיזען רינגלען זיי אַרום. די גלחים און בעאַמטע פאַרנעמען זייערע פּלעצער. דער אַרצבישאָף געהט אַרויף אויף׳ן בימה אין צענטער. דער גרויסער גאָלדענער צלם אין זיין האַנט בליצט אַנטקעגען דער זון. ער האַלט אַ דרשה וועגען די זינדיגע וואָס געהען באַצאָלען מיט זייער לעבען פאַר זייערע זינד. ער פאָדערט זיי ווידער אַמאָל אויף צו טאָן תשובה. ער ענדיגט און גיט דעם צייכען; די אנוסים ווערען אַרונטערגעפירט צום שייטערהוי־פען. מ׳בינדט זיי צו צו קלעצער, מ׳גיסט אַרויף אויל, סאָלדאַטען רינג־לען אַרום דעם שייטערהויפען, דאָס פייער ווערט אָנגעצונדען, צעברענט זיך, פלאַקערט אויף, די פלאַמען־צונגען הויבען זיך אַלץ העכער, דאָס האַלץ טרעשטשעט, און איבער דעם קנאַקען פון די פלאַמען טראָגט זיך דער געשריי פון די געפּייניגטע. דאָס איז אַ מעכטיגער געשריי וואָס שפּאַלט די הימלען. דאָס איז דער אַלטער „שמע ישראל״, וואָס זייערע עלטערן האָבען אַרויסגעהילכט ווען מען האָט זיי געברענט איבער די גאַסען פון ליסבאָן און מאַדריד, פון באַרצעלאָנאַ און סאַראַ־גאָסאַ, און איצט הערט ער זיך דאָ, פילט אָן דעם גאַנצען חלל פון דער נייער וועלט, שרייט אַריבער דאָס ווילדע חיה׳שע ברומען פון המון, דאָס קלינגען פון די קירכען־גלאָקען, דאָס טאַנצען און יעכצען פון די האַלב־נאַקעטע אינדיאַנער, וואָס האָבען אויף אַמאָל פאַרגעסען זייער שרעק, און האָבען הנאה פון דעם בלוטיגען ספּעקטאַקעל.

אָט אַזוי זיינען אומגעקומען הונדערטער אידישע קדושים אין דער

נייער וועלט. אין 1574 זיינען אין דער שטאָט מעקסיקאָ פאַרברענט געוואָרען אַכציג אנוסים, דערפאַר וואָס זיי האָבען אָפּגעהיט דעם יום טוב פסח. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער אינקוויזיציע אין דער נייער וועלט. נאָך זיי זיינען געקומען הונדערטער אַנדערע. אַ סך פון זיי זיינען געווען וואונדערליכע מענשען, לעגענדאַרע העלדען, קדושים וואָס האָבען מיט זייער בלוט פאַרהייליגט די ערד פון דער ניי־אַנט־דעקטער וועלט.

# ציון און ציוניזם

## ענגלאַנד און ישראל

צווישען די אַלטע אידישע כראָניקעס, וואָס זיינען געשריבען מיט'ן בלוט פון אונזערע קדושים, זאָל אויך פאַרצייכענט ווערען אָט דאָס, וואָס איך גיי דאָ דערציילען.

און זאָלען די דורות, וואָס וועלען קומען נאָך אונז, וויסען, אין וואָסערע גרוילינע צייטען מיר האָבען געלעבט.

און זאָלען זיי וויסען, אַז אויך די, אין וועלכע מיר האָבען אונזערע האָפנונגען אָנגעקניפט, האָבען פאַרשטאָפט זייערע אויערען פאַר אונזער וויי.

און זאָלען זיי וויסען, אַז אויך די, וואָס האָבען געשוואָרען צו העלפען אויפשטעלען אונזער היימלאַנד, האָבען, אַנשטאָט אַ היים, געבויט תליות פאַר אונזערע זין.

איז דאָס געשעהן אין דעם טאָג פון דריטען תמוז, פרשה חוקת, פון דעם יאָר תש"ד, טויזענט אַכט הונדערט פיר און זיבעציג יאָר נאָך חורבן הבית און טויזענט ניין הונדערט פיר און פערציג יאָר נאָך זייער צייט-רעכענונג און זיבען און צוואַנציג יאָר נאָך דער באַלפור-דעקלאַראַציע, וואָס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ „שוואַרץ-ווייסען פאַפיר".

אין יענעם טאָג איז אין דער הייליגער שטאָט ירושלים פאָרגעקו־מען אַ משפט אין אַ געריכט-הויז. די ריכטער זיינען געווען ענגלענ־דער. דער אָנגעקלאָגטער —אַ אידישער בחור, מיט'ן נאָמען רפאל בירנבוים, וועמעס אמת'ער נאָמען איז געווען מתתיהו שמולעוויטץ.

דער אָנגעקלאָגטער איז אין גאַנצען געווען פיר און צוואַנציג יאָר אַלט, ניט מער, וואָס די פייניגונג פון דער תפיסה און די צרות און מאַטערנישען, וואָס ער האָט איבערגעטראָגען אין היטלער'ס גיהנום, איידער ער האָט זיך געראַטעוועט אין ארץ-ישראל, האָבען איינגע־שניטען ווי מיט אַ מעסער טיפע קנייטשען ביי די ווינקלען פון זיין מויל און פאַרעלטערט זיין אויסזעהן.

זיינע אויגען האָבען אָבער געקוקט לויטער און יונג. עס איז אויך געווען אַ שטאָלץ אין זיין געשטאַלט און אַ קראַפט אין יעדען טראָט; און ווען ער האָט געעפענט זיין מויל צו ענטפערען די ריכטער האָט

זיך זיין קול געטראָגען ווי אַ גלאָק איבער אַ פעלד אין דעם געריכט־צימער, וואו די דעכער און שפיצען פון דער אַלטער, הייליגער שטאָט, פון וועלכער גאָט׳ס גייסט האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן, האָבן אַריינגעקוקט דורך די אָפענע פענסטער.

די זון האָט אָפּגעשלאָגען איר גאָלד אויף די שוואַרצע מאַנטלען פון די ריכטער, וואָס זיינען געזעסען אויף אַ בימה, און געלאָזען זייערע פּנים׳ער אין שאָטען. דער אָנגעקלאָגטער האָט זיי אָבער געזעהן, און זיי אים. זייערע בליקען האָבן זיך דורכגעקרייצט ווי דער בליציגער שאַרף פון שווערדען.

זיי, די ריכטער, האָבן גיך אַוועקגענומען זייערע בליקען, ווייל זיי האָבן דערפיהלט, אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט געלייענט אין זיי ווי אין אַן אָפען בוך.

און דאָס, וואָס דער יונגער רפאל, אָדער מתתיהו, האָט געלייענט אין די אויגען פון די ריכטער, איז געווען: —

„מיר האָבן דיך פאַר׳משפט צום טויט, און די תליה וואַרט אויף דיר”...

און באַלד האָט ער עס אויך דערהערט פון די ליפען פון דער הויפּט־ריכטער. זיינע ווערטער זיינען געפאַלען ווי דער טרוקענער קנאַל פון בייטשען, ווי דער דראַב פון פייקלער, מיט וועלכען מען פאַרטויבט דעם כאָרכעל פון אויפגעהאַנגענע:

„זיין מאַיעסטעט׳ס געריכט פאַראורטיילט דיך צום טויט!”

דער יונגער רפאל מתתיהו האָט עס אויסגעהערט, און זיין ברעם האָט ניט קיין ציטער געטאָן. ער האָט ווידער אָנגעקוקט די ריכטער מיט אַ בליק, פון וועלכען זיי האָבן זייערע קעפּ אַוועקגעדרעהט.

מיט אַמאָל האָבן זיך גענומען רייסען פון זיינע ליפען די פּשוט׳ע, אָבער צינדענדיגע ווערטער פון אונזער האָפנונגס־ליד:

עוד לא אבדה תקותנו,\
התקוה הנושנה,\
לשוב לארץ אבותינו,\
לעיר בה דוד חנה...

די ווערטער זיינען געקומען צוערשט שטיל, הייזעריגליך, באַלד האָט זיך אָבער דאָס קול געהעכערט, געוואָרען קרעפטיגער, צעטראָגען זיך העלער, קלינגענדיגער, אַזוי אַז דאָס גאַנצע געריכטס־צימער איז אָנגעפילט געוואָרען מיט געזאַנג, און אין יעדען ווינקעל האָבן אָפּגעשלאָגען די שטאָלץ־אַרויסרופענדיגע ווערטער, וואָס דערקלערען פאַר דער וועלט, אַז —

„עם אחרון היהודי\
גם אחרית תקותנו!”

זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, בשעת רפאל־מתתיהו

האָט געזונגען דאָס ליד פון אידישע האָפנונגען.

און אויך די ריכטער זיינען געשטאַנען מיט בלאַסע פּנים׳ער און האָבען זיך איינגעהערט אין דעם ענטפער, וואָס דער 24-יעריגער אידישער בחור האָט געגעבען אויף זייער טויט-אורטייל, און ניט בלויז צו זיי, נאָר צו ענגלאַנד, צו דער וועלט.

דערנאָך, ווען דער יונגער רפאל-מתתיהו איז פאַרטיג געוואָרען מיט דעם געזאַנג פון „התקוה״, האָט ער גענומען רעדען צו די ריכטער, און דורך זיי — צו ענגלאַנד און צו דער וועלט:

„ניט איך בין עס דאָ געזעסען אויף דער אָנקלאַג-באַנק, און ניט מיך האָט איר גע׳משפט, נאָר די ענגלישע רעגירונג איז עס דער אָנגעקלאָגטער.

„וואָרים ניט איך בין באַגאַנגען וועלכען עס איז פאַרברעכען, נאָר ענגלאַנד איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכען קעגען מיין פאָלק, וואָס גייט אָפּ מיט בלוט, קומט-אום אויף אַלע וועגען און זוכט רעטונג און טרעפט אומעטום פאַרהאַקטע טירען!״

און דאָס קול פון דעם יונגען רפאל-מתתיהו האָט זיך גענומען טראָגען שטאַרקער:

„איר האָט פאַרצאַמט דאָס לאַנד פון אונזערע האָפנונגען מיט שטעכיגע דראָטען!

„איר האָט באַגעגענט אונזערע געטריבענע, וואָס זיינען געקומען זוכען רעטונג צו די ברעגען פון ארץ-ישראל, מיט אָנגעשטעלטע באַיאָנעטען!

„איר האָט געטריבען די געיאָגטע זין און טעכטער פון מיין פאָלק צו זוכען אַ סוף צו זייער פּלאָג אין די פינסטערע טיפענישען פון ים.

„דערמאָנט זיך נאָר אין דער „סטרומאַ״, איר פאַרטרעטער פון דער ענגלישער גערעכטיגקייט!

„איר האָט אָנגעפילט די תפיסות פון ארץ-ישראל מיט אידען, וועמעס איינציגער פאַרברעכען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך געוואָלט ראַטעווען אין ארץ-ישראל.

„איר האָט איינגעשפּאַרט טויזענטער אידען אין קאָנצענטראַציע-לאַגערען און זיי פאַרשיקט אויף אינזלען ווי „מאַרוציוס״ און אַנדערע.

„און איר האָט געשיקט אידישע זין אויף דער תליה!

„דערמאָנט זיך נאָר אין בן-יוסף, איר פאַרטרעטער פון דער ענג-לישער גערעכטיגקייט!

„ענגלאַנד און אויך אירע שותפים,״ האָט געדונערט רפאל-מתתיהו, „האָבען צוגעזעהן גלייכגילטיג, ווי מיליאָנען פון מיין פאָלק ווערען דערשטיקט אין גאַז-קאַמערען און אויסגעשאָכטען ווי די לעמער אין אַ באָינע!

„עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען מ׳האָט געקאָנט ראַטעווען

טויזענטער אידען און מ׳האָט עס ניט געטאָן.

„און דערפאַר זאָגט אַליין: ווער איז דער שולדיגער? איך אָדער איר?"

און פאַרענדיגט האָט דער יונגער פיר-און-צוואַנציג-יעריגער בחור רפאל-מתתיהו מיט דעם קאַפּיטעל תהלים, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט:

ברוך ה׳ צורי,
המלמד ידי לקרב
ואצבעותי למלחמה —

(געלויבט איז גאָט וואָס איז מיין פעלז, וואָס לערנט מיינע הענט צו קריג, מיינע פינגער צו מלחמה...)

האָבען די ענגלישע ריכטער, אין זייערע שוואַרצע מאַנטלען, דאָס אַלץ אויסגעהערט שטייענדיג, בלאַסע, ציטערדיגע, ווי די פלאַמיגע, ירושלים׳ער זון, וואָס האָט זיך דורך די אָפענע פענסטער אריינגעריסען, וואָלט געבלענדט זייערע אויגען, און ווי די ווערטער, וואָס זיינען געקומען פון דעם אַנגעקלאָגטען, וואָלטען געווען פייערדיגע ביי-טשען...

איז דאָס אַלץ געשעהן אין דער הייליגער שטאָט ירושלים אין טאָג פון דריטען תמוז, פרשה חוקת, אין יאָר תש״ד, טויזענט אַכט הונדערט פיר און זיבעציג יאָר נאָך חורבן הבית, טויזענט ניין הונדערט פיר און פערציג יאָר נאָך זייער צייט-רעכענונג און זיבען און צוואַנציג יאָר נאָך דער באַלפור-דעקלאַראַציע, וואָס ענגלאַנד האָט פאַרוואַנדעלט אין דעם שענדליכען שוואַרץ-ווייסען פּאַפּיר.

און זאָל אויך דאָ צוגעגעבען ווערען, אַז אין דער צייט, וואָס מ׳האָט געבויט תליות פאַר אונזערע זין אין ארץ-ישראל, האָבען געשוויגען די מיליאָנען אידען אין אַמעריקע.

און זאָל אויך דאָ צוגעגעבען ווערען, אַז עס זיינען געווען אפילו אַזעלכע צווישען אונז, וואָס זיינען געווען גרייט צו טראָגען קלעצער און ברעטער פאַר דער תליה, אריינקלאַפּען טשוועקעס און פאַרציען די פעטליע.

## דאָס נייע ציוניסטישע לשון

די וואָס זיינען באַקאַנט מיט די אַלטע, פאַרוויאַלעטע רייד פון געוויסע ציוניסטען, מוזען זיך רייבען די אויגען פון פאַרוואונדערונג און טאַפּען די אייגענע אויערען, ווען זיי הערען דאָס נייע לשון, די אַנדערשדיגע ווערטער, וואָס מ׳לאָזט לעצטענס פאַלען.

ווי לאַנג איז עס, אַשטייגער, ווי יעדער איינער, וואָס האָט גערעדט פון אַ אידישער ארמיי, איז פאַרשריען געוואָרען אין ציוניסטישע

קרייזן פאר אַ מיליטאַריסט, אַ שאָוויניסט, אַ רעאַקציאָנער, און סתם אַ שעדיגער און ברעכער פון ציוניזם?

סאיז׳ גענוג צו דערמאָנען זיך וואָס דער אומפאַרגעסליכער, אומדערזעצליכער וואַלדימיר זשאַבאָטינסקי, וועמעס ערדישער טייל רוט צווישען די פעלדער און פליינען פון לאַנג איילאַנד, האָט געהאַט אויסצושטעהן ביים לעבען צוליב זיין פאָדערונג פון אַ אידישער אַרמיי.

איר פרישט נאָר אָפּ אין אייער זכרון די זלזולים און בלבולים, וואָס האָבען געהאָגלט אויף זיין וואונדערליכען, גאונישען קאָפּ.

איר לעבט נאָר אויף אין אייער געדאַנק דעם גאַנצען טראַגיזם פון אָט דעם גייסטיגען ריז, וואָס האָט געהאַט דעם אומגליק צו לעבען און ווירקען אין אַ דור פון ליליפוטען. דער ציל פון זשאַבאָטינסקי׳ס קומען קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיין קבר געפונען, איז דאָך געווען צו שאַפען אַ באַוועגונג פאַר אַ אידישער אַרמיי. האָט זיך אָבער באַלד אָנגעפאַנגען אַ ביטערער, ריקזיכטסלאָזער קאַמף קעגען אים. ציינקריצעניש און באַליידיגונג זיינען געווען דער ענטפער אויף זיין פייערדיגען רוף. „די אידישע פאַשיסטען ווילען אַן אַרמיי!״ — האָט זיך געטראָגען דער געשריי אין דער ציוניסטישער מחנה. די זלזולים פון געוויסע ציוניסטען אויף זשאַבאָטינסקי׳ן האָבען זיך ניט אונטערשיידט אין אינהאַלט און אָפטמאָל אַפילו אין סטיל פון ברוד-רייד און שקרים, וואָס אונזערע קאָמונאַצים ווענדען אָן קעגען די ציוניסטען.

אָט איז אָבער נאָך קיין יאָר אַוועק זינט זשאַבאָטינסקי האָט צוגעמאַכט אויף אייביג זיינע אָדלער-אויגען, און — בן גוריון רעדט פון אַ אידישען לעגיאָן און דר. חיים וויצמאַן פאָדערט אַ אידישע אַרמיי.

און ווי לאַנג איז עס ווי מען האָט פאַרשריען די רעוויזיאָניסטען פאַר ווילדע פאַנטאַזיאָרען און פאַר אימפּעריאַליסטען און וואָס ניט, ווען זיי האָבען גערעדט פון אַ גרויסער, אידישער איינוואַנדערונג קיין ארץ ישראל, פון אַ ישוב פון מיליאָנען אידען, פון אַ אידישע מאַיאָריטעט?

ווען רעוויזיאָניסטען האָבען אָנגעוויזען, אַז ארץ ישראל איז מסוגל צו זיין אַ היים און רעטונגס-אָרט פאַר מיליאָנען אידען, האָט מען זיי אויסגעלאַכט.

און ווען רעוויזיאָניסטען האָבען דערקלערט, אַז דער עבר הירדן דאַרף געעפענט ווערען פאַר אידען, ווייל דער עבר הירדן איז אויף אַ פאַרברעכערישען אופן אָפּגעריסען געוואָרען פון ארץ ישראל, ווי מען רייסט אָפּ אַ גליד פון אַ לעבעדיגען, צאַפּעלדיגען גוף, האָט מען אין ציוניסטישע קרייזען זיי פאַרשריען פאַר שעדליכע מאַקסימאַליסטען.

לעצטענס האָבען אָבער ציוניסטען געקראָגען אַ נייעם לשון. מען רעדט שוין פון באַזעצען צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידען אין די קומענדיגע פינף-און-צוואַנציג יאָר. אימיצער פון די ציוניסטען האָט

אפילו דערמאָנט זיך, אַז דער עבר הירדן איז ביז גאָר ניט לאַנג צוריק, ביז טשווירטשיל׳ס „ווייס פּאַפּיר" איז פאַרעפנטליכט געוואָרען, געווען אַן אומצעטיילטער טייל פון ארץ ישראל.

קלינגט פאַר איינעם, וואָס איז באַקאַנט מיט די אַלטע פּאַרוויאַלע־טע ציוניסטישע רייד, דאָס היינטיגע ציוניסטישע לשון אַ היפּש ביסעל חדוש׳לעך און כמעט אויסטערליש.

דאָס איינציגע, וואָס דערוועקט זיך ביים סקעפּטיקער, ווען ער הערט די נייע ציוניסטישע רייד: ווי ענג געהען האַנט אין האַנט וואָרט און טאַט, און צי דאַרף מען אָנקניפּען די ליכטיגע חלומות וועגען אַ נייער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס, וואָס דאַרף קומען נאָך דער מלחמה, אין געהויבענע, פאַרביגע ווערטער, וואָס פּלאַצען און ווערען צערונען ווי בענגאַלישע פייערען אין דער נאַכט.

האָבען שוין אָבער סקעפּטיקער אַ טבע צו פילאָסאָפירען און פרעגען קלאָץ־קשיות.

(5טער אַפּריל, 1941)

## אַ אידישע גלות־רעגירונג

פאַר די דריי צענדליג יאָר, וואָס איך האָב צו טאָן מיט דער אידישער פּרעסע, און לעב און בין אַקטיוו אויף דער היגער אידישער גאַס, איז מיר שוין אויסגעקומען צו זען אַ שיין ביסעל קאַמ־פּיינס קעגען יחידים און גרופּעס. איך וואָלט אויך געקענט אָנרופען די נעמען פון מענשען, וואָס זיינען געפאַלען אַלס קרבן פון די אויפ־גערייצטע געיעגען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין דעם ווילד וואַלד פון אונזער געזעלשאַפטליכקייט, אָבער איך האָב דורך די אַלע יאָרן ניט געזעהן אַזאַ אויפבראַיז פון ליידענשאַפטען, אַזאַ שטראָם פון קללות און חרמות, ווי דער, וואָס האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויף די קעפּ פון די מענשען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל".

און אין די מערסטע פון די פּראָטעסטען, וואָס די און יענע אָרגאַניזאַציעס האָבען פאַרעפנטליכט אין דער פּרעסע, פאָדערט מען פּשוט אַ חרם קעגען דעם דאָזיגען „קאָמיטעט". דער טראַגיקאָמיזם איז, וואָס די פאָדערונג אָנצוואָוענדען דער מיטעלאַלטערליכען מעטאָד פון חרם, קומט גראָד פון די ראַדיקאַלע עלעמענטען אין ציוניזם.

איז אָט דער אויסברוך אפשר ניט קיין וואונדער פאַר די, וואָס זיינען באַקאַנט מיט דעם, וואָס עס גייט־אָן אין ציוניזם פאַר דעם לעצטען פערטעל־יאָרהונדערט. וואָרים, — זאָל עס דאָ זיין קלאָר, — די דאָזיגע פּראָטעסטען קומען פון מענשען, וואָס פירען שוין אַן אַריבער צוויי צענדליג יאָר אַ ביטערען קאַמף קעגען יענע רעוואָלוצי־

אַנדערע עלעמענטען אין ציוניזם, וואָס האָבען זיך געשטעלט קעגען דער דעפּיטיסטישער פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט און האָבען געזוכט צו ברענגען די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס האָט פאַרלאָזט די אַלטע תורה, צוריק צו דעם לויטערען אורקוואַל פון הערצליזם, און אויך אַריינטראָגען אין דעם ציוניזם אַ נייעם אַגרעסיווען צוגאַנג און קאָנסטרוקטיווען באַנעם, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָס אונזער צייט פון וועלט-איבערקערענישען האָט מיט זיך געבראַכט.

און עס זאָל אויך זיין קלאָר:

דער „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" איז אַ דירעקטער אַרויסוואוקס פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, וואָס דער אומפאַרגעסליכער שאַפער פון רעוויזיאָניזם, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, האָט אָנגעפאַנגען.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס די אידיאָלאָגיע פון אַן „העברעאישער ראַסע", וואָס איז אין גרונט אַ ריין-ציוניסטישע אויפפאַסונג און שטראָמט פון הערצלישען ציוניזם און פון דעם גאַנצען עכט-ציוניסטישען צוגאַנג צו דעם פּראָבלעם פון אידישען נאַציאָנאַליזם, איז באַגרינדעט געוואָרען פון די מענשען פון דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" אויף אַן אופן, וואָס לאָזט זיך פאַלש אינטערפּרעטירען און וואָס האָט געגעבען אַ געלעגענהייט די אָנפאַלער אויף דעם „קאָמיטעט" צו באַנוצען אין זייערע אַטאַקעס.

און עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער שאַפער פון רעוויזיאָניזם וואָלט זיכער ניט מסכים געווען מיט דעם אָדער יענעם מעטאָד, וואָס דער „קאָמיטעט" ווענדט-אָן.

די עיקרים אָבער פון דער אידעאָלאָגיע שלאָגען פון לויטערען רעוויזיאָניסטישען קוואַל, און די גאַנצע אַקטיוויטעט פאַלט-צונויף מיט די פּלענער, וואָס וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי האָט פאָרמולירט פאַר זיינע נאָהענטע איידער דער טויט האָט אים אַוועקגעריסען פון אונז און באַרויבט די אידישע וועלט פון איר וויכטיגסטען פּאָליטישען פירער.

קומען מיר צו דער אידעאָלאָגיע פון אַ „העברעאישער ראַסע", וואָס ווערט איצט באַנוצט אַלס סטראַשידלע פון די געגנער פון דעם „קאָמיטעט". וואָס מיינט עס אין פשוט'ע, קלאָרע ווערטער? — עס מיינט דאָס, וואָס מיר האָבען שטענדיג גע'טענה'ט, אַז מיר זיינען „העברייער" אין דעם זין, וואָס מיר זיינען זין פון דעם אַלטען העברייער-פאָלק, וואָס האָט ניט פאַרלוירען זיין ריינקייט און אידענטיטעט דורך די אַלע טויזענטער יאָרען פון גלות. דאָס איז שטענדיג געווען די טענה פון יעדען אמת-נאַציאָנאַל-באַוואוסטזיניגען אידען, און דער „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" האָט ניט מער ווי אַרויסגעהויבען אַן

אלטען אני מאמין.

און וואָס מיינט „העברייאישע ראַסע" אין פּאָליטישען זין? עס מיינט, אַז אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווען אַ האַלבע אידישע וועלט איז חרוב, ווען מיליאָנען אידען זיינען שטאַטסלאָז, ווען דאָ, אין אַמע־ריקע, און אויך אין אַנדערע לענדער, ווי למשל, אין ענגלאַנד, אָדער, ווי מיר האָבען ערשט לעצטענס געהערט, אויך אין נאָרד־אַפריקע, געפינען זיך אידען, וואָס באַקעמפען די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון דעם אידישען פאָלק און פאַרלייקענען די עקזיסטענץ פון אַ אידישער נאַציע — האָבען מיר ניט קיין אַנדער ברירה, ווי צו פּראָקלאַמירען פאַר דער וועלט, אַז דער אידישער קיבוץ אין ארץ ישראל רעדט אין נאָמען פון דעם גאַנצען אידענטום אין דער וועלט, און אַז אין נאָמען פון אָט דעם אידישען קיבוץ, וואָס מיר רופען „די העברעאישע ראַסע", פאָדערען מיר די אַנערקענונג פון אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט.

וויל איך זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין האַרשפּאַלטעריי, צי דער טערמין „העברעאישע ראַסע" איז אַ געראָטענער אָדער ניט, מעגליך, אַז ניט, מעגליך, אַז אָט דער טערמין אליין דערלאָזט פאַלשע אויס־טייטשונגען. אגב, מען האָט אויך געהאַט טענות — און טאָקע צווישען רעוויזיאָניסטען אליין, — קעגען דעם אויסדרוק „רעוויזיאָניזם". דאָ האַנדעלט זיך אָבער ניט וועגען אַ טערמינאָלאָגיע, וואָס איז סוף כל סוף ניט מער ווי שאָלעכץ פון אַ נוס, נאָר וועגען דעם תוכן, און וויפיל די יאָדרע פון'ם נוס איז פריש און אָנגענעם פאַר דעם גומען.

און עס איז בכלל ניט אמת, אַז די אידעאָלאָגיע פון אַן „העברע־אישער ראַסע" שאַפט אַ מחיצה צווישען אידען און אידען, און שליסט־אויס די אידען, וואָס שטייען מחוץ די גרענעצען פון ארץ ישראל, פון דעם כלל פון אַן „העברעאישער ראַסע".

עס איז אויך ניט אמת, אַז דורך אָט דער אידעאָלאָגיע מיט וועלכער די מענשען פון דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" אָפּערירען ווערט פאַרלייקענט דער באַגריף פון אַ אידישער פאָלקס־איינהייט און פון דעם באַגריף פון אידען אַלס אַ וועלט־פאָלק.

דער טערמין „העברעאישע ראַסע" אין דעם איצטיגען מאָמענט, ווערט נאָר באַנוצט אַלס פּאָליטישע פאָרמולע און צוליב נאַציאָנאַלע אידישע צוועקען, און זאָל מען דערפאַר אויפהערען צו טומלען, אַז דער „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" זוכט אריינצוטראָגען צעשפּליטערונג אין אידענטום.

וואָס איז אָבער דער פּראָגראַם פון דעם „קאָמיטעט"? — דער פּראָגראַם פון דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" באַשטייט אין אַ גאַנצער רייע פאָדערונגען, אויף וועלכע יעדער ערליכער ציוניסט, וואָס איז ניט פאַרבלענדט פון פּאַרטיי־קאַמפען און קלייזעל־אינטערעסען, קאָן זיך אונטערשרייבען מיט ביידע הענט. ווי אַ שטיי־

גער: די פאָדערונג פון אַ אידישער אַרמיי, אָדער די פאָדערונג, אַז אידען זאָלען זיין פאַרטראַטען ביים פרידענס-טיש גלייך מיט אַנ־דערע פעלקער, וואָס זיינען אַ טייל פון די פאַראייניגטע נאַציעס.

קומען מיר צו די מעשים פון דעם „קאָמיטעט" — און דאָ האָב איך אין זין די „אַמבאַסאַדע" וואָס דער „קאָמיטעט" האָט געעפענט. וויל איך דאָ פרעגען: אויב מיר אידען זאָגען, אַז מיר זיינען אַ נאַציע גלייך ווי אַלע אַנדערע, און מיר פאָדערען די זעלבע רעכט און פּריווי־לעגיעס, ווי די אַנדערע פעלקער, וואָס שטעלען-צונויף די פאַראייניגטע נאַציעס, טאָ פאַרוואָס-זשע קאָנען מיר ניט האָבען אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל אונז רעפּרעזענטירען, אַ מין גלות-רעגירונג? און פאַרוואָס זאָל די דאָזיגע גלות-רעגירונג ניט האָבען קיין אייגענע אַמבאַסאַדע?

און מיט וואָס האָבען די מענשען פון דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל" געזינדיגט, ווען זיי טוען דאָס, וואָס אַנדערע האָבען געדאַרפט טאָן און האָבען ניט געטאָן?

האָט מען דאָך געהאַט אויך טענות צו דעם „עמוירדזשענסי קאָ־מיטעט", וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פון די זעלבע, פּאַלעסטינער אינגלעך, וואָס האָבען געהאַט גענוג מוט, גענוג וויזיע, גענוג מסירת נפש צו אונטערנעמען עפּעס אַזוינס, וואָס אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אונזערע האָבען געדאַרפט טאָן און האָבען ניט געטאָן אין די אַלע יאָרען פון דעם אידישען חורבן.

און איז דאָך געקומען מר. פּעהלי ערשט מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק און דערקלערט דאָס, וואָס צענדליגער צייטונגסלייט, — חוץ די הונ־דערטער סתם מענער און פרויען, וואָס זיינען געווען דערביי — האָבען געהערט פון פּעהלי'ס ליפּען, אַז „אין אַ דעמאָקראַטיע מוז צוערשט געשאַפען ווערען אַ שטימונג, און עס מוז צוערשט אויך קומען אַ פאָ־דערונג פון דעם ברייטען עולם, איידער די רעגירונג קאָן אונטער־נעמען אַן אַקציע, און אַז די אַקציע פון דער רעגירונג, וואָס האָט באַ־שאַפען דעם רעטונגס-קאָמיטעט (פון וועלכען מר. פּעהלי איז דער הויפּט), איז דער רעזולטאַט פון דער שטימונג און פאָדערונג, וואָס דער „עמוירדזשענסי קאָמיטעט" האָט געשאַפען".

פרעגט מען: ווער האָט געגעבען אַ מאַנדאַט די „פּאַליסטינער אינגלעך"? די פראַגע קאָן אָבער געשטעלט ווערען אויך צו אַ סך פון די פרעגער. אָט זע איך, למשל, אַז צווישען די, וואָס פּראָטעסטירען קעגען דעם „קאָמיטעט", געפינט זיך אויך דער „אידישער וועלט־קאָנגרעס". אין דעם „אידישען וועלט-קאָנגרעס" זיינען אויך פאַר־טראָטען פּוילישע אידען און די אידען פון אַנדערע נאַצי-אָקופּירטע לענדער. קאָן אונז עמיצער זאָגען ווער עס האָט געגעבען אַ מאַנדאַט צו די דאָזיגע פאַרטרעטער?

זאָל מען דערפאַר אויפהערען צו סטראַשען מיט „מאַנדאַטען" און

„אויטאָריטעטען". מיר לעבען היינט אין אַ שעת חירום, מיר מאַכען־דורך די גרעסטע טראַגעדיע אין אונזער געשיכטע, און אויב עס געפינען זיך מענשען, — מעגען זיי זיין „פּאַלעסטינער אינגלעך", וואָס טוען זאַכען, וועלכע האָבען צו טאָן מיט ראַטעווען אידען, מיט אויסקעמפען אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט, דאַרף מען נאָר שטאַרקען זייערע הענט, און ניט שאַפען אַ געזעלשאַפטליכען חרם קעגען זיי.

און נאָך עפּעס: אַט די מענשען פון דעם „קאָמיטעט פאַר אַ פרייער ארץ ישראל". וואָס ווערען באַצייכענט פון אייניגע מיט דעם נאָמען „באַנדעס", זיי קאָנען געפינען דערמוטיגונג און טרייסט אין דעם, וואָס טיטאָ איז ערשט נעכטען גערופען געוואָרען באַנדיט, און היינט איז ער „מאַרשאַל טיטאָ", און טשוירטשיל, רוזוועלט און סטאַלין שטייען מיט אים אין פאַרבינדונג.

דערפאַר גלויב איך, ווי טויזענטער אנדערע, אַז אַט די אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן, וואָס ווערט איצט אָפּגע׳חוזק׳ט, און די גאַנצע באַוועגונג פאַר אַ פרייער ארץ ישראל, וואָס ווערט אַזוי אַטאַקירט, וועלען נאָך באַטראַכט ווערען ווי אַ העראָאישער מאָמענט, און פאַרצייכענט ווערען אַלס אַ גלענצענדיג קאַפּיטעל אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון אונזער פאָלק.

(25טען מאַי, 1944)

## געדאַנקען פון אַ גלות ציוניסט

שווער פאַר אַ גלות־ציוניסט אָפּצוגעבען זיך אַ קלאָרען חשבון און פאַנאַנדערקלייבען זיך אין דעם כאַאָס פון געפיהלען און געדאַנקען וואָס די שאַפונג פון מדינת ישראל רופט אַרויס.

פאַר דעם גלות־ציוניסט איז עס אַ מין בין השמשות — זיין אייגענער בין השמשות. עס גייט אָן אין זיין הארצען אַ געראַנגעל פון אַ פרייד פאַר וועלכער מען קאָן גאָר קיין ווערטער ניט געפינען און פון שטילען ווערד־מוט און בענקען, ווי מען וואָלט עפּעס מיט אַמאָל פאַרלוירען, — עפּעס אַזוינס וואָס האָט געגעבען זין צום אייגענעם לעבען, וואָס האָט געוועקט טאָג־ווי־נאַכט חלומות און האָפענונגען, וואָס האָט אויפגעבויט אין מיטען פון דער גרויקייט און דעם פיין פון גלות אַ גאַנץ באַזונדערע, כישוף׳דיגע וועלט אין וועלכער ליכטיגע זעאונגען האָבען זיך אומגעטראָגען און דאָס פריידיגע קול פון מבשר האָט דערגרייכט צו די אוירען.

מיט דער שאַפונג פון מדינת ישראל האָט זיך די דאָזיגע וועלט מיט אַמאָל געענדערט. איך וואָלט געזאָגט, אַז זי איז אַזוי ווי פאַרשוואונדען. דער גלות האָט מיט אַמאָל געקראָגען אַ ניי פּנים, ניט חלילה קיין שענערס, אָבער אַן אַנדערס.

אין איין טאָג זיינען צוויי טויזענט יאָר גלות ווי אָפּגעווישט געוואָרען.

אין איין טאָג איז ארץ ישראל, צו וועלכער אַלע אונזערע אויסגעווייטאָגטע תפילות און פאַרצערענדיגע בענקענישען האָבען זיך געטראָגען, דערשינען פאַר אונז אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט.

געשען איז די דאָזיגע וואונדערליכע ענדערונג אין טאָג פון פערצענטען מאַי, ווען די אידישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרען.

און געבראַכט האָט די דאָזיגע ענדערונג, ווי שוין באַמערקט, אַ גאַנצע איבערקערעניש אין די מוחות און הערצער פון ניט איין גלות־ציוניסט.

איך בין איינער פון זיי און איך פיהל עס גאַנץ שאַרף, ווען אפילו איך קאָן מיר נאָך ניט אָפּגעבען קיין קלאָרען חשבון וואָס עס באַדייט.

איך טראַכט למשל: אָט דערנענטערען זיך די ימים נוראים, עס וועלען קומען די סליחות. איך גיי אַמאָל צו סליחות כדי אויסוועקען אַלטע זכרונות און איינהערען זיך ווידער־אַמאָל אין די תפילות און פּיוטים, וואָס זיינען דורכגעווייקט מיט די טרערען פון דורות און דורות.

יעדעס מאָל ווען עס פלעגט קומען צו דעם פּיוט פון וועלכען עס הערט זיך דער יאָמער אַז „אזכרה אלקים ואהמיה בראותי כל עיר על תילה בנויה ועיר אלקים מושפלת עד שאול תחתיה" האָט זיך מיר געדוכט ווי אַלע הימלען שפּאַלטען זיך און דער צער און געוויין פון דער ערד פילט אָן די לופט.

איך פלעג זען פאַר זיך „ירושלים בחורבנה", איך האָב געזען פאַר זיך דעם כותל מערבי אויף וועלכען די טרערען פון טויזענטער יאָרען זיינען פאַרטריקענט געוואָרען. איך האָב דערהערט פאַר זיך דעם אַלטען „ואני יעקב" פון מיינע קינדער־יאָרען, דערהערט דאָס קלאָגען פון דער מאַמע רחל, וואָס איז אויפגעשטאַנען פון איר קבר, און ווי מיין רבי האָט עס פאַר מיר אויסגעזונגען.

נו, טראַכט איך צו זיך: אָט וועל איך געהן היינטיגס יאָר צו סליחות, און עס וועט ניט זיין קיין אָרט ביי מיר פאַר דעם „אזכרה אלקים", און פאַר די אַנדערע פּיוטים און תפילות.

און וואָס וועל איך טאָן אין די קומענדיגע ימים נוראים מיט דעם „ומפני חטאינו גלינו מארצנו"?

און עס איז ניט נאָר מיט די תפילות אַזוי. עס איז ניט נאָר וואָס דער סידור און דער מחזור זיינען אויסגעליידיגט געוואָרען. אינאיינעם מיט דעם איז אויך געבליבען פּלוצלינג אַ ליידיג אָרט אין הארץ און אין דער נשמה.

אונזער גאַנץ רעליגיע לעבען, אונזערע שבתים און ימים טובים זיינען דאָך געוועזן באַלויכטען פון דער ליכט וואָס איז אויפגעגאַנגען

פאַר אונז פון ציון און ירושלים.

מיר האָבען דאָך אַפילו אַריינגעטראָגען אין גלות די „מצוות התלויות בארץ". מיר האָבען געבענשט טל און גשם אויף פרעמדע פעלדער, אויפגעשטעלט סוכות אויף פרעמדער ערד.

אין דעם טאָג פון פערצענטען מאַי, ווען די אידישע מדינה איז געקומען אין לעבען, איז געשטאָרבען די גאַנצע ציון ראָמאַנטיק, וואָס איז געווען דער צענטער און תמצית פון אונזער פילען און טראַכטען.

אָהן דער דאָזיגער ראָמאַנטיק וואָלט אונזער גאַנצע אַלטע און נייע קולטור געווען אַ אויסגעליידיגטע, ווי זאַנגען איבער וועלכע אַ שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגען.

אָהן דער ציון ראָמאַנטיק וואָלט דאָס בליהענדיגע אידישע קולטור-פעלד, וואָס שפּרייט זיך פון יהודה הלוי ביז ביאַליק, געווען וויסט און פוסט. די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור און אַ גרויסער טייל פון דער אידישער וואָלט ניט געהאַט קיין אינהאַלט.

איצט איז מען געקומען צום ברעג פון דעם פעלד און דער גלות ציוניסט בלייבט שטיין, קוקט זיך אַרום און פילט זיך אַ היפּש ביסעל פאַרלוירען.

עס זיינען אַוועק ניט מער ווי עטליכע חדשים זינט די אידישע מדינה איז געבוירען געוואָרען, אָבער די גייסטיגע איבערקערעניש וואָס די דאָזיגע נסים׳דיגע געשעעניש האָט געבראַכט, נעמט אַרום אַ געשיכטע פון צוויי טויזענט יאָר.

מיר אַליין זיינען אין איצטיגען מאָמענט ניט בכח משיג צו זיין דעם געוואַלדיגען פאַרנעם פון דער ענדערונג וואָס די געשעעניש האָט געבראַכט, פונקט ווי אונזער באַגרענעצטער מענשליכער שכל קאָן נאָך ניט משיג זיין די געשעעניש אַליין. מיר אַהנען זי אָבער, מיר פיהלען זי מיט יעדען חוש. מיר פילען, אַז נייע געבורט איז געקומען אויף אונז, און אַז „היום נהית לעם". דאָס דריקט זיך אויס אין אונזער גאַנצען נייעם צוגאַנג און איבערשאַץ פון אַלטע ווערטען, וואָס האָבען געשלאָגען די טיפסטע וואָרצלען אין אונזער באַוואוסטזיין.

איך האָב למשל, געלייענט לעצטע וואָך דער אינטערוויו, וואָס באַרטלי קראָם האָט געהאַט מיט דר. חיים וויייצמאַן, דער פּרעזי-דענט פון דער אידישער רעפּובליק, אין זשענעוואַ. אין דעם אינטערוויו האָט דר. וויייצמאַן באַרירט דעם נייעם סטאַטוס פון די אידען אין די גלות לענדער און אין ארץ ישראל. דר. וויייצמאַן האָט באַטאָנט, אַז אין ארץ ישראל איז איצטער געבוירען גע-וואָרען אַ אידישע נאַציע, וואָס אונטערשיידט זיך פון די אידן אין אַמעריקע אָדער אין ענגלאַנד צי פראַנקרייך. אין אַמעריקע, האָט דר. וויייצמאַן געזאָגט, זיינען די אידיש-אַמעריקאַנער בירגער אין דער זעלביגער לאַגע ווי די אירלענדער, אָדער איטאַליענער, וואָס האָבען

זיך באַזעצט אין אַמעריקע. דער אינטערעס פון די אידישע בירגער אין אַמעריקע איז דער זעלביגער ווי דער אינטערעס פון די אַמערי־קאַנער אירלענדער אין זייער אַמאָליג פאָטערלאַנד.

דאָס וואָס דר. ווייצמאַן האָט געזאָגט איז איצט עלעמענטאַר. דאָס איז געווען דער צוגאַנג פון דר. סילווער און די אַנדערע פאָרטרעטער פון אַמעריקאַנער ציוניזם ביי דער קאָנפערענץ פון אַקציאָנס קאָמיטעט אין ארץ ישראל. אַרום דער דאָזיגער נייער אָריענטאַציע זיינען אָנגע־קומען לאַנגע דיסקוסיעס און שטרייטיגקייטן צווישען בן גוריון און די אַמעריקאַנער ציוניסטישע פאָרטרעטער. ווי באַקאַנט האָט געזיגט די אַמעריקאַנער שטעלונג.

דאָס איז נאָר איינער פון די ביישפּילען פון דער ענדערונג וואָס מדינת ישראל האָט געבראַכט אין אונזער צוגאַנג צום גלות.

פיל טיפער פון דער נייער פּאָליטישער אָריענטאַציע איז די פּסיכאָ־לאָגישע ענדערונג. די דאָזיגע ענדערונג האָט זיך נאָך ניט קריסטאַלי־זירט, דער גלות-ציוניסט פיהלט זיך דערוויל ווי אַ געפּלעפּטער און צערודערטער. ער ווייסט, אַז אַ סך פון די ווערטען וואָס ער האָט ערשט נעכטען פאַרהייליגט, און וואָס האָבען אָנגעטרונקען זיין לעבען מיט אינהאַלט, זיינען היינט אָפּגעריבענע מטבעות, די אַלטע לידער קלינגען איצט פרעמד פאַר'ן אויער. די נייע האָט מען נאָך ניט אויפ־געכאַפּט, ווער ווייסט וויפיל צווישען די גלות-ציוניסטען וועלען זיין מסוגל צו באַנעמען די נייע ניגונים . . .

מיר דערמאָנט זיך וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט אַ שילדערונג ווי איינער פילט אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער מענש האָט זיין גאַנץ לעבען גע'חלומ'ט ווען עס וועט שלאָגען דער טאָג פון באַפרייאונג פאר דער גאַנצער ליידענדיגער מענשהייט. און אָט איז דער טאָג געקומען. די קייטען פון קנעכטשאַפט זיינען צעשמעטערט. אַלע זיינען פריי, די פרייהייט פילט אָן די ערד ווי דאָס וואַסער דעם ים. דער מענש גייט אום אַ צעשטראַלטער פון גליק. דאָס האַלט אָבער לאַנג ניט אָן. בישלעכווייז לאָזט זיך אָן אומעט אויף אים אַראָפּ. ער דערפילט אַ ליידיגקייט. ער האָט מער ניט אויף וואָס צו וואַרטען און האָפען; אים נעמט פייניגען דעם געדאַנק: און וואָס ווייטער?

עפּעס עהנליכעס לעבען איבער היינטיגען טאָג גלות-ציוניסטען.

ווײַס איך, אַז מיר האָבען נאָך אַלץ אויף וואָס צו וואַרטען און האָפען.

די אידישע מדינה ווי זי איז איצט איז ניט מער ווי אַ צענטעל פון דער ארץ ישראל וואָס קומט אונז, וואָס איז אונזערס, וואָס איז די ארץ אשר נשבעת לאבותינו.

ווײַס איך, אַז אויך די בענקעניש צו ירושלים הבנויה איז נאָך

אקטועל. וואָרים ירושלים, אונזער ירושלים עיר הקודש, איז נאָך אַלץ אין פרעמדע הענט.

אָבער — נישטאָ מער קיין אָרט פאַר פריערדיגען בענקען און טרויער.

איך דאָס וואַרטען און האָפען איז מער נישט ווי פריער.

און איך ווייס אויך, אַז מיט דער צייט וועט די אויפגעבויטע און באַנייטע ארץ ישראל אריינטראָגען אין לעבען פון די אידען וואָס וועלען האָבען דעם אומגליק צו פאַרבלייבען אין גלות פיל־פיל מער ווי ארץ ישראל אין איר חורבן.

איך גלויב באמונה שלימה, אַז נייע, אייביגע ווערטען וועלען אויסגעשמידט ווערען פון מדינת ישראל.

איך גלויב באמונה שלימה, אַז מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים . . .

אָבער — דערווייל האָט די שאַפונג פון א אידישער מדינה געבראַכט אַ מין בין השמשות אין הארץ און געמיט פון גלות־ציוניסט.

איך בין איינער פון זיי, און איך פיהל עס גאַנץ שאַרף, ווען אפילו איך קאָן מיר ניט אָפגעבען קיין קלאָרען חשבון וואָס עס באַדייט.

(13טער סעפּטעמבער, 1948)

# „לכבוד שבת״ פעליעטאנען

## די קינדער און אייניקלעך פון אַמאָליגע ראַדיקאַלען

מ׳דערציילט וועגען אַן אַמאָליגען איסט-סאַידער אַנאַרכיסט אַזאַ מעשה:

דער דאָזיגער אַנאַרכיסט האָט, ווי אַלע אידישע אַנאַרכיסטען פון זיין צייט, ניט געמאַכט קיין טראָט אָן יאָהאַן מאָסט, ניט געגעבען זיך קיין ריר אָן עמאַ גאָלדמאַן, און געשוואוירען ביי די פאות פון באַקונין און ביי דער באָרד פון קראָפּאָטקין.

און ווי אַלע אידישע אַנאַרכיסטען פון דער צייט, וואָס קוקט-אויס היינט אין אונזערע אויגען אַזוי ווייט, פאַרנעפּעלט, פאַר׳מבול׳דיג, כאָטש נישט מער ווי אַ פינף-זעקס צענדליג יאָר טיילען אונז אָפּ פון איר, — האָט אויך דער בעל-דבר, פון וועמען ס׳רעדט זיך דאָ, גע־פירט אַ מלחמה מיט׳ן רבונו של עולם, ער האָט ניט פאַרפעלט קיין איין יום-כפור-באַל. ער האָט געזידעלט אידען וואָס האָבען זיך געקלאַמערט אין רעליגיע, אַז זיי זיינען „פינסטערלינגען״. ער האָט באַשולדיגט די קעגנער, אַז זיי „שלעפּען די מענשהייט קיין קאַנאָסע״.

דער דאָזיגער טיפּ איז שוין לאַנג-לאַנג פאַרשוואונדען, אינאיינעם מיט׳ן דינאָסאַרוס און מיט די בופעלאָקסען.

ס׳איז געווען אַ קאָמישער טיפּ, אָבער ניט אָן זיינע מעלות. ס׳איז געווען ניט ווינציג אידעאַליזם אין די משודנע שטיק פון דעם אַמאָלי־גען אידישען אַנאַרכיסט און סתם ראַדיקאַל.

ער, וואָס האָט געקעמפט קעגען רעליגיע, איז אויף זיין אייגענעם שטייגער געווען אַ רעליגיעזער מענש.

ער, וואָס האָט געשוימט און געשטורעמט קעגען „פאַנאַטיקער״ און „פאַנאַטיזם״, איז אין גרונט געווען דער געוויאַנזעלסטער פאַנאַ־טיקער.

אָבער ניט אין דעם באַשטייט די מעשה.

די מעשה האָט צו טאָן מיט זיין זון, וואָס האָט שטודירט אין אוניווערזיטעט און געקליבען זיך ווערען אַן אדוואָקאַט.

ווי-אַזוי דער אַנאַרכיסטישער טאַטע, וואָס האָט געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר געלעגען אין זיינע כחות צו „שטירצען די געזעלשאַפט״ און באַפרייען די מענשהייט פון דער גרעסטער קללה וואָס הייסט שטאַט,

האָט געקאָנט דערציען אַ זון וואָס זאָל ווערן מיט דער צייט אַ געטרייער דינער און באַשיצער פון שטאַט — דאָס איז טאַקע אַ פראַגע וואָס איז שווער צו פאַרענטפערן, און איך נעם זיך ניט אונטער עס צו טאָן.

איך קאָן נאָר זאָגן, אַז ער איז נישט דער איינציגער אַנאַרכיסט, אָדער סאָציאַליסט, וואָס האָט אויפגעבראַכט קינדער וואָס האָבן זיך ניט נאָר אויסגעצייכענט אַריינגעפּאַסט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, נאָר זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרען זיילען אין דעם טעמפּעל פון „מאַמאָן".

קומט איינמאָל דער זון פון אונזער אַנאַרכיסט אין אַן ערב פסח צום טאַטען און זאָגט צו אים בזה הלשון:

„פּאָפּ, איך וויל, אַז זאָלסט מיר געבען אַ פינף-און-צוואַנציגער..."

ביי אונזער אַנאַרכיסט האָבען זיך ניט געוואָלגערט קיין פינף-און-צוואַנציגערס און ער איז דעריבער אַביסעל מבולבל געוואָרען פון זיין זון'ס פאָדערונג. האָט ער אַ פרעג-געטאָן:

„צו וואָס דאַרפסטו עס אַזוי נויטיג אַ פינף-און-צוואַנציגער? וואָס ברענט עס אַזוי ביי דיר?"

„איך דאַרף האָבען פינף-און-צוואַנציג דאָלאַר ווייל איך פאַרלאָז אונזער היים אויף אַכט טעג..."

„פאַרוואָס פאַרלאָזסטו דאָס הויז?" — האָט דער פאָטער געוואָלט וויסען.

„ווייל פסח וויל איך ניט זיין אין דער היים. ביי אונז איז נישטאָ קיין פסח, און איך וויל קיין חמץ נישט עסען!" — האָט דער זון אויס-גערופען.

דאָ איז שוין אונזער אַנאַרכיסט געוואָרען אינגאַנצען אַ צעטומעל-טער. ער האָט אָנגעקוקט זיין זון מיט אַ צעמישטען בליק, מיט דער מינע פון אַ מענשען, וואָס האָט געהערט עפּעס אַזוינס, וואָס זיינע אויערען גלויבען ניט...

„נו, גוט", האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווען ער איז געקומען צו זיך, „איכ'ל זען..."

דעם זונ'ס ווערטער זיינען אים אַריין אין קאָפּ און אים ניט געלאָזט רוען. האָט ער איבערגערעדט וועגען דעם מיט זיין ווייב. ער האָט עס געטאָן מיט גאָר ניט קיין גרינג האַרץ. דאָס ווייב איז אויך געווען אַ שטיקעל אַנאַרכיסטקע: אין די יונגע יאָרען האָט זי גע-טענצעלט אויף יום-כיפּור בעלער, אָבער אין גרונט איז זי געווען אַ כשר'ע אידישע טאָכטער, זי פלעגט אפילו קאָכען אַלע פרייטאָג געפילטע פיש. דער מאַן האָט געקוקט קרום אויף דעם „רעליגיעזען" מאכל, ער האָט אָבער געגעסען און — הנאה געהאַט.

האָט זי, אויסהערענדיג דעם מאַן, אַ זאָג געטאָן:

„ווייסטו גאָר וואָס — לאָמיר מאַכען פּסח !..."

דער מאַן האָט זיך פאַרקרימט.

„יאָ, מיר מאַכען אַ פּסח ווי גאָט האָט געבאָטען", איז דאָס ווייב מיטאַמאָל אַריין אין התפּעלות פון איר אייגענעם איינפאַל. „איך וועל איינקויפען ניי געשיר, מצות, עופות, אַלע אַנדערע גוטע זאַכען — און איך וועל צוגרייטען אַ פּסח ניט ערגער פון מיין מאַמען, אַ גוטען זכות זאָל זי טראָגען".

„וואָס פאַר אַ רייד !" האָט דער מאַן זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט כעס. „פּסח, ווי גאָט האָט געבאָטען !" „די מאַמע, אַ גוטען זכות זאָל זי טראָגען" געהערט רייד ? געוואָרען מיטאַמאָל אַ רביצין ?!..."

דאָס ווייב איז אָבער ניט נתפּעל געוואָרען פון זיין כעס. „נו, הער אויף", האָט זי אים אָפּגעשטעלט, „באַקוגין וועט דיר מוחל זיין", האָט זי צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל.

זי איז אַוועק און גענומען צוגרייטען אַ פּסח ווי ביי אַלע פרומע, גוטע אידען: מצות, חרוסת, וויין אויף ארבע כוסות — ס'האָט גאָרניט געפעלט. זי האָט אפילו גע'פּועל'ט ביים מאַן, אַז ער זאָל זיצען אויפ'ן הסב-בעט, זאָגען די הגדה און פראַווען די מלוכה...

וואָס ס'האָבען געזאָגט וועגען דעם זיינע פריינט, די אַנאַרכיסטען, מיט וועלכע ער האָט באַלאַנגט אין איין גרופּע, ווייס איך נישט. מען האָט אים אויסגעשלאָסען; מעגליך, מען האָט זיך געמאַכט נישט ווייסענדיג.

מען ווייסט נאָר, אַז אונזער אַנאַרכיסט איז געוואָרען אַן אַנדער מענש. ער האָט ניט נאָר געפּראַוועט די סדרים יעדען פּסח און געזעסען ווי אַ מלך אויבענאָן און געזאָגט געשמאַק די הגדה, נאָר ער איז אויך געוואָרען אַ מיטגליד אין דער אָרטאָדאָקסישער שול און זיך אַריינגעכאַפּט אָפט צו אַ תפילה בציבור...

ווען מ'האָט ביי אים געפרעגט:

„פאַרוואָס גראָד אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול, פאַרוואָס נישט אין אַ רעפאָרם-טעמפּעל, וואו די רעליגיע וואַרפט זיך ניט אַזוי אין די אויגען ?" — האָט ער געענטפערט:

„מיר אַנאַרכיסטען האָבען פיינט קאָמפּראָמיסען. ביי אונז איז — אָדער אהין, אָדער אהער !... אויב שוין יאָ רעליגיע, זאָל זיין מיט'ן עמער. איך האָב פיינט „פּיפּטי-פּיפּטי". סאָציאַליסטען גייען איין אויף קאָמפּראָמיסן. זיי זיינען כלומר'שט קעגען שטאַט. ווי אַזוי ? זיי ווילען אויפשטעלען אַן אייגענעם שטאַט. דאָס איז ביי מיר ווישי-וואַשי... איר פאַרשטייט ? מיר אַנאַרכיסטען זיינען אויסגעהאַלטענע מענשען....

צו וואָס-זשע האָב איך אייך דאָ דערציילט אַ מעשה פון די פאַר'-מבול'דיגע צייטען אויף דער אידישער גאַס, ווען עס האָט געשוועבעלט

און געגריבעלט מיט אנאַרכיסטען, „געגאַסען”, יום־כיפור־באַלניקעם, שנויץ־ און חלב־פרעסערס און נאָך אזעלכע פרע־היסטאָרישע באַשעפענישען?

איך פריש אויף יענע ווייט־פאַרהוילענע עפּאָכע, צוליב א מעשה, וואָס האָט געטראָפען ערשט די טעג.

אין דער מעשה פיגורירט אַן אייניקעל פונ׳ם גרעסטען צוימענברעכער, אפּגעטער־צעשמעטערער, באַקעמפער פון רעליגיע, וואָס אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבען. זיין נאָמען איז געווען ראָבערט אינגערסאָל.

פאַראַן אַלט־ניו־יאָרקער, וואָס געדענקען אים נאָך. מ׳האָט אים גערופען „באָב”. ער איז געווען א געפאַקטער מענש, מיט א פול, קיילעכדיג פּנים און א גרויסען קאָפּ, וואָס איז געזעסען פעסט אויף ברייטע אַקסלען. ער האָט פאַרמאָגט א קול, וואָס האָט זיך געטראָגען ווי דער געבריל פון א לייב. מ׳האָט אים געהאַלטען פאַר איינעם פון די בעסטע רעדנערס אין אַמעריקע. ווען „באָב” אינגערסאָל האָט גערעדט, איז שטענדיג געקומען א גרויסער עולם. ער איז אָפט אויפגעטראָטען אין היסטאָרישען זאַל פון קופּער־יוניאָן.

אינגערסאָל איז געווען א ליבלינג ביי די ראַדיקאַלען פון זיין צייט. ער איז געווען באַרימט אַלס מענש מיט אַנאַרכיסטישע אידייען, אַלס פלאַם־פייערדיגער אַגנאָסטיקער. די גלחים האָבען אים פיינט געהאַט תכלית־שנאה.זיי האָבען אים גערופען „דער שליח פון שטן”. ער, ווידער, האָט געהאָגעלט אויף זיי מיט שוועבעלדיגע רייד, באַצייכענט זיי אַלס פאַרשפּרייטערס פון פינסטערניש און אָבערגלויבען, פאַרגליכען זיי צו מכשפים און קונצענמאַכערס.

לייען איך די טעג אַזאַ מעשה:

אַן אייניקעל פון אינגערסאָל׳ן האָט געלאָזט אַרעסטירען א ציגיינערין, אויף דער קלאַגע, אַז די ציגיינערין האָט אַרויסגעשווינדעלט ביי איר פופצען טויזענט דאָלאַר.

אינגערסאָל׳ס אייניקעל איז אַליין א שרייבערין, אַן אויפגעקלערטע פרוי. ווי־זשע קומט זי צו האָבען עסקים מיט דער ציגיינערין? — זי איז געגאַנגען צו דער ציגיינערין, אַז יענע זאָל איר פאַראויסזאָגען איר צוקונפט. די ציגיינערין האָט געמאַכט פאַרשידענע קונצען מיט א טיכעל און האָט אויף אַזאַ אופן אַרויסגעקראָגען פון איר פופצען טויזענט דאָלאַר.

ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען איז נישט וויכטיג.מיך האָט פאַרכאַפּט דער פאַקט, וואָס אַן אייניקעל פון „באָב” אינגערסאָל, וואָס האָט זיך געמאַכט באַרימט אַלס בראַנדיגער קעמפער קעגען אָבערגלויבען, גייט צו א ציגיינערין, אַז יענע זאָל אויסגעפינען וואָס די צוקונפט האָט אַנגעגרייט פאַר איר און וואָס דאָס מזל גייט איר

ברענגען.

ווען איך האָב עס געלייענט, האָב איך געטראַכט, אַז אויב די נייעס וועט דערגרייכן אינגערסאָל'ן, וועט ער זיך איבערקערן אין קבר.

די מעשה מיט אינגערסאָל'ס אייניקעל האָט מיך אַרויפגעפירט אויף דעם געדאַנק, אַז אינגערסאָל איז ניט דער איינציגער ראַדיקאַל, וועמעס קינדער לויפן צו ציגיינערינס...

די ראַדיקאַלע זיידעס און טאַטעס האָבן אָנגעקניפּט זייערע האָפענונגען אויף דער צוקונפט — אין באַקונין און מאַרקס...

די קינדער און אייניקלעך גלויבן אין ציגיינערישן כישוף.

אויב איר זענט אַ שטיקעל ציניקער וועט איר מסתמא זאָגן, אַז דער אונטערשייד איז, אין גרונט, ניט קיין גרויסער — וועל איך זיך מיט אייך ניט אַריינלאָזן אין חקירות, וואָרים — צו וואָס? איר האָט אַ רעכט צו דענקען ווי איר ווילט...

## דער ווילען צום לעבען

מ'האָט מיר געלאָזט וויסען, אַז מיינער אַן אַלטער פריינט, וועמען איך האָב שוין אַ שאָק יאָרען ניט געזען, איז קראַנק געוואָרען אין אַ מיטערנאַכט און מ'האָט אים צוגענומען אין אַ שטאָטישען שפּיטאָל.

איך בין אַוועקגעגאַנגען אים מבקר־חולה זיין. דאָס איז געווען אין אַן אָנגעצ'ברוגז'טען, האַרבסטיגען טאָג. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַ דעמפּיגקייט, די שטיקער צעפליקטע וואָלקן — ווי לאַגלען אָנגעפּילטע, וואָס אָט־אָט וועלען זיי זיך אָן עפען־טאָן און ס'וועט נעמען פליוכען מיט שלאַקס־רעגען.

דער שפּיטאָל געפינט זיך אויף אַ זייטיגער גאַס, וואָס גיט דעם געפיל ווי ס'וואָלט געווען אַרויס'ן שטאָט, כאָטש ווען מ'גייט־אָפּ ניט מער ווי אַ צוויי גאַסן דערזעט מען זיך אין צענטער פון שטאָט און מ'ווערט באַגעגענט פון אַ טראַך־טאַראַראַך און אַ פּייפען פון אויטאָמאָבילס, וועגענער און כוואַליגען אויפברויז פון מענשען־געזעמעל.

די שפּיטאָל געביידעס זיינען צעוואָרפען איבער אַ ברייטער לאָנקע און אויף אַ בערגל און זיינען אַרומגעצאַמט מיט אַן אייזערנעם פּאַרקאַן. אונטען, אויף יענער זייט פון בערגל, לויפען די וואַסערן פון אַ טייך, וואָס גיסט זיך אַריין אין האָדסאָן. די געביידעס זיינען אַלטע. די פאַסאַדען גרוי מיט יאָרען, אָנגעכמורעטע, אין־זיך־איינגעשלאָסענע, ווי געפענגענישען.

ווען איך בין אַריין אין דעם לאַנגען, שמאָלען קאָרידאָר, האָט מיר אַ שלאָג־געטאָן אין דער נאָז דער באַקאַנטער שפּיטאָל־ריח, אַ געמיש פון קאַרבאָל, יאָדאָפאָרם און מענשליכער שוויים. צו די אויערען

האָבען זיך דערטראָגען די באַקאַנטע שפּיטאָל־קולות, קלאַנגען, אָפּ־קלאַנגען: אַ שאַרן פון פּאַנטאָפעל אויף שטיינערנעם דיל, אַ וויי־טער אויפקרעכץ, דאָס טיקען פון אַ זייגער, אַ שאַרכען און רוישען פון פרויענקליידער, אַ דורכשליכען זיך פון אימיצענס געשטאַלט.

מיין טראָט איז פון זיך אַליין געוואָרען איינגעהאַלטענער, שטי־לער, איך האָב זיך דערנענטערט שפּיצפינגערדיג צו דער פּאַלאַטע וואו מיין פריינט איז געלעגען. איך בין דורכגעגאַנגען פאַרזיכטיג צווישען די בעטלעך, איינגעקוקט זיך אין די פּנים'ער פון די קראַנקע. זיי, די קראַנקע, זיינען געלעגען אין פאַרשידענע פּאָזעס, אויפ'ן רוקן מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, אויף דער זייט איינגענורעט אין קישן, ווער מיט אָפענע און ווער מיט צוגעמאַכטע אויגען. אַנדערע זיינען געזעסען אויף די בעטלעך, אָנגעשפּאַרט מיט'ן רוקן אויף די אָנגע־פּראָפּטע קישעלעך. די, וואָס האָבען געפילט אַביסעל בעסער, זיינען געזעסען אויף בענקלעך, וואָס זיינען געשטאַנען צווישען די בעטלעך.

מיך האָט ארומגענומען יענע שטימונג, וואָס באַפאַלט מיך, און מסתמא אויך אַנדערע ווען מ'קומט אַריין אין אַ שפּיטאָל. ס'איז אַ שטימונג וואָס דערוועקט זיך ביי קוילענגרעבער, ווען ס'געשעט אַן אומגליק אין דעם קוילענגרובען, ווען די עפענונג ווערט פאַרצאַמט פון שטיינער וואָס האָבען זיך אָפּגעריסען, יעדער אַרויסגאַנג איז אָפּ־געהאַקט און מ'קאָן זיך נישט אַרויס ראַטעווען. אינדרויסען גייט־אָן אַ לעבען, מענשען איילען זיך, טומלען, לאַכען, מ'הערט זייערע דומפּע קולות, אָבער דאָ איז מען איינגעוויקעלט אין אייביגער נאַכט, קיין אַרויסגאַנג, קיין רעטונג איז נישטאָ. גייט־אויף אַזאַ געפיל אויך ווען מ'איז אין אַ שפּיטאָל, דאָס געפיל אַז ס'איז פאַרצאַמט דער וועג און ס'איז נישטאָ קיין אויסגאַנג און רעטונג.

איך האָב געוואָרפען אַ בליק אויף די קראַנקע. איינִיגע האָבען אויפגעהויבען דעם קאָפּ און מיך אָנגעקוקט מיט קאַלטען גלייכגילט, אַנדערע האָבען אפילו דעם קאָפּ ניט אויסגעדרייט. דער גלייכגילט און די קאַלטקייט האָבן מיך ניט געוואונדערט. איך ווייס, אַז קראַנקע האָבען פיינט געזונטע. פּאַציענטען אין אַ שפּיטאָל, באַטראַכטען מיט פיינטשאַפט די געזונטע מענשען וואָס קומען, אפילו די נאָענטע, די קרובים און פריינט וואָס קומען זיי באַזוכען. זיי, די געזונטע זיינען פרעמדע, איבעריגע, זיי ברענגען מיט זייער קומען די גאַס, די מענ־שען אין גאַס, דעם רעגענבויגען דרויסען, דאָס קאָכיגע לעבען, די פרייע, פרישע לופט, די ערד אונטער די פיס און דעם הימעל איבער'ן קאָפּ, אַלץ, אַלץ פון וואָס זיי, די קראַנקע אויף די שפּיטאָל־בעטלעך, זיינען אָפּגעריסען.

לייענט מען אין דעם פיינטליכען בליק פון די קראַנקע: „איר זענט געקומען אונז באַטראַכטען, איר געזונטע, איר גייט־אום אויף

אייערע אייגענע פּיס... איר קאָנט טאָן וואָס איר ווילט, איר וועט אָפּזיצען דאָ פון יוצא־וועגן, און ווען דאָס גלעקל וועט אַ קלינג־טאָן וועט איר זיך אויפהויבען און אַוועקגיין צו אייער היים, אייער ווייב און קינדער, אייערע פריינט, אייערע געליבטע, און מיר ? — ״ אָט אַזוי רעדן די בליקן פון די קראַנקע, מיט וועלכע די געזונטע באַגעגענען זיך... איך ווייס עס, פאַרשטיי עס, און ס׳פאַרדריסט מיך ניט, ניין, ס׳לאָזט נאָר ביי מיר אַ טרויער, פאַר וועלכען ס׳זיינען קיין ווערטער נישטאָ, אַ געפיל פון הילפלאָזיקייט, ווי ביי איינעם וואָס טרינקט זיך און ס׳איז נישטאָ אויפ׳ן ברעג אַ מענש וואָס זאָל ראַטעווען, צו ווענען אַ הילפס־רוף קאָן דערגרייכען.

איך האָב ענדליך געפונען דאָס בעטל פון מיין פריינט. זיין בעטל איז געשטאַנען ביים פענסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום טייך.

איך בין צוגעגאַנגען, אים דערזען און בין געווען גרייט אויסצו־שרייען — אַזוי שרעקליך פאַרענדערט איז דער מענש געוואָרען. ער איז געווען ניט ראַזירט, דאָס פּנים פאַרוואַקסען מיט אַ גרויער, שטעכיגער באָרד, די אויגען טיף איינגעזונקען אין די לעכער, טראָפּעלעך שוויים אויף דעם גרויען שטערן, פון צעכראַסטעטען שפּיטאָל־העמד האָט זיך געזען זיין פאַרוואָקסענער, איינגעפאַלענער ברוסטקאַסטען.

איך בין געבליבען שטיין אַ ווייל פון ווייטען, מורא־האָבענדיג צו צוגיין נענטער. ער איז געלעגען מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגען. איך האָב נישט געוואוסט צי ער שלאָפט אָדער ליגט אַזוי האַלב־וואַכעדיג, ווי אין הינער־פּלעט.

ווען איך בין צוגעקומען צום בעטל האָט ער אויפגעמאַכט די אויגען און מיך דערזען. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. איך בין נישט געווען זיכער צי ער האָט מיך דערקענט, איך האָב אים אָנגערופען ביים נאָמען. זיינע אויגען האָבען זיך ברייטער צעעפענט. ער האָט מיך באַטראַכט דורך די אויגענשפּעלטלעך, אין וועלכע אַ ליכט האָט זיך באַוויזען, אַ קרינקליך שמייכעלע האָט זיך אַ קרייזעל־געטאָן אַרום די ווינקלען פון זיין מויל. ער האָט אַלץ געשוויגען.

„וואָס־זשע מאַכט איר״, האָב איך אַ פרעג געטאָן, כאָפּענדיג זיך באַלד אַז מיין פראַגע איז אַ נאַרישע.

„אָט ווי איר זעט״... זיין קול איז געווען כריפּלע און ווי ס׳וואָלט געקומען ניט פון זיין האַלז, נאָר פון אַ פרעמדען, אַ ווייטען, איינעם וועמען איך האָב אין מיין לעבען קיינמאָל ניט באַגעגענט.

און אָט דער מענש איז דאָך מיר געווען אַמאָל זעהר נאָענט. ס׳איז געווען אַ צייט ווען מיר האָבען זיך געטראָפען אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך. דאָס האָט אָנגעהאַלטען עטליכע יאָר. ער איז געווען דער לעבעדיגסטער מענש צווישען מיינע באַקאַנטע, אַ שיינער, געשטרעקטער יונג מיט אַן אומרואיגער שעוועליורע פון געדיכטע

קאַשטענהאַר, אַ ליבלינג ביי פרויען, מיידלעך, יונגע ווייבלעך האָבען געקלעפּט צו אים. מענער האָבען אים מקנא געווען, אַמאָל געקוקט אויף אים בייזלעך, אָבער מ׳האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין גוטמוט, פיינעם וויץ, פאַר דער אויפגערוימטקייט וואָס ער האָט אַריינגעטראָגען וואו ער איז געקומען. ווען ער האָט זיך באַוויזען אין אַ געזעלשאַפט איז די לופט געוואָרען עלעקטריזירט.

איך האָב געוואוסט פון זיין לעבען, פון די ראָמאַנען וואָס ער האָט געפירט, פון די פרויען וואָס זיינען געווען אין אים פאַרליבט. שטייענדיג ביי זיין בעטל האָט אויפגעטויכט פאַר מיר די געשטאַלט פון אונזער ביידענס אַ באַקאַנטע, וואָס איז געווען פאַרליבט אין אים. זי איז געווען אַ קליינוואוקסיגע, אַ בויגיגע, מיט אַ חנ׳עוודיג פּנים׳ל, קייליגע אויגען און פייער אין איר ווערביג געשטאַלט. זי איז געווען שרעקליך פאַרליבט אין אים; געוואָלט מיט אים חתונה האָבען, אָבער ער איז נישט געווען פון די מאַנסבילן וואָס האָבען חתונה. געדענק איך ווי זי האָט זיך אויסגעוויינט די אויגען פאַר מיר. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן. איך האָב זי געטראָפען מיט יאָרען שפּעטער, זי איז שוין געווען אַ מאַמע פון צוויי קינדערלעך, איר מאַן אַ דאָקטאָר מיט אַ גוטער פּראַקטיקע. מיר האָבען זיך צערעדט, זי האָט מיך געפרעגט אויף מיין פריינט. איך האָב איר דערציילט וואָס ער טוט. זי האָט זיך פאַרטראַכט, דערנאָך האָט זיך פון איר אַ שפּאַר-געטאָן:

„דער טייוול זאָל אים נעמען! איך קאָן אים אַלץ ניט פאַרגעסן! איך האָב אים אַלץ ליב...״

איך האָב זיך צוגעזעצט און געזוכט ווערטער, געוואָלט עפּעס זאָגען. ער האָט געקוקט אויף מיר אַ שווייגענדיגער, ווי געוואַרט אויף מיינע רייד. האָב איך גענומען רעדן שנעל-שנעל, ווי אימיצער וואָלט מיך אונטערגעיאָגט מיט אַ בייטש.

„איר ווייסט״, האָב איך אָנגעהויבען, „דאָ איז גאָר נישט שלעכט, מ׳שרעקט זיך פאַר אַ שפּיטאָל, נאַרעשקייטען... וואָס איז דען אין דרויסען,״ האָב איך אַ פיר-געטאָן מיט דער האַנט צום פענסטער, „נישט קיין שפּיטאָל? נו, יאָ, מענשען גייען-אום אויף די פיס, דאָס זיינען אָבער קראַנקע מענשען, וואָרים מיר לעבען אין אַ קראַנקער צייט, אין אַ קראַנקער וועלט, מענשען גייען-אום מיט שרעק אין די אויגען, מיט טויט-פּחד אין הארצען, מ׳כאַפּט זיך אויף ביינאַכט פון אַ קאָשמאַר מיט אַ קאַלטען שוויים, מ׳פרעגט זיך: גאָט איינער, וואָס האָסטו אָנגעגרייט פאַר אונז, שומר מה מליל? — דאָ אָבער איז —״

„נו, יאָ, דאָ איז אַלץ זיכער, דאָ איז טויט...״ האָט ער מיר איבערגעשלאָגען.

איך האָב מער גאָרנישט געזאָגט איך האָב דערפילט די איבעריג-

קייט פון מיינע רייד. איך האָב אויך דערפילט, אַז פאַר מיר ליגט אַ מענש וואָס איז שוין נישט צווישען די לעבעדיגע, ער אָטעמט נאָך, ער רעדט נאָך, ער קוקט אפילו ניט אוים ווי אַן ערנסט-קראַנקער, נישט מער וואָס ער איז באַוואָקסען, די גרויע באַוואָקסענקייט האָט אָנגעהויפּענט אויף אים אַ באַרג מיט יאָרען, זאָל ער די באָרד אָרונ-טערנעמען און ער וועט אויסזען יונג. יאָ, אָבער דער מענש איז אַן אויסגעלאָשענער, דאָס פייער פון לעבען האָט אים פאַרלאָזען, ס'איז אַ טליענדיגע האָלעוועשקע און נישט מער.

ביי מיר איז אויך דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, וואָס האָט אויף אַ מינוט מיין בלוט פאַרגליווערט: דער מענש וועט שוין מער דאָס בעטל ניט פאַרלאָזען, ניין, ער וועט מער ניט אַרוים קיין לעבעדיגער פון אָט דער פּאַלאַטע מיט די בעטלעך, וואו די חולאים ליגען, זיצען אין פאַרשידענע פּאָזעס אין זייערע שפּיטאַל-כאַלאַטען, וואו די לופט איז אָנגעזאָפּט מיט ריחות פון קאַרבאָל און יאָדאָפאָרם, מענשליכען שוויים, און קולות דומפּע, פאַרשטיקטע, אויפקרעכצן, געריידו, קולות וואָס דאָס אויער הערט און וואָס מ'הערט ניט, נאָר מ'אָנט אַז זיי הענ-גען אין חלל פון דעם ברייטען צימער, איבער וועלכען די בעטלעך זיינען צעוואָרפען, מיט די פענסטער וואָס גייען אַרוים פון איין זייט צום טייך, פון דער צווייטער זייט צו אַ לאָנקע מיט עטליכע שווינד-זיכטיגע ביימלעך.

איך האָב דערפילט, אַז איך מוז עפּעס רעדן, זאָגען אָט דעם מענשען וואָס איז מיר געווען אַמאָל אַזוי נאָענט. יאָ, איך מוז עפּעס זאָגען. האָב איך אָנגעהויבען:

„דו ווייסט, גערער חסידים דערציילען, אַז ר' אברהם מרדכי, דער זון פון אַלטען גערער ר' יצחק מאיר, דער „בעל חדושי הרים", איז איינמאָל שטאַרק קראַנק געוואָרען, זיין לעבען איז געווען אין סכנה. ר' אברהם מרדכי איז געווען דער לעצטער זון פון דרייצען קינדער פון גערער רבי'ן, וואָס זיינען יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. איז דער גערער רבי געקומען אַ באַ'צער'טער צו זיין קראַנקען זון, וואָס איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיג. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין בעטל, באַטראַכט זיין בלייך, אָפּגעצערט פּנים און אויפגעכאַפּט אַ בליק אין זיינע אויגען, וואָס האָט אים געזאָגט, אַז זיין זונ'ס געמיט איז זעהר געשלאָגען, אַז ער האָט זיך ווי אָפּגעשיידט פון לעבען. האָט ער אַ זאָג-געטאָן:

„זון מיינער, זיי וויסען, אַז דער ווילן צום לעבען איז אַ גרויסע מצוה וואָס דער מענש דאַרף אָפּהיטען. יאָ, ס'איז אַ סברא, אַז דאָס איז אַ מצות-עשה מן התורה, וואָרים ס'שטייט דאָך געשריבען בפירוש 'ובחרת בחיים'".

„דער זון האָט געהערט דעם פּאָטער'ס רייד און גאָרנישט גע-

ענטפערט. דער פאטער איז ווייטער אנגעגאנגען:

„איך בין דעריבער בטוח, מיין זון, אז דו וועסט אפהיטען די הייליגע מצוה און וועסט קריגען דעם ווילען צום לעבען. איך זאג דיר צו, אז דו וועסט אויפשטיין פון דיין קראנקהייט, וועסט ווערען גע־זונט און נאך דאס יאר וועסטו ווערען דער פאטער פון א ניי־געבוירע־נעם זון, און איך — דער זיידע פון אן אייניקעל".

„און אזוי איז טאקע געשען", האב איך פארענדיגט מיין מעשה. „דער אלטער גערער, דער „בעל חדושי הרים", האט געהאט רעכט: די גרעסטע רפואה איז — דער ווילען צום לעבען..."

מיין פריינט האט אלץ געשוויגען. פאר מיר איז זיין שווייגען געווארען אלץ פיינליכער. דאס האט אבער לאנג ניט אנגעהאלטען. ער האט זיך לייכט א הויב געטאן, אנגעשפארט זיך אויף אן ארעם און ארייגקוקענדיג מיר אין פנים מיט א לייכט שמייכעלע, האט ער א זאג געטאן:

„איך וועל שוין דאס יאר ניט ווערען קיין פאטער פון א זון... צו־שפעט, ברודערקע..."

א קראנקענשוועסטער האט זיך באוויזען, א הויכע, א בוזעמדיגע, מיט א רונד עפעלדיג פנים און א שוועבענדיגען גאנג. קעפ האבן זיך אויסגעדרייט פון די בעטלעך. א דינער אדעקאלאן־ריח האט זיך געטראגען פון דעם מיידעל. זי איז צוגעגאנגען צום בעטעל און מיר געלאזט וויסען, אז די באזוך־צייט איז פאראיבער.

איך האב זיך געזעגענט מיט מיין פריינט און אים צוגעזאגט צו קומען אים איבערמארגען אינגיכען זען נאכמאל.

אין קארידאר האב איך אנגעטראפען די קראנקענשוועסטער. איך האב זי אפגעשטעלט:

„קענט איר מיר זאגען וואס ס'איז מיט מיין פריינט?"

„וואס מיינט איר?"

„ווי ערנסט קראנק איז ער?"

„איך וואלט אייך געראטען פרעגען ביים דאקטאר. אט איז ער".

דער דאקטאר, א יונגער מענש, האט אויסגעהערט מיין פראגע. ער האט זיך פארטראכט. דערנאך א זאג געטאן:

„אייער פריינט ליידט פון א קראנקהייט, פאר וועלכער די מעדיצין האט נאך ניט קיין רפואה". און ניטווארטענדיג אויף מיין ווייטערער פראגע וואס דאס איז פאר א קראנקהייט, האט ער צוגעגעבען: „אייער פריינט פעלט דער ווילען צום לעבען..."

איך בין ארויס פון שפיטאל מיט א געפיל פון איינעם, וואס מ'האט ארויסגעלאזען פון געפענגעניש. מיך האט ניט געארט דער כמורנער דרויסען, דער רעגען, וואס האט גענומען פאלען אין לאנגע וואסער־

פּאַסטן און אַרויפגעצויגען אויף גאָט'ס וועלט אַ מין וואַסער־פּאַרהאַנג. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און באַטראַכט דאָס שלעפּשיפּעל, וואָס האָט אומגעשליאַנדערט איבער דער שטאָליג־גרויער, אויליגער פלאַך פון טייך, געשוואומען ערגעץ אַן אַ ציל, מיט וואַגאַבונדישער קימער־לאָזיגקייט, ווי ס'וואָלט געוועז אַלצאיינס צו וועלכען ברעג מען וועט דערגרייכען. דערנאָך האָב איך זיך אויסגעדרייט צו דער שפּיטאָל־געביידע אויפ'ן בערגעל, וואו מיין קראַנקער פריינט איז געלעגען. איך האָב געקוקט לאַנג, ניט געפילט דעם רעגען, וואָס האָט געשמיסען אין פּנים, און זיך איינגעהערט צו אימיצען אין מיר, וואָס האָט מיר אַריינגעשיפּעט שלאַנגיש אין אויער: „ער וועט מער ניט אַרויס־קומען... ער וועט מער ניט אַרויסקומען.....”

## אין אַ פרילינג נאַכט

היינטיגע פּאָעטען שעמען זיך צו באַזינגען דעם פרילינג.

זיי זאָגען, אַז פרילינג־לידער זענען אַרכאַיאיש, זיי באַלאַנגען צו דער אָפּגעלעבטער, ראָמאַנטישער עפּאָכע.

מיר לעבען היינט, זאָגען זיי, אין אַ צייט פון קאַלטען, ניכטערען רעאַליזם. עס איז די עפּאָכע פון טעכניק. נישט פייגעלגעזאַנג, נאָר דאָס ליד פון דער מאַשין פילט אָן די לופט.

איינער פון מיינע פריינט, וואָס איז אַ פּאָעט, און נישט סתם אַ פערזענפלעכטער, האָט מיר געענטפערט, ווען איך האָב ביי אים אַ פרעג געטאָן, צי אים פאַלט איין צו באַזינגען דעם פרילינג, —

„ניין. זינגען היינט וועגען פרילינג וואָלט געווען אַ דיסאָנאַנס צו אַלץ, וואָס גייט אָן אַרום אונז. וואָרים — גיב נאָר אַ טראַכט וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט עס געהאַט, ווען אַ פּאָעט זאָל זיך מיטאַמאָל צעטרילערען ווי אַ פויגעל, וואָס כאַפּט זיך אויף פון ווינטערשלאָף און דערזעט די ערשטע שטראַלען פון דער פרילינגס־זון, ווען אַרום אים איז מען פאַרנומען מיט דער אַטאָם־באָמבע, ווען אַלץ וואָס מיר הערען היינט, איז — קריג... קריג... קריג... ווען די געפאַר פון אומקום לויערט אויף אונז; ווען דער מענש האָט, ווי עס ווייזט אויס, באַשלאָסען צו באַגיין זעלבסטמאָרד...”

איך האָב געענטפערט מיין פריינט, אַז איך בין נישט אַזאַ פּעסי־מיסט ווי ער. איך האָב אים דערמאָנט אין דעם, וואָס איך האָב אַנומעלטען געלייענט. ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ צוזאַמענ־קונפט, וואָס איז פאַרגעקומען ערשט די טעג אין ניו יאָרק. דאָס איז אַ טשיקאַווע פּאַסירונג, וואָס איז כדאי איבערצוגעבען.

אַ געזעלשאַפט פון לעבענס־פאַרזיכערונג האָט געהאַט אַ צונויפ־קום פון אירע דירעקטאָרען און הויפּט־אַגענטען אין אַ ניו יאָרקער

האָטעל. אַרום צוויי הונדערט מענשען זענען געווען פאַרזאַמעלט ביי פיינגעדעקטע טישען.

צו דער פאַרזאַמלונג האָט מען איינגעלאַדען זעקס באַרימטע וויסענ-שאַפטלערס, אַז זיי זאָלען דערקלערען ווי אַזוי זיי מאָלען פאַר זיך די צוקונפט און וואָס עס דערוואַרט דער מענשהייט אין די קומענדיגע עטליכע צענדליג יאָר.

דאָס בילד, וואָס די וויסענשאַפטלער האָבען געמאָלען, איז געווען אַ כישוף׳דיגס. זיי האָבען געזען אַ גליקליכע מענשהייט אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט. די מענשען, וואָס וועלען קומען נאָך אונז, וועלען זיין פריי פון שווערער אַרבייט. קיינער וועט נישט פאַרדינען דאָס שטיקעל ברויט מיט׳ן שוויים פון פּנים. אַטאָמישע ענערגיע וועט איינגעשפּאַנט ווערען און וועט אונז דינען אַלס ראָבאָט. עס וועט זיין געניוג עסענוואַרג. עס וועלען פאַרשווינדען אַ סך פון די קראַנק-הייטען, פון וועלכע מען ליידט היינט. עס וועט פיל פאַרלענגערט ווערען אונזער לעבענס-שפּאַן אויף דער ערד.

אָט אין אַזאַ גליאיג-ליכטיג ליכט האָבען די זעקס וויסענשאַפט-לערס געמאָלען די צוקונפט פאַר די פאַרזאַמעלטע עקספּערטען פון לעבענס-פאַרזיכערונג.

„און דו זעסט נאָר אונטערגאַנג" — האָב איך פאַרענדיגט מיין געשיכטע און אָנגעקוקט מיין פריינט דעם פּאָעט מיט אַ מינע פון פאָרוואורף.

„דו זאָגסט, אַז די דאָזיגע אָפּטימיסטישע נביאות זענען געקומען פון וויסענשאַפטלערס ביי אַ צוזאַמענקום פון פאַרזיכערונג-אַגענטען — ניט אַזוי?" האָט מיין פריינט איבערגעפרעגט.

„יאָ", האָב איך באַשטעטיגט.

„נו, פרעג איך דיך", האָט דער פּאָעט אָנגעהויבען, צעשמייכלענדיג זיך ברייט, „וואָס דען האָסטו דערוואַרט זאָלען וויסענשאַפטלערס זאָגען פאַר מענשען, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט לעבענס-פאַרזיכערונג? פאַר אַזעלכע מענשען קאָן מען דאָך נישט רעדען וועגען חורבן און טויט. וואָרים אויב מען זאָל דערקלערען, אַז אַלץ האַלט ביים אונטער-גיין, אָט צי וואָס דאַרף מען זיך פאַרזיכערען קעגען פייער און צאָלען געלט פאַר לעבענס-פאַרזיכערונג? פאַרשטייסטו?

„דערפאַר נעם איך נישט ערנסט די מעשה, וואָס דו האָסט מיר דערציילט", האָט מיין פריינט אויסגעפירט. „איך זאָג דיר, אַז ווען איך גיי אַרום אין גאַס און צי אַריין די לופט, דערשמעק איך דעם גערוך פון שוועבעל, יאָ... און דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען", האָט מיין פריינט צוגעגעבען, „איך בין איבערצייגט אַז די מענשהייט האָט דערגרייכט דעם ראַנד פון אָפּגרונט... איך האָב פריער באַ-מערקט, אַז די היינטיגע מענשהייט האָט באַשלאָסען צו באַגיין

זעלבסטמאָרד. ווייס איך, אַז דאָס קלינגט ווילד. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז אין לעבען פון יעדען מענשען איז פאַראַן אַ מאָמענט, ווען דער געדאַנק פון זעלבסטמאָרד בליצט ביי אים דורך. פרעג ביי פּסיכאָלאָגען, ביי פאָרשערס פון דער מענשליכער נשמה — און זיי וועלען עס דיר באַשטעטיגען. אַנדערע ווילען דיר זאָגען, אַז יעדער מענש ווערט געבוירען מיט אַ דראַנג פון זעלבסטאומברענגונג. גאַנצע טעאָריעס זענען אויפגעבויט געוואָרען אויף דעם. עס פּאַדערט זיך גאָר אַ שטויס, עפּעס אַ מאָמענט אַזאַ, אַז דער געדאַנק פון זעלבסטמאָרד, וואָס טליעט אין דער טיף, זאָל אויפּטויכען ווי אַ פלאַם און ווערען אַ טאַט. נו, דער פּרט איז דאָך אַ מירקראָקאָזם פונ׳ם כלל. ער איז דער טראָפּען וואַסער וואָס שפּיגעלט אָפּ דעם אָקעאַן. טאָ וואָס איז זיך דאָ צו חידוש׳ן, וואָס דער כלל האָט דערגרייכט צו אַ מאָמענט, ווען דער דראַנג צו זעלבסטפאַרניכטונג האָט אונז גענומען באַהערשען?

„און דו ווילסט, אַז אין אַזאַ צייט זאָל איך און אַנדערע פּאַטשען זיך צעטרילערען ווי סאָלאָוועיען אין מאַיאָווע נעכט און באַזינגען די פּראַכט פון פרילינג?!״ — האָט מיין פריינט דער פּאָעט פאַרענדיגט זיין פילאָזאָפישע דיסערטאַציע.

* * *

דאַרף זיך מאַכען, אַז איך זאָל לעצטען סוף-וואָך געפינען זיך אויפ׳ן לאַנד. איך בין געפאָרען באַזוכען די פאַמיליע פון מיינעם אַ פריינט, נאָך וועמעס לויה איך בין נאָכגעגאַנגען ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק.

איך בין געפאָרען מיט אַ געדריקט געמיט. איך בין נישט פון די מענשען, וואָס טויגען זיך אוים אויף מנחם-אבל-זיין. ווען איך קום פּנים אל פּנים מיט אַ מענשען, וועמען עס האָט געטראָפען אַן אומגליק, ווייס איך אים נישט וואָס צו זאָגען. איך קוק אים אָן הילפלאָז און שטום. וואָרים איך ווייס, אַז די אַלע רייד מיינען גאָרנישט. זיי פאַלען אויפ׳ן האַרץ פון דעם מענשען, ביי וועמען דער טויט האָט אוועקגעריסען אימיצען, וואָס איז געווען דער אָטעם פון אייגענעם לעבען, ווי טראָפּענס וואַסער אויף אַ שטיין . . .

איך האָב אָבער געפילט, אַז איך מוז פאָרען און זיין נאָענט צו דער אלמנה פון מיין פריינט און אירע קינדער, וואָס ער האָט געלאָזען. די באַן, דערנאָך אַ טעקסי האָבען מיך געבראַכט צו דעם הויז, וואָס איז פאַררוקט אין אַ זייט צווישען ביימער און פעלדער, וויטליך פון אַ ישוב. ס׳נאָענטסטע הויז איז אַ האַלב מייל ווייט אָדער מער. דאָ אין דער געגענט, וואָס איז אינגאַנצען אַן עטליכעצוואַנציג מייל פון ניו יאָרק, טראָגט זיך נאָך אום גאָט׳ס אָטעם, עס הערשט אַ בראשית׳דיגע שטילקייט... מ׳קאָן דאָ הערען נישט נאָר דאָס אייגענע קול, נאָר אויך דעם טיק-טאַק טיק-טאַק פון אייגענעם

פולס, דאָס ריזילען פון אייגענעם בלוט אין די אָדערן.

מיין פריינט האָט דאָ פאַרבראַכט די לעצטע עטליכע יאָר פון זיין לעבען. ער האָט זיך דאָ געפילט גליקליך. איך האָב עס געוואוסט. ער האָט דורכגעמאַכט שטורעמדיגע צייטען. אַן עטליכע צענדליג יאָר פון זיין לעבען זענען געווען אָנגעפילט מיט קאָכיגען געיעג. ער איז געשטאַנען אינמיטען פון אַלע אויפּברויזונגען, וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין אידישען לעבען. ער האָט זיך אָפט געפונען אויפ'ן שפּיץ פון אַ ווולקאַן. ער האָט אויך געהאַט גוואַלדיג הנאה דערפון. אַ טאָג אָן שטורעם איז געווען פאַר אים אַ פאַרלוירען-געפּטר'טער טאָג.

אָבער עס איז געקומען אַ צייט, ווען ער איז געוואָרען קראַנק און מיד. דאָס איז געשען פלוצלינג. דער בליץ האָט אים געטראָפען מיטאַמאָל. ער איז אָוועקגעפאַלען ווי אַ בוים — נישט אינגאַנצען אונטערגעהאַקט, אָבער מיט ווייניג כוח צו וואַקסען ווייטער.

האָט ער זיך פאַרקליבען אין אַן אָפּגעזונדערטען ווינקעל, אַ פּאָר צענדליג מייל פון ניו יאָרק. „דאָס איז מיין לעצטער ברעג", האָט ער מיר אַ פּאָר מאָל געזאָגט. „דאָ האָב איך געוואָרפען מיין אַנקער..."

ווען איך פלעג אים באַזוכען, האָט ער שוין געוואַרט אויף מיר. ער פלעגט שטיין אויפ'ן באַלקאָן, וואָס האָט אַריבערגעקוקט צו די וואַסערען פון האַדסאָן, און באַגריסען מיך פון ווייטען מיט אַ ברייטען האַנט-פיר אין דער לופטען.

ווען איך האָב מיך דאַסמאָל דערנענטערט צום הויז, האָב איך געוואוסט, אַז ער וועט שוין אויף מיר נישט וואַרטען. אַנשטאָט אים, איז געשטאַנען די אלמנה — נאָך טונקעלער ווי איר געוויינליכע צי־גיינערש טונקעלקייט, איינגעהילט אין אַ לאַנגען מאַנטעל מיט אַ קאַפּשון, וואָס האָט איר געגעבען דעם אויסזען פון אַ נאָנע. ביי איר זייט זענען געשטאַנען אירע צוויי קינדער. איר זון, אַ זיבעצען־יעריגער בחור, איז געשטאַנען מיט אַן ערנסטער מינע. איך האָב אים אָנגעקוקט און — ווי ניט דערקענט. איך האָב אים געקענט כמעט פון קינדווייז אָן, נאָכגעפאָלגט זיין וואוקס. דאָס מאָל האָט ער אָבער אויסגעקוקט אַ פיל-געעלטערטער, ווי ער וואָלט איבער־נאַכט מיטאַמאָל אַ וואַקס געטאָן אויף עטליכע יאָר. ער האָט מיט־אַמאָל געקראָגען די מינע פון אַ מאַן — פון איינעם, וואָס באַגרייפט די פאַראַנטוואָרטליכקייט, דעם שווערען עול, וואָס דאָס לעבען לייגט אַרויף אויף דעם מענשען; וואָס ווייסט פון דעם לאַנגען, שווערען וועג, וואָס מען דאַרף דורכגיין, ביז מען דערגרייכט צו דעם לעצטען אָפּשטעל... די מוטער ביי זיין זייט איז געשטאַנען אָנגעלעהנט מיט איין האַנט אויף זיין אַקסעל. איז געווען אין דער פּאָזע פון אָנגעלעהנט־קייט, וואָס האָט געזאָגט: „איך האָב זיך איצט אויף וואָס אָנצו־שפּאַרען... דאָס איז ער, מיין זון..."

שפּעטער, ווען מיר זענען געבליבן אַליין, האָט זי צו מיר אַ זאָג געטאָן: „איר ווייסט, ווען נישט מיין זון, וואָלט איך געווען אַ פאַרלוירענע. איר ווייסט גאָרנישט וואָס פאַר אַן ענדערונג זיין פאָטער׳ס טויט האָט געבראַכט אין אים... איך דערקען אים ממש נישט... ערשט נעכטען איז ער נאָך געווען אַ קינד — אַ אינגעל, וואָס איז געווען פאַרטאָן אין ספּאָרטס, מיידלעך. אָבער איצט? ער פילט, אַז ער דאַרף פאַרנעמען דעם פאָטער׳ס פּלאַץ... איר קענט זיך קוים פאָרשטעלן וויפיל טרייסט און באַרואיגונג דאָס גיט מיר — נישט ווייל איך דערוואַרט הילף פון אים, — ווי איר ווייסט, בין איך נישט קיין הילפלאָזע, — נאָר דער געפיל, אַז אימיצער שטייט ביי מיין זייט, און איך קאָן זיך אָנשפּאַרען מיט דער האַנט אויף זיין אַקסעל, — דאָס מיינט פאַר מיר מער ווי אַלץ...״

איך האָב זי פאַרשטאַנען. זי איז נאָך אַ יונגע פרוי און אַ באַגערטע. זי האָט געטיילט איר מאַנ׳ס שטורעמדיג לעבן. ווען זיין לעבן איז פּלוצלינג אָפּגעהאַקט געוואָרען, האָט אויך איר לעבן זיך אָפּגעשטעלט. וואָס פאַר אַ ווענדונג איר לעבן וועט איצט נעמען — ווער ווייסט? איך האָב ביי איר נישט געפרעגט.

* * *

ווען איך בין געבליבן אַליין, בין איך אַרוים אויפ׳ן באַלקאָן, וואו איך פלעג פירען לאַנגע שמועסען מיט מיין פריינט. דאָסמאָל בין איך געווען אַליין — איך און דער פרילינג-פאַרנאַכט, וואָס האָט זיך גענומען דערנענטערען מיט שטילע, שאַרכענדיגען גאַנג. די זון האָט זיך נאָך געצונדען איבער די בערג, וואָס קייטלען זיך איבער׳ן האָדסאָן. אַ דין-פאַרנאַכטיגער פאָרהאַנג איז געהאַנגען איבער דער לאַנדשאַפט. די ביימער האָבען זיך געמאָלען ווי דורך זיידענעם טיול. דער בלייכער סערפּ פון דער לבנה האָט זיך גענומען אַרויסשניידען און איז געבליבן הענגען אַריינגעשניטען אין אַ שנייאונג וואָלקענדעל אַנטקעגען דער זון, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין לעשען, צאַנקען און ווערען אַלץ קלענער, ביז זי איז אינגאַנצען פאַרזונקען. אַ ווינטעל האָט געצויגען פון טייך, דורכגעטראָגען זיך צווישען די גראָזען, וואָס האָבען שוין גענומען גרינען, און די צווייגען, וואָס זענען גע-שטאַנען נאָך נאַקעטע, אָבער אויף וועלכע ס׳האָבען זיך דאָ און דאָרטען דורכגעבראָכען גרינליך-בלייכע קנאָספּען. דאָס פאַרבליבענע ליכט פון דער זון האָט זיך אויסגעמישט מיט׳ן פאָספאָרשיין פון דער לבנה. אַ פייכטקייט האָט זיך גענומען לייגען. איך האָב עס דערפילט אין דער קלעפּיגקייט פון מיינע הענט. אינאיינעם מיט דער פייכט-קייט האָבען ריחות אָנגעפילט די לופט — ריחות פון יונגע, אויפגע-בליטע נאַרציסען, וואָס האָבען שוין אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּלעך צווישען די קלומבען אַרום דעם באַלקאָן; ריחות פון יונג גראָז; און

צוזאַמען מיט די ריחות האָבן זיך דערטראָגן קולות אַלערליי: שטילע, פאַרשטיקטע קלאַנגען, וואָס האָבן אַראָפּגענידערט פון טונקעל־סאַמעטענעם הימעל־געוועב, וואו די ערשטע שטערן האָבן גענומען אויפבליצן, און אַ רוישען ווי פון שוועבענדיגע טריט און פון לופטיגע קליידער פון יונגע פרויען, וואָס שפּאַצירען דאָ אום רעטענישדיגע, אומגעזעענע, אָבער געאָנטע — אַזוי, אַז איך פיל זייער אָטעם, דעם דינעם, לייכט־פאַר׳שיכור׳ענדיגען פאַרפום, וואָס ציט זיך פון זיי.... סילועטען פון פייגעל האָבן זיך געצייכענט אַנט־קעגען דעם הימעל. דאָס געזוויש פון זייערע פליגעל איז געקומען פון דעם טיף־טיפער, פאַרהוילענער הימלישער הויך. אַ שטילער אָוונט פון אַ פריען פרילינג. שטיל — און דאָך אָנגעזאַפּט מיט ווימעלדיג לעבען, וואָס דאָס אויער קאָן פאַרנעמען, מיט אַ יעירען און קאָכען, מיט אַן אָטעמען פון אַלע צעעפענטע פאָרען פון דער פייכטער, יונג־אויפגעוואַכטער, זינגענדיגער ערד.

איך האָב מיטאַמאָל דערהערט טריט און זיך אומגעקוקט. דאָס איז געווען מיין פריינט׳ס פרוי. זי איז געשטאַנען נאָך אַלץ איינגע־הילט אין דעם לאַנגען, שוואַרצען מאַנטעל מיט׳ן קאַפּשון איבער׳ן קאָפּ, וואָס האָט איר געגעבען דעם אויסזען פון אַ נאָנע.

„און איך האָב געדענקט, אַז איר זענט שוין אין אייער צימער און שלאָפט שוין... איר מוזט דאָך זיין מיד", האָט זי אַ זאָג געטאָן.

„ס׳שלאָפט זיך ניט אין אַזאַ נאַכט..."

זי האָט מיך אָנגעקוקט אַ וויילע, שווייגענדיג. דערנאָך זיך אָפּגע־רופען שטיל:

„איר האָט רעכט — ס׳שלאָפט זיך נישט אין אַזאַ נאַכט... ס׳איז פרילינג..."

דעם צווייטען טאָג, אויף מיין וועג צוריק קיין ניו יאָרק, האָב איך געטראַכט פון דער פרילינג־נאַכט און פון די נאַרישע פּאָעטעז, וואָס שעמען זיך צו באַזינגען דעם פרילינג, און פון מיין פריינט, וואָס איז אַן אמת׳ער פּאָעט און נישט סתם אַ פערזענפלעכטער, אָבער וואָס איז אויך נישט קיין גרויסער חכם, ווייל ער האָט זיך אַריינגענומען אַ מחשבה אין קאָפּ אַריין, אַז אַלץ איז שוין געענדיגט: אַלץ — ווייל ער גלויבט, האָט די מענשהייט באַשלאָסען צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

## אַ דרשה וועגען ברויט

האָט איר אַ טראַכט געטאָן וועגען דער חשיבות פון שטיקעל ברויט אויף אייער טיש?

געוויס האָט איר געטראַכט, אַ קלייניגקייט — דאָס שטיקעל

ברויט! ווען מ׳זאָל אָננעמען פאַר תורת משה, וואָס דער בערדיגער, אונטערגע׳שמד׳טער, היפּשליך אַנטיסעמיטישער קאַרל מאַרקס האָט געלערנט וועגען דער ראָל פון׳ם שטיקעל ברויט אין לעבען פון׳ם מענשען, קומט אויס, אַז דער לאַבען ברויט איז די זון, אַרום וועלכער אונזער ערד דרייט זיך.

און איר ווייסט דאָך „על פת לחם יפשע גבר״ — צוליב׳ן שטיקעל ברויט טוען אָפּ מענשען כל ה׳פאַרברעכענס שבועלם; צוליב דעם שטיקעל ברויט פאַרגיסט מען בלוט, פירט מען מלחמות, מאַכט מען חרוב לענדער און קאָנטינענטען.

אַנדערע מיינען, אַז עס האַנדעלט זיך נאָר וועגען אידעאָלאָגיעס: די אידעאָלאָגיע, יענער „איזם״. נו, יאָ, געוויס זענען אידעאָלאָגיעס און „איזמען״ אַ גאַנץ וויכטיגער ענין, אָבער הינטער זיי, רבותי, ליגט דאָס שטיקעל ברויט. יעדע אידעאָלאָגיע, יעדער „איזם״ איז נישט מער ווי דאָס מעסער, מיט וועלכען מען וויל שניידען דעם לאַבען ברויט. אַזוי איז עס.

נישט מער: ביי אונז אידען איז ברויט נישט געווען סתם — ברויט. עס איז נישט געווען גלאַט אַ שפּייז אויף אָנצופילען דעם מאָגען. עס האָט נישט רעפּרעזענטירט נאָר גשמיות.

ביי אונז איז ברויט אויך געווען פאַרבונדען מיט גייסט. מיר האָבען געזאָגט ניט נאָר „אם אין קמח אין תורה״, נאָר אויך „אם אין תורה אין קמח״. ביידע האָבען זיך באַהעפט אין לויטערער האַרמאָניע: דער הונגער נאָך ברויט און דער דורשט נאָך גאָט׳ס וואָרט. דער חומר, וואָס האַלט אונז אויף דער ערד, און דער גייסט, וואָס גיט אונז פליגלען און טראָגט אונז צו די הימלישע הויכען.

מיר אידען האָבען פאַרהערליכט ברויט. דערמאָנט זיך נאָר וואָס פאַר אַן אָרט דער „לחם הפנים״ האָט פאַרנומען אין דעם משכן און בית-המקדש ריטואַל...

אָבער מיר האָבען זיך ניט געלאָזט באַהערשען פון ברויט-גייסט אַליין; מיר האָבען זיך ניט איינגעשפּאַנט אין וואָגען פון גרויען מאַטעריאַליזם. מיר האָבען אָנגעקניפּט אונזער גורל אין די שטערן און אָנגעשפּאַרט אונזער לייטער אין די הימלען.

ווען מיר ברעכען אָפּ אַ שטיקעל ברויט, איז איידער מיר טראָגען עס צום מויל, מאַכען מיר אַ „המוציא״ — אַ ברכה, אין וועלכער מיר זאָגען:

„געבענשט ביסטו אונזער גאָט, דער האַר פון אַלע וועלטען, וואָס ברענגט אַרויס דאָס ברויט פון דער ערד״.

יאָ, „וואָס ברענגט אַרויס״ ניט נאָר דאָס ברויט, נאָר אויך דעם מענשען פון דער ערד, באַפרייט אים פון דער גשמיות און דערהויבט אים צו דער מדרגה פון געטליכקייט.

מיר דערמאָנט זיך דערביי וואָס דער דובנער מגיד האָט אַמאָל געזאָגט וועגן „לחם לאכול ובגד ללבוש". „צו וואָס שטייט לחם לאכול ובגד ללבוש? — ברויט צו עסען און אַ בגד אָנצוטאָן? ווער ווייסט דען ניט, אַז ברויט איז צום עסען און אַ בגד איז אויף אָנצו־טאָן? דער ענטפער איז: אַז אַ מענש בעט ער זאָל האָבען ברויט און זיין געזונט צו קאָנען עס עסען, און האָבען אַ בגד און קאָנען עס טראָגען אויפ'ן לייב. וואָרים — וויי צו די, וואָס האָבען ברויט און קאָנען עס ניט עסען, און וואָס האָבען קליידער און קאָנען פון זיי קיין הנאה ניט האָבען..."

ברויט וואָס איז פאַרבונדען מיט גייסט, איז דערפאַר אַ מין שפּיגעל צו דעם כאַראַקטער און צו דער נשמה פון אַ פאָלק.

יעדעס פאָלק באַקט זיין אייגען ברויט.

ביי יעדען פאָלק האָט דאָס ברויט אויף זיין טיש אַ טראַדיציע פון הונדערטער יאָרען און דורות.

יעדעס פאָלק גיט אַריין אין דעם ברויט, וואָס עס עסט, זיין אייגע־נעם, באַזונדערען טעם.

נעמט, אַשטייגער, אונזער אידיש ברויט, איך מיין — דאָס היימישע, דאָס קאָרענע, וואָס אונזערע מאַמעס, באָבעס, עלטער־באָבעס האָבען געבאַקען...

אונזער היימיש ברויט איז ניט געבאַקען געוואָרען גלאַט אַזוי. דער פּראָצעס איז נישט בלויז פון נעמען מעל, הייוון, פאַרקנעטען טייג, מאַכען אַ ראַשטשינע און דערנאָך אַריינזעצען די אויסגע־פורעמטע לאַבענס אין אָנגעהייצטען אויוון.

ביי אונז איז ברויט־באַקען צוגעבונדען מיט אַ גאַנצען רעליגיעזען ריטואַל. אונזערע מאַמעס, באָבעס, עלטער־באָבעס האָבען ביים פאַרקנעטען דאָס טייג גענומען צוערשט „חלה". עס זענען אַפילו פאַראַן ביי שרה בת טובים באַזונדערע תחינות, וואָס מען דאַרף זאָגען ביים באַקען ברויט...

דערנאָך קומט דער באַזונדערער, איינציגאַרטיגער טעם, מיט וועלכען אידיש ברויט איז אָנגעזאַפּט.

קיין אַנדער ברויט אין דער וועלט פאַרמאָגט ניט אַזאַ טעם, ווי אַ שטיקעל אידיש קאָרן־ברויט מיט קימעל אָדער סענעס.

וואָס איז דאָס פאַר אַ טעם? שווער אין ווערטער עס איבערצו־געבען. איך קען נאָר זאָגען, אַז דער טעם איז אַ זיסליך־זויערליכער, אויך דער אַראָמאַט אַ גאַנץ אַנדערער פון אַנדערע ברויט.

איך קען נאָר זאָגען, אַז אידיש ברויט האָט — אַן עכט־אידישען טעם.

און דער דאָזיגער עכט־אידישער טעם, וואָס אונטערשיידט עס פון אַנדערע ברויט, איז אַ פּראָדוקט פון הונדערטער יאָרען און דורות.

ווען אַ איד עסט אַ שטיקעל אידיש ברויט, גייט פאַר אים אויף אַ שטיק אידיש לעבען, עס שטייט אויף פאַר זיינע אויגען אַן אַלט־אַלטער אידישער לעבענס־שטייגער. ער דערזעט פאַר זיך אידישע שטעטלעך אין פוילען, אין ליטע, אין גאַליציע, אין רומעניע; ער דערזעט פאַר זיך שמאָלע געסלעך, טונקעלע זאַוואולקעס; עס שניידען זיך אַרוים פאַר זיינע אויגען אידישע היימען, שטיבער מ׳ט נידעריגע דעכער, קוימענס וואָס קוקען צו די וואָלקענס, און פון די קוימענס שלענגעלט זיך אַ רויך — מאָנטאָג, ווען מען באַקט ברויט פאַר דער וואָך, פרייטאָג, ווען מען באַקט חלה אויף שבת...

און טעג וואָכעדיגע גייען אויף, טעג שווערע און אומעטיגע, טעג פרייליכע און האַרציגע, וואָס דאָס שווערע לעבען האָט ניט געקאָנט דערשטיקען. און שבתים און ימים־טובים: געדעקטע טישען. טאַטעס און מאַמעס. קינדער. כלות און חתנים. אַ געזאַנג פון זמירות. דאָס קול פון תורה צווישען די ווענט...

דאָס אַלץ שוועבט דורך פאַר׳ן אויג אין קינימאַטאָגראַף, און וועקט דאָס געמיט, בשעת מען עסט אַ היימיש שטיקעל ברויט, און דער גומען דערפילט דעם היימישען טעם, און צו די נאָזלעכער דער־טראָגט זיך דער אַראָמאַט פון קימעל און סענעס און פרישגעבאַקענ־קייט...

דאָס היימישע שטיקעל ברויט — וואו מען זאָל עס ניט עסען, אויף וועלכען פאַרוואָרפענעם טיש עס זאָל זיך ניט באַווייזען, ווערט פאַרוואַנדעלט אין אונזער געמיט און געדעכעניש אין אַ בריק, וואָס פאַרבינדט גאַנצע דורות, וואָס וואַרפט אַריבער אַ געשפּאַן איבער יאָרהונדערטער, איבער לענדער און קאָנטינענטען, איבער אַלע ישובים, וואו מיר זענען צעזייט און צעשפּרייט.

* * *

איך בין געווען אַ בעלן און האָב אַ בלעטער געטאָן אין נחום סטוטשקאָוו׳ס „אוצר פון דער אידישער שפּראַך" — וואָס געפינט זיך דאָרטען וועגען ברויט.

און וואָס זאָל איך אייך זאָגען — אַ שלל פון ווערטער, באַגריפען, גלייכ־ווערטלעך האָב איך דאָרטען דערזען!...

פון די צענדליגער ווערטער און גלייכווערטלעך, וואָס וועבען זיך און שפינען זיך אַרום דעם וואָרט ברויט, באַגרייפט מען וואָס ברויט האָט געמיינט ביי אונז אידען.

איך ברענג נאָר דאָ עטליכע ביישפּילען: „ברויט — לחם. גאָט׳ס גאָב. פּת עכום. הייוועגברויט. לאַנגברויט. רונדברויט, פּידפּאַליק. חלה־ברויט. קאָרנברויט, ראַזעווע ברויט. ראַזעוואַנע ברויט. קימעל־ברויט. קלייענברויט. גערשטענברויט. ברויט מיט זאַלץ. טרוקען ברויט. ברויט מיט צונג. לאַבען. לעבעל ברויט. ברייטעל".

היינט די צענדליגער נעמען פאר ברויט און די גלייכווערטלעך !...
ווי, אשטייגער:

„אז מען באקט ברויט, איז די גאנצע שטוב זאט". „אז די באלע-באסטע איז א ברייטע, באקט זי ברייט ברויט (קיילעכדיג)". „בעסער שווארץ און פעפקע איידער ווייס און ליעפקע". „פון ברויט איז מען געזונט און רויט". „א סקידע ברויט פארטרייבט די נויט".

אידען האבען פארהייליגט ברויט. מען דערציילט, אז א חסיד איז געקומען צום קאזשניצער מגיד ער זאל אים פותר חלום זיין. „רבי", האט דער חסיד געזאגט מיט א געבראכען קול, „מיר האט זיך גע'חלום'ט, אז איך בין געקומען אויפ'ן עולם האמת, האט דער מלאך דומה מיך געבראכט פאן אן אויווען, וואו עס האט זיך געבאקען ברויט. דער מלאך דומה האט צו מיר געזאגט: „דיין עונש וועט זיין, אז דו וועסט פארברענגען די גאנצע צייט ביי אט דעם אויווען און האלטען אין איין באקען ברויט. טאמער וועט א לאבען ארויס-קומען פארברענט און מיט א פגימה, וועט מען דיך שמייסען מיט פייערדיגע ריטער..."

„ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, בין איך געווען אינגאנצען בא-גאסען מיט שוויים", האט דער חסיד פארענדיגט.

דער קאזשניצער האט אים פותר חלום געווען און געזאגט: „די ביסט באגאנגען א גרויסען חטא: דו האסט געגעסען ברויט און גע-לאזט פאלען די ברעקלעך אויף דער ערד... הזהר והזהר — זאלסט עס מער נישט טאן, און דער מוחל וסולח וועט דיר מוחל זיין..."

* * *

אין ברויט אנטפלעקט זיך דער כאראקטער פון א פאלק נים ווינציגער ווי אין זיינע ביכער און געזאנגען.

נעמט דעם פראנצויז. ער לאזט זיך דערקענען נים נאר דורך וואלטעיר און רוסא, דורך מאליער און וויקטאר הוגא, דורך באלזאק און פלאבער, דורך דעביוסי, סאן־סען, דעלאקראו און מאנעי, דורך ווערלען און מאטיס און נאך און נאך, נאר אויך דורך דעם ברויט, וואס ביי אונז האט מען עס גערופען „פראנזועלען".

דאס איז א לענגליכער לאבען, ענליך אין אויסזען צו איטאליענישן ברויט, אבער אנדערש אין טעם. ס'איז א ברויט, וואס נאר פראנ-צויזען קענען באקען. אין פראנקרייך קאן מען אפט זען ווי איינער טראגט א לענגליכען לאבען אונטער דער פאכווע מיט דערזעלבער מינע, ווי ער וואלט געטראגען א בוך אדער א פידעל.

אדער דאס שווארצע, ראזעווע ברויט, וואס די רוסען באקען. דאס דאזיגע ברויט איז פונקט אזוי טאפארנע, פרימיטיוו־געזונט, אומגעהובעלט, ווי דער רוסישער פויער.

דאס פראנצויזישע, רוסישע, איטאליענישע ברויט איז אן ארויס-

וואוקס פון באַזונדערע לעבענס־שטייגערס, פון אַנדערשדיגע פּאָלקס־פּסיכאָלאָגיעס, פון פאַרשידענע געשיכטליכע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן.

ברויט איז דער באַראָמעטער, מיט וועלכן מען קאָן מעסטן דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען צושטאַנד פון אַ לאַנד.

שוואַרץ ברויט איז אַ צייכען פון עקאָנאָמישער אָרימקייט און אַלגעמיינער צוריקגעשטאַנענקייט.

ווייס ברויט — רעדט פון שפע, פון וואוילטאָג, פון פּראָגרעס.

כאָטש ווי דיעטע־עקספּערטען זאָגען אונז, איז שוואַרץ ברויט נאַטירליך ברויט, דערפאַר — רייכער אין נאַרונג. ווייס ברויט, ווידער, איז געבאַקען פון ווייץ, וואָס איז פּאָלירט און באַרויבט פון די נאַטירליכע מינעראַלען.

דאָקטוירים זאָגען אונז אַז דאָס, וואָס דער געזונט־צושטאַנד פון אַזוי פיל אַמעריקאַנער איז אַן אָרימער, ווי די רעקרוט־דערפאַרונגען פון דער אַרמיי האָבען עס געוויזען, האָט פיל צו טאָן מיט דעם אומנאַטירליכען ברויט, וואָס מיר עסען.

## זייגערלאַך

ווען איך זאָל קענען צונויפקלייבען די אַלע זייגערלאַך וואָס איך האָב פאַרמאָגט אין מיין לעבען, וואָלט איך זיכער געקענט עפענען אַ זייגער־געשעפט, און געהאַט האָב איך זייגערלאַך אַלערליי, — גרויסע און קליינע, ביליגע און טייערע, און געקומען זיינען זיי פון פאַרשידענע מדינות, — רוסישע, דייטשע, פראַנצויזישע, אַמעריקאַנער. יעדער זייגערל האָט באַצייכענט אַ באַזונדערען עטאַפּ אין מיין לעבען, אַ מייל־שטיין אויף מיין וואַנדערונגס־וועג.

איך דערמאָן זיך אין דעם ערשטען זייגערל וואָס איך האָב געקראָגען אַלס מתנה פון מיין זיידען. איך בין דאַמאָלס געווען אַ אינגעל פון אַ יאָהר 11, און האָב שוין אָנגעהויבען לערנען פאַר זיך אין דער סאַדיגורער קלויז. אין די ווינטערדיגע דאָנערשטאָגס פלעג איך אויפהויבען זיך פאַרטאָג, ווען די גרויע נאַכט האָט נאָך צו דער פּראָסטיגער שויב זיך געטוליעט, און אַוועקגעלאָזט זיך איבער די שווייגענדיגע, פאַרשנייערטע געסלאַך צו דער קלויז, וואו איך האָב שוין געטראָפען אַנדערע בחורים׳לאַך און מיר האָבען גענומען זיך לערנען דעם שיעור.

האָט אָבער געטראָפען, אַז איך האָב אַ פּאָר מאָל פאַרשפּעטיגט, און זיך אויפגעכאַפּט, ווען דער טאַטע איז שוין געשטאַנען מיט דעם טלית און תפילין גרייט צו געהן דאַווענען. ס׳איז שוין געווען טאָג און דאָס סקריפּען פון די גויעשע וואָגענס וואָס זיינען געקומען אין שטעדטעל אַריין האָט זיך שוין געהערט פון דער גאַס. דער טאַטע

האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און גאָר ניט געזאָגט. איך האָב אָבער געוואוסט וואָס זיין בליק באַדייטעט און אַרונטערגעלאָזט די אויגען. איין מאָל האָב איך זיך אָבער אָנגענומען מיט מוטה און אַ זאָג געטאָן:

„ווען איך זאָל אָבער האָבען אַ זייגערעל, וואָלט איך געוואוסט די צייט און ניט פאַרשפּעטיגט".

דער טאַטע האָט אַ שמייכעל געטהאָן און זיך אָבגערופען:

„דו וועסט נאָר פאַרטיג מיט חולין, וועסטו קריגען אַ זייגערעל".

מיט אַ פּאָר וואָכען שפּעטער איז געקומען דער זיידע, און ווען ער האָט דערהערט, אַז איך וויל אַ זייגערעל, האָט ער ארויסגענומען זיין זייגער פון דער קעשענע און מיר אים דערלאַנגט. דאָס איז געווען אַ טשיקאַווער זייגער, אַ גרויסער, אַ זילבערנער, מיט שווערע, זילבערנע קופּערטען, און מיט אַ גרויסער שרויף אויף אָנצוציהען. די ווייזערס דונקעל־שטאָלענע און ברייטע, האָבען זיך בעריש באַוואויגען איבער דעם ציפערבלאַט און אויסגעשלאָגען האָט ער דעם טיק־טאַק אַזוי הויך, אַז מען האָט אים געהערט אַפּילו פון דער קעשענע.

איך האָב דעם דאָזיגען זייגער געהאַט אַ סך יאָרען. איך האָב אים אָפּגעהיט און געהאַלטען טייער אַפּילו ווען איך האָב שוין געקויפט אַנדערע זייגערלאַך. ער פלעגט ליגען ביי מיר באַהאַלטען צווישען אַנדערע חפצים, וואָס האָבען דעם הויך פון מיינע נאָענסטע און ליבסטע אין זיך געטראָגען, און ווען איך פלעג אַמאָל קומען איבער דעם זייגער, האָב איך איהם גענומען אין האַנד, געצערטעלט מיט מידע, בענקענדיגע פינגער די דיקע, פאַרעלטערטע קופּערטען מיט די אויסגראַווירטע געמעלעכצער וואָס האָבען אויסגעזען ווי קנייטשען אויף אַ ליב באַיאָרענט פּנים, און אַ שטילער אומעט פלעגט אַרויפגעהן אין הארצען, אין דעם טיק־טאַק פון זיידענס זייגער וואָס איך פלעג אָנציהען, און לאַנג זיך אין איהם איינהערען, האָב איך פאַרנומען דעם אויפגעוואַכטען גאַנג פון מיין פאַרשוואונדענער יוגענד.

אין אַ געוויסען טאָג, בין איך צוגעקומען צום טישקעסטעל, וואו איך האָב דעם זייגער געהאַלטען און איהם ניט געטראָפען, און מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז איך האָב לאַנג זיך ניט געקענט באַרוהיגען. איך קען ביז היינט דעם זייגער ניט פאַרגעסען. דער מענש וואָס האָט איהם צוגענומען, ווייסט ניט, אַז ער האָט אַ שטיק פון מיין נשמה אוועקגע'גנב'עט, און זאָל איהם גאָט מוחל זיין פאַר זיינע שווערע זינד, מיר איז שווער איהם צו פאַרגעבען.

און נאָך אַ זייגערעל קען איך ניט פאַרגעסען; דאָס זייגערעל וואָס דער ירושלים'ער מיידעל האָט מיך געשאָנקען. דאָס איז געווען אין וויען, און איך בין געווען אַ פּאָר וואָכען קראַנק. איך בין געלעגען

אַן עלענדער אין מיין דונקעלען חדר׳על אויף דער „שריי-גאַסע״, און די איינציגע וואָס פלעגט קומען צו מיר, ארומגעהן אַרום מיין בעט ווי אַ באַרעמהערציגע שוועסטער, איז געווען די ירושלים׳ער מיידעל, וואָס איז אויך געווען אַזאַ פרעמדע און עלענדע ווי איך אין דער גרויסער שטאָדט. מען האָט מיר געדאַרפט דערלאַנגען מעדיצין אין געוויסע שטונדען, און זי פלעגט זיך יעדען מאָל אַ כאַפּ טהאָן צו דעם מיניאַטור-זייגערעל וואָס האָט געהאַנגען אויף אַ קייטעלע איבער איהר האַרץ, צו זעהן אויב מען דאַרף מיר שוין גיבען די מעדיצין. דאָס זייגערעל איז מיר מיט דער צייט געוואָרען ניט ווייניגער ליב ווי דאָס מיידעל. איהר האַרץ האָט צו מיר פון דעם שטילען, צערטעלדיגען טיק-טאַק, אַרויסגעזונגען און דאָס קייטעלע וואָס זי האָט אויף איהר ווייכען האַלז געטראָגען, און וואָס האָט אַ דינעם, רויטליכען פּאַס דאַרטען געלאָזען, האָט זיך אַלץ ענגער אַרום מיר אַרומגעוויקעלט.

אונזערע וועגען האָבען זיך צעשיידט און פאַר מיין אָפּפאַרען, האָט זי מיר דערלאַנגט דאָס זייגערעל, באַטראַכט מיך לאַנג דורך פאַרטרערטע אויגען, און אַ זאָג געטאָן שטיל:

„האַלט עס... פאַרליר עס ניט...״

איך האָב עס אָבער פערלאָרען, ווי אַזוי? ווייסט איין גאָט אין הימעל. איך האָב געוואַכט איבער דעם מיט זיעבען אויגען, אומגעטראָגען עס אַ לאַנגע צייט צוגעטשעפּעט אויף אַ קייטעל אין מיין וועסט-קעשענע, געלאָפען מיט דעם צום זייגער-מאַכער, יעדען מאָל ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט, מיטגעפיהרט עס איבער מדינות און ים׳ען, ס׳איז אָבער פאַרשוואונדען, און געלאָזט מיך אויף טעג און טעג אַן אומעטיגען, ווי מיט דעם זייגערעל וואָלט אַ שטיק פון מיין לעבען פלוצים אַוועק.

איך האָב דערנאָך מעהר צו קיין זייגערלאַך זיך ניט צוגעבונדען, איך פלעג קויפען איינס, געטראָגען עס אין קעשענע אַ געוויסע צייט, און זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם, און ווען איך האָב עס פערלאָרען, האָט עס מיך ווייניג געאַרט, איך האָב געקויפט אַ נייעס און פאַרטיג. איך האָב דורך די יאָהרען אויסגעפונען, אַז צובינדען זיך צו אַ זייגערעל איז ניט ווייניגער געפעהרליך ווי צובינדען זיך צו אַ מענשען. איך האָב אָנגעהויבען פאַרשטעהן וואָס אַן אַלטער זייגער-מאַכער האָט מיר אַמאָהל געזאָגט, ווען איך האָב איהם איינמאָהל געבראַכט פאַרריכטען אַ זייגערעל, און ער האָט זיך גענומען שטודירען דורך דער שפּאַקטיוו די איינגעווייד.

„מענשען דענקען, אַז אַ זייגערעל איז זיך גלאַט אַזוי ווי אַ מאַשינקעלע אַזאַ, אַ טויטע זאַך, אָהן לעבען און נשמה, האָט דער אַלטער זייגערמאַכער גערעדט ווי פאַר זיך, באַוועגענדיג פאַרזיכטיג

מיט דעם צווענגעל אַ פאַר'עקשנ'טע רעדעלע, ניין מיין פריינד, אַ זייגערעל איז אַ לעבעדיגע זאַך, ווי אַ מענש להבדיל, איז איינע פון די נאָהענטסטע זאַכען וואָס דער מענש טראָגט אויף זיך, פרעגט מיך און איך וועל אייך זאָגען, ווען איהר טראָגט אַ זייגערעל אַ לאַנגע צייט ווערט עס צונויפגעוואַקסען מיט אייך, ס'ווערט אַ טהייל פון אייך, אייערער אַ גליעד וואָס איז שווער אַפּצורייסען, אַלצדינג וואָס איהר פיהלט און לעבט איבער רופט זיך אָפּ אויף דעם זייגערעל פונקט ווי אייער נשמה, אייערע צער און פרייד, דאָס שלאָגען פון אייער בלוט . . . מיר איז גענוג צו גיבען אַ קוק אויף אַ זייגערעל און איינהערען זיך אין זיין גאַנג, צו וויסען וואָס פאַר אַ מענש עס האָט עס געטראָגען, און וואָס דער מענש לעבט איבער, ווען איך זאָל זיין אַ דאָקטער און מען זאָל מיך רופען צו אַ קראַנקען, וואָלט איך ניט בלויז גענומען זיין פולס און איינגעהערט זיך צו דעם קלאַפּען פון זיין האַרץ, נור איך וואָלט אויך געהייסען מיר דערלאַנגען זיין זייגערעל, און איך וואָלט איינגעהערט זיך ווי עס געהט . . . יאָ מיין פריינד . . . אַ זייגערעל איז ניט קיין פּשוט'ע מאַשינקע... די רעדלאַך און שרייפלאַך וואָס איהר זעהט דאָ, טראָגען אין זיך אייער בלוט, און דאָס בלוט פון די נאָהענטסטע וואָס האָבען עס אייך געגעבען . . ."

דער אַלטער זייגערמאַכער איז אַנטשוויגען געוואָרען, האָט אַ־רונטערגענומען דעם שפּאַקטיוו און מיר בעטראַכט מיט קלוגע, שמייכעלדיגע אויגען, און איך האָב זיך אָנגעהויבען רויטלען אונטער זיין בליק, איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט דורך דעם שפּאַקטיוו ניט בלויז די פערבאָרגענדע רעדעלאַך און שרייפלאַך פון מיין זייגערעל געזעהן, נור ער האָט אויך דורך איהם די בעהאַלטענע קאַמערלאַך פון מיין נשמה בעטראַכט, דער אַלטער זייגערמאַכער האָט געוואוסט וואָס ער רעדט, דאָס זייגערעל וואָס ער האָט אין דער האַנד געהאַלטען האָט מיין בלוט אין זיך געטראָגען, און דאָס בלוט פון אַ נאָהנסטען, טייערען מענשען, וואָס האָט זיך אין מיינע אָדערען איבערגעגאָסען.

היינט טראָג איך מעהר ניט קיין זייגערלאַך. איך האָב עטליכע נור זיי וואַלגערען זיך ערגעץ ביי מיר אין הויז, איך וויל ניט, אַז זיי זאָלען פאַר מיר אויסקלאַפּען קאַלט, ברוטאַל־מעטאָדעש, דעם איט־פּעטיגען גאַנג פון מיינע לעבענס־שעהן, צו וואָס? ווער וויל עס וויסען? ס'וועט דאָך מיר קיין פרייד ניט ברענגען. איך וויל זיך אויך מעהר ניט צובינדען צו דער רונדער, מעטאַלענער באַשעפעניש וואָס לעבט מיט אונז, אין אונז, ווערט אַ טייל פון אונזער האַרץ, און נעהמט איבער אין זיך דאָס ריטמישע רינען פון דעם בלוט אין אונזערע אָדערען.

איך געה היינט אום איבער גאָטס וועלט אָהן אַ זייגערעל, געה אום אָפּט אַן אַליינינגער און אומעטיגער, אָבער אַ בעפרייטער, אַ בעפרייטער.

# צווישען דזשימי וואָקער און יואל סלאָנים

איינמאָל אין אַ שפּעט-זומערדיגען בייטאָג האָט מיין פאַרשטאָר־בענער פריינט יואל סלאָנים אָפּגעמאַכט מיט מיר, אַז איך זאָל אים טרעפען אין „סיטי האָל".

ווען איך האָב גענומען אַרויפטאַנצען די טרעפּ, וואָס פירען צום אַלטען סטיליזירטען בנין, וואו ס'געפינט זיך די רעגירונג פון דער שטאָט, וואָס איז גרעסער און פיל מאָל רייכער פון אַ סך אייראָפּייאישע לענדער, האָב איך דערזען סלאָנים'ען אַרויסגיין מיט'ן מעיאָר דזשימי וואָקער.

איך בין געווען גרייט צו פאַרקירעווען זיך אין אַ זייט. סלאָנים האָט מיך אָבער באַמערקט, אַ מאַך געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און אויסגערופען ברייט און ברוסטיג:

„העלאָ! העלאָ! איך וויל דיך פאַרשטעלען פאַר'ן מעיאָר!"

מיין אומפאַרגעסליכער פריינט סלאָנים איז קיינמאָל ניט געווען קאַרג אויף קאָמפּלימענטען און, ווי אַ פּאָעט, האָט ער שטענדיג געהאַט פאַרטיגע סופּערלאַטיווען. האָט ער, פאַרשטעלענדיג מיך פאַר וואָקער'ן, מיך אַ הויב געטאָן אויף אַזעלכע שטאָלצען, אַז מיין קאָפּ האָט מיט־אַמאָל אָנגעשפּאַרט אין די וואָלקענס און ס'האָט מיר גענומען שווינד־לען פאַר די אויגען.

וואָקער איז ניט שטאַרק נתפּעל געוואָרען. ער האָט נאָר אַ ציי געטאָן מיט די געדיכטע ברעמען, וואָס האָבען זיך פאַרשפּיצט אין אַ מין פרעג-צייכען איבער זיין שטערען, דערנאָך מיר אויסגעשטרעקט די האַנט און עפּעס אַ זאָג געטאָן צו יואל'ן.

איך האָב אים באַטראַכט ווי ער איז געשטאַנען אַזוי אויף די טרעפּ, ווי ער וואָלט זיך דערהויבען אויף אַ בינע: ער איז געווען יונג און האָט אויסגעזען נאָך אַ סך אינגער ווי זיינע עטליכע און פערציג יאָר. זיין פיגור—אַ דינע, אַ אינגעלש-עלאַסטישע. זיין מאָגערליך פּנים האָט געטראָגען דעם בלייכען הויך פון איינעם, וואָס זעט ווינציג טאָג-שיין און זון. „איך בין דער ביינאַכטיגער מעיאָר פון ניו יאָרק"— האָט ער אַמאָל וועגען זיך געזאָגט.

ער האָט פאַרענדיגט זיין שמועס מיט יואל'ן, אַ פינקעל געטאָן מיט די טונקעלע, עקספּרעסיווע אויגען, אַ מאַך געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און גלאָזען זיך צום אויטאָמאָביל וואָס האָט געוואַרט אויף אים.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען „דזשימי" וואָקער איז געווען עפּעס מער ווי סתם דער מעיאָר פון ניו יאָרק.

מ'האָט געזאָגט, אַז ווען וואָקער איז געווען געצוואונגען צו פאַר־לאָזען דעם טראָן פון מעיאָר און אָפּטראָגען זיך קיין פראַנקרייך, איז מיט אים אינאיינעם פאַרשוואונדען אַ גאַנצע ערע.

וואָס איז דאָס געווען פאַר אַן ערא? אַ סך פון אונז געדענקען זי. דאָס איז געווען די צייט פון די „לוסטיגע צוואַנציגער", די צייט ווען דזשעז-מוזיק האָט גענומען אָנפילען מיט הייסען דאַמף די לופט אַרום אונז. אונטער די פאַרשלאָסענע טירען פון די „ספּיק-איזים" האָבען זיך געגאָסען טייכען בראָנפען און שאַמפּאַניער.

דאָס איז געווען אַ ווילדע, וואונדערליך-משוגע'נע צייט. ס'איז געווען נאָכ'ן ערשטען וועלט-קריג. מ'האָט געזוכט צו פאַרגעסען דעם קאָשמאַר. האָט די מוזיק גערווישט קאָכיגער, די סאַקסאָפאָנען האָבען געשריען שריליגער, די פּייקלעך האָבען אויפגעשלאָגען אַ פאַרטוויבענדיגען טאָם-טאָם ווי אין דזשאַנגעל.

„דזשימי" וואָקער איז געווען דער קאָלירעוודיגסטער אויסדרוק פון דער דאָזיגער פאַרביג-שוימיגער צייט. ער האָט פאַרמאָגט וויץ — דעם פלאַכען וויץ פון בראָדוויי. ער האָט געהאַלטען פינקעלדיגע רעדעס וואָס האָבען געשפּריצט מיט בענגאַליש פייער,—רעגענבויגיג, רוישיג, אָבער וואָס וואַרעמט ניט, לויכט ניט און לאָזט נאָך זיך ניט מער ווי צערונענעם רויך.

און ער איז געווען גוטמוטיג, ווי יעדער „חי-געלעבט"-פאַרשוין, וואָס האָט ניט קיין פליכטען און זוכט אויך ניט אַרויפצוציען קיין פליכטען אויף אַנדערע.

ער איז געווען פון די מענשען, וואָס האָבען ליב צו לעבען און האָבען אויך הנאה ווען אַנדערע טרינקען פון שוימיגען בעכער.

און דאָס איז אַ געוואַלדיגע מעלה. פאַראַן ווינציג, נאָך וועלכע מ'קען אָט דעם שבח נאָכזאָגען. סלאָנים, וואָס איז געווען אינטימנאָענט מיט וואָקער'ן, האָט מיר אַמאָל באַמערקט וועגען אים:

„דזשימי גייט קיינמאָל ניט אַליין פאַרברענגען און לאָזען זיך וואוילגיין: ער נעמט שטענדיג מיט זיך מיט פריינט, און ער לאַדט איין געוויינליך אַזעלכע, וואָס קענען זיך ניט פאַרגעניגען גיין פאַרברענגען אין אַ רייכען נאַכט-קלוב."

„ווען דזשימי כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און רייבט זיך אויס די אויגען," האָט סלאָנים מיר ווייטער דערציילט, „איז דאָס ערשטע וואָס ער טוט איז, צו טעלעפאָנירען צו פריינט און אויסגעפינען ווי זיי פיהלען . . . ווען איך בין געווען קראַנק האָט ער, אָדער זיין סעקרעטאַר, מיר טעלעפאָנירט יעדען טאָג . . . ."

האָבען דעריבער טאַקע אַלע ליב געהאַט דזשימי'ן. די ניו יאָרקער בירגער האָבען זיך געפיהלט געמיטליכער און פריילעכער מיט אים. זיי האָבען אים מוחל געווען מיט'ן גאַנצען האַרצען ווען זיי האָבען אויסגעפונען, אַז דזשימי'ס אַדמיניסטראַציע איז ניט אינגאַנצען קיין כשר'ע, און אַז ער האָט געמוזט רעזיגנירען. מ'איז געווען מער ברוגז אויף ריכטער סיבורי, וואָס האָט אויפגעדעקט דזשימי'ס חטאים, אַז

רוזוועלט׳ן, וואָס האָט אַלס גאָווערנאָר באַפוילען דעם אויספאָרש, ווי אויף דזשימי׳ן.

אויף דזשימי׳ן האָט מען ניט געקענט האָבען קיין האַרץ.

איך האָב זיך געטראָפען מיט וואָקער׳ן אַ צווייטען מאָל. דאָס איז געווען ביי אַן אונטערנעמונג פון פאַרבאַנד פון אידישע אַקטיאָרען, וואָס שפילען אויף בראָדוויי. עדי קענטאָר איז געווען דער צערעמאָניע־מייסטער. דער פאַרשטאָרבענער וויל ראָדזשערס, דער קאָו־באָיאישער מאַרק טוועין, האָט געהאַלטען אַ רעדע אין אידיש. יאָ—אין אידיש!

איך האָב געהאַט אַ חלק אין וויל ראָדזשערס׳עס אידישער רעדע. אימיצער האָט געזאָגט ראָדזשערס׳ן, אַז ס׳וואָלט געווען גאַנץ טשי־קאָווע ווען ער זאָל האַלטען אַ רעדע אין אידיש פאַר זיינע אידישע בראָדווייער קאָלעגען. ראָדזשערס האָט עס דערציילט וואָקער׳ן, דזשימי׳ן איז געפעלען די אידייע. האָט ער אים געזאָגט:

„איך האָב אַ פריינט, אַ באַרימטען אידישען פאָעט, וועל איך אים בעטען ער זאָל פאַר דיר אָנשרייבען די רעדע ..."

וואָקער האָט זיך דערנאָך געווענדעט צו סלאָנים׳ען. מיין פריינט סלאָנים איז אָבער דעמאָלט געווען ניט אין בעסטען געזונט, ווי ס׳האָט געטראָפען מיט אים גאַנץ אָפט. האָט ער מיך געבעטען, אַז איך זאָל איבערנעמען די מיסיע.

איך האָב אָנגעשריבען די רעדע פאַר ראָדזשערס׳ן און זי אויך איינשטודירט מיט אים. ס׳איז ניט געווען קיין לייכטע ארבייט. וויל ראָדזשערס׳עס איירעשע צונג מיט איר קאָו־באָיאישען חתוך־הדיבור האָט זיך ניט אַזוי גרינג געלאָזט באַהערשען פון אידיש.

אָבער ווען ס׳איז געקומען דער אָווענט און ראָדזשערס האָט געהאַלטען זיין אידישע רעדע, האָט ער אַרויסגערופען אַ פוראָר. ער האָט דערנאָך אויסגעזאָגט דעם סוד ווער ס׳האָט אים צוגעגרייט, און אָנגעוויזען אויף מיר. וואָקער איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו מיר, באַדאַנקט, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שפילעוודיג שמייכעלע:

„דזשאָעל (יואל) האָט געהאַלטען פאַר אַ סוד, אַז דאָס האָט איר אָנגעשריבען די רעדע פאַר ראָדזשערס׳ן". ער האָט דערביי אויך צו־געגעבען: „ס׳איז אפשר אַ פּלאַן, אַז ראָדזשערס זאָל אויפטרעטען אין אידישע טעאַטער ... וואָס דענקט איר?"

„סעקאָנד עווועניו וועט ניט וועלען באַרויבען בראָדוויי..." האָב איך באַמערקט.

וואָקער האָט זיך ברייט צעלאַכט.

און ווען איך טראַכט פון וואָקער׳ן, טראַכט איך פון דער וואַרע־מער פריינטשאַפט, וואָס האָט פאַרבונדען אים מיט סלאָנים׳ען.

סלאָנים האָט פאַרמאָגט אַן אמת׳ע באַוואונדערונג פאַר וואָ־קער׳ן. ער פלעגט זיך ממש פאַרכלינען ווען ער האָט גערעדט ווע־

גען דזשימי׳ן.

וואַקער, ווידער, האָט געהאַלטען אַ וועלט פון סלאָנים׳ען. ער האָט אים איינמאָל פאָרגעשטעלט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם קאַר־דינאַל העיס מיט די ווערטער:

„איך האָב דעם כבוד פאָרצושטעלען פאַר אייער עמינענץ דעם גרעסטען פּאָעט ביי אידען . . .״

קאַרדינאַל העיס האָט געקענט אַביסעל העברעאיש. ווען ער האָט דערהערט „דער גרעסטער פּאָעט ביי אידען״, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ העברעאישער פּאָעט, אַן אייניקעל פון ישעיה און ירמיה . . . האָט דער קאַרדינאַל אַ זאָג געטאָן צו סלאָנים׳ען:

„שלום אדוני, שמח אני להפגש עמך פנים אל פנים״ — וואָס אין אידיש מיינט עס: „איך באַגריס דיך, מיין הער, און מיך פרייט צו טרעפען זיך מיט דיר פּערזענליך.״

לומדות איז אָבער ניט געווען איינע פון מיין פריינט יואל סלאָ־נים׳ס מעלות. ער איז געווען אַ פיינער פּאָעט. אַ שאָד וואָס זיינע לידער, אַ סך פון זיי אמת־פּאָעטישע שאַפונגען, ליגען באַגראָבען צעשאָטענע און פאַרלוירענע צווישען צייטונגען און זשורנאַלען. עס וואָלט געווען אַן אמת׳ער חסד ניט נאָר צו סלאָנים׳ען, נאָר אויך צו דער אידישער ליטעראַטור, ווען מ׳זאָל צונויפקלייבען זיינע בעס־טע לידער און זיי אַרויסגעבען אין אַ באַנד.

אָבער—אָט דער אויסגעצייכענטער אידישער פּאָעט איז, ווי אַ סך אַנדערע אידישע שרייבער, ניט געווען שוה־בשוה מיט העב־רעאיש. ער איז דערפאַר געבליבען אַביסעל געפּלעפט פון קאַרדינאַל העיס׳עס העברעאישער באַגריסונג.

דער קלוגער וואַקער האָט ווי עס איז געראַטעוועט די סיטו־אַציע.

איז די טיפע פריינטשאַפט און פאַרערונג, וואָס וואַקער האָט אַרויסגעוויזען פאַר אַ אידישען פּאָעט, נאָך אַ בוקעט, וואָס איך לייג דאָ אַוועק, אין יואל סלאָנים׳ס נאָמען, אויף „דזשימי׳ס״ קבר.

## ב ע ר ד

פאַראַן שרייבער וואָס באַקלאָגען זיך, אַז ס׳פעלט זיי „ריכ־טיגע טעמעס״. דאָס דערמאָנט מיר אין אַ מעשה וואָס מ׳דערציילט וועגען טשעכאָוו׳ן און דעם איינציגען רוסישען נאָבעל־פּרייז גע־ווינער פאַר ליטעראַטור, דעם נאָוועליסט און פּאָעט איוואַן בונין.

ווען בונין איז נאָך געווען אַן אָנפאַנגער און געמאַכט זיינע ערשטע אומזיכערע טריט אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט ער באַזוכט טשעכאָוו׳ן אויף זיין דאַטשע אין יאַלטע.

טשעכאָוו האָט געלייענט בונינ׳ס ערשטע שאַפונגען. ער האָט דערשפּירט אין יונגען שרייבער דאָס קינסטלערישע פייער וואָס האָט נאָך געדרימעלט הינטער אַשעס, אָבער וואָס האָט זיך שוין געריסען אין אַ פלאַם. ער האָט דערפאַר אויפגענומען בונינ׳ען פריידיג-פריינטליך.

בונין האָט זיך אָבער געפילט אומהיימליך און ווי געצוימט אין דער אַנוועזענקייט פון גרויסען שריפטשטעלער, וועמעס נאָמען עס איז געטראָגען געוואָרען אויף די ליפּען פון יעדען ליבהאָבער און אָפּשאַצער פון ליטעראַטור. ער איז געזעסען אויפ׳ן בענקעל, אַנט-קעגען טשעכאָוו׳ן, מיט אַ מינע, ווי דער זיץ וואָלט געברענט אונטער אים.

טשעכאָוו האָט עס באַמערקט און געזוכט אַנשלאָגען אַ נאָענ-טען, גוט-ברודערישען טאָן. ער האָט אָנגעהויבען דעם שמועס מיט לויבען בונינ׳ס לידער און נאָוועלען. דערנאָך האָט ער אַ פרעג גע-טאָן ביי אים:

„שרייבט איר עפּעס נייס?"

„ניין!" האָט בונין געענטפערט מיט אַ טאָן פון פאַרלעגענ-הייט.

„פאַרוואָס?", האָט טשעכאָוו זיך געוואונדערט.

„ווייל ס׳פעלען מיר טעמעס..."

„ס׳פעלען אייך טעמעס!" האָט טשעכאָוו אויסגערופען. ער האָט באַטראַכט אַ וויילע דעם יונגען שרייבער מיט זיינע קלוגע, דורכ-נעמענדיגע אויגען, וואָס האָבען זיך געטונקעלט אונטער גלאַנציגע ברילען. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„איר זאָגט, ס׳פעלען אייך טעמעס? מיר דוכט, אַז אַלץ אין לעבען איז אַ טעמע; דער מענש און אַלץ וואָס דער מענש טוט זע-נען טעמעס; אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען זענען טעמעס. אין ניט נאָר אַלץ וואָס לעבט, נאָר אויך אַ שטיין אין פעלד, אַ נאַקעטער בוים, אַ בלעטעל וואָס דער ווינט טראָגט. וואָס דאַרפט איר מער? אָט באַ-טראַכט דאָס האַלב-אויסגעלאָשענע ציגאַרעטעל, וואָס איך האָב נאָר-וואָס אוועקגעלייגט אין אַש-קעסטעל, דאָס איז אַ טעמע, יאָ; וואָרים, אַז איר ווילט, קען דאָס האַלב-אויסגעלאָשענע ציגאַרעטעל וואָס צאַנקט און גייט אויס פאַר אונזערע אויגען אין דעם אַש-קעסטעל ווערען אַ סימבאָל פון מענשליך לעבען... זאָגט דערפאַר ניט, אַז ס׳פעלען טעמעס", האָט טשעכאָוו פאַרענדיגט.

בונין האָט שפּעטער אויסגעפונען, אַז טשעכאָוו האָט געהאַט רעכט. זיינע צענדליגער נאָוועלען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ שלל און וואַריאַיטעט פון טעמעס, זאָגען עדות אויף דעם. צווישען זיינע נאָוועלען געפינט זיך די באַרימטע „דער דזשענטעלמען פון סאַן

פראַנציסקאָ", וואָס האָט געוואונען פאַר אים דעם נאָבעל-פּרייז.

דערמאָן איך דאָ דעם ענין פון טעמעס אין פאַרבינדונג מיט אַ טעמע, וואָס אינטיגרירט מיך שוין אַ לאַנגע צייט.

איך לייד ניט פון קיין מאַנגעל אין טעמעס. איך האַלט מיט טשעכאָוו'ן, אַז יעדער חי און דומם אין אַ טעמע. מ'דאַרף נאָר פאַרמאָגן אַן אויג וואָס זעט, אַן אויער וואָס הערט. מ'דאַרף אויך זיין געבענשט מיט אַביסעל פאַנטאַזיע. ווען מ'איז באַוואָפענט מיט די דאָזיגע כלי-זין, איז אַלץ אין לעבן רויב פאַר'ן קינסטלערישען יעגער-טאַש.

אָט מאַטערט מיך שוין אָבער איין טעמע אַ לאַנגע צייט, און איך האָב ביז היינט נאָך ניט גענומען זיך צו איר.

די סיבה איז, וואָס עס פעלט מיר צייט. איך טרייסט זיך אָבער, אַז איך וועל ווען-עס-איז אָפּרייסען זיך פון טומעל און הו-הא, וואָס האַלטען מיך געפאַנגען און געבען תיקון צו דער טעמע וואָס שוועבט אום אין חלל פון מיין מוח, ווי די נשמות דאזלין ערטילאין.

ווייס איך, אַז איר זענט נייגעריג צו הערען וואָס דאָס איז פאַר אַ טעמע. איך וועל אייך ניט ציען די עצמות און באַפרידיגען אייער נייגיר. די טעמע האָט צו טאָן מיט—בערד. יאָ, מיט בערד.

און גלויבט מיר, אַז דאָס איז אַן אויסגעצייכענטע און זעהר דאַנקבאַרע טעמע. ביי אַ אידישען היסטאָריקער מיט שוואונג און מיט אַ חוש פאַר די קאָמיש-טראַגישע דערשיינונגען אין אונזער לעבען, וואָלטען די האָר אין די בערד פון געוויסע אידישע פּער-זענליכקייטען געקענט פאַרוואַנדעלט ווערען אין שטראַלען, וואָס וואָלטען געוואָרפען אַ גאַנץ ניי ליכט אויף דעם גאַנג פון אונזער געשיכטע.

דער אידישער היסטאָריקער, וואָס וואָלט זיך אַריינגעטראַכט אין דעם ענין בערד, וואָלט קודם כל אַנטפּלעקט, אַז בערד האָבען גע-שפּילט אַן אומגעהויערע ראָל אין דעם נאַציאָנאַלען אידישען לעבען פאַר די לעצטע פינף צענדליג יאָר.

דער אידישער היסטאָריקער מיט אַ פּאָעטישען חוש וואָלט אויך געקענט אָנווייזען, אַז מיט דעם פאַרשווינדען פון דער אידישער באָרד איז אַוועק אַ שטיק שיינקייט פון אידישען לעבען; ס'איז פּער-שניטען געוואָרען דער אייגענטימליכער אידישער ראַסענטיפּ, וואָס די באָרד האָט אונטערשטראָכען און באַזונדערען כאַראַקטער געגעבען.

ניט אומזיסט האָבען אַנטיסעמיטען פון אַלע לענדער און צייטען געצופּט, געריסען און געשניטען אידישע בערד.

די אידישע באָרד איז געווען ביי זיי אַ סימבאָל פון דער אידישער ראַסע, וואָס זיי האָבען געזוכט אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל.

וואָרים, וויסען זאָלט איר, אַז די אידישע באָרד איז ניט געווען סתם

אַ באָרד, ווי אַ שטייגער אַ קאַצאַפּישע, פראַנצויזישע אָדער וועלכע־עס־איז אַנדער באָרד.

די פאַרצייטיגע אידישע באָרד איז געווען אַ צירונג, וואָס האָט האַרמאָנירט מיט דער אידישער פיזיאָנאָמיע. די באָרד איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון גאַנצען אידישען וועזען. די באָרד האָט גע־געבען בילדליכען אויסדרוק צום צלם אלקים, וואָס דאָס אידישע פּנים האָט געטראָגען.

די אידישע באָרד איז אויך געווען ווי אַ פאָן, וואָס האָט געלאָזט וויסען דער וועלט ווער ס'איז דער מענש וואָס טראָגט די באָרד, צו וועלכען שיכט ער געהערט, צי ער איז אַ פּראָסטאַק, אַן עם הארץ, אַ כאָם פון כאַמענלאַנד, אָדער אַ איד בן תורה, וואָס היט אָפּ גאָט'ס ליכט אין זיך.

די לומד'ישע באָרד האָט זיך געלאָזט דערקענען. דאָס איז גע־ווען אַ באָרד אַ געכאַליעטע, ווי פון שטראַלען אויסגעשניפּט. לאַנגע, אויסגעאיידעלטע פינגער האָבען זי געצערטעלט, בשעת איר בעל הבית איז געזעסען איבער דער גמרא און פאַרגאַנגען זיך אין אביי ורבא, אָדער געגראָבען זיך אין איר נערוועז בשעת דער שטערן האָט זיך געקנייטשט איבער אַ תוספות און מהרש"א, איבער אַ רמב"ם און חושן משפט.

לויט דער אַלטער אידישער טראַדיציע האָבען די אַטריבוטען, וואָס האָבען אויסגעצייכענט אַ שליח ציבור, געדאַרפט זיין „פּרקו נאה וזקנו מגודל".

שפּעטער איז געקומען דאָס משכיל'ישע בערדעל — אונטערגע־שווירען, קורץ, אַרומגעפּוצט און פלאַך — ווי די השכלה אַליין איז געווען.

נאָך שפּעטער האָט זיך באַוויזען דער איד אָהן דער באָרד.

זאָגט מען אונז, אַז בעסער אַ איד אָהן אַ באָרד איידער אַ באָרד אָהן אַ אידען.

אָבער אין אונזערע צייטען האָבען מיר אַ סך אידען וואָס זענען ניט קיין אידען און ניט קיין בערד.

דאָס זענען פאַרשוינען מיט נאַקעטע פּנים'ער און נאַקעטע נשמות, וואָס האָבען פאַרלוירען דעם צלם אלקים.

איך קום אָבער צו דער ראָל וואָס בערד האָבען געשפּילט אין דעם נאַציאָנאַלען אידישען לעבען פאַר דעם לעצטען האַלבען יאָר־הונדערט.

דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרען פון אומשטערבליכען הערצל מיט זיין וואונדערליכער באָרד.

הערצל'ס באָרד איז געווען די קרוין פון זיין מלכות'דיגער פּער־זענליכקייט.

די הערצל-באָרד, ווי דער גאַנצער מענש, האָט פאַרקערפּערט די אידישע ראַסנשיינקייט, די פאַנגענדיגע ראָמאַנטיק, וואָס אונזער נאַציאָנאַלע רענעסאַנס האָט מיט זיך געבראַכט.

די נאָרדוי-באָרד איז שוין געווען אַנדערשיג. זי האָט זיך אונטערשיידט פון דער הערצל-באָרד ווי די צוויי מענשען האָבען זיך אונטערשיידט. די נאָרדוי-באָרד איז געווען קורץ און געדיכט; צייטענווייז — אַנאַרכיש-צעשויבערט — ווי דער מענש נאָרדוי איז צייטענווייז געווען און ווי זיינע ווערק, זיינע „קאָנווענציאָנעלע ליגענס", זיינע „פּאַראַדאָקסען".

און ס'איז געווען באַשערט, אַז די הערצל-באָרד זאָל שאַפען טראַדיציע.

די לעצטע פופציג יאָר אידישע געשיכטע זענען, אָנהויבענדיג מיט הערצל'ען, באַגלייט פון שאָטען פון זיין לאַנגער, שוואַרצער, כישוף'דיגער באָרד, וואָס האָט, לויט זאַנגוויל'ס אויסדרוק, געגעבען אים דעם אויסזען פון אַ פּאַרצייטיגען אַסירישען פּרינץ.

מיר דערמאָנען זיך אין עטליכע בערד, וואָס האָבען געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל אין אידישען לעבען. איך געדענק די מאַסענזאָן-באָרד. ער אַליין, דר. מאַסענזאָן, איז געווען אַ מיטעלמעסיגער מענש. ווען ער איז אָבער געקומען פון ארץ ישראל קיין אַמעריקע צום ערשטען מאָל מיט אַ דריי צענדליג יאָר צוריק, האָט ער ממש „אונטערגעצונדען דעם האַדסאָן". אַלע ניו יאָרקער אידען זענען אים געלאָפען הערען. דער איינדרוק איז געווען אַ קאָלאָסאַלער.

און דער איינדרוק וואָס ער האָט געמאַכט איז ניט געווען אַזוי מיט זיינע מליצה'דיגע, בענגאַלישע רעדעס וועגען די בלויע הימלען פון ארץ ישראל, ווי מיט זיין הערצל-באָרד — אַ לאַנגע, אַ געפלעגטע, אַ גלאַנציגע, ווי וואָראָנע-פליגעל!

און אָט זע איך זרובבל'ען מיט זיין שוואַרצער הערצל-באָרד. היינט איז זרובבל'ס באָרד טויבענווייס. איך געדענק אָבער זרובבל'ס באָרד ווען זי איז געווען אַ געדיכט-שוואַרצע, אַ לאַנגע, אַ רעפּליקאַ פון דער הערצל-באָרד.

זרובבל האָט, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, ממש פאַר־כישוף'ט דעם עולם מיט זיין באָרד.

איינמאָל האָט אָבער דער שטן צוגערעדט זרובבל'ן אָפּצושערען די באָרד. נו, האָט מיט אים געטראָפען ווי מיט שמשון'ען ווען דלילה האָט אים אָפּגעשוירען די לאָקען. זרובבל האָט איינגעזען דעם פאַטאַלען טעות און געלאָזט זיך ווידער וואַקסען אַ באָרד.

איך געדענק אויך די קופּער-גאָלדיגע באָרד פון דניאל'ן, דעם פירער פון די טעריטאָריאַליסטען, די פיינע באָרד פון בונדיסטישען פירער ליבער און פון אַנדערע אידישע פּערזענליכקייטען, וואָס האָ-

בען פארנומען א וויכטיג ארט אין דער אידישער געשיכטע אין די לעצטע פינף צענדליג יאר.

די דאזיגע מענשען האבען אנגעהאלטען זייער ווירקונג אויף די אידישע מאסען מיט'ן כוח פון זייערע בערד.

קענט איר פון דעם זען וואס פאר אן אינטערעסאנטע און פאר־כאפענדיגע טעמע עס איז דער ענין בערד.

עס איז זיכער א פיל מער אינטערעסאנטע טעמע ווי, למשל, קיום האומה, ארום וועלכער מ'האט לעצטענס געשפאלטען האר און געלאזען אין דער לופט זייפענבלאז געדאנקען, אדער א שטייגער, די טעמע „צי אידען דארפען האבען אמונה אין גוי'אישער גערעכ־טיגקייט", מיט וועלכער אידישע שרייבער האבען זיך אנומעלטן פאר־נומען.

# סקיצען

## אויפ׳ן זאמד

ער איז געזעסען אין שאטען פון די דאמבעס, וואס שטעלען אונטער זייער רוקען ווער ווייסט וויפיל יארענלאנג, אז דעם שטורעמדיגען דראנג פון די כוואליעס, און געוואכט מיט זיין בליק איבער זיין אייניקעל וואס האט זיך אויפ׳ן זאמד אונטער דער בלענדענדיגער זון געשפילט.

דאס בלאנדלאקיגע אינגעלע מיט דעם פארריסענעם נעזעל האט געבויט גאנצע וועלטען און זיי צערשטערט.

אט האט ער אויפגעשטעלט א פעסטונג פון זאמד, מיט טויערן, בריקען און פארטען. די עטליכע שטעקלאך וואס האבען די פעסטונג ארומגערינגעלט, זענען געווען די סאלדאטען, און ער אליין — דער קאמאנדיר וואס האט די ארמיי אויף אן אטאקע געפירט.

באלד אבער האט ער געגעבען א מאך מיט דער האנט, און די פעסטונג איז אפגעווישט געווארן פון דער ערד. אויף איר פלאץ איז א שטאט אויסגעוואקסען, מיט הייזער און טורעמדיגע געביידעס, און פאנען האבען איבער זיי געפלאטערט אין ווינט, וואס האט פון ים געבלאזען.

די שטאט האט אבער קיין לאנגען קיום ניט געהאט. אויך די שטאט האט דער קליינער, בלאנדלאקיגער מזיק צעשטערט און גענומען זיך גראבען א הייל אין זאמד, פארשטעלט זי מיט א קאנאל וואס ער האט מיט וואסער אנגעפילט.

דער אלטיטשקער האט לאנג און פארטראכט געקוקט אויף דעם שפיל פון זיין אייניקל. פלוצים האט ער זיך צו מיר אויסגעדרייט און א זאג געטאן:

„איר ווייסט, ווען איך קוק ווי מיין אייניקל שפילט זיך איצט, זע איך פאר זיך א שפיגעל פון דער גאנצער ארבעט פון אייער נייעם דור.

„איר, די היינטיגע, בויט אויך אויף זאמד. איר בויט און צערשטערט און בויט ווידער. איר רופט עס פראגרעס, מעגליך. מיר ווערט אבער טרויעריג אויפ׳ן הארצען פון אייער ליבען פראגרעס, וואס זיין גאנצע חכמה באשטייט פון שטענדיגען בויען און צעשטערן.

„אַמאָליגע דורות האָבען געבויט מיט אַן אויג פאַר דער צוקונפט, פאַר דער אייביגקייט. ווען מען האָט אויפגעשטעלט אַ הויז, האָט מען געזאָרגט, אַז דער פונדאַמענט זאָל זיין וואָס פעסטער, די ווענט וואָס שטאַרקער, דער דאַך וואָס זיכערער. מען האָט געוואוסט, אַז גאַנ־צע דורות וועלען אין דעם הויז זיך אויסלעבען.

„איר, שטעלט, שטעלט־אויף קאָרטען־שטיבלעך, אפילו אייערע וואָלוואָירטס און אייפעל־טורעמס מאַכען דעם איינדרוק, אַז אָט, אָט וועט קומען אַ שטורעם און זיי אומוואַרפען ווי שטרויענע כאַטקעס.

„און דאָס זעלבע איז אויך מיט אייערע גייסטיגע בנינים. איר גראָבט ניט טיף ווי מען פלעגט עס טאָן אַמאָל. איר שאַפט פאַר'ן טאָג. אייערע בעסטע ווערק ווערען צעריבען צווישען די ציין פון איין דור. וואו זענען אונזערע רמב"ם'ס און יהודה הלוי'ס, שלמה בן גבירול'ס און רב סעדיה גאון? וואו? אייערע „נייע אידען" רעדען דאָך עפּעס פון תחיה, אָדער ווי זיי רופען עס אויף זייער לשון רע־נעסאַנס.

„ביי זיי איז אויך ניט בעסער. זיי האָבען אַמאָל אויך געגראָבען טיפער און אויפגעהויבען זיך צו די העכסטע הויכען. וואו זענען אָבער היינט זייערע שעקספירס און געטהע'ס, קאַנטס און העגעלס? היינט ווערט זייער לעבען געפירט פון פלאַכע פּאָליטיקער און מליצה'דיגע דעמאַגאָגען.

„דאָס אָבער וואָס איר שאַפט גאָר ניט, וואָלט נאָך געווען צום דערליידען. עס טרעפט אַמאָל אין דער געשיכטע אַזאַ צייט, אַ דור עקר, רחמנא לצלן. איר צעשטערט אָבער דאָס אַלטע... וואָס קען קיינמאָל ניט פאַרביטען ווערען . . .

„קינדערלאַך, איר בויט אויף זאַמד . . . אויף זאַמד . . ." — האָט דער אַלטיטשקער פאַרענדיגט און אָנגעשטעלט ווייטער זיין אומעטי־גען, פאַרטראַכטען בליק אויף זיין אייניקל וואָס האָט אונטער דער בלענדענדיגער זון געבויט שטעט, פעסטונגען, קאַנאַלען און מיט איין מאַך פון דער האַנט זיי באַלד צעשטערט.

## פויגעל־מאַמע

יעדען פרימאָרגען ווען די זון שפּראַצט נאָר אויף איבער די דעכער און שטעקט אַרוים איר גאָלדענעם זוים פון צווישען דער בלויקייט וואָס אָטעמט נאָך מיט נאָר־וואָס פאַרשוואונדענער נאַכט, באַוועגט זיך שוין אין סקווער די אַלטעטשקע לאַה, אָדער די „פויגעל מאַמע", ווי מען רופט זי אין דער געגענט, מיט איר טאָרבעלע אַלטע, צעברעקעלטע ברויט און זי נעמט זיך שפּייזען די פויגלען פון סקווער, וועלכע לאָזען זיך צו איר אַרונטער.

די פויגעל ווייסען שוין, אַז זי קומט, און ווען אירע פיס קלאַפּען נאָר אָפּ אין דער פרימאָרגענדיגער שטילקייט אויף דעם האַרטען אַספאַלט, כאַפּען זיי זיך שוין אויף, און אויף די צווייגלעך פון די עטליכע נידעריגע, עלענטע סקווער-בוימעלעך הויבט זיך אָן אַ גע־רויש פון פליגלען און אַ לעבעדיגער האַפּערדיגער צוויץ... צוויץ... און די אַלטיטשקע ווערט אַרומגערינגעלט פון מחנות פויגעל ווי פון יונגע, נאָר וואָס אויסגעפּעדערטע צופּליאַנקעס, וועלכע לויפען היימיש פאַר אירע פיס און ציען זיך מיט די שפּיציגע שנאָבלעך צו דער טאָרבע.

זי שטעקט לאַנגזאַם אַריין די ביינערדיגע, אָדערדיגע האַנט אין דער טאָרבע, נעמט אָן אַ גאַנצען הויפען שטיקלעך ברויט און ברעקלעך, און וואַרפט איבער דעם מאָגערן גראָז, אויף וועלכען עס גלימערן ווי פּערל די טהוי-טראָפּענס. די פויגעל גיבען זיך אַ לאָז, הויבען זיך אָן יאָגען נאָך די ברעקלעך, זוכען איבערצוויאָגען איינער דעם צווייטען, פּיקען אויף אויפ׳ן וועג וויפיל זיי קענען, און די „פויגעל-מאַמע" שטייט און באַטראַכט זיי מיט פאַרלייגטע הענט. איר געלער, אויסגעטרוקענטער פּנים, וואָס דערמאָנט אין אַן אַלטער לימענע, איז באַגאָסען פון אַ ווייכען, קינדערשען, גליקזעליגען שמייכעל, ווי די שטראַלען פון דער זון, וועלכע גייט אויף אַלץ העכער און העכער און הויבט אָן נדיבות׳דיגער צו שפּרייטען איר גאָלד אויף דער ערד, וואָלטען זיך אין די קנייטשען פון איר פּנים פאַר׳גנב׳עט און מיט דעם בליק פון אירע פייכטע, קינדערשע בלויע אויגען זיך צונויפגעשמאָלצען.

די פויגעל, וועלכע האָבען אויף שנעל אויפגעפּיקט דעם הויפען ברעקלעך, האָבען זי נאָך ענגער אַרומגערינגעלט. אַ חוצפּה׳דיג שוועל־בעל, ווייזט אויס נאָך גאָר אַ יונגס, פליט אונטער, הויבט זיך אויף אין דער לופטען און לאָזט זיך אַרונטער, מעשה וואוילער יונג, אויף איר אַקסעל. אַ צווייטער איז זיך אין אים מתקנא און פליט אַרויף ביי איר אויף דער האַנט, און זי שטייט, דער געלער פּנים צעשטראַלט זיך נאָך מער, אַזוי אַז פון די ברייט-צעעפענטע דינע ליפּען זען זיך די יאַסלעס אין וועלכע עס פעלען שוין אַביסעל ציין. זי שטייט און רירט זיך ניט פון אָרט, זי וויל ניט איבערשרעקען די צוויי פליגעלדיגע ווייסע חברה׳ניקעס, וועלכע האָבען זיך ביי איר אויפ׳ן אַקסעל און אויף דער האַנט אַוועקגעשטעלט, און ווען זיי האָבען זיך צוריק אויף דער ערד אַרונטערגעלאָזט, שטעקט זי ווידער אַריין די האַנט אין דער טאָרבע און וואַרפט ווידער אין דער לופטען אַ הויפען ברעקלעך און ברויט-שטיקלעך.

אָפטמאָל טרעפט, אַז עטליכע פויגעל יאָגען זיך נאָך איין שטי־קעל ברויט, און ווען איינעם געלינגט עס אויסצוכאַפּען, ווערט אַ

געשלעג און פעדערן הויבען אָן פליען אין לופטען, די אַלטיטשקע דערזעט עס און דער שמייכעל פאַרשווינדט פון איר פּנים, און אַן אויסדרוק פון צער קרימט איבער אירע דינע, בלוטלאָזע ליפּען. „קינדערלעך, רייסט זיך ניט...״ הויבט זי אָן צו זיי צו רעדען און עפּעס ברעכט זיך איבער אין איר האַלז . . . „קינדערלעך, רייסט זיך ניט... ס׳איז דאָ גענוג פאַר אייך אַלעמען....״ און זי הויבט אָן וואַרפען עט־ליכע הויפענס מיטאַמאָל שנעל אין דער לופטען.

דער פּוילישער קאַשטיאַש, וואָס שטייט ניט ווייט פון סקווער, ציילט אָפּ אַכט מיט זיין שווערען הייזעריגען גלאָק, און אין סקווער הויבען זיך אָן באַווייזען מחנות קינדער מיט ביכער אין די הענט, אויף זייער וועג אין שול.

די קינדער שניידען דורך דעם סקווער און לאָזען זיך צום פּלאַץ וואו די „פויגעל־מאַמע״ שטייט. די קינדער, פּונקט ווי די פויגעל קעגען זי, און אינגלעך און מיידלעך קלינגען אויס מיט העלע קול׳כלאַך ווי גין־גאָלד גלעקלעך אין דער לויטערער, דורכזיכטיגער מאָרגען־לופט: „גוד מאָרנינג בוירדס מאַדהער!״ און זי דרייט אויס איר לאַכעדיג פּנים צו זיי און באַגריסט זיי: „גוט מאָרגען מיינע קינדערלעך... גוט מאָרגען!...״

די קינדער רינגלען זי אַרום ווי די פויגעל, און זי נעמט אַרויס פון פאַרטוך־קעשענע אַ גרויסען שקאַראַמיץ מיט צוקערקעס און שטיקלעך טשאָקאָלאַדע, און הויבט זיי אָן אויסצוטיילען. די פויגעל שטייען אַ וויילע און קוקען צו שוויינענדיג, ווי ס׳וואָלט זיי פאַרדראָסען וואָס די „פויגעל־מאַמע״ האָט אין זיי פאַרגעסען אויף אַ וויילע, און גיט זיך אָפּ מיט די קינדער. זיי גיבען זיך באַלד אַ לאָז צו איר, הויבען אָן פּאַטשען מיט די פליגלען און ציטשערען אויפ׳ן קול און דער פויגעל־צוויטשעריי און העלער, קינדערשער געלעכטער מישען זיך אויס און פילען אָן דעם גאַנצען סקווער.

די אַלטיטשקע בלייבט שטיין ווי אַ צעטומעלטע, און וואַרפענדיג נאָך אַ פּאָר הויפען ברעקלעך צו די פויגעל, רעדט זי צו זיי און צו די קינדער: „אַ גוטער יאָר אויף אייך מיינע קינדערלעך... ס׳איז דאָ גענוג פאַר אייך אַלעמען... ס׳איז דאָ גענוג...״

דער איירישער פּאָליסמאַן, וועלכער האָט אַ גאַנצע נאַכט באַוואַכט דעם סקווער, און קליייבט זיך שוין אַהיימצוגיין, בלייבט שטיין און באַטראַכט דאָס אַלץ, און זיין רויטער פּנים, וואָס דערמאָנט אין די אַמאָליגע גוטע צייטען, ווען די טירען פון די „סאַלונען״ זענען געווען ברייט אָפען און איינגעלאַדען יעדען פאַרבייגייער, איז צע־נומען אין אַ ברייטען שמייכעל, און ער לאָזט זיך צוגיין אין אַ וויילע אַרום צו דער אַלטיטשקער און באַגריסט זי מיט אַ „גוד מאָרנינג, מאַדהער!....״

די אַלטיטשקע שאָקעלט צו איס מיט׳ן קאָפּ און איז ווייטער פאַרטאָן אין איר אַרבעט, ביז די טאַרבע איז אויסגעליידיגט, און די פויגעל אָנגעזעטיגט, צעשפּרייטען די פליגעל, טרילערען אויס זייער זאַטקייט אין דער בלוי־גאָלדענער ווייטקייט, וואוהין זיי טראָגען זיך אַוועק און פאַרשווינדען באַלד פון אויג.

אין דעם געגענט וואו דער סקווער געפינט זיך שטייט אַ מושב זקנים, וועלכען די היגע גאַליציאַנער אידען האָבען אַמאָל אויפגעבויט, און די אַלטיטשקע לאה לאָזט זיך אַוועק אַהין.

די זקנים און זקנות, אַ הונדערט אין צאָל, קענען זי פּונקט ווי עס קענען זי פויגעל פון סקווער און די שול־קינדער פון גאַס, און ווען די אַלטיטשקע באַווייזט זיך דאָרטען, לויכטען אויף זייערע האַלב־אויסגעלאָשענע אויגען און פון אָנצייניגע מיילער ציטערט אַרויס:

„גוט מאָרגען לאה׳ניו... אַ געזונט אויף דיר... ביזט געקומען...״

לאה קוקט אויף זיי מיט אירע פייכטע, קינדערשע אויגען, וועל־כע ווערען נאָך פייכטער, און פון אונטער איר ברייטען פאַרטוך, וואָס נעמט אַרום איר גאַנצען מאָגערן גוף, וואַקסען אויס אָראַנדזשען, עפּעל און פאַרשידענע אַנדערע פרוכטען, וועלכע זי טיילט אויס צו די אַלטיטשקע לייט.

„און וואו איז ערגעץ דוואָשע?״ גיט זי פּלוצים אַ פרעג, דערזעענ־דיג אַז איינע פון די אַלטיטשקע פעלט, און אירע אויגען קוקען דער־שראָקען.

„דוואָשע איז קראַנק... זי ליגט אויבען...״ ענטפערט איינע פון די זקנות.

לאה שלעפּט זיך אַרויף די צוויי שטאָק, וואו די אָפּטיילונג פון די זקנות געפינט זיך, זי זוכט אויף דוואָשע׳ס בעטעל, און זעצט זיך לעבען איר אַוועק.

דוואָשע איז שוין אַ זקנה פון עטליכע־און־ניינציג. איר ווייסער קאָפּ, אויף וועלכען זי טראָגט אַ היימישען „טשיפּיק״, האַלט זיך קוים אויפ׳ן דינעם, אָדערדיגען האַלז, און דאָס איינגעפאַלענע מויל באַ־וועגט זיך קוים.

„דוואָשעלע... מאַכסט זיך שוין ווידער נאַריש... אַה?״ גיט זי אַ זאָג און לייגט אַרויף איר האַנט אויף דוואָשע׳ס שטערן און גלעט זי צערטליך, ווי מען גלעט אַ קראַנק קינד.

דוואָשע׳ס איינגעפאַלען מויל הויבט זיך אָן צו באַוועגען, און פון די ליפּען, וואָס זענען דין און ווי פאַרמעט אויסגעטריקענט, פליען אַראָפּ אָפּגעריסענע אומפאַרשטענדליכע ווערטער.

לאה זיצט נאָך אַ ביסעל, קוועטשט אויס די זאַפט פון אַן אָראַנדזש אין דער קראַנקער׳ס מויל און לאָזט זיך אַרונטער אין דער שול, וואָס געפינט זיך אין מושב זקנים און בלייבט שטיין אויף דער

שוועל.

אַ פּאָר זקנים זיצען און לערנען, אַנדערע שנאָרכען ווי איינגע־שלאָפענע קינדער אין אַ ווינקעל, און איבער׳ן שול שפּאַנט אום דער „חבד׳ניק״, וועלכער גייט אַהין דאַוונען בייטאָג און בלייבט אַזוי מיט׳ן טלית אויף די פּלייצעס ביז מ׳שטעלט זיך דאַוונען מנחה.

דער שמש, אַן עלטער אידעל מיט אַ ווייסער, אויסגעקאַמטער באָרד, אין וועלכער יעדע האָר איז ווי באַזונדער און לאַנג פאַרזיכ־טיג געקרייזעלט געוואָרען, און מיט אַן אומגעווייגליך פריש און אינגליש פּנים, — דערזעט לאה׳ן שטיין און רופט אוים:

„איך וואַרט שוין טאַקע אויף אייך... איך האָב פאַר אייך אָנגע־גרייט די טליתים...״ און דערלאַנגט איר אַ פּאַק טליתים אין די הענט.

לאה נעמט ביי אים צו די טליתים, זאָגט גוטען טאָג צו די זקנים און זקנות, וועלכע זיצען אויף די טרעפּ, און לאָזט זיך גיין מיט שנעלע טריט צו איר חדר׳על אין אַ באָרד וואו זי איז טיקערין. זי איילט זיך, זי מוז נאָך היינט די טליתים אויסוואַשען און אויסטרוי־קענען און פאַרריכטען און ברענגען זיי צוריק צו די זקנים. דאָס איז איר אַרבעט יעדע וואָך, איר מצוה, אַ חוץ וואָס זי פּוצט יעדען ערב שבת די זילבערנע לייכטער פון שוהל און די כתרים פון די ספרי־תורות.

זי איילט זיך און ענטפערט ניט אויף קיין „גוט מאָרגען״, כאָטש יעדער איינער באַגריסט זי, ווייל יעדער איינער אין דעם געגענט אַרום דער צענטער סטריט קען די „פויגעל־מאַמע״, אַלט און יונג, די טאַטעס און די מאַמעס און זייערע קינדער, און אויף דעם פאַר־זאָרגטען פּנים בליצט מיט אַמאָל אַ ליכטיגער שמייכעל ווען מען באַגעגענט אָט די וואונדערליכע אַלטיטשקע, די מאַמע וואָס שפּייזט יעדען פרימאָרגען די פויגלען פון סקווער...

## אַ הויז אויף ברעג־ים

דאָס הויז איז אַן אַלט־אַלטס. דער גרויער שינדלענער דאַך און די טונקעלע קויטיגע ווענט, פון וועלכע שלאַקס־רעגענס און פאַר־פלייצונגען האָבען נישט געקאָנט אָפּווישען און פאַרשווענקען דעם סליאַד פון יאָרען, — זיי האָבען צוגעזען דעם גאַנג און דאָס פאַרשוויג־דען פון אַריבער צוויי הונדערט זומערס און ווינטערס, פרילינגס און אָסיענס.

פאַראַן דאָ, אין דעם שטעטעל, עטליכע הייזער אַזעלכע, פּי־שערלייט און קאַפּיטאַנען פון די שיפען, וואָס פלעגען אָפּשווימען פון די היגע ברעגען און איבערגעבען זיך צו די ווינטען, וואָס האָ־בען געטריבען זייערע זעגלען איבער אַלע ים׳ען און אָקעאַנען, —

זיי האָבן געבויט די הייזער מיט די אייגענע הענט. זיי, די פישער־לייט און די קאַפּיטאַנען, האָבן אויפגעשטעלט הייזער פאַר זיך, ווען די משא פון יאָרען האָט זיך שוין גענומען לייגן שווער אויף די אַקסלען, דער געראַנגעל קעגן שטורעמס איז מער נישט אָנגעקומען גרינג—און זיי האָבן דערפאַר באַשלאָסן צו שטעלן די פיס אויף דער ערד און פאַראַנקערען זיך אין איר אויף דעם רעשט פון די יאָרען, וואָס זענען פאַרבליבן.

שטייען די דאָזיגע הייזער ווי מאָנומענטן פון צייטען, וואָס זענען פאַרבליבן אין געזאַנגען און אָרום וועלכע ס׳שפּינען זיך לעגענדעס. די געזאַנגען הענגען אין דער לופט, מ׳קאָן זיי הערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אינ׳ם גערויש פון די כוואַליעס, אין דעם פאַרגליווערטען שווייגן, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויפ׳ן שטעטעל,—אַ שווייגן, אין וועלכן די אייביג־אומרואיגע כוואַליעס פאַרלירען זייער לשון . . .

די באַלעבאָסטע פונ׳ם הויז איז אַן אַלטע פּאָרטוגעזערין. דאָס הויז איז איר איבערגעגאַנגען בירושה. זי דערציילט מיר:

„איך בין דאָ געבוירען געוואָרען. מיין מאַמע, מיין באָבע, מיין עלטער־באָבע . . . דער זיידע האָט דאָס הויז געבויט, מיט די אייגענע הענט די ווענט אויפגעשטעלט . . .״

די ווענט זענען דיקע, דעמבענע. ווען מען טאַפּט זיי, דוכט זיך ווי מען וואָלט אָנגעטאַפּט אייזען. דאָס האָלץ איז שוואַרץ מיט אַ ברוינליך־קופּערדיגען אָפּגלאַנץ.

„איר זעט די ווענט״, זאָגט צו מיר ווייטער די באַלעבאָסטע, „זיי זענען געבויט פון האָלץ, וואָס מ׳האָט אויפגעקליבען אויפ׳ן ברעג . . . יאָ, אַמאָל פלעגט מען דאָ, אויף אונזערע ברעגען, קאָנען אויפקלייבען גענוג האָלץ אויף אויפצובויען אַ שטאָט. מ׳האָט ניט געדאַרפט גיין אין וואַלד אַריין אויסהאַקען ביימער—דער ים האָט געבראַכט גענוג האָלץ: אַמאָל פון שיפען, וואָס זענען אויפ׳ן וועג צעשמעטערט געוואָרען; אַמאָל פון וואַלד, נאָך אַ שטורעם... ס׳איז שטענדיג געווען גענוג האָלץ אויף בויען. נו, האָט יעדערער געבויט פאַר זיך אַ היים—מ׳האָט געהאַט גענוג צייט . . . ״

איך כאַפּ אויף אין די רייד פון דער אַלטיטשקער אַ בענקעניש נאָך די אַלט־אַלטע יאָרען, ווען דער ים האָט געבראַכט גענוג האָלץ אויף בויען הייזער... איך וויל ביי איר פרעגען, פאַרוואָס דאָס געשעט נישט היינט. איך טו עס אָבער נישט און שייד זיך אין מיין צימער.

מיין צימער איז אויפ׳ן צווייטען שטאָק. איך דאַרף זיך אויפהויבען אויף שמאָלע, הילצערנע טרעפּלעך, וואָס קרעכצען אויף אונטער מיינע פיס. נישטאָ קיין פּאַרענטשע, אויף וועלכער די האַנט קאָן זיך אָנהאַלטען. אָנשטאָט אַ פּאַרענטשע, איז אַריבערגעצוי־

גען אַ שטריק. האַלט איך זיך אָן אין שטריק, בשעת איך הויב זיך אויף די טרעפּלעך, און איך האָב בשעת מעשה דאָס געפיל ווי איך וואָלט געקלעטערט צו דער הויך פון אַ שיף . . .

אַ שטילקייט נעמט מיך מיטאַמאָל אַרום. דאָס צימער איז גרויס, מיט אַ טיפען באַלקען, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף סלופּעס. דורך די פענסטער זעען זיך די שפּיצען פון די אַלטע טאָפּאָליעס און אַלכעס. זייערע בלעטער האָט שוין די האַרבסטיגע זון איבערגעגאָסען אין קופּער- און גאָלד-פאַרבען. איך בלייב שטיין אינמיטען צימער און האָב דאָס געפיל ווי איך וואָלט זיך געפונען איינער אַליין אין אַ שול. מיינע טריט ווערען פון זיך אַליין שפּיצפינגערדיג, ווי איך וואָלט מורא געהאַט צו שטערן אימיצענ׳ס רו . . .

איך דערהער טריט און כ׳וויים פונוואַנען זיי קומען. דאָס זענען די טריט פון מיין שכן, דער מאָדנער בחור, וועמעס צימער געפינט זיך אויפ׳ן זעלביגען שטאָק. ער איז שוין אָן אַלטער קאַמאַרניק אין דעם הויז. ער אַרבעט אויף אַ שיף, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שטיקעל צייט אין דעם האַפען פונ׳ם שטעטעל. מיר האָבען אַ פּאָר מאָל דורכגעוואָרפען זיך מיט רייד, געכאַפּטע, ניט פיל זאָגענדיגע. ער איז מיר געפעלען: פאַראַן גוטמוטיגקייט אין אים, ווי ביי אַלע דיקליכע פאַרשוינען, וואָס טראָגען אין זייער פוללייביגקייט שטענדיגען וואוילגעמיט.

פאַראַן מאָמענטען, ווען אָט-דאָס גרויס-גרויסע, פיל-פענסטערדיגע צימער, וואו דיביימער, וואָס שפּאַרען זיך אַריין, פאַרשטעלען דאָס ליכט פון טאָג, ווי אַ גרינער פאָרהאַנג וואָלט איבער די פענסטער געהאַנגען, שרעקט מיך מיט דער פעלדיגער רחבות׳דיגקייט, מיט דעם הויכען הילצערנעם באַלקען, וואָס הענגט קופּאָלאַרטיג איבער׳ן קאָפּ, און מיט דער אומהיימליכער שטילקייט, וואָס ליגט אַ פאַר-טייעטע, ווי אַ מיסטעריעזע, אומגעזעענע באַשעפעניש, אויסגע-שפּרייט צווישען די ווענט.

וואָרים אָט די שטילקייט האַלט אין איין רעדען צו מיר. איך הער די פאַרבליבענע רייד פון גאַנצע דורות, וואָס די ווענט, דער טיפער באַלקען, דער הילצערנער דיל, וואָס קרעכצט אונטער מיינע פיס, האָבען אין זיך איינגעזאַפּט. איך הער דעם שאַרכענדיגען אומ-שפּאַן פון די מענשען, וואָס זענען דאָ געוועזען פאַר מיר. זייער אָטעם און זייערע רייד, קולות פאַרשטיקטע, ווערטער אָפּגעריסענע. ווער זענען זיי געוועזען? יונגע? אַלטע? וויפיל טרויער האָבען זיך דאָ אָנגעקליבען און וויפיל פרייד? וואָס פאַר אַ מלחמות האָבען דאָ אומ-געפלאַטערט? דאָס מאַטערט מיך דורך די נעכט, און איך ליג מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגען, מיט אויפגעוואַכטע, סטרוניג-געשפּאַנטע חושים און פאַרנעם יעדען שאָרך, יעדע באַוועגונג, יעדען קלאַנג און

קול, וואָס די נאַכט ברענגט מיט זיך.

איך האָב עס דערציילט מיין שכן, דעם בחור מיט׳ן שמאַלציגען פּנים און לייביגען גוף, אויף וועלכען די קליידער ליגען צעשוואומען. ער טראָגט פאַראויס אַ שמייכעל אינאיינעם מיט׳ן ריח פון פיש און זאַלציגער פייכטקייט. ווען ער האָט דערהערט אויף וואָס איך באַקלאָג זיך, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„ווען איר זאָלט טאָן וואָס איך טו, וואָלט איר נישט געהערט קיין קולות אין דער נאַכט און ניט געהאַט קיין שוועריגקייטען מיט איינשלאָפען".

„וואָס טוט איר?"

„איך גיי אַריין, איידער איך קלייב זיך שלאָפען, אין אַ „באַר" און טרינק אויס עטליכע גלעזער ביר . . . ס׳ווירקט ווי אַ כישוף. איך שלאָף דערנאָך אָפּ אַ גאַנצע נאַכט ווי אַ קינד, ווען די מאַמע האָט אַנגעזויגט . . ."

איך וויל אים נאָך עפּעס זאָגען, פאַרפירען מיט אים אַ שמועס, וואָרים ער אינטריגירט מיך: פאַראַן עפּעס אַזוינס אין דעם בחור, וואָס וועקט נייגיר— ווער איז ער? וואָס טוט ער דאָ דורך די טעג און נעכט? ער איז אָבער נישט קיין באַרעדעוודיגער און לאָזט זיך נישט אַריינציען אין קיין שמועס.

מיט אַ נאַכט פריער איז געווען אַ שטורעם, און נאָכ׳ן שטורעם, ווען דער פרימאָרגען האָט גענומען שפּראָצען, איז געקומען די שטילקייט, אַ טויבע, שווייגענדיגע שטילקייט, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף גאָט׳ס ערד ווי אַ ברכה פון די הימלען.

דער שטורעם איז ניט געקומען אומדערוואַרטעט. די מענשען דאָ דאַרפען ניט וואַרטען אויף די נביאות פון וועטער-נביא—זיי האָבען זייערע אייגענע צייכענס, זיי דאַרפען זיך נאָר איינקוקען אין די הימלען, באַטראַכטען דעם גאַנג פון די וואָלקענס, אָדער ווי די שטערן צינדען זיך, צי ווי די לבנה קוקט אויס — און זיי ווייסען וואָס פאַר אַ וועטער ס׳איז פאַר זיי אָנגעגרייט.

מיך האָט געוואָרענט מיין שכן. איך האָב אים געטראָפען אויפ׳ן שמאָלען, הילצערנעם באָרטען, וואָס גייט אַרוים ווייט אַיבער דער ים-בוכטע און וואו די פישערלייט אַנקערן זייערע שיפען.

„ס׳קלייבט זיך די נאַכט אַ נאָרט-איסטער!" האָט מיין שכן צו מיר אַ זאָג געטאָן.

איך האָב געוואוסט וואָס אַ „נאָרט-איסטער" מיינט. מיר איז שוין אויסגעקומען צו פאַרזוכען דעם טעם פון די צפון-מזרח׳דיגע שטורעמס, וואָס רייסען זיך אַרויס פון די קאַריבעען-אינזלען אָדער פון „קעיפּ העטערעס", צי פון בערמודאַ, אָדער פלאָרידע, און פאַרכאַפּען אין זייער אוראַגאַנישען אויפברויז די ברעגעס פון ניי-ענג-

לאַנד. איך האָב צוגעזען דעם חורבן, וואָס אַ „נאָרט־איסטער" האָט געבראַכט אויף דעם שטעטל. ווען דער שטורעם האָט זיך איינגע־שטילט און די וואַסערען, וואָס האָבען די גאַסען פאַרפלייצט, זענען אָפּגעפלאָסען, האָב איך געזען הייזער מיט אָפּגעריסענע דעכער אָדער איבערגעקערטע און פאַנאַדערגעפאַלענע, ביימער מיט די וואָרצלען אויסגעריסענע.

ביינאַכט האָב איך זיך איינגעהערט אין וועלפישען וואָיען פון שטורעם. דאָס הויז האָט זיך געוויגט ווי אַ שיף, וואָס ווערט גע־שליידערט פון אויפגעבייטשטע כוואַליעס. בליצען האָבען אַריינ־געשאָסען אין די שויבען, באַלויכטען דאָס צימער מיט בענגאַלישע פייערן און אָפּגעשלאָגען אַ לאַנגען פייער־פאַס אויפ'ן בילד אַנטקעגען מיין בעט.

דאָס מיידעל האָט אַרויסגערופען אומרו אין מיין געמיט, ווי דאָס הויז, וואָס האָט געזען מער ווי צוויי הונדערט פרילינגס און זומערס, אָסיענס און ווינטערס, ווי דאָס צימער מיט'ן הויכען היל־צערנעם באַלקען, וואָס איז אָנגעשפאַרט אויף סלופּעס, וואָס דער ים האָט געבראַכט ווער ווייסט פון וועלכען מרחקים, ווי אַלץ אַרום מיר. די אַלטע פּאָרטוגעזערין האָט מיר דערציילט, אַז אַ מאָלער, וואָס האָט געוואוינט ביי איר מיט אַ סך יאָרען צוריק, האָט געלאָ־זען הענגען דאָס בילד אויף דער וואַנט אַנטקעגען זיין בעט. ער האָט דאָס בילד ניט מיטגענומען. פאַרוואָס, ווייסט זי נישט. ווער איז דער מאָלער? וואָס איז פון אים געוואָרען? פאַרוואָס האָט ער דאָס בילד דאָ איבערגעלאָזען? לעבט ער, אָדער זיין קבר איז שוין לאַנג פאַרוואַקסען מיט בוריאַן? דאָס בילד איז געווען פון אַ מיידעל, אפשר אַ פּאָרטרעט פון אַ מיידעל, אין וועמען דער מאָלער איז גע־ווען פאַרליבט, אפשר סתם אַ בילד פון אַן אויסגע'חלום'טער פרוי— איך האָב דאָס ניט געוואוסט. מיט'ן גאַנג פון טעג האָב איך זיך צו־גויפגעלעבט מיט'ן בילד. דאָס מיידעל, וואָס האָט אַרונטערגעקוקט פון דער וואַנט, האָט זיך אָנגעטרונקען מיט'ן לעבען און וויברירען אין דעם צימער מיט איר גאַנץ וועזען. יעדען פרימאָרגען, ווען איך האָב מיינע אויגען געעפענט, האָבען באַלד אונזערע בליקען זיך באַ־געגענט. זי האָט אַ שאָר געטאָן די ברוין־גאָלדיגע האָר, די פרישע ליפּען האָבען זיך צענומען אין אַ שמייכעל, זי האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטען—און צו מיינע אויערן האָט זיך דער־טראָגען אַ „גוט מאָרגען" . . .

איך האָב אויך אויפגעכאַפּט איר שמייכעל, ווען די בליצען האָ־בען זיך אַריינגעריסען און אַ פייערפאַס האָט דאָס בילד באַלויכטען.

דאָס האָט אָנגעהאַלטען אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, ביז בלייך־בלויער שטרייף פון אויפגייענדיגען טאָג האָט זיך גענומען מאָלען אין די

שויבען.

ווען דער שטורעם האָט אָפּגעלאָזען, איז אַריינגעטראָטען אַ שטילקייט, אַ טויבע, שווייגענדיגע שטילקייט, וואָס איז געקומען ווי אַ ברכה פון די הימלען . . .

מיין שכן האָט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט מיר: זיין שיף גייט אָפּ אויפ׳ן צווייטען טאָג.

„איך בין שוין דאָ אַ פּאָר חדשים", האָט ער מיר דערקלערט, „און איך בין צופרידען וואָס איך קאָן פאַרברענגען אויפ׳ן לאַנד. דאָס אומשלעפּען זיך איבער ים׳ען און אָקעאַנען האָט זיך מיר שוין אָביסעל צוגעגעסען. יאָ . . . "

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען. איך האָב געוואַרט. מיר האָט זיך איבערגעגעבען זיין פאַרלאַנג צו רעדען.

„איר ווייסט", האָט ער באַלד ווידער אָנגעהויבען, „איך בין אַ שטאָטישער מענש. געלעבט אַלע יאָרען אויפ׳ן לאַנד. אָבער עס איז מיר מיאוס געוואָרען . . . פון וואַנען קומט איר? — האָט ער מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן.

„פון רוסלאַנד, פון אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע . . . "

„אַזוי . . . רעדט איר נאָך רוסיש?"

„יאָ, איך רעד נאָך רוסיש . . . "

„דאָס איז פיין. און איך בין געבוירען געוואָרען אין כאַרבין. שטודירט ווי ווייט מ׳האָט געקאָנט שטודירען . . . שפּעטער בין איך געוואָרען אַ לערער . . . אַ העברעאישער לערער . . . "

„אַ העברעאישער לערער?!

„יאָ, אַ העברעאישער לערער. וואָס וואונדערט איר זיך?"

„אַ העברעאישער לערער פאָרט אום אויף שיפען . . . וואָס טוט איר אייגענטליך אויף שיפען?"

„וואָס איך טו? איך בין אַ מאַטראָס. ניט קיין פּראָסטער מאַט־ראָס, נאָר אַ מעכאַניק. ווי קום איך צו ווערען אַ מעכאַניק. איך האָב זיך אויסגעלערנט. איך האָב געהאַט עטליכע מלאכה׳ס. ווען איך בין אַנטלאָפען פון כאַברין קיין שאַנכאַי, האָב איך געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן? איך האָב געזונגען רוסישע לידער. איך האָב אַ פיינע טענאָר־שטימע. ווער ווייסט? איך וואָלט אפשר געווען געקאָנט ווערען אַן אָפּערע־זינגער . . . אין ניו יאָרק בין איך געוואָרען אַ בוכהאַלטער. אין דער פרייער צייט האָב איך גענומען קורסען אין ניו יאָרק אוניווערסיטעט . . . מיר איז אָבער דאָס אַלץ מיאוס גע־וואָרען. די גרויסע שטאָט, דער טומעל, די זאָרג . . . נו, ווי איר זעט, בין איך אויף אַ שיף. היינט אין איין האַפען, מאָרגען אין אַ צוויי־טען. ווי לאַנג איך וועל אַזוי אַנגיין? . . . " ער האָט זיך אָפּגעהאַקט און אָנגעשטעלט, אַ פאַרטראַכטער, זיינע בליקען אויפ׳ן בילד פון

מיידעל . . .

„איר ווייסט, איך האָב נישט קיין גליק צו פרויען . . . ״ האָט ער מיטאָמאָל אַ וואָרף געטאָן די ווערטער אין דער לופטען.

„וואָס מיינט איר?״

כ׳מיין, אַז פרויען האָבען מיך ניט ליב; רוקען זיך אָפּ פון מיר, ווען איך וויל זיך צו זיי דערנענטערן. פאַרוואָס—ווייס איך אליין נישט. אפשר ווייסט איר?״. ער האָט נישט געוואַרט אויף מיין ענט־פער און איז ווייטער אָנגעגאַנגען:

„איך ווייס עס . . . איך ווייס עס . . . איינמאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַ מיידעל, וואָס האָט מיר אַרויסגעוויזען פריינטשאַפט, וועט מיט מיר חתונה האָבען. ווען איך האָב עס ביי איר געפרעגט, האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגען . . . נו, וואָס־זשע בלייבט מיר? — שיפען, ים׳ען און אָקעאַנען . . . היינט אין איין האַפען, מאָרגען אין אַ צווייטען . . . ״

איך האָב אים עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער די ווערטער זענען נישט געקומען.

# גערדאנקען

## די וואָס וואַרטען

אַז וואויל איז צו די וואָס וואַרטען, צו די וואָס שטעלען אַן זייערע ווייט-צועפענטע, קינדישע אויגען אין דער פאַרהוילענער ווייט, און וואַרטען, אַז אַלע וואונדער זאָלען זיך מיט אַמאָל אַנטפּלעקען, אַלע סודות פון לעבען זאָלען ווערען קלאָר און דורכזיכטיג ווי אַ פרילינג פרימאָרגען אויף די בערג.

אַז וואויל איז צו די וואָס וואַרטען. זיי וועלען זיין די ערשטע צו זעהן די אויפשפּראָצונג פון נייעם, יונגען טאָג, זיין אַרויסשיילען זיך פון די לעצטע, ראַנגלענדיגע נאַכט-שאָטענס.

זיי וועלען זיין די ערשטע צו פאַרנעמען די זינגענדיגע טריט פון משיח.

זיי וועלען זיין די ערשטע אַריינצוטרעטען אין דעם נייעם, ליכטי-גען קעניגרייך, וואָס וועט זיך אָנהויבען אויף דער ערד.

אַז וואויל איז צו די וואָס וואַרטען. וואַרטען איז גלויבען, אָפּטימיזם, פרייד וואָס קוואַלט טיף און שעפּט זיך קיינמאָל ניט אויס, זוניג געזאַנג וואָס שפּינט אַריין אירע מעלאָדיען אין דער אייביגקייט.

וואַרטען איז ציטערדיגע האָפנונג אויף אַלעם וואָס מוז געשען און וועט געשען.

וואַרטען איז הערען שטענדיג איבער דעם קאָפּ אַ גערויש פון טויבענפליגעל, און אַ טויבען-בשורה, אַז אַ נייע ערד שווימט פון מבול אַרויס.

אַז וואויל איז צו די וואָס וואַרטען.

ס'מאַכט ניט אויס אויף וואָס זיי וואַרטען, אויף דער ערלעזונג פון דער מענשהייט צי אויף אַ בריף פון אַ האַרציג-נאָענטען מענשען.

דער עיקר איז דאָס וואַרטען.

דאָס גליקליכע אויפציטערען ביי יעדען שאָרך:

אָט קומט עס... אָט דערנעענטערט זיך עס... דער עקזאַלטירטער פלאַם אין די אויגען.

דער עיקר איז דאָס וואַרטען, ניט דאָס געוואַרטע.

דער אידעאַל און ניט די פאַרווירקליכונג.

די האָפנונג און ניט די דערגרייכונג.

ווארטען איז איבערגעגעבען דאָס שיפעל צו דעם שפּיל פון כוואַליעס, און לאָזען זי זאָרגלאָז טראָגען זיך צו די גע׳חלום׳טע וואונדער־ברעגען.

דאָס דערגרייכטע איז — דער ברעג און די ענטטוישונג וואָס שטאַרצט אַרויס ווי נאַקעטע פעלזען.

און דערפאַר:

אַז וואויל איז צו די וואָס ווארטען.

## פירער און געפירטע

דער וואונדער־כח פון פירער ליגט קודם כל אין דעם גלויבען אין זיך אַליין, אין דעם אייגענעם באַרוף דאָס ער איז געבוירען צו שטעהן אין פראָנט פון די רייען וואָס געהען נאָך אים.

דערנאָך קומט ערשט דער גלויבען אין דער זאַך פאַר וועלכער דער פירער קעמפט, אין דעם ענד־ציל צו וועלכען ער וויל זיינע נאָכפאָלגער ברענגען.

יעדע באַוועגונג האָט זיך אירע פירער, יעדער אמת׳ער פירער איז אָבער בכח צו זיין דער לייטענדער גייסט פון וועלכער באַוועגונג אָדער פּאַרטיי ער זאָל זיך ניט אויסוויילען.

פירערשאַפט איז אַ דינאַמישע קראַפט וואָס ווירקט אומעטום און אויף יעדער פּלאַץ, און ווייסט ניט פון צוימען און גרענעצען.

מוסאָליני איז געווען אַ גרויסער פירער ביי די איטאַליענישע סאָציאַליסטען און ער איז אַ פירער אויך נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעהויבען אָרגאַניזירען די פאַשיסטען און אונטערדריקען דעם סאָציאַליזם מיט אַן אייזערנעם פויסט.

נאַפּאָלעאָן איז געווען גרויס ווען ער איז געווען דיקטאַטאָר פון דער רעפּובליק און אַ ביטערער באַקעמפער פון מאָנאַרכיע. ער איז אויך פאַרבליבען דער זעלבער נאַפּאָלעאָן, ווען ער האָט זיך אַליין געקרוינט פאַר אימפּעראַטאָר און געמאַכט די פראַנצויזישע רעפּובליק פאַר דעם פוס־בענקעל פון זיין גע׳חלום׳טען אַלוועלטליכען טראָן.

דער פירער מוז פירען, פונקט ווי דער פּאָעט מוז דיכטען און דער מאָלער — מאָלען.

פאַר דעם פירער איז די פּאַרטיי און באַוועגונג אָפטמאָל ניט מער ווי אַ מיטעל צו קענען געבען אויסדרוק צו זיין פּערזענליכקייט צו זיינע אייגענע זעעלען־רעגונגען און באַוועגונגען. די פּאַרטיי און די באַוועגונג זיינען פאַר אים ווי דאָס וואָרט און דער קלאַנג פאַר דעם דיכטער און מוזיקער. די מענשען מיט וועלכע ער אָפּערירט — ניט מער ווי טויטע בוכשטאַבען אָדער קאַלטע פאַרבען אין וועלכע ער גיט אַריין לעבען, ז י י ן לעבען.

דאָס ערקלערט אונז פאַר וואָס פילע פון די גאָר גרויסע פירער אין דער געשיכטע האָבען זיך אַזוי ווייניג גערעכענט מיט דעם אמת'ען ווילען פון פאָלק, פאַר וואָס פירערשאַפט און דיקטאַטור אין דער אָדער יענער פאָרם, געהען אַזוי אָפט האַנט אין האַנט.

דער גרויסער פירער האָט איין הויפט-ציל, איין ווייטען, גע־חלומ'טען ברעג צו וועלכען ער וויל דערגרייכען, פונקט ווי דער גרויסער דענקער און קינסטלער האָט איין צענטראַל אידעע וועלכע ער קליידט אָן אין פאַרשידענע פאָרמען.

די שטרעבונגען פון די פאָלקס-מאַסען זיינען געגליכען צו אַ טייך וואָס פלייצט זיך פונאַנדער אין צענדליגער שטראָמען. דער ווילען פון די געפירטע איז בויגזאַם, בייטענדיג, ענדערט זיך ווי ליים אונטער די פינגער פון סקולפּטאָר.

דער ווילען פון די פאָלקס-מאַסען נעמט נאָר אַ באַשטימטע, אויס־געהאַלטען געשטאַלט דורך דעם פירער. דער פירער באַשאַפט אָבער ניט בלויז דעם פורעם פאַר דער געשטאַלט, די פאַרטיי, די באַוועגונג, נאָר ער גיסט אין איר אויך אַריין זיין נשמה.

די געפירטע זייענען עס ניט חושד, פאַר די געפירטע איז געבויט געוואָרען דער לופט-שלאָס פון דעמאָקראַטי. די אילוזיע מוז אָבער אָנהאַלטען אַזוי לאַנג ווי עס מוזען זיין פירער און געפירטע.

## אַ וואָרט

שוועבען אום ווערטער אין חלל פון דער וועלט, ווי נאַקעטע נשמות וואָס וואַרטען אויף אַ תקון, אויף אַ גוף וואָס זאָל זיי מיט הויט און ביינער אָנקליידען, מיט רויט-רויטען בלוט אָנטרינקען און אין לעבעדיגען לעבען אַרויסלאָזען.

נאָר געצעהלטע און אויסדערוועהלטע דערזעהען זייער אומגע־זעהענעם שטראַלענדיגען לויף, און פאַרנעמען זייער אומגעהערטען וויברירענדיגען קלאַנג.

טרעפט אָבער, אַז אַ וואָרט ווערט אונטער אַ מזל'דיגען שטערען געבוירען.

ביים געבורט ווערט עס באַלד אויפגעכאַפּט, אויף די הענט גע־טראָגען, מיט ליבע און באַגייסטערונג אַרומגערינגעלט.

אַ מזל'דיג וואָרט — ווי אַ מזל'דיגער מענש.

ס'ווייסט ניט פון נויט און אייביגע ראַנגלערייען.

ס'איז ווי אין אַ הייבעל געבוירען, ס'לעבט זיך אויס אין די רייכ־סטע הייזער, מ'קניט זיך און מ'בויגט זיך פאַר דעם, מ'טראָגט עס אויף די ליפּען, און ווען ס'הויכט דעם אָטעם אויס, און ס'שלאָגט די לעצטע שעה פון זיין צייט, ווערט עס אויך אינגאַנצען פון לעבען ניט

אָפּגעמעקט.

עס לאָזט אַ ירושה, אַ טראַדיציע, מאָנומענטען, באַוועגונגען.

די ירושה מעג באַשטעהן פון אַ בוך וואָס וואַלגערט זיך היינט אויף די פאַרשטויבטע פּאָליצעס פון ביבליאָטעקען, פון אַ טראַדיציע אין וועלכער בלויז געצעהלטע מענשען קלאַמערען זיך, פון אַ באַוועגונג וואָס איז אין הינטערגרונד פאַררוקט געוואָרען.

ס׳געפינען זיך אָבער אַלץ מענשען וואָס דערמאָנען זיך אין דעם וואָרט וואָס האָט זיך אין אַ בוך, אין אַ טראַדיציע, אין אַ באַוועגונג פאַראייביגט.

זיי דערמאָנען זיך אין דעם אַפילו דאַמאָלסט ווען זיי אַליין האָבען שוין לאַנג אין דעם בוך פאַרגעסען, ווען די צייט האָט צווישען זיי און דער טראַדיציע אַ גאַנצען תהום אויפגעריסען, ווען נייע באַוועגונגען האָבען שוין דעם פּלאַץ פון די אַלטע פאַרנומען.

זיי דערמאָנען זיך אין דעם וואָרט וואָס האָט זיי אין זייער יוגענד אַנגעפייערט און פליגעל געגעבען, און זיי זאָגען צו זיך מיט שטילער, וועהמוטיגער פרייד :

געווען אַמאָל אַ וואָרט, אַ פּאַראָל, האָט עס ווי אַ פאַקעל אונזערע וועגען באַלויכטען, צו אונזערע יוגענד בענקענישען און חלומות העלען אויסדרוק געגעבען, מיט זיין קלאַנג אונז ווי מיט אַלטען ווייַן פאַר׳שכור׳ט.

געווען אַמאָל אַ וואָרט.

אַ וואָרט וואָס איז אונטער אַ מזל׳דיגען שטערען געבוירען געוואָרען און האָט פון געבורט-אָן אַ תקון געקראָגען.

פאַראַנען אָבער ווערטער ווי שלים מזל׳דיגע מענשען.

פון געבורט-אָן ווערען זיי פון אַ בייזען גורל פאַרפאָלגט, זיי בלאָנזשען אום אַליינינגע אויף דער וועלט, און דער ברייטער עולם זעהט זיי ניט און הערט זיי ניט.

און דאָס זיינען אָפטמאָל ווערטער וואָס פאַרדינען אַ בעסערען מזל.

ווערטער וואָס טראָגען אין זיך העכערע ווערטען, טיפערע אמת׳ען.

ווערטער וואָס קענען ניט ווערען פּאָפּולער, ווייל זיי זיינען ניט פאַר די מאַסען באַשאַפען געוואָרען.

און דערפאַר שוועבען זיי אום דורות, יאָרהונדערטער אין חלל פון דער וועלט, ווי נאַקעטע נשמות וואָס וואַרטען אויף אַ תקון, אויף אַ גוף וואָס זאָל זיי מיט הויט און ביינער אַנקליידען, מיט רויט-רויטען בלוט אָנטרינקען און אין לעבעדיגען לעבען אַרויסלאָזען.

און דערפאַר איז נאָר געצעהלטע און אויסדערוועהלטע דערזעהען זייער אומגעזעהענעם, שטראַלענדיגען לויף און פאַרנעמען זייער אום-געהערטען וויברירענדיגען קלאַנג.

דער מזרח־מענש האָט דעם סוד אַנטפּלעקט.
דעם סוד פון גליק וואָס ליגט אין רו.
דעם סוד פון גליק וואָס ליגט אין פּאַסיווען איבערגעבען זיך צום געהיימען שפּיל פון דער נאַטור.
אין לאָזען לויפען דאָס אייגענע לעבען ווי אַ רודערלאָז שיפעל איבער דעם שפּיגעלדיגען פלאַך פון אַ טייך.
אין באַוואוסטזיין וואָס האָט געוואַקסען אין זיין הארצען, ווי דער בוים איבער זיין קאָפּ, אַז דער ברעג איז איינער.
אויף וועלכע וואַסערען דאָס שיפעל זאָל ניט שווימען מוז עס צו דעם ברעג זיך צושלאָגען.
צו דעם פאַטאַלען, סודות'דיגען ברעג פון וואַנען קיין צוריקקער איז נישטאָ.
דער מזרח־מענש האָט דעם סוד פאַרשטאַנען. און דערפאַר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אים יעדען פרימאָרגען רו ווי טוי אויף אַ פעלד.
אַ רו וואָס האָט מיט זיך געבראַכט פליגלען פאַר זיין נשמה.
דער מערב־מענש זעהט אין דער רו פון מזרח, פאַרגליווערענדע אַפּאַטיע, רעזיגנירענדע פאַסיוויטעט, אַלטקייט און אונטערגאַנג.
ער, דער שטאָלצער זוהן פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, ווייזט אָן מיט גאוה אויף זיין פּראָגרעס, אויף זיינע ריזיגע שטעט וואָס פאַררייסען די קעפּ צום הימעל, אויף זיינע אינדוסטריען און ערפינדונגען.
ער, דער שטאָלצער זוהן פון מערב, האָט דאָך פון דער ערד אירע אוצרות אַרויסגעריסען, אין שטיין און שטאָל זי איינגעשמידט.
ער האָט דאָך דעם בליץ פאַר זיין קנעכט געמאַכט, איבער די וואָלקענס זיין מלוכה אויסגעשפּרייט.
דער מערב־מענש רעדט דערפאַר מיט פאַראַכטונג און באַדויערען וועגען דעם אַלטען, פאַסיווען אונטערגעהענדען מזרח.
דער מזרח ווייסט אָבער בעסער.
דער מזרח ווייסט, אַז דער סוד פון אמת'ען גליק ליגט אין רו.
די פּאַסיווקייט פון מזרח איז דער שטאַרקסטער און זיגערישסטער קאַמף וואָס דער מענש האָט אָנגעפירט געגען דער נאַטור.
איבער דעם מענשען הענגט אַ קללה: „מיט דעם שוויים פון דיין פּנים זאָלסטו דיין ברויט עסען".
דער איינציגער וואָס האָט די קללה באַקעמפט איז דער מזרח־מענש.

ער האָט זי באַקעמפט מיט דעם בעסטען אוןווירקזאַמסטען מיטעל וואָס דאַרף אָנגעווענדעט ווערען געגען יעדען שונא — מיט ניט קעמפען.

אַרבייט איז אַ סוויטשענדיגע בייטש וואָס פאַרפיינינגט דעם קער־פער און די נשמה.

אַרבייט איז אייביגער אומרו.

אין דער וואהנזיניגער־אומרוהיגער אייראָפּע הויבט מען עס אָן איינצוזעהן.

בערטראַנד ראַסעל, האַווילאק עלים און אַנדערע זעהען אין דעם היינטיגען אינדוסטריאַליזם דעם גרעסטען אומגליק פון דער היינטי־גער, פאַרשאָלטענער צייט.

די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט דעם מענשען אין אַ מאַשין פאַרוואַנדעלט, זיין רו אויף אייביג אַוועקגערויבט.

דער מזרח ווייסט עס.

דערפאַר קעמפט אַזוי אינדיען געגען דראַנג פון ענגלישען אינ־דוסטריאַליזם.

דערפאַר זעהט דער אינדישער פּאָעט ראַבינדראַנאַט טאַגאָר אַ טראַגעדיע אין דער אייראָפּעאיזירטער יאַפּאַן.

דערפאַר ווילט זיך אַזוי ניט, אַז אונזער מזרח, אונזער ארץ ישראל, זאָל ווערען אַ ווינקעל פאַר דער קראַנקער, אייראָפּעאישער ציוויליזאַ־ציע,און פאַרלירען איר אַלטע, אַלטע הייליגקייט וואָס ליגט אין דער הימלישער רו וואָס איז אויף איר אויסגעגאָסען.

איר נביא'איש וואָרט וואָס שאַלט אַרוים דורך שטילקייט.

## די שפּינער

מיר זיצען ווי בלינדע ביי דעם וועב־שטוהל פון לעבען.

מיר שפּינען אוים פון די דינע, שווינדלענדיגע פעדים־מינוטען אַ געוועב פון שעה'ן, טעג, חדשים און יאָהרען.

מיר וועבען, וועבען און וועבען, ניט ווימענדיג אַליין ווי לאַנג דער געוועב וועט זיין און ווי שעהן די פאַרבען און אוזאָרען וועלען אַרוים־קומען.

אַמאָל פאַלט דאָס שפּינדעל אַרוים פון אונזער האַנד און דער פאָדים ווערט איבערגעהאַקט אין מיטען.

די בליצענדיגע קאָסע אין דער ביינערדיגער האַנד פון טוידט פאַלט שטיל און פאַטאַל.

די פעדים פּלאַצען ווי סטרונעס לאָזענדיג נאָך זיך אַ ציטערדיגען אַקאָרד.

דאָס געוועב בלייבט אומפאַרענדיגט און פלאַטערט אום ווי דער

דורכגעשאָסענער פאַרוס פון אַן עלענד, בלאַנזשענדיק שיפעל.

מיר וועבן, וועבן און וועבן ניט וויסענדיק אַליין ווי לאַנג דער געוועב וועט זיין און ווי שעהן די פאַרבען און אוזאָרען וועלען אַרויס-קומען.

אַ גרוי לעבן, אָרעם און העכערע שטרעבונגען און ליכטיגע אידעאַלען. אין דערהויבענע ציעלען און — דער געוועב איז אַ גרויער, און רופט אַרויס אין הארץ די שטימונגען פון אַ נאַקעטער לאַנדשאַפט איבער וועלכער כמורע, אָסיענדיגע וואָלקען שפרייטען זיך פויל און שלעפעריג.

אַ פויל לעבן, אַ שאַפערישע עקזיסטענץ, אַ לעבן רייך אין אויפ-טוענגען פאַר די אייגענע מיטמענטשען, פאַר'ן אייגענעם פאָלק, און — דאָס געוועב כשופ'ט אונזער אויג מיט זיין פיעלקאָלירענדיגקייט, מיט דער רעגענבויגיקייט פון זיינע פאַרבען און אוזאָרען.

ניט יעדער פון אונז קען אָבער זאָגען צו זיך: ווען איך וועל אוועקגעהן און זאָגען דעם לעצטען זיי-געזונד, וועלען מיינע מעשים בלייבען.

ניט יעדער פון אונז מאַכט פון דעם געוועב וואָס מיר שפינען אויס פון אונזערע טעג, חדשים און יאָהרען אַ שטאָלצע, פלאַטערענדע פאַהן וועלכע אונזערע קינדער און קינדס-קינדער זאָלען קענען דערנאָך אין זייערע הענד איבערנעמען.

אַ פאַהן צו וועלכער אונזערע קינדער און קינדס-קינדער זאָלען קע-נען מיט גלויבען זייערע אויגען אויפהויבען און מאַכען זי פאַר דעם שטורם-באַנער אין זייער לעבענס-קאַמף.

## צופרידענע

די צופרידענע זיינען די שטעהענדיגע, שימלענדיגע וואַסערען פון אונזער לעבען.

זייערע זאַטע, פעטליכע ליפען האָבען קיינמאָל צו דעם בעכער פון טרויער זיך ניט צוגערירט.

זייערע קורצזיכטיגע, שמייכלענדיגע אויגען האָבען קיינמאָל ניט געזעהען די ראַנגלעריי צווישען טאָג און נאַכט, די גסיסה פון דער זון וואָס געהט אָפּ מיט בלוט אויף די שפיצען פון די בערג, די שטילע, רוישלאָזע דערנעהנטערונג פון די אָווענד-שאָטענס וואָס ברענגען מיט זיך די נאַכט, דעם טרויער, דעם ציטערנדיגען קלאַנג פון אונ-טערגאַנג.

די צופרידענע און צוויפעללאָזע — איך בין ניט מקנא זייער גלייכען, זיכערן גאַנג אויף די אויסגעטראָטענע, שטויביגע וועגען פון לעבען.

זיי זיינען בערויבט פון דעם העכסטען תענוג וואָס באַגלייט די אייביגע זוכעניש פון נייע האָריזאָנטען, דאָס אייביגע וואַנדערען צו נייע, אומאַנפּלעקטע ברעגען, דאָס אייביגע נישטערען אין נייע, כשופ׳דיגע רוימען.

פאַר מיר איז דער צופרידענער און צווייפעללאָזער — דאָס אַלטע, איינגעצוימטע טריימוויי-פערד, וועגען וועלכען דער אידיש-האָלענ־דישער שריפטשטעלער הייערמאַנס האָט ערגעץ אַ שעהן, סימבאָליש מעשה׳לע :

איז זיך געלאָפען אַ פערד יאָהרען און יאָהרען אויף די רעלסען פון אַ גאַס אין דעם געשפאַן פון אַ שטאָדט-טראַמוויי.

אַמאָהל האָט דאָס פערדעל זיך אָרומגעטראָגען אַ פרייעס, אַ לעבעדיגס אויף גרינע לאַנקעס, פאַררימען האָפערדיג דעם קאָפּ צום הימעל, געפּאַכעט שטאָלץ מיט דער גריווע.

האָט מען עס אָבער אײַן צוים איינגעשפאַנט און געצוואונגען עס צו לויפען יאָהרען און יאָהרען אויף איינע און דיזעלבע רעלסען.

ווען דאָס פערד איז אַלט געוואָרען און די כחות פאַרלאָרען, האָט די שטאָט זיך מרחם געווען אויף איהם, באַפרייט איהם פון שפּאַן און אָפּגעלאָזט איהם הינטערען שטאָדט.

דאָס פערד איז געבליבען שטעהן, איינגעקוקט זיך אין דער וויט־קייט וואָס האָט זיך פאַר איהם געגרינט, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, געטרעהרט מיט די האַלב-בלינדע אויגען און — געלאָזט זיך געהן צוריק צו דער גאַס, וואו עס האָבען געגלאַנצט די רעלסען אויף וועלכע ער איז יאָהרען און יאָהרען געלאָפען.

און טראַכט איך וועגען דעם אומצופרידענעם און צווייפעלדיגען, זעה איך דעם וואַגאַבונד, דעם פרייען מענשען, וואָס לאָזט זיך אַוועק מיט דעם אויפגאַנג פון פריהמאָרגען אויף ווייטע, אומבאַקאַנטע וועגען, און שפּאַנט זיך אַזוי געמיטליך און נאַכלעסיג מיט אַ לידעל אויף די ליפּען.

דער אומצופרידענער מיידט אוים די ברייטע, געפלאַסטערטע וועגען אויף וועלכע עס טראָגען זיך די אויטאָמאָבילען פון די זאַטע און צופרידענע...

ער געהט מיט די קרומע, פאַרפּלאָנטערטע שטעגען פון וואַלד. איהם מאַניעט די קיהלע, שאָטענדיגע דונקעלקייט, די מיסטעריע וואָס די אַלטע טיטאַנען-בוימער האָבען אין זיך פאַרשלאָסען, די גע־היימע געפאַהר וואָס לויערט אונטער יעדען קוסט, דאָס פאַרהוילענע און אומבאַוואוסטע צו וועלכען דער שטעגען-פּלאָנטער וועט פיהרען.

די אומצופרידענע און צווייפעלדיגע זיינען די פּאָעטען, די מענ־שען מיט פאַרביגע וויזיאָנען, מיט ניט-געשטילטע באַגעהרען.

די צופרידענע און צווייפעללאָזע זיינען די אַלטע וועכטער פון

גרויען נעכטען.

דער וויין פון זייער פרייד קען ניט פאַר׳שכור׳ען, ניט אויפקאָכען דאָס בלוט, ניט וועקען דעם שטורם פון אומרו.

די אומצופרידענע און צווייפעלדיגע זיינען די בויער פון ליכטיגען מאָרגען, די שאַפער פון נייע וועלטען.

דער וויין פון זייער טרויער און צווייפעל שוימט און צינדט דאָס בלוט, שמעלצט די קעטען פון דער שטויביגער אַלטעגליכקייט.

מיר אידען זיינען די אומצופרידענע — די ברוזענדיגע כוואַליעס וואָס טראָגען זיך איבער דער ברודיגער, זאַמדיגער פלאַך פון דער מענשהייט.

מיר זיינען די אייביגע זוכער פון דעם זין פון מענשליכען לעבען אויף דער ערד.

מיר זיינען די אייביגע צווייפלער אין דער גערעכטיגקייט פון די מענשליכע מעשים אויף דער וועלט.

מיר טראָגען זיך אום מיט אַן אייביגען טרויער אויף דער אומ־פאַלקאָמענקייט פון מענשען, אויף דער הילפלאָזיגקייט פון שוואַכען, מענשליכען שכל דורכצערייסען דעם סוד פון דער שאַפונג.

מיר אידען זיינען די אומצופרידענע צווישען די זאַטע. און צו־פרידענע פעלקער פון דער וועלט.

אין דעם ליגט אונזער אומגליק. דער אומגליק פון אַן אבל אויף אַ רוישענדיגער, פאַר׳שכור׳טער חתונה.

אין דעם ליגט אָבער אונזער גליק, דאָס גליק פון אויסדער־וועהלטען וואָס בעטראַכט מיט שטילען טרויער די נישטיגקייט פון די מענשליכע מעשים און זוכט וויטער דעם וועג —

דעם וועג וואָס פיהרט צו דער אייביגקייט.

## די טויטע טויבען פון פּאַריז

נישטאָ מער קיין טויבען אין פּאַריז. זייער פליגעלפלאַטער הערט זיך מער נישט אין דער מילדער, דורכזיכטיגער לופט פון דער שטאָט, וואו ס׳האָט געשלאָגען דאָס הארץ פון דער אַלטער, פאַר־היטלערים־טישער אייראָפּע.

די פּאַריזער טויבען זיינען אַלע טויט. אַזוי האָב איך געלייענט אַנומעלטען אין אַ בריוו, וואָס אימיצער האָט געשריבען צו אַ פריינט אין אַמעריקע.

אין דעם דאָזיגען בריוו זיינען דערציילט געוואָרען אויך אַנדערע זאַכען פון דעם וואָס עס טוט זיך היינטיגען טאָג אין דער שטאָט, אויף וועמענס גאַסען עס קלינגען־אָפּ די פּאַרקאָוועט־פאַרבלוטיגטע שטיוועל פון נאַצי־פאַרגוואַלדיגער. עס איז, למשל, דערציילט גע־

וואָרען פון דעו טויט־שרעק, וואָס האָט אַרומגענומען די פּאַריזער באַ־פעלקערונג, פון דער שטומער, ברענענדיגער שנאה צום דייטשען אונטערדריקער און באַצווינגער, וואָס יעדער פּאַריזער בירגער טראָגט אין האַרצען, און פון מורא׳דיגער נויט, וואָס מען טראָגט איבער, אין דער צייט, ווען די נאַצים און די פראַנצויזישע פאַררעטער, וואָס קאָאָפּערירען מיט זיי, באַדען זיך אין שאַמפּאַניער.

אָבער די אַלע שילדערונגען האָבען מיר ניט געגעבען אַזאַ פּיי־ניגדיג בילד פון דעם אומגליק, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף דער שטאָט פון אייטערקייט און פרייד, ווי אָט דער פאַקט, אַז אַלע טויבען אין פּאַריז זיינען טויט, אַז מען הערט מער ניט וויברירען אין דער לופט זייער פליגעל־פּלאַטער און ברוסטיג־ברומענדיג, לאַס־טשענדיג וואָרקען. מען זעהט זיי מער ניט אין די פּאַרקען, און נישטאָ קיין שפּור פון זיי אויף די גאַסען.

פּאַריזער טויבען זיינען טויט, ווי די פרייד פון פּאַריז, איהר ליכטיג לאַך־געמיט, איהר קולטור, ווי אַלץ וואָס פּאַריז האָט געמיינט פאַר פראַנקרייך, פאַר אייראָפּע, פאַר דער וועלט.

געדענק איך די פּאַריזער טויבען. איך האָב געוואוינט ניט ווייט פון לוקסענבורגער גאָרטען, נישט מער ווי אַ שמאָל געסעל האָט מיך אָפּגעטיילט פון דעם הויכען, אייזערנעם פּאַרקען, וואו דורך די שטאָ־בעטען האָבען זיך געוויגט אַנטקעגען די שאָטענדיגע קאַשטאַן־ביימער און אַלטע אַקאַציעס. דאָס טונקעלגרינס פון די ווייכע לאַנקעס האָט זיך געמיניעט, בלומען־בייטען האָבען זיך איבערגעגאָסען אין רעגענ־בויגיגע פאַרבען.

פלעג איך פאַרברענגען אין די פרימאָרגענס אין לוקסעמבורגער גאָרטען. ניט ווייט — דער באַרימטער „לוקסעמבורגער מוזעי”. אינ־וויייניג האָבען אויף די ווענט זיך אויסגעלייגט אין זייער גאַנצער פּאַנ־געדיגער פּראַכט מאַטיס, דעגאַ, רענואַר, פּיווים־דע־שאַוואַן. און עס האָבען זיך דערהויבען די בראָנזיגע און מירמעלשטיינערנע אייביג־קייטען פון ראָדען, בירדעל, מאַיאָל.

אין דרויסען האָט אָבער פּולסירט דאָס שענסטע פון אַלע קונסטען אין דער וועלט — דאָס פּאַריזער לעבען.

און — די פּאַריזער טויבען. זיי האָבען אומגעצירקעלט אין דער לופט מיט אַ גאָרגעלדיג וואָרקען.

די פּאַריזער טויבען, אַנדערשדיג פון די טויבען אויף דעם „סט. מאַרקאָ פּלאַץ” אין ווענעציע, וואָס איך האָב, ווי מיליאָנען אַנדערע געשפּייזט מיט ניסלעך, אָדער די טויבען אין ווינער „פּראַטער”, וואָס האָבען געגעסען קוכען־ברעקעלעך פון מיינע הענט, אָדער פון די ניו יאָרקער טויבען אויפ׳ן סקווער אין „סיטי האָל”, ביי דער „בעטערי”, צי אין די פּאַרקען.

די טויבען אין ווענעציע — פלומפּ, פויל־באַוועגענדיג, אויסגע־כאַליעט — ווי די איטאַליענער פרויען. די טויבען אין ווינער „פּראַ־טער" — עלעגאַנטע, שוועבענדיגע, לופטיגע און מאַניענדיגע, ווי די ווינער זיסע מיידלעך. די ניו יאָרקער — דרייסטע, צודרינגליך, איבער־זעטיגטע.

די פּאַריזער טויבען, ווי די פּאַריזער פרויען — גראַציעזע, ריי־צענדיגע, איינגעהילטע אין אַ לייכט־פאַר'שכור'נדיגער פאַרפּיומטירט־קייט.

זיצענדיג אין לוקסעמבורגער גאָרטען און נאָכפאָלגענדיג די טוי־בען, פלעגט זיך פאַר מיר נעמען צעוויקלען די גאַלערייע פון כשופ'־דיגע פרויענגעשטאַלטען, וואָס עס האָבען אויפגעשטעלט באַלזאַק און פלאָבער, מאָפּאַסאַן, אַנאַטאָל פראַנס און פּרוסט.

זיינען די טויטע טויבען פון פּאַריז פאַר מיר אַ סימבאָל פון דעם חורבן און טויט, וואָס דער היטלעריזם טראָגט מיט זיך.

היטלעריזם טויטעט אַלץ, וואָס איז פריי, פריידיג און שעהן.

די נאַצים ברייגגען־אום דעם מענש און אויך די נאָהענסטע פריינט, וואָס דער מענש פאַרמאָגט, די שטוב־חיות, ווי הינט, קעץ, עופות, בהמות, טויבען.

אין נאָרוועגיע האָבען די נאַצים אומגעבראַכט אַלע הינט.

היטלער'ס באַמבעס האָבען אויך אויסגע'הרג'עט טויזענטער הינט אין ענגלאַנד, אייניגע פון די בעסטע פאַראַדעס זיינען אומגעקומען.

זעה איך ניט אין דעם אומברייגגען פון מענשען, נאָר גראַד אין דעם אומקום פון דעם הונט, פון דער קאַץ אָדער קוה, די העכסטע און מורא'דיגסטע אכזריות פון די נאַצים.

דער מענש — אפשר פאַרדינט ער ניט בעסער. האָט ער דאָך אַליין געבראַכט אויף זיך אָט די פורעניות, אָבער די שטוב־חיה — וואָס איז זי שולדיג ?

(29טער יאַנואַר, 1942)

# לידער

## פארלוירען

צו האט ווער געפונען
פארלוירענע בלומען,
אויף נאכטיגע וועגען,
פארשלענגעלטע שטעגען,
אין טיפקייט פון וואלד,
אין טיפקייט פון וואלד?
איך האב זיי פארלוירען,
נאך איידער געבוירען,
מיין גליקלעכער שטערען,
נאך איידער פארוועלקטע,
די בלומען זיי ווערען,
נאך איידער ס'פארגעהן,
די יאהרען ביחידות.
מיין מזל — וואו איז עס?
מיין מזל — וואו איז עס?

צו האט ווער באגעגענט,
מיין מלכה'שע שעהנהייט?
מיין מלכה'שע שעהנהייט?
אויף וועגען פארדרייטע,
פון מיר א צעשיידטע,
זי האט זיך פארלוירען,
אין נאכטיגען דרימעל,
און אפשר אין ברויזיגען,
מארגען-געטימעל,
ווי ס'טוט אוים געוואוינהייט,
א לוסטיגע שעהנהייט.
איך האב זי פארלוירען,
נאך איידער געבוירען,
מיין גליקלעכער שטערען,

נאָך איידער די בלומען,
פאַרוועלקטע זיי ווערען,
נאָך איידער ס'פאַרגעהן
די יאָהרען ביחידות.
מיין מזל — וואו איז עס ?
מיין מזל — וואו איז עס ?
צו האָט ווער געהערט,
דאָס ליד פון מיין טרויער,
דאָס ליד פון מיין טרויער ?
וואָס רייסט זיך ווי פליגעל,
וואָס זיינען געבונדען,
און זינגט פון אַ יוגענד,
וואָס איז שוין פאַרשוואונדען,
פון טעג וואָס פאַרגעהן,
אַזוי ביחידות.
מיין מזל — וואו איז עס ?
מיין מזל — וואו איז עס ?

## נ י ט פ ר ע ג . . .

דיין שטים געזאָגט האָט מיר:
געה !
דורך פיין און וועה,
דורך נאַכט און שרעק,
און מעג דער בעכער גיפט זיין איבערפול
טרינק אוים ביז דעק !
און מעג דיין הארץ אין טויזענד שטיקער פלאַצען
ווי אַ בוים געטראָפען פון אַ בליץ
די ציין פאַרקריץ !
פאַרביים די ליפען שווייגענדיג און שטיל,
אַז בלוט זאָל געהן !
די שרייענדיגע וועהען
דערשטיק, באַגראָב !
ניט פרעג, ניט פרעג,
וואו פירט דער וועג,
באַרג־אַרויף, צי באַרג־אַראָפּ,
ניט פרעג: וואו איז דער ציל ?
ניט פרעג, פאַרוואָס —
געגליכען איז דיין לעבען צו דעם גראָז ?

וואָס וויאַנעט און פאַרגעהט,
שווייגענדיג בויג אַן דיין קאָפּ
און פאַלען זאָל דיין תּפלה ווי דער קילער טוי
וואָס נידערט אויף דער ערד אַראָפּ,
און בלייבן זאָלסטו נבנע׳דיג און שטיל,
נבנע׳דיג און שטיל,
ווי דאָס גראָז וואָס ווערט פון ווינט פאַרוועהט.

## ביי הערצל׳ס קבר

דעבלינגער בית-עולם, אין אַלטען וויען,
אַ טויטע שטאָט מיט קברים-גאַסען,
סטעזשקעס צווישען גראָז — אַ לאַבירינט,
וואוהין פירען זיי ? וואוהין ?
פאַרהוילען איז דער וועג פון לעבען און פון טויט,
פאַרהוילען ווי די נאַכט,
און ווי דער סוד פון מאָרגענרויט
דער זון גייט אויף, —
ווער קאָן דערגרונטעווען אין־סוף ?
אַלטע ביימער רוישען אין דעם ווינט,
דערציילען פון דורות הונדערטער,
וואָס רוען דאָ,
אויף דעבלינגער בית-עולם, אין אַלטען וויען,
אין דער טויטער שטאָט פון קברים-גאַסען.
איינמאָל אין אַ זומערדיגער שעה,
ווען געלייגט האָט זיך די זון אין גאָלדענע פאַסען,
האָב איך געלאָזען זיך אַהין,
צום קבר פון דעם נביא און באַפרייער,
וואו אויסגעהאַקט אויף קאַלטען שטיין,
אַ נאָמען וואָס שלאָגט אויף מיט פלאַמענפייער —
הערצל !
בנימין זאב בן יעקב —
הערצל !
לאַנג, לאַנג בין איך געשטאַנען,
מיט קאָפּ געבויגען,
אין וואַרימען, גרינעם ליכט פון זומערטאָג,
געהאָרכט אַ שטילן רויש פון פלאַטערנדע פליגל,
פון בעלטער און פון גראָז,
און מיטאַמאָל זיין מלכות׳דיג געשטאַלט,

פון קבר איז אַרויס,
די שוואַרצע באָרד, ס׳בלייך, ניט דאָאיגע געזיכט,
די אַדלערדיגע אויגען,
די שטראַלענדיגע קרוין פון ליכט,
דער שטאַלצער, קעניגליכער גאַנג,
און מיטאַמאַל ווי גלאָקענקלאַנג,
דערהערט האָט זיך זיין קול:
„ניין! דאָס פאָלק איז ניט קיין גראָז!
„די ביינער דאָרטען אינ׳ם טאָל —
„זעט, זעט ווי זיי האָבען זיך באַהאַפטען
„ניין, ס׳איז קיין חלום, ניין!
„איר דאַרפט נאָר ווע‍לען,
„און ס׳וועט געשען!...״
דערנאָך האָט ער מיט שטילען וויימוט צוגעגעבן:
„און ווען דאָס וועט געשען,
„זאָלט איר צום לאַנד גע׳חלום׳טען, געהאַפטען,
„פירען מיין געביין!...״

דער וואונדער איז געשען!
פון דעבלינגער בית-עולם, אין אַלטען וויען,
פירט מען זיינע ביינער איצט אַהין,
די ביינער פון דעם נביא און באַפרייער,
אין לאַנד פון זיין צינדענדיגען טרוים,
ס׳איז ענדליך אים באַשערט,
פון פרעמדער, גלות׳דיגער ערד,
צו קומען איצט אַהיים,
אַ ה י י ם!

# מ מ ע מ ק י ם

פון די טיפסטע טיפענישען רוף איך, גאָט, צו דיר:
מיין האַרץ איז אויסגעליידיגט ווי זאַנגען נאָכ׳ן דרעשען,
ווי אַן אויסגערונענער, פאַרטריקענטער לאָגעל.
די לעצטע שטערען ׳לעשען זיך און לעשען,
ווי די זכרונות פון מיין ליכטיגען אַמאָל,
פון מיין וואַנדערען און וואַגעל,
די לופט אַרום — מיט אָטעם פון פוילענדיגע בלעטער,
און מיט׳ן לעצטען הויך פון שטאַרבענדיגע געטער,
און מיט׳ן וויי פון וועלטען, וואָס זיינען שוין פאַרגאַנגען,

די קאַלטע, לוויטערע לופט איז אָנגעפּילט מיט פינסטערניש און טויט,
די ווינטען וויינען און רייסען זיך די האָר פון קאָפּ,
און איך — אַן אבל ביים קבר פון אייגען לעבען, פון מיין וועלט,
וואָס נידערט טיפער אין אָפּגרונט אראָפּ.

פון די טיפסטע טיפעניש׳ען רוף איך, גאָט, צו דיר
און פרעג:
איז דאָס דער סוף פון אונזערע טעג?
איז דאָס די שווערע, ביטערע קאָנוואולסיע פון גסיסה?
אָט די לאַנגע, ציטערדיגע שאָטענס פאַר מיין פענסטער —
זיינען דאָס די וואַרגענדיגע פינגער פון טויט?
אונזער טויט?
אָדער — איז אַ מאָרגען פאַראַן,
וואָס קומט געקרוינט מיט רעגענבויגען,
מיט זונען אין די לאָקען,
אין בליציג-גאָלדענעם געשפּאַן?
אָה, די שווערע, ביטערע קאָנוואולסיע פון גסיסה!
דער ווייטאָגדיגער ווייטאָג פון זיין, פון לעבען און אָטעמען די לופט;
דער ווייטאָגדיגער ווייטאָג פון אָנען, זעהן, הערען ווי דאָס לעבען רופט,
און פיהלען ווי דער הימעל, וואָס איך האָב געהאַלטען אין מיינע הענט,
ווערט אויסגעליידיגט ווי אַ זאַמד-זייגער, ווען ס׳לעצטע זעמדעל
קומט צו ענד;
און וויסען, אַז די ברייט-צעפּראַלטע טויערען
פיהרען צו גאָרנישט ניט, צו גאָרנישט ניט.
אָה, אָדלער, איבער בערג נעם מיך מיט,
צום העכסטען פעלזענשפּיץ, וואָס הענגט איבער׳ן תהום.

אָה, די ביטערע אַגאָניע פון גסיסה!
אָה, דער ווייטער אָוועגטקלאַנג,
וואָס טראָגט זיך אום אין רוים
און רייסט אויף פון שלאָף ווי אין אַ שרפה
און וועקט און וואָרענט דראָהענדיג:
אונטערגאַנג — אונטערגאַנג!
פון די טיפסטע-טיפעניש׳ען רוף איך, גאָט, צו דיר:
אָה, זאָג:
וואוהין פירט דער וועג —
צו פאַרלענדונג אָדער געבורט?
צו אייביגער נאַכט?
צום נייעם טאָג?

# קונסט און קינסטלער

## טשיקאַווע דערפאַרונגען פון אַ לייענער

מיר איז שטענדיג שווער אָפּצוטיילען דעם שרייבער פון בוך.

ווען איך לייען אַ בוך, אינטעריגירט מיך צו וויסען וואָס פאַר אַ מענש איז דער פאַרפאַסער: איז ער יונג אָדער אַלט, איז ער אַ מענש פון פיינע מידות אָדער אַ רשע? און ווי זעט ער אויס? איז ער פון הויכען אָדער נידעריגען וואוקס? איז ער אַ בלאָנדער אַ ברונעט? און נאָך און נאָך זאַכען אינטערעסירען מיך צו וויסען וועגען דעם שרייבער וועמענס שאַפונג איך האַלט אין מיינע הענט.

ווייס איך אַז אַ סך וועלען זאָגען: „וואָס איז עס אייער עסק? וואָס קימערט אייך ווער דער שרייבער איז? וואָס פאַר אַ נפקא מינא איז צי ער איז יונג אָדער אַלט? צי ער איז זמרי בן סלוא אָדער פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן?"

איר וועט אויך מסתמא אויסרופען מיט אָדער אָן פאַטאָס: „דער עיקר איז דאָס ווערק! אורטיילט ניט דעם שאַפער נאָר זיין שאַפונג!"

וויל איך אייך זאָגען, אַז איר האָט במחילה אַ טעות. מיר אידען האָבען אַ גאַנץ אַנדער צוגאַנג צום ענין.

ביי אונז איז דער מחבר פון ספר אַ מענש פון אַ העכערער וועלט, אַ מענש פון גייסט. דער גייסט ווידער דאַרף און זאָל קריגען אויסדרוק ניט נאָר אין ווערטער, ניט נאָר אין אַנקליידען זיך אין געדרוקטע אותיות און איינהילען זיך אין טאָוולען. דער גייסט מוז און זאָל דערשיינען אויך אין מעשים, אין דער אויפפירונג, אין די מידות, אין חיי יום-יום פון דעם מחבר. דאָס ספר דאַרף זיין דער שפיגעל פאַר דער נשמה פון מחבר, פאַר זיין אייגענעם לעבען, פאַר זיין צוגאַנג צו וועלט און מענש, פאַר זיינע האַנדלונגען בין אָדם לחברו.

אַט אַזוי האָבען זיך אידען באַצויגען צו די מענשען פון גייסט.

דער ווילנער גאון איז געווען פאַרהייליגט ביי אידען ניט פאַר זיין גאונות, ניט פאַר זיין פירוש אויף משניות, נאָר אין עיקר פאַר זיין צדקות, פאַר זיין דערהויבענקייט אַלס מענש, אַלס אָדם עילאה.

דאָס זעלביגע גייט אויך אויף די אַנדערע גדולי הרוח, וואָס אונזער פאָלק האָט ארויסגעגעבען.

אונזערע גדולי הרוח זיינען קודם-כל געווען הויכע, עטישע פער-

זעגליכקייטען. זיי זיינען געווען די שפיצבערג פון דער אומה. צו זיי האָט דאָס פאָלק געהויבען די אויגען ווי צו דער זון. זיי האָבען מיט זייער אייגען געלייטערט לעבען געדינט אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע. זיי זיינען געווען די ליכטיגע פאַרקערפּערונג פון „קדושים תהיו".

די ספרים וואָס זיי האָבען געשריבען און וואָס זיי האָבען געלאָזען נאָך זיך אַלס פאַראייביגטע מאָנומענטען, זיי זיינען געווען די נצוצות פון זייערע נשמות, בלענדענדיגע אָפּשטראַלונגען פון זייערע פּער־זענליכקייטען.

גאַנץ אַנדערש איז ביי „זיי". ביי „זיי" זיינען בוך און שרייבער צוויי באַזונדערע וועלטען.

ביי „זיי" איז בוך לחוד און מענש לחוד, ווי זיי וואָלטען גאָר קיין שייכות ניט געהאַט איינע מיט די אַנדערע.

איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַ סך פון זייערע שרייבער, דענקער, פּאָעטן, פילאָזאָפען, קינסטלער זיינען אין לעבן רשעים, און לייקענען־אָפּ מיט זייערע מעשים אַלץ וואָס זייערע ביכער פּרעדיגען.

איך וואָלט געקאָנט ברענגען אַ וועלט מיט ביישפּילען, איך גלויב אָבער אַז ס'איז ניט נויטיג, ווייל ס'איז באַקאַנט.

ס'איז גענוג צו דערמאָנען די דייטשע דיכטער און דענקער, ווי זיי האָבען געהאַנדעלט אין דער שעה פון נסיון פאַר דעם מענש, אין דער צייט ווען די בעסטיע האָט גענומען געוועלטיגען.

אָדער ווי האָבען רעאַגירט די דיכטער און דענקער פון אַנדערע פעלקער.

דערפאַר זאָל אייך ניט וואונדערן, וואָס איך, אַ אידישער לייע־נער, אינטערעסיר זיך צו וויסען וואָס פאַר אַ מענש עס איז דער שרייבער וועמענס בוך איך לייען.

איר'ט זאָגען, אַז אייגענטליך דאַרף מען דערזען דעם גייסטיגען פּרצוף פון אַ שרייבער אין זיין ווערק. אויב ער איז אַ רשע אָדער אַ מענש פון דערהויבענע מידות, זעט זיך עס אַרויס פון זיין שרייבען.

דאָס איז אָבער ניט שטענדיג אַזוי, ניין, ניט שטענדיג אַזוי.

וואָרים — דאָס וואָרט איז פאַרפירעריש.

דאָס וואָרט איז אַ ממזר.

דאָס וואָרט איז ווי אַ כאַמעלעאָן וואָס קאָן זיך בייטען אין אַלער־ליי פאַרבען.

מ'דאַרף האָבען גאָר אַ טיף אויג צו דערזען אין ליכט פון וואָרט דאָס פּנים פון אַ שרייבער.

מ'דאַרף זיין געבענשט מיט אַ גאָר דין־אויפנעמענדיגען, ביז גאָר איידעלען אויער צו פאַרנעמען דעם פאַלשען קלאַנג פון וואָרט.

און ווייל ניט אַלע זיינען דערמיט געבענשט, איז טאַקע דאָס וואָרט אַזוי אָפט נישט מער ווי אַן אָפּנאַרערישע מאַסקע.

און אַז איך פאַרנעם זיך דאָ מיט'ן וואָרט, איז מיר מיטאַמאָל איינגעפאַלען, אַז ס'זיינען פאַראַן שרייבער, ביי וועלכע דאָס וואָרט איז אין דער בחינה פון אַ פרוי, וועלכע מען באַהערשט לויט'ן שטרענגען ביבלישען כלל: „והוא ימשול בה".

פאַראַן אָבער שרייבער וואָס זיינען ווי „פאַנטאָפעל-מענער", דאָס וואָרט באַהערשט זיי ווי אַ ווייב וואָס פאַרשקלאַפט און פאַר וועמענס ווילען מען בייגט זיך.

די דאָזיגע שרייבער זיינען די קנעכט פון וואָרט, זיי קאָנען עס ניט צוימען און איינשפאַנען אין דעם גאָלדענעם רייטוואָגען פון זייער שאַפען.

די ערשטע זיינען די אמת'ע קינסטלער.

די לעצטע ניט מער ווי פאַזשען ביי דער קאַפריזנער, רייצענדיגער פרוי, וועמענס נאָמען איז קונסט.

די ערשטע האַלטען די קונסט אין זייערע אָרעמס מיט דער זיכערקייט פון אַ מאַן וואָס ווייסט, אַז די פרוי איז גרייט זיך אים איבערצוגעבען, אַז זי וועט פריידיג אינגאַנצען זיך אויפלעזען און צונויפגיסען זיך מיט אים.

דער צווייטער גייט ניט ווייטער ווי קושען דעם זוים פון איר קלייד.

פאַראַן בלומען וואָס צעעפענען זיך און שפרייטען זייער אַראָמאַט נאָר ווען די שטראַלען פון דער זון פאַלען אויף זיי. אין גרויע טעג, אָדער ווען די נאַכט לאָזט זיך אַרונטער, פאַרשליסען זיי זיך אין זייערע בעכערס און הענגען אויף די שטענגעלעך אָפגעזונדערטע, דערוווייטערטע, אין זיך איינגענורעטע.

דאָס זעלביגע געשעט אויך מיט לייענען ביכער.

ס'איז אָפהענגיג ווען איר לייענט אַ בוך, אין וועלכער שטימונג איר געפינט זיך בשעת איר לייענט דאָס בוך, צי די זון פאַלט אויף אייך און דרינגט אין הארצען אריין, אָדער אַ גרויער טאָג וויקעלט אייך איין און דער אומעט און די מיסטעריע פון דער נאַכט בלייבען הענגען איבער אייך.

איך וועל עס קלאָר מאַכען מיט אַ מעשה, וואָס מיר האָט אַמאָל דערציילט דער פאַרשטאָרבענער מנחם באָריישאַ.

ווען מנחם באָריישאַ איז געווען אַ יונגער פּאָעט אין וואַרשע, האָט ער איינמאָל געבראַכט לידער צו פרצ'ן, וועלכער האָט פון אים געהאַלטען.

מנחם האָט זעהר געוואָלט, אַז פרץ זאָל באַלד אויפ'ן אָרט לייענען די לידער און זאָגען אים צי ער וועט זיי פאַרעפענטליכען אין אַ זאַמלבוך וואָס ער האָט זיך געקליבען אַרויסגעבען. ער האָט עס אויך געזאָגט פרצ'ן, קווענקלענדיג זיך און רויטלענדיג זיך בשעת

מעשה.

„ניין, איך קאָן איצטער ניט לייענען אייערע לידער", האָט פּרץ אַ זאָג־געטאָן. דער טאָן פּרץ'עס איז געווען ניט קיין באַזונדערס־פריינטליכער.

מנחם איז געבליבען זיצען אַביסל אַ פאַרלוירענער. ער איז געווען גרייט זיך אויפצוהייבען און אַוועקגיין. פּרץ האָט דערפילט אַז ער האָט אומווילענדיג פאַרשאַפט עגמת נפש אַ יונגען פּאָעט. מנחם איז אים געווען נאָענט און ער האָט עס זיכער ניט געוואָלט טאָן. האָט ער אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט, אָנווייזענדיג אויפ'ן בענקל, אַז מנחם זאָל בלייבען זיצען. דערנאָך האָט ער, אָנקוקענדיג אים אַ ווייל שטום, מיט אַ לייכט שמייכעלע אָנגעהויבען:

„דאָס וואָס איך וויל ניט לייענען איצט אייערע לידער איז פאַר אייער טובה, יאָ, און איך וויל אייך דערקלערען פאַרוואָס קינסטלערישע שאַפונגען, איבערהויפּט לידער, דאַרף מען לייענען ווען מען איז געשטימט פאַר דעם. עס איז פּונקט ווי הערען מוזיק. אויב מ'איז ניט אין דער ריכטיגער שטימונג, קאָן אַמאָל דאָס פיינסטע ליד אָדער די שענסטע קאָמפּאָזיציע ניט דערגרייכען צום האַרץ, ניט אויפשלאָגען די נויטיגע עמאָציעס. איך, ווי איר זעט מיך," האָט פּרץ פאַרגעזעצט, „בין איצט אין גאָרניט קיין גוטער שטימונג, איך בין אויפגעשטאַנען אינדערפרי מיט קאָפּווייטאָג, דער גרויער פרי־מאָרגען האָט אויך ניט בייגעטראָגען אַז מיין שטימונג זאָל זיך בעסערן, דערצו האָב איך דערהאַלטען אַ בריוו פון אַ שרייבער אין אָדעס, וואָס האָט געלאָזען ביי מיר אַ שלעכטען טעם אין מויל. איצט פאַרשטייט איר שוין?..."

„איך האָב פאַרשטאַנען..." — האָט מנחם פאַרענדיגט זיין געשיכטע...

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען מנחם איז ווידער געקומען צו פּרצ'ן, האָט ער אים געטראָפען אַ פרייליכען, אַן אויפגערוימטען. ער האָט באַלד ווי ער האָט אים דערזען אויסגערופען:

„איך האָב היינט אינדערפרי געלייענט אייערע לידער, און — זעהר פיינע לידער, יאָ, זעהר פיינע לידער..."

דער מוסר השכל איז: ווען איר לייענט אַ ווערק פאַרלאָזט זיך נישט שטענדיג אויפ'ן ערשטען איינדרוק. אַמאָל טרעפט, אַז צום ערשטען מאָל רופט אַרויס אַ ווערק באַגייסטערונג, און ווען מ'לייענט עס אַ צווייטען מאָל בלייבט מען זיצען אַן אַנטוישטער און מ'פרעגט זיך אַליין מיט אַ טאָן פון פאַרוואורף: „פון וואָס ביזטו עס אַזוי נתפעל געוואָרען?"

און אַמאָל געשעט פאַרקערט.

איך געדענק ווי מיט יאָרען צוריק האָב איך געלייענט אַ ראָמאַן

פון קעלערמאַן „אינגעבאָרג”, אין אַ רוסישער איבערזעצונג. דאָס איז געווען זומער־צייט, איך בין געווען יונג, פאַרחלום׳ט, ווי די יונגע, פאַר׳חלומ׳טע וועלט אַרום מיר. איך האָב זיך געפונען צווישן די בערקשייער־בערג. אַלץ אַרום מיר, די בערג וואָס האָבן זיך פאַר־לוירען אין בלוי־רוויכיגע נעפּלען, די פעלדער וואָס האָבן זיך גע־שפּרייט ווי ברוינגאָלדיגע טעפּיכער, דער וואַלד וואָס האָט זיך געשפּאַרט מיט זיינע גרינע קרוינען צו אַ לויטער־לויטערן הימעל, די לופט אַזוי קרעפטיג און פאַר׳שכור׳ענדיג ווי אַלטער וויין, אַלץ אַרום מיר, די וועלט אַזאַ יונגע, אַזאַ ליכטיג־דורכזיכטיגע, און איך אַליין, דאָס גערויש פון אייגענעם בלוט, דער ריטמישער טיקטאַק־טיקטאַק פון אייגענעם האַרץ, יעדער אויפציטער אין מיר, דער אָפּ־רוף פון יעדען נערוו, ווי סטרונעס פון אַ פידל אונטער דער האַנט פון אַ ווירטואָז, די עמפּינדונג פון יעדן חוש, — דאָס אַלץ האָט זיך צו־נויפגעגאָסען אין מיין געמיט מיט די געפילען און עמפּינדונגען וואָס „אינגעבאָרג” האָט ביי מיר אַרויסגערופען.

איך בין דערנאָך, ווען איך האָב דאָס בוך געענדיגט, אומגעגאַנגען ווי אין חלום, אַ גערויש איז מיר נאָכגעגאַנגען, באַגלייט מיך פון דער מינוט וואָס איך האָב די אויגען געעפנט ביז דער שלאָף האָט זיי צוגעמאַכט.

ענליכע געפילען און עמפּינדונגען האָבן ביי מיר אַרויסגערופען האַמסון׳ס „פּאַן” און „וויקטאָריא”, טשעכאָוו׳ס דערציילונגען און דראַמעס, עגנון׳ס בעלעטריסטישע שאַפונגען, טשאַיקאָווסקי׳ס „סימ־פאָני פּאַטעטיק” אָדער די מוזיק פון בעטהאָווען, בראַהמס, שאָפּען, מאָצאַרט און שובערט.

מיט „אינגעבאָרג” איז אָבער געשען אָט וואָס: איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געפּרואווט עס לייענען נאָכאַמאָל. איך האָב זיך געפונען אין אַ גאַנץ אַנדער סביבה, אין ניו יאָרק, אויך אין אַ גאַנץ אַנדער שטימונג.

און — איך האָב ווייטער ווי די ערשטע עטליכע בלעטלעך ניט געקאָנט לייענען.

## פאַרשלאָסענע אוצרות

ליגען ביי אונז אוצרות פאַרשלאָסענע, מיט וואונדערליכע רייכ־טימער אָנגעפילטע, און קיינער נעמט זיך ביי אונז ניט די מיה זייערע טהירען צו עפענען, זייער פּראַכט פאַר דער וועלט צו אַנטפּלעקען.

אידישיסטישע אידעאָלאָגען זינגען לויב־געזאַנגען פאַר דער אידי־שער ליטעראַטור.

סענטימענטאַל־צעקראַכענע קריטיקער צעגיסען זיך אין גאַנצע

מליצה-טייכען וועגען יעדען פינפט-גראַדיגען גראַמענפלעכטער, און פּויקען אויס יעדען פריהמאָרגען די בשורה וועגען נייע הייגעס און פריש-געבאַקענע טאַלסטאָיס.

דאָ ווערט חס־ וחלילה ניט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו גיסען קאַלטע וואַסער אויף די קעפּ פון די ענטוזיאַסטען פאַר אידישער ליטעראַטור, כאָטש איין גאָט ווייס, אַז אייניגע פון זיי נויטיגען זיך אין דעם.

די אידישע ליטעראַטור איז אונז ליעב מיט אַלע איהרע מעלות און חסרונות, מיט איהר ליכט און שאָטען.

די אידישע ליטעראַטור איז אונז ליעב ווייל זי איז בלוט פון אונזער בלוט, ווייל זי קוואַלט פון אונזער אייגענער נשמה.

וואָס מיר ווילען נור דאָ דערמאָנען איז דעם אַלטען, אייביג-נייעם אמת, אַז נאָר אַ ליטעראַטור וואָס וואָרצעלט אין דער געשיכטע און אין די טראַדיציעס פון אייגענעם פאָלק, קען זיך דערהויבען צו דער מדרגה פון אוניווערסאַלער אַנערקענונג און ווערען אַ חשוב'ער טייל פון אַלוועלטליכען שאַפען.

יעדע אמת-גרויסע ליטעראַטור איז נאַציאָנאַל.

נאַציאָנאַל אין פאָרם און נאָך מער אין אינהאַלט.

נאַציאָנאַל אין איהרע אידעען און מאָטיווען און אין דעם גאַנצען אייגענאַרטיגען טאָן וואָס קלינגט פון איהר אַרויס.

יעדער אמת-גרויסער קינסטלער שעפּט פון זיין פאָלקס געשיכטע, פון זיין פאָלקס מעשה'לעך און לעגענדעס.

יעדער אמת-גרויסער קינסטלער מאַכט זיין פאָלקס לייד און פרייד, האָפענונגען און שטרעבונגען, טאָג-טעגליכע ראַנגלערייען און נאַציאָנאַלע קאַמפען צום לייטמאָטיוו פון זיינע שאַפונגען.

אין דער אידישער ליטעראַטור, איבערהויפּט אין דער ניי-אידישער פעלט דער אָפּקלאַנג פון אונזער גרויסער, ליכטיגער פאַרגאַנגענהייט, און עס הערט זיך אויך ניט די שטים פון אונזער שטורעמדיגער גע־גענוואַרט.

זאָל אַ פרעמדער זיך וועלען באַקענען מיט אונזער לעבען דורך דעם שפּיגעל פון אונזער ליטעראַטור און דראַמע, און ער וועט זיך אָנשטויסען אויף בלייכע שאָטענס, אָפטמאָל אויף קאַריקאַטורען, אין בעסטען פאַל אויף אָפּגעריבענע עפּיזאָדען.

קיין גאַנץ אַלזייטיג בילד וועט ער ניט זעהן.

דער בעקאַנטער אַמעריקאַנער קריטיקער הווירסקיין האָט שריי־בענדיג מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק וועגען דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, זעהר ריכטיג באַמערקט: „ווען איך לייען אין איבער־זעצונג די ערצעהלונגען און ליעדער פון די נייע אידישע ערצעהלער און דיכטער, פרעג איך זיך אומווילענדיג: מיט וואָס אונטערשיידען זיי זיך פון די רוסישע, ענגלישע, דייטשע? וואו איז אין זיי דאָס ספּעציפיש-אידישע? וואו פאַרנעמט מען אין זיי דעם אָפּקלאַנג פון

ישעיה און ירמיהו? וואו איז ערגעץ דער אידישער מאַרטירערטום?"

אין דער אידישער ליטעראַטור פעהלט למשל דער היסטאָרישער ראָמאַן, דער עפּאָס. זי איז אַ ליטעראַטור פון היינט און ניט פון נעכ־טען און אויך ניט פון מאָרגען. זי איז מעהרסטענס אַ ליטעראַטור פון סקיצען און פון אָרעמבלוטיגער סוביעקטיווער ליריק.

איך לייען למשל, אַז אין ענגלאַנד איז איצט אויפגעפיהרט געוואָ־רען מיט גרויס דערפאָלג אַ היסטאָרישע דראַמע פון דעם בעקאַנטען דיכטער און דראַמאַטורג דרינקוואָטער, מיט דעם נאָמען „קראָמוועל". דער זעלבער דרינקוואָטער האָט אויך אָנגעשריבען פיעלע אַנדערע היסטאָרישע דראַמען ווי „מאַריע סטואַרט", „לינקאָלן" און ער קלייבט זיך אויך אָרויסצוברענגען אין דראַמאַטישער פאָרם די מעהרסטע העלדען און עפּיזאָדען פון ענגלאַנד'ס געשיכטע.

דאָס איז קיין נייעס ניט. היסטאָרישע דראַמען, ראָמאַנען, פּאָ־עמען, פאַרנעמען דעם חשוב'סטען טייל אין דער ליטעראַטור פון יעדען פאָלק.

ביי אונז ליגען אָבער אוצרות פאַרשלאָסענע, מיט וואונדערליכע אוצרות אָנגעפילטע, און קיינער רירט זיך צו זיי ניט צו.

זעהר ווייניג פון אונזערע קינסטלער און דיכטער פאַרטיפען זיך אין דער גרויסער געשיכטע פון אונזער פאָלק און האָבען אַן אויג און אַ הארץ פאַר די נאַציאָנאַלע האָפענונגען און שטרעבונגען און אונזער צוקונפט. און דערפאַר איז אונזער ליטעראַטור אַזוי בלוט־אָרעם און פליגעללאָז.

## די באַגרענעצטע וועלט פון דעם קינסטלער

דאָס איז געווען אַ ווינטער־אָוונט. אַ פידעל־שפּילער, וואָס איז וועלט־באַרימט און וועמען איך קען אַ היפּש ביסעל יאָרען, האָט מיך איינגעלאַדען צו זיך אין הויז. ער האָט באַגלייט זיין איינלאַדונג מיט דער באַמערקונג:

„ביי מיר וועלען זיך צונויפקומען עטליכע פון מיינע פריינט... מוזיקער, נאַטירליך. קומט..."

„מוזיקער?" — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

„יאָ, מוזיקער..." — האָט דער פידל־שפּילער געענטפערט. „וואָס־זשע, די געזעלשאַפט פון מוזיקער איז אייך ניט צום הארצען?" — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל.

„אָ, ניין!" — האָב איך פּראָטעסטירט. „פאַרקערט..."

דאָס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון העפליכקייט. וואָרים אין דער אמת'ן האָב איך געהאַט מיינע צווייפלען וועגען דעם פאַרגעניגען, וואָס דער אָוונט אין דעם הויז פון פידעל־שפּילער וועט

מיר ברענגען... צו הערען אים שפּילען אין קאַרנעגי האָל צי אין טאַון־האָל, צו פאַרנעמען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען די כשופ׳־דיגע טענער, וואָס ער צויבערט אַרויס פון די סטרונעס, — דאָס איז איין זאַך. אָבער צו הערען אים אַליין וואָס ער האָט צו זאָגען, — איז שוין עפּעס אַנדערש. יאָ... חוץ דעם, האָב איך זיך געפרעגט: וואָס וועל איך טאָן צווישען מוזיקערס? ווי קום איך צו זיי?

איך האָב אים אָבער ניט געקאָנט אָפּזאָגען און האָב אָנגענומען די איינלאַדונג.

די געזעלשאַפט, אין וועלכער איך האָב יענעם אָוונט זיך גע־פונען, איז באַשטאַנען פון אַ צען פערזאָן און — אַלע מוזיקערס, ווי מיין באַקאַנטער, דער פידעל־שפּילער האָט מיך געוואָרענט.

צווישען זיי — אַ באַרימטער פּיאַניסט, אַ קאָנצערט־זינגערין, וואָס טרעט אויף גאַנץ אָפט; אַ טשעליסט, וואָס איז אַ מיטגליד אין ניו יאָרקער סימפאָנישען אָרקעסטער; אַ יונגער קאָמפּאָזיטאָר, וועגען וועמען די מוזיק־קריטיקערס רופן זיך אָפּ זעהר וואַרים.

דער איינציגער שעטנז אין דעם דאָזיגען מוזיקאַלישען טלית, וואָס איז געווען כולו תכלת, איז געווען — איך.

ווען איך בין אָנגעקומען, איז שוין אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיגער שמועס. דער בעל הבית איז געזעסען מיט אַ גלאָז משקה אין האַנט און דערציילט וועגען אַ קאָמפּאָזיציע אין זעכצענטען יאָרהונדערט פון אַן אומבאַקאַנטען קאָמפּאָזיטאָר, וואָס מ׳האָט ניט לאַנג צוריק אַנטדעקט. ער איז געווען באַגייסטערט פון דער קאָמפּאָזיציע. „זי פאָדערט אַ געוויסע באַאַרבייטונג, איך וואָלט געזאָגט: אַן אָרומ־שלייפונג ווי אַ רויער דימענט”, האָט דער פידעל־שפּילער דערציילט זיינע פאַראינטערעסירטע צוהערערס. ס׳איז אָבער אַ דימענט פון זעלטענער שיינקייט, און איך גיי אים אַרויסבאַרגען אויף איינעם פון מיינע קומענדיגע קאָנצערטען...”

„מען דאַרף אָבער זיין פאָרזיכטיג מיט אַנטדעקטע קאָמפּאָזיציעס”, האָט דער פּיאַניסט זיך אָנגערופען. ער האָט דערביי דערמאָנט די מעשה מיט קרייזלער׳ן, וואָס האָט עטליכע יאָר צוריק אַרויסגערופען אַ סענסאַציע אין דער מוזיקאַלישער וועלט.

פריץ קרייזלער האָט יאָרן און יאָרן איינגעשלאָסען אין זיין רע־פּערטואַר עטליכע וואונדערליכע קאָמפּאָזיציעס, וועגען וועלכע עס איז דערציילט געוואָרען אין פּראָגראַם, אַז די דאָזיגע מוזיקאַלישע שאַפונגען זענען אַנטדעקט געוואָרען פון מאָנאַרכען ערגעץ צווישען די שטויביגע אַרכיווען פון אַן אַלטען איטאַליענישען מאָנאַסטיר. קרייזלער האָט זיי אָפּגעקויפט און זיי אַליין באַאַרבייט. אַזוי האָט עס געהייסען.

די וועלט האָט ניט געצווייפעלט, אַז דאָס איז אַזוי. מוזיקאַלאָגען

האָבען געשריבען לאַנגע, ערנסטע אָפּהאַנדלונגען וועגען די אַלטע מוזיקאַלישע אוצרות, וואָס קרייזלער האָט ארויסגעבראַכט. מען האָט באַוואונדערט דעם געניוס פון דעם אומבאַקאַנטען קאָמפּאָזיטאָר, וועמענס שאַפונגען זענען הונדערטער יאָרען געווען באַגראָבען אונ־טער בערג מיט שטויב.

מיט עטליכע יאָר צוריק האָט אָבער קרייזלער אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז די קאָמפּאָזיציעס, וואָס ער האָט אָנגעגעבען אַלס אַנטדעקונ־גען, זענען אין דער אמת׳ן זיינע אייגענע שאַפונגען. דער גרויסער וויאָלאָניסט האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט די אַלע יאָרן געפירט אין באָד אריין ניט נאָר דעם עולם, נאָר אויך די קריטיקערס און פאַרשערס פון מוזיק.

די לעצטע האָבען ניט געפילט באַזונדערס יום־טוב׳דיג פון קרייז־לער׳ס דערקלערונג. ווען עס זאָל ניט געווען זיין פאַרמישט אַז אַ וועלט־באַרימטקייט ווי פריץ קרייזלער, וואָלט מען עס ניט געווען ארונטערגעשלונגען אַזוי לייכט. ס׳וואָלט געווען ארויסגערופען אַ גאַנצען סקאַנדאַל. ס׳וואָלטען זיך געהערט געשרייען: שווינדלער! פאַרפירער!

אָבער — קרייזלער׳ן האָט מען עס מוחל געווען. מען האָט די גאַנצע געשיכטע פאַרוואַנדעלט אין אַ מין שטיפעריי פון אַ געניוס, וואָס קאָן זיך דערלויבען צו טאָן אַזוינס, וואָס ביי אַ געוויינליכען בשר ודם וואָלט עס געווען אַ פאַרברעכען.

דער פּיאַניסט האָט דערמאָנט דעם פידעל־שפּילער אין אָט דער האַלב־פאַרגעסענער געשיכטע און געוואָרענט אים צו זיין פאָרזיכטיג מיט זיין אַנטדעקונג. ער האָט דערביי צוגעגעבען, אַז אויב מען האָט קרייזלער׳ן פאַרגיבען, מיינט עס ניט, אַז עס וועט אים אויך אָפּ־גליקען, אויב עס זאָל זיך ארויסווייזען, אַז די קאָמפּאָזיציע פון זעכצענטען יאָרהונדערט, איז געשאַפען געוואָרען פון אַ כיטרען, קונציגען קאָמפּאָזיטאָר אין ניו יאָרק.

דער שמועס איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדער מוזיקאַ־לישען ענין. דאָס האָט אַנגעהאַלטען אַזוי דעם גאַנצען אָוועגט.

איך בין געזעסען די גאַנצע צייט און געשוויגען. ווארים — וואָס האָב איך געהאַט צו זאָגען?

די אַנדערע האָבען זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט, ווי איך וואָלט אין דעם צימער ניט געווען. אויב איינער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און מיך באַמערקט, האָט זיין בליק אויסגעדריקט דערשטוינונג, ווי ער וואָלט מיך נאָר־וואָס דערזען. דער בליק האָט אויך געפרעגט: ווער איז ער, אָט דער מענש? וואָס טוט ער דאָ צווישען אונז?

איך האָב זיך גענומען פילען אַלץ מער ווי אַן אַנגעטוענער, וואָס פאַרברענגט צווישען נאַקעטע אין אַ שוויצבאָד.

ענדליך האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אויפגעהויבען. מיין פריינט, דער בעל־הבית, האָט עס באַמערקט. דער שמועס איז אויף אַ ווייל איבערגעריסען געוואָרען.

„איר גייט שוין?" — האָט דער בעל־הבית אַ פרעג געטאָן.

„יאָ, שוין צייט!"

„איך וויל האָפען, אַז איר האָט פאַרבראַכט אַן אָנגענעמען אָוונט..." — האָט ער באַמערקט, באַגלייטענדיג מיך צו דער טיר.

„געוויס! זעהר אָנגענעם!..." — האָב איך געליגנערט, און אים באַדאַנקט פאַר דער איינלאַדונג...

דער אָוונט ביי מיין פריינט דעם פידלער האָט פאַרשטאַרקט מיינע אַן אַלטע איבערצייגונג, אַז בינע־מענשען: וויאָליניםטען, פיאַ־ניסטען, קאָנצערט־זינגערס, אַקטיאָרען — זענען די גרעסטע עגאָ־צענטריקערס און — דערפאַר — די באַגרענעצסטע מענשען אויף גאָט'ס ערד...

פאַר איינעם, וואָס דערשיינט אויף אַ בינע און וואָס לעבט מיט'ן אַפּלאָוז פון פובליקום, זענען די דלת־אמות'דיגע בינע־ברעטער דער גאַנצער אוניווערז.

ער אַליין, ווידער, וואָס שטייט אויף דער בינע, איז דער צענטער פון אוניווערז.

אויף יענער זייט בינע שפּרייט זיך גאָט'ס וועלט מיט אַלע ברכות און קללות: עס קומען פאַר מגפות, טויט שפּאַנט איבער דערפער און שטעט, עס זינגט אויף פרייד, מענשען דערזעען זיך אין עקסטאַז, עס ברעכען אויס מלחמות און רעוואָלוציעס, עס גייען אונטער אַלטע וועלטען — און נייע ווערען אויפגעבויט אויף די חורבות.

דער בינע־מענש: דער אַקטיאָר, דער שפּילער, דער זינגער — זיי באַמערקען עס זעלטען.

זייער וועלט איז אַן ענגע, אַן אָפּגעשלאָסענע.

זייער פעלד איז קאָנצענטרירט צווישען די בינע־ווענט, וועמעס שטח איז אָפט נישט גרעסער ווי דער שטח פון אַ געפענגעניש־צעל.

אין אָט דער געפענגעניש־צעל לעבט זיך אויס דער בינע־מענש אַזוי לאַנג ווי ער געפינט זיך דאָרטען.

נעמט אים אַוועק פון דער בינע — און ער איז ווי איינער, וואָס האָט יאָרען און יאָרען פאַרבראַכט אונטער ריגעל און שלאָס, און וואָס נאָכדעם ווי מען האָט אים באַפרייט, ווייסט ער ניט וואָס צו טאָן מיט זיין פרייהייט...

איך דערמאָן זיך וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערען פון דעם פאַרשטאָרבענעם, אומפאַרגעסליכען נחום צמח, דער שאַפער פון דער „הבימה", מיט וועמען איך בין געווען זעהר נאָענט. נחום צמח איז גראָד געווען אַן אויסנאַם צווישען שוישפּילער מיט דעם, וואָס ער

האָט פאַרמאָגט אַ געזעלשאַפטליכען חוש און אַ טיף-נאַציאָנאַלע אחריות. דאָס לעצטע איז געווען די טרייב-קראַפט אין זיין שאַפען און בויען די „הבימה”, פאַר וועלכער ער האָט געבראַכט אַזוי פיל קרבנות.

פונדעסטוועגען האָט צמח צו מיר איינמאָל אַ זאָג-געטאָן, ווען איך האָב אים געטראָפען אין אַ באַזונדערס-געדריקטער שטימונג און האָב געפרעגט ביי אים: וואָס ס'איז געשען.

„וואָס פרעגט איר וואָס ס'איז געשען? איך בין ניט אויף דער בינע, און ווען אַן אַקטיאָר איז ניט אויף דער בינע — לעבט ער ניט...” — האָט צמח באַמערקט, און זיינע דיקליכע ברעמען האָבען זיך נאָך מער צעשאָטענט איבער זיין רונד, עקספּרעסיוו פּנים.

ווי געזאָגט, איז דאָס זעלביגע ניט נאָר מיט אַקטיאָרען, נאָר מיט בינע-מענשען בכלל: אפילו מיט רעדנער. איך האָב איינמאָל באַזוכט דעם פאַרשטאָרבענעם „מטיף לאומי”, צבי הירש מאַסליאַנסקי, ווען ער איז שוין געווען אָפּגעשיידט פון דער בימה און האָט דערצויגען די לעצטע יאָרען אין זיין היים אין באָראָ-פּאַרק. ווען איך האָב אים געפרעגט ווי ער פילט, האָט ער אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיין וואַלדיגען קאָפּ האָר און באַמערקט מיט אַ ווייטאָגדיגען שמייכל:

„ווי קאָן פילען מאַסליאַנסקי, ווען ער קאָן ניט דבר'ן פאַר'ן עולם...”

מיט'ן אויסדרוק „דבר'ן” האָט דער פלאַמיגער פאָלקס-רעדנער געוויצעלט זיך אויפ'ן אייגענעם חשבון, ער האָט דערמיט דערמאָנט אין דער צייט ווען די צוויי ווערטער „מאַסליאַנסקי ידבר” זיינען געווען צווישען די פּאָפּולערסטע אויף דער אַמאָליגער אידישער גאַס.

און ניט נאָר בינע-מענשען זיינען עגאָ-צענטריקער, נאָר אויך קינסטלער אויף אַנדערע געביטען, ווי אַ שטייגער מאָלער.

מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען אין אַן אָרט, וואו עס קומען יעדען זומער מאָלער מכל פינות אַמעריקע.

מ'קומט אַהער, ווייל: די ים-בוכטע, וואָס בייט און מיניעט זיך אין אַלע פאַרבען פון רעגענבויגען, די פישער-שיפען מיט זייערע פון ווינט-געשמיסענע פאַרוסען און לופטיגע מאַסטען, וואָס לאָזען זיך אַרויס פאַרטאָג מיט זייערע נעצן און קומען צוריק ווען די זון גיסט-אויס איר לעצט שעפל גאָלד אין מערב, פולע, אָנגעלאָדענע; היינט דאָס שטעטעל אַליין, די הייזקעס מיט זייערע בלומענגערטלעך, וואָס שאָטענען זיך אונטער'ן שוץ פון אַלט-אַלטעביימער, — דאָס אַלץ וואָס מ'זעט דאָ בעט זיך ממש: „מאָלט אונז! שענקט אונז אייער לייווענט און אייערע פאַרבען!! זאָל די וועלט זען ווי שיין מיר זיינען און הנאה האָבען פון אונזער פראַכט”.

איז מיר אויסגעקומען אַריינצופאַלען אַ פּאָר מאָל אין דער געזעל-

שאפט פון מאָלער, און וואָס זאָל איך אייך זאָגען? מיין דערפאַרונג איז געווען די זעלביגע ווי אין דעם אָוונט ביי מיין פריינט דעם קינסטלער.

אַלץ וואָס איך האָב געהערט איז געווען: ווידעראַמאָל פּיקאַסאָ און אָבער־אַמאָל סעזאַן, אָדער צו מיין אויער האָבען זיך דערטראָגען פראַזען און אויסדרוקען, וואָס האָבען פאַר מיר געקלונגען ווי אַבראַ־קאַדאַבראַ, ווי למשל: „אַבסטראַקטע מאָלעריי... אינטראָספּעקטיווע צייכנונגען"... און נאָך און נאָך...

איינער, וואָס איז, ווי איך, ניט קיין מאָלער, האָט געפּרואווט דערמאָנען דעם קריג אין קאָרעאַ, די מעגליכקייט פון אַ קריג מיט סאָוועט־רוסלאַנד, די אַטאָם־באָמבע, — האָבען די מאָלער אים אָנגע־קוקט ווי אַ ווילדען.

דער מענש האָט זיך פאַרשעמט און איז אַנטשוויגען געוואָרען.

וויל איך ניט זאָגען, אַז אַלע אַקטיאָרען, מאָלער און מוזיקער זיינען אַזוי. פאַראַן אויסנאַמען. אין די שאַפונגען פון די אמת־גרויסע קינסטלער הערט זיך דער פּולס פון דער מענשהייט, וואָס איז, ווי געטע און היינע, געפאַנגען געוואָרען פון דער ניט־באַצווינגענדיגער געשטאַלט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און געזען אין אים דעם מוטיגען צעשטערער פון דער אַלטער, פאַרשימעלטער אייראָפּע, ער האָט אין זיין „העראָיקאַ" געגעבען אויסדרוק צו די האָפנונגען און חלומות פון אַ נייער וועלט, וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געדאַרפט ברענגען.

איך האָב אָבער דאָ אין זין ניט די קרעאַטיווע קינסטלער, נאָר די קונסט־פאַרמיטלער און קונסט־אויסטייטשער, די שוישפּילער, זינ־גער, פידלער, פּיאַניסטען א.אַ.וו.

זייער וועלט איז שמאָל, באַגרעניצט.

איך האָב פריער אויך דערמאָנט עגאָ־צענטרישקייט. פון דעם ליידן ניט נאָר די בינע־מענשען, נאָר אויך פּאָעטען, נאָוועליסטען. מאַקס נאָרדוי האָט אַמאָל אָנגעוויזען אויף דעם. ער האָט עס באַצייכנט אַלס איינע פון די פּאַטאָלאָגישע סימפּטאָמען וואָס זיינען כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר אַ סך באַרימטע, שאַפערישע מענשען אין דער ליטעראַטור און קונסט.

אַן אַנדער דערשיינונג, וואָס מיר האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען איז דעם מאָלערישען שטעטעל איז, וואָס יעדער איינער שפּילט זיך מיט פאַרבען.

אין שאָטען פון יעדען קוסט און בוים זיצען מענער, פרויען, יונגע, אַלטע, מיט מאָלברעטער און פאַרבען און מאָלען.

איך האָב זיך באַקענט מיט אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט אַ ווייב אַ מאָלערין. זי פאַרברייננט טאָג ווי נאַכט מיט לייוונט און פאַרבען.

זי גייט שלאָפֿען מיט פּיקאַסאָ'ן און כאַפּט זיך אויף מיט קאַנדינסקי'ן.

איר מאַן, דער אָרימער לאַקש, האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער איז אויסגעגאַנגען פֿון לאַנגווייל. איינמאָל האָט דאָס ווייב צו אים אַ זאָג געטאָן:

„גיי און קויף לייוועַנט און פֿאַרבען און מאָל! ווּעסטו זיך ניט נודיען..."

ער האָט זי געפֿאָלגט. איצט עסט זי, דאָס ווייב, זיך אויף אַ לעבעדיגע, ווייל דער אַדוואָקאַט האָט צו זיין דערשטוינונג און דער דערשטוינונג פֿון זיינע פֿריינט אַנדעקט, אַז ער האָט אייגענטליך זיין גאַנץ לעבען געדאַרפֿט זיין אַ מאָלער. קונסט-מבינים זיינען באַגייסטערט פֿון זיינע מאָלערייען. ער רעדט שוין פֿון אַן אויסשטעלונג. זיין פֿרוי, ווידער, וועלכע האָט זיך געהאַלטען פֿאַר אַן אייגענאַרטיגער מאָלערין, קאָן עס ניט איבערטראָגען. זי פֿאַרגינט פּשוט ניט איר מאַן. איך וועל ניט איבעררּאַשט ווערען ווען עס וועט קומען צו אַ גט.

ניט אַלע, נאַטירליך, מאַכען אין זיך אַזעלכע אַנדעקונגען ווי דער לאָיער, אָבער — אַלע מאָלען. יונג און אַלט, קינד און קייט.

זאָלט איר ניט איבעררּאַשט ווערען, ווען איר וועט הערען היינט-מאָרגען, אַז אויך איך בין געפֿאַלען אַ קרבן פֿון דער מגפה וואָס הייסט מאָרלעיי.

## דער לעצטער פֿון די אידישע טרובאַדאָרען

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען שלמה שמולעוויטש, דער לעצטער פֿון די אידישע טרובאַדורען פֿון דער אַמאָליגער איסט-סאַיד, איז עס געווען אין „אגיד'ס מוזיק האָל", אויף די גאַסען ברום און גרענד.

דער גרויסער, קויטיגליכער זאַל איז געווען געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. אין דעם בלויליכען פּאַספּאָר-ליכט פֿון די לאָמפּען האָבען די מענער און פֿרויען, וואָס האָבען אויסגעפּילט יעדען ליידיגען פּלאַץ, געקראָגען אַ פֿאַנטאַסטישען אויסזען. אין דער לופֿט איז געהאַנגען אַ נעפּל, און רויך-רינגען האָבען זיך געקנוילט. פֿונ'ם נעפּעל האָט זיך אַרויסגעשיילט אין אַן אויסטערליש, גראָטעסק געשטאַלט, דער אַמאָליגער אימיגראַנטען-עולם: די אידען אין די שוואַרצע „דוירבים", די „באָיעם" אין פּאַצעטישע שוואַרצע אַנצוגען, מיט די גאָלדענע „וואַטש און טשעינס" — די קייט אויסגעלייגט אויףביידע זייטען פֿון זשילעט, די האָר גלאַנציג פֿון פּאָמאַדע און פֿאַרקעמפּט מיט אַ שריינט. ביי זייער זייט — די מיידלעך, לייכט-אָנגעפּודערטע, מיט אַ שאַרפֿליכען אַראָמאַט פֿון פּאַטשולי-זייף, די פֿריזורען הויך פֿאַרקאַמט, און גרויסע ביינערנע, מיט בלישטשענדיגע שטיינדלעך באַזעצטע,

קאַמען אין די האָר.

ס'איז געווען אַ פרייליכער שבת־צו־נאַכטיגער אימיגראַנטען־עולם וואָס איז געקומען פאַרברענגען אַן אָוונט נאָך אַ שווערער וואָך אַרבעט אינ'ם „סוועט שאַפּ". מאָרגען, זונטאָג, האָט מען געקאָנט שלאָפען לענגער און אויסרוען די מידע ביינער.

אין דער אַלטער היים, פון וואַנען מ'איז ניט לאַנג געקומען, אין די קליינע שטעטלעך פון פוילען, ליטע, גאַליציע, האָט מען ניט גע־וואוסט פון אַזוינע פאַרוויילונגען. טעאַטער־פאָרשטעלונגען האָבען באַלאַנגט צו די ווייטע, פאַנטאַסטישע גרויסשטאָטישקייטען, פון וועלכע מ'האָט נאָר געקאָנט חלומ'ען.

איז דערפאַר „אגיד'ם מוזיק האָל" געווען אַ מין צויבער־לאַנד פאַר אָט דעם אימיגראַנטען־עולם.

ווי איך האָב שוין דערציילט, איז דאָס פּראָגראַם אין די אַמאָליגע מוזיק־האָלס אויף דער איסט־סאַיד באַשטאַנען פון „סינגל טוירנס", דאָס הייסט: איינצעלנע נומערן, אין וועלכע עס זענען אויפגע־טראָטען אַקטיאָרען, זינגערס און קונצענמאַכערס. אינמיטען איז גע־קומען אַן איינאַקטער אָדער „סקעטש".

געדענק איך דעם „סקעטש", וואָס מ'האָט אויפגעפירט יענעם אָוונט. אין דעם „סקעטש" האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ פאַמיליע־טראַגעדיע, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט'ן לעבען אויף דער איסט־סאַיד.

אָט איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרען. אויף דער בינע האָט זיך באַ־וויזען אַ דיקליכער, לייביגער מאַן, מיט אַ פול, רונד פּנים און גע־דיכטע, פאַרשנורעוועטע וואָנצעס. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פראַק. פון זשילעט האָט אַרויסגעבלישטשעט די ברייט־געפלאָכטענע גאָלדענע קייט. פון זיין אַרטיסטישען קראַוואַט, וואָס האָט באַדעקט די אָנגעקראָכמאַלעטע ברוסט פון ווייס־פעכעלדיגען העמד, האָט אַרויסגעפינקעלט אַ גרויסע שפּילקע.

דער מאַן איז געבליבען שטיין אין צענטער פון דער בינע און באַטראַכט דעם עולם, שווייגענדיג, פאָרשענדיג, ווי אַ דיריגענט באַטראַכט זיין אָרקעסטער. ס'איז געווען ווירדיגקייט אין זיין פּאָזע און מינע, ווי ער וואָלט געפילט, אַז ער באַהערשט דעם עולם. דאָ און דאָרטען האָט זיך דערהערט אַ שטיל געמורמעל: „דאָס איז שמולעוויטש... שלמה שמולעוויטש..."

שמולעוויטש האָט זיך געווענדט צום עולם מיט אַ קורצער רעדע. ער האָט צוערשט דערציילט וואָס ער גייט זינגען. דערנאָך האָט ער פאַרלאַנגט מיט אַ שטרענגען טאָן, אַז מען זאָל זיך האַלטען רוהיג, ס'זאָל זיין שטיל. „און", — האָט ער צוגעגעבען, „ס'איז שוין צייט, אַז אונזער עולם זאָל זיך אויפפירען אין טעאַטער ווי ציוויליזירטע

מענשען און ניט ווי פרייטאג אין באָד, אויף דער אויבערשטער באַנק".

דער עולם האָט אויפגענומען גוטמוטיג די פּאַרציע מוסר. ס'האָט זיך געפילט אין זאַל אַ רעספּעקט צו דעם אימפּאָזאַנטען מענשען אויף דער בינע. ס'איז אויך געווען קענטיג, אַז ער איז זיי נאָענט, אַז ס'איז נישט ס'ערשטע מאָל, וואָס זיי זעען אים, און אַז זיי ווייסען וואָס זיי קאָנען פון אים דערוואַרטען.

האָט שמולעוויטש דערנאָך גענומען זינגען זיינע לידער, וואָס האָבען אים געמאַכט אַזוי באַליבט ביים אידישען עולם.

צוערשט זענען געקומען זיינע לידער, וואָס מען האָט שוין דעמאָלט געזונגען אין טויזענטער אידישע הייזער, ווי אַשטייגער, „דאָס טלית'ל", אָדער „דאָס תהילים'ל", צי „אַ בריוועלע דער מאַמען" — איינס פון די פּאָפּולערסטע לידער ביים אימיגראַנטען־עולם; אַ ליד, ביי וועלכען טייכען טרערען זענען פאַרגאָסען געוואָרען. אָדער די אַנדערע לידער זיינע, ווי: „אַל תשליכנו לעת זקנה", „ויתן לך".

חוץ אָט די ערנסטע, טרויעריגע לידער, האָט שמולעוויטש אויך געזונגען לידער מיט אַ קאָמישען, אויך סאַטירישען אינהאַלט, ווי „דער הערינג" — אַ ליד, אין וועלכען ער האָט געשילדערט טיפּען, ווי אַן „אַקטיאָר אַ פּורצע", וואָס פּוצט זיך אויס און וויל שפּילען די ראָל פון גרויסען דראַמאַטישען שוישפּילער, אָדער אַן „אַלראַיט־ניק" — אַ כאַם, וואָס ווערט אין אַמעריקע אַ שול־פּרעזידענט און שפּילט די ראָל פון אַ לאַנדס־חכם, און אַנדערע.

שמולעוויטש פירט אויס, אַז וויפיל אָט די פּאַרשוינען זאָלען זיך ניט באַמיען צו דערשיינען אין אַ ראָל, פּאַר וועלכער זיי זענען ניט צוגעפּאַסט, וועט זיך עס זיי ניט איינגעבען, ווייל —

אַ הערינג אָדער ר' הערינג
שמעקט מיט הערינג נאָך!
און בעל־העגלה — אין בעל־העגלה
שטעקט דער בעל־העגלה נאָך —
דער הערינג הערט זיך דאָך!

אָדער אַן אַנדער קאָמיש ליד — „קומט צום פּאָינט". אין אָט דעם ליד מאָלט שמולעוויטש אַ טיפּ, וואָס איז גוט באַקאַנט אין אידישע פּאַראיינען און חברות. דאָס איז אַ איד, וואָס פאַרנודיעט דעם עולם מיט זיינע רעדעס און וואָס פּלאַפּלט אָן אַ סוף, ווענדט זיך שמולע־וויטש צו אָט דעם אידען און זאָגט אים —

קומט צום פּאָינט! מאַרודעט ניט!
מיסטער־לעבען, נודיעט ניט!
איר פאַרקריכט — ווער ווייסט וואוהין.
קיין געוויכט האָט און קיין זין —
אייער גאַנצע פּלאַפּלעריי;

פאַרלירען צייט איז ניט כדאי.
וואָס מען דאַרף און וואָס עס לוינט,
איז קורץ און שאַרף — צום פּאָינט...

האָט דער עולם געהאַט ניט ווינציג הנאה פון אָט די קאָמישע לידער, ווי פון די טרויעריגע. מ'האָט געקייכט פון געלעכטער, פּונקט ווי מ'האָט פריער פאַרגאָסען טרערען, בעת שמולעוויטש האָט געזונגען „אַ בריוועלע דער מאַמען", „דאָס תהילים'ל" אָדער „דאָס טלית'ל".

שפּעטער האָב איך געהערט שמולעוויטש'ן ביי פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען. יעדעס מאָל, ווען ער איז אויפגעטראָטען מיט זיינע לידער, האָט מען אים אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג.

ס'איז געווען עפּעס ניט נאָר אין די ווערטער פון זיינע לידער, נאָר אויך אין זיין זינגען, וואָס האָט אָנגערירט אַ סטרונע אין הארצען פון זיינע צוהערערס.

שמולעוויטש האָט, אגב, אין זיינע יונגע יאָרען פאַרמאָגט אַ פיינע באַריטאָן-שטימע, מיט'ן ווייך-מעטאַלענעם קלאַנג פון אַ טענאָר. ער האָט אויך אַריינגעגאָסען אַ סך הארציגקייט אין זיין געזאַנג.

שמולעוויטש'ס לידער זענען געזונגען געוואָרען פון עטליכע דורות אידען ניט נאָר דאָ אין אַמעריקע, וואו די מערסטע פון זיינע לידער זענען געווען באַזונדערס אַקטועל, ווייל זיי האָבען אויסגעדריקט די געפילען און איבערלעבונגען פון אימיגראַנט. אויך אין פּוילען, אין ליטע, אין גאַליציע האָבען אידען געטראָגען טיכלעך צו די אויגען, ווען זיי האָבען געהערט דער מאַמע'ס געבעט צו איר זון אין „אַ בריוועלע דער מאַמען":

„מיין קינד, מיין טרייסט, דו פאָרסט אַוועק —
זע, זיי אַ גוטער.
איך בעט מיט טרערען און מיט שרעק
דיין טרייע, ליב מוטער...
„דו פאָרסט, מיין קינד, מיין איינציג קינד,
אַריבער ווייטע ים'ען...
אַך, קום אַהין — נאָר פריש, געזונט
און ניט פאַרגעס דיין מאַמען..."

און זעהר ווינציג אויגען זענען געבליבען טרוקען, ווען מ'איז געקומען צום סוף פון ליד. דער דיכטער דערציילט אונז, אַז די מאַמע איז שוין טויט. דער זון, וואָס האָט דורך דער צייט געהייראַט, געוואָרען רייך און פירט אַ רחבות'דיג לעבען אין ניו יאָרק, „די שטאָט פון רחמנות" — ער האָט פאַרגעסען אין דער מאַמען. און אָט קריגט ער אַ בריוועל, אין וועלכען מען לאָזט אים וויסען, אַז די מאַמע לעבט שוין ניט:

„דיין מוטער טויט — עס איז געשען.
אין לעבען האָסטו זי פאַרזען...
דאָס איז איר לעצטער וואונש געווען:
אַ קדיש׳ל דער מאַמען —
זאָלסטו ניט פאַרגעסען...״

די אַנדערע לידער, וואָס האָבען געמאַכט שמולעוויטש׳ן פּאָפּולער ביים אידישען אימיגראַנטען-עולם, ווי „דאָס תהילים׳ל״, „דאָס טלית׳ל״ און איינִיגע אַנדערע, זענען פון אַ אידיש-נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, און האָבען געפונען אַ באַזונדערען אָפּקלאַנג ביי די איינגעוואַנדערטע אידען, וואָס האָבען אויך דאָ, אין דער נייער וועלט, געקלאַמערט זיך אין די אַלטע טראַדיציעס.

אין „טלית׳ל״ שילדערט פאַר אונז שמולעוויטש דאָס לעבען פון אַ פאַרצייטיגען אידען — „פון וויגעלע ביז׳ן קבר״:

„דאָס טלית׳ל איז די טייערסטע זאַך,
וואָס געהערט צו דעם אידען,
וואָס גיט דעם איד אַ האָפנונג אַ סך,
וואָס ברענגט אין זיין לעבען אים פרידען.
„אַך, טייערער טלית, ביסט אונזער טרייסט,
פיל תפילות הערסטו זיך איין.
פון אַלע ביטערע הערצער דו ווייסט —
פילסט גאַנץ גוט דעם אידענ׳ס פיין...״

זענען אָט די אַלע לידער ווייט פון פּאָעזיע. ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען, האָט דער פּאַרפאַסער זייערער, ווי די אַנדערע פון זיין דור, ניט פּרעטענדירט אויף דער קרוין פון פּאָעט. די דאָזיגע לידער האָבען אָבער געוואונען דאָס הארץ פון די אידישע מאַסען. דאָס גיט אונז אַ באַגריף פון דער מענטאַליטעט פון די איינגעוואַנדערטע אידען פון אַ האַלבען יאָרהונדערט צוריק און פון די געפילען און איבער-לעבונגען, וואָס האָבען געדרעגט זייער געמיט.

## אַ באַגעגעניש מיט ערנסט בלאָך

איך וויל דאָ איבערגעבען אַן אינטערעסאַנטען שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט בלאָכ׳ן אַ שטיקעל צייט צוריק, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפען אויף איין שיף, אויף זיין וועג קיין איירָאָפּע.

ס׳האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, דאָס פּונקט אין דער וואָך ווען איך האָב פאַרלאָזט אַמעריקע, האָט דער מוזיק-קריטיקער פון דער ניו יאָרק „טיימס״, אָלין דאַונס, געהאַט אַן אַרטיקעל וועגען די נייע אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרען, וואָס האָבען זיך באַוויזען אין די לעצטע יאָהרען. דאַונס האָט אויסגערעכענט אַ גאַנצען צעטעל פון

יונגע מוזיקער, וואָס שאַפֿען נייע ווערטען אין דער אַמעריקאַנעד טאָן־קונסט. ער האָט צווישען זיי אויך דערמאָנט דעם נאָמען ערנסט בלאָך און האָט איהם באַצייכענט פֿאַר דעם גרעסטען „אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר”, וואָס מיר פֿאַרמאָגען היינטיגען טאָג.

פֿאַר איינעם וואָס קען בלאָכ׳ן און איז באַקאַנט מיט דעם כאַראַק־טער און גייסט פֿון זיינע שאַפֿונגען, איז געווען אַ שעהן ביסעל קאָמיש צו לייענען אָט די באַצייכענונג, וואָרים מיר קענען איהם גראָד פֿאַר אַ קינסטלער, וואָס איז דורך און דורך אידיש. אַלע זיינע קאָמפּאָ־זיציעס, ווי „איזראַעל”, „שלמה” און אַנדערע זענען אידיש־נאַציאָנאַל ניט בלויז אין טיטעל און טעמע, נאָר אויך אין טאָן און פֿאָרנעם, אין דער ביבלישער הערליכקייט און גראַנדיעזיקייט, וואָס קלינגט פֿון זיי אַרויס. פֿאַר דער אַמעריקאַנער קריטיק איז ער אָבער אַן „אַמערי־קאַנער מוזיקער”. איז אפשר נישטאָ וואָס צו וואונדערן זיך אויף דעם, וואָרים מיר זענען שוין צוגעוואוינט צו אָט די קוריאָזען. אָט האָט מיר, למשל, מאַקס בראָד שפּעטער דערציילט, ווען מיר האָבען זיך באַגעגענט אין פּראַג, ווי ער, סטעפֿאַן און אַרנאָלד צווייג, וועלכע זענען אגב ניט קיין ברידער, ווי מ׳דענקט, ווערען אָוועקגעשטעלט פֿון דער טשעכישער קריטיק אויפֿ׳ן חשבון פֿון דער טשעכישער ליטע־ראַטור, כאָטש אין אמת׳ן זענען זיי אידישע קינסטלער, אויך ציוניסטען, איבערהויפּט מאַקס בראָד, און זיי שאַפֿען ניט אין טשעכיש, נאָר אין דייטש.

מיין באַגעגעניש מיט בלאָכ׳ן איז געווען אַן אומדערוואַרטעטע. איך האָב זיך אויף איהם ניט גערעכנט. אויף דעם דריטען טאָג, נאָך דעם ווי מיין שיף איז אָפּגעשוואומען פֿון די אַמעריקאַנער ברעגען, האָב איך, געטריבען פֿון מיין זשורנאַליסטישען נייגיר, גענומען דורכקוקען דעם צעטעל פֿון די פּאַסאַזשירען. אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער וועל איך דאָ אינמיטען ים, קאָנען אַרויספֿישען עפּעס אַ וויכטיגען העכט פֿאַר מיין זשורנאַליסטישער סקאָוואָדע. און אָט איז מיין אויג געפֿאַלען אויף דעם נאָמען „ערנסט בלאָך”. בלאָך מיט מיר אויף איין שיף? ס׳איז אינטערעסאַנט. מ׳דאַרף מיט איהם כאַ־פּען אַ שמועס. ער איז אַ פֿיינער אידישער קינסטלער און ס׳איז כדאַי צו הערען וואָס ער האָט צו זאָגען. איך בין איהם געגאַנגען אויפֿזוכען אין זיין קאַיוטע. אויף מיין קלאַפּ אין טיר האָט קיינער ניט גע־ענטפֿערט. בין איך אַרויס אויפֿ׳ן דעק, וואו פּאַסאַזשירען האָבען אַרומגעשפּאַצירט. איך האָב זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען, באַטראַכט דעם עולם, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט יענער רוהיגקייט און געמיטליכקייט, וואָס מ׳זעהט נאָר ביי ים־רייזענדע, און די וואָס זענען אויף זייערע שטולען געווען אויסגעצויגען, באַשיצט זיך מיט די וואָלענע פּלעדען פֿון דעם שאַרף־זאַלציגען ווינט, און אויסגעזעהן

וואַקסיק-געל אין די גרויע נעפּלען, וואָס האָבען דורך די נידעריגע וואָלקענס זיך געזייט. מיין אויג איז געפאַלען אויף אַ פיגור, וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון דעם לאַנגען, שמאָלען דעק, וואָס ציהט זיך ביים קאַפּיטאַנ׳ס בריקעל. פון די פּאַרטרעטען, וואָס איך האָב פריער געזעהן, האָב איך באַלד דערקענט, אַז דאָס איז ערנסט בלאָך. ער איז אַן אימפּאָזאַנטע פיגור, אַ שאַרף-קאַנטיגע און מ׳קאָן וועגען איהם קיין טעות ניט מאַכען. ער איז געשטאַנען מיט זיין גאַנצער מאַסיווקייט און ברייטאַקסעלדיגקייט, ווי אַ סטאַטוע פון בראָנז. זיינע לאַנגע האָר האָט דער ווינט געשויבערט און פאַרדעקט די נאַקעטקייט פון שאַרבען אין פראָנט, וואָס האָט זיך ערשט שפּעטער פאַר מיר אַנטפּלעקט. דאָס ברייטע פּנים איז פון אַ גרויליך-שוואַרצער באָרד אַרומגענומען. די אויגען, גרויסע, נאַכטיג-טונקעלע, דורכדרינגענדיגע. אונטער די בושיגע ברעמען הויפּענען זיך פאַרדעכטיגע קישעלאַך. ער איז געשטאַנען אָנגעלעגט אויף דעם אָרעם פון אַ גאָר יונגער דאַמע, אַ ברונעטע ווי אַ מולאַטין, אַ שפּיציג-נאָזיגע און שוואַרץ-אויגיגע. איהרע פעכיג-שוואַרצע האָר זענען געווען אַרומגעכאַפּט פון אַ רויטען שאַל, ווי פון אַ טורבאַן. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז דאָס געווען זיין טאָכטער.

איך האָב זיך פאַר איהם פאָרגעשטעלט און דער פאָדים פון אונזער שמועס האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַרביג שפּינען. כ׳האָב ביי איהם אַ פרעג געטאָן, ווי ער האָט אויפגענומען, וואָס מ׳האָט איהם לעצטענס פּראָקלאַמירט פאַר דעם „גרעסטען אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר”? ער האָט אַ שמייכעל געטאָן. דאָס איז געווען אַ קרענקליכער שמייכעל, וואָס האָט זיך לענגער פאַרהאַלטען ביי די ווינקלען פון זיינע פליישיגע, סענסיטיווע ליפּען. „איך, אַן אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר?” האָט ער אַ זאָג געטאָן, וואָרפענדיג די פראַגע ווי ניט צו מיר, נאָר צום ים, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר די אויגען, ווי אַ מוטנע-גרויע, פּויל-פליסיגע מאַסע. „ס׳איז אמת, אַז איך האָב געלעבט פערצעהן יאָהר אין אַמעריקע, און איהר ווייסט וואָס ס׳הייסט לעבען פערצעהן יאָהר אין אַמעריקע? איהר ווייסט? אפשר ווייסט איהר ניט. פאַר מיר האָט עס געמיינט לעבען פערצעהן יאָהר אַ קראַנק, טומעלדיג לעבען, אין אַ סביבה, וואו דער גייסט ווערט צעריבען און די נשמה האָט ניט קיין רוה. אַמעריקע — וואָס מיינט פאַר איהר דער מענש? דער יחיד? גאָרניט! אַ פּשיטא שוין דער קינסטלער, די שעפערישע פּערזענליכקייט. אַמעריקע איז אַ מאַשין, די הערשאַפט פון אויטאָמאַטאָן”. ס׳איז געווען אַ סך ביטערקייט אין זיינע רייד און אַ כעס, אַ פאַרבאָרגענער און אַ לאַנג איינגעהאַלטענער, האָט פון זיי אַרויסגעשפּאַרט. ער האָט דערפיהלט, אַז איך פאַרשטעה עס און באַמערקט: „כ׳בין מיד און קראַנק. נאָך פערצען יאָהר לעבען אין אַמעריקע קאָן

עס אָבער אַנדערש ניט זיין. ס'איז קאָמיש צו רעדען וועגען מיר אַלס „אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר". כ'בין אַ אידישער קינסטלער, איך באַמיה זיך אַרויסברענגען די אידישע נשמה, איבערהויפּט די אַלט־ביבלישע, וואָס לעבט און ווירקט אין אונז און באַזעלט אונז אויף אונזער גאַנצען געשיכטליכען וועג. מ'קאָן איבערהויפּט ניט רעדען וועגען אַן אַמעריקאַנער קונסט. אַט וויל מען די נעגערישע מעלאָדיעו, די „ניגראָ ספּיריטשועלס", אָדער די אינדיאַנישע מאָטיוועו, דער־קלערען פאַר עכטער אַמעריקאַנער פאָלקס־קונסט. דאָס זענען אָבער אין אמת'ען קינסטליכע שאַפונגען. זייער אַזוי־גערופענע פּרימיטיוו־קייט און פאָלקישקייט איז אַ געמאַכטע. זיי האָבען פּונקט אַזוי וויניג צו טאָן מיט אוממיטעלבאַרער פאָלקס־מוזיק, ווי די אידישע פאָלקס־לידער, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערען".

„דענקט איהר, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין אידישע פאָלקס־מוזיק ?" — האָב איך ביי איהם אַ פרעג־געטאָן.

„די אידישע פאָלקס־לידער קאָנען זיכער ניט גילטען פאַר אידישער פאָלקס־קונסט. זיי זענען עס ניט. די מערסטע אידישע פאָלקס־מעלאָדיעס זענען געבאָרגטע ביי די רומענער, אונגאַרן און אפילו ביי די טערקען. ס'איז איינע פון די איראָניעס פון דעם אַזוי־גערופענעם אידישען נאַציאָנאַלען שאַפען אויפ'ן געביט פון מוזיק, וואָס די מע־לאָדיע צו דעם אידישען נאַציאָנאַלען הימן, די „התקוה", איז אַן איבערגענומענע פון אַ ביליגען רומענישען טרינק־לידעל. מען זאָגט, אַז די מעלאָדיע פון דעם ענגלישען נאַציאָנאַלען הימן איז געבוירען געוואָרען אין שענק. דער ענגלישער שענק איז אָבער געווען און איז אַ פאָלקס־אינסטיטוציע. דער שענק, דאָס שלאַכטפעלד, די פייער־ליכקייטען און טרויעריגע געשעהענישען אין לעבען פון יעדען פאָלק האָבען געבוירען פאָלקס־מוזיק. דאָס, זעהט איהר, איז עכט, ווייל ס'קוואַלט אַרויס ספּאָנטאַן פון דער נשמה פון די פאָלקס־מאַסען. ניט אָבער אַזוי איז די אידישע פאָלקס־מוזיק. איין סאָרט אידישע פאָלקס־מוזיק איז אָבער יאָ פאַראַן"....

„וועלכע ?"

„די חסידישע. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט חסידישע נגונים אין ניו יאָרק. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר צען צוריק. דאָס איז געווען אַ שבת פאַרנאַכט. מיין פריינט דר. מאַגנעס האָט מיך מיטגע־נומען אויף אַ שפּאַציר איבער דעם גאַליציאַנער קוואַרטאַל. אויף שעריף סטריט זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ חסידישען שטיבעל. עס איז געווען צו שלוש־סעודות. מיר האָבען אַרויפגעקלעטערט עטלי־כע טרעפּלעך, דורכגעגאַנגען אַ פינסטערען קאָרידאָר, און געלאָזט זיך פירען, ווי בלינדע, פון דעם געזאַנג וואָס האָט זיך פון ערגעץ געטראָגען. מיר האָבען זיך דערזעהן אין אַ „שטיבעל". עס איז געווען בין־

השמשות׳דיג. אַרום לאַנגע טישען זיינען געזעסען אידען. מען האָט זיי קוים געזעהן; די קעפּ און די אַקסלען האָבען זיך מיט דער פינסטער־ניש צונויפגעגאָסען. מען האָט אונז ניט באַמערקט, און אפשר יאָ, נאָר מען האָט זיך אויף אונז ניט אומגעקוקט. מיר האָבען זיך אוועק־געזעצט אין אַ ווינקעל און זיך איינגעהאָרכט אין דעם געזאַנג. איך האָב אַזוינס פריער ניט געהערט. אַזעלכע מעלאָדיען האָט מיין אויער צום ערשטען מאָל פאַרנומען. און אָט אין די מעלאָדיען האָב איך דערהערט דעם געזאַנג פון דער אידישער פאָלקס־נשמה. די מעלאָדיען האָבען זיך געגאָסען ווי אַ קלינגענדיגער שטראָם אין זייער פולער, אומבאַצוואונגענער, פרימיטיווער פּראַכט.

„איך האָב דורך די דאָזיגע מעלאָדיען באַגריפען דעם אמת׳ען באַדייט פון חסידות אַלס פאָלקס־באַוועגונג, אַלס דראַנג צו באַפרייען זיך פון די קייטען פון פענטענדיגען פּלפּול׳יזם און טרוקענעם רבני׳שען דאָגמאַטיזם. די אוצרות פון חסידישער פאָלקס־מוזיק וואַרטען נאָך אָבער אויף זייער קינסטלער־אַנטפּלעקער. און אפשר איז בעסער, אַז מען זאָל זיי לאָזען ווי זיי זיינען. וואָרים ווען מען פאַנגט אָן סטיליזי־רען, באַאַרבייטען, איבערהויפּט ווען דאָס ווערט געטאָן פון דילעטאַנ־טישע הענט, נעמט מען געוויינליך די שאָלעכץ און מען פאַרגעסט אָן דער יאָדרע."

„אָבער וואָס רופט איר, ה׳ בלאָך, אידישע מוזיק, און מיט וואָס דריקט זיך אוים איר אייגנאַרט? און וואָס זיינען די אייגענטימליכ־קייטען פון אייערע אייגענע קאָמפּאָזיציעס?"

בלאָך האָט זיך פאַרטראַכט. דער ברייטער, פיין־געוועלבטער שטערען האָט זיך אין טויזענט און איין קנייטשעלעך צעקאַרבט. און מיטאַמאָל האָט ער געוואָרפען אַ בייזען בליק אין דער זייט און גענומען מיך ציען ביים אַרבעל. איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען. עס איז מיר אָבער באַלד קלאָר געוואָרען. אַ יונגערמאַן, איינער פון די פּאַסאַזשירען, איז געשטאַנען מיט קאָדאַק אָנגעלאָדען, גרייט אָרונטערצוכאַפּען בלאָכ׳ן. „צום טייוועל מיט זיי!" — האָט ער אויסגערופען אינדערהויך. „דאָס איז שוין ניט צום ערשטען מאָל. מען געהט מיר נאָך מיט דעם פאָטאָגראַפישען אַפּאַראַט, ווי איך וואָלט געווען עפּעס אָן עקזאָטישע חיה. קומט אוועק."

מיר זיינען אוועקגעגאַנגען אין אַ ווינקעל און ער האָט אָנגעהויבען:

„איך האַלט, אַז יעדער אידישער קינסטלער מוז געהן צום אור־קוואַל, און דער אורקוואַל איז — די ביבעל. איבערהויפּט דאַרף עס טאָן דער מוזיקער, דער טאָן־קינסטלער. וואָרים מוזיק, אמת׳ע מוזיק, איז ניט קיין פּראָדוקט פון מאָמענט, און ווערט ניט געשאַפען פאַר׳ן מאָמענט. די זעהונגען פון ישעיה, יחזקאל און מיכה המורשתי דאַרפען זיין דער טאָן־שטאָף פאַר דעם אידישען מוזיקער. אויך די ליידען פון

איוב, דער סקעפּטיציזם פון קהלת, די גליענדיגע ליבע און ליידענשאַפט פון שיר השירים, דער טראַגיזם פון איכה, דער פּאַטאָס פון „האזינו השמים” און פון „שירת דבורה”. די ביבעל איז אונזער גרעסטע נאַציאָנאַלע שאַפונג, און ווי יעדע שאַפונג וואָס איז אָנגעקניפּט מיט דער אייביגקייט, איז די ביבעל אוניווערסאַל. דער אידישער מוזיקער, וואָס איז געטריי זיין „איך” און שעפּט פון דעם מקור פון גרעסטען ווערק וואָס מיר האָבען דער וועלט געגעבען, דערהויבט זיך דערפאַר צו אַן אוניוועוירסאַלער הויך. איך האָב עס געפּרובירט אַרויסבּרענגען אין מיינע קאָמפּאָזיציעס, אין מיין „איזראַעל”, „שלמה” און אַנדערע, וואָס זיינען נאָך ניט אויפגעפירט. צי דער פּרואוו האָט זיך מיר איינגעגעבען, בין איך ניט דער, וואָס קאָן אורטיילען. דאָס וואָס איך זאָג וועגען אידישער מוזיק קאָן אויך אָנגעווענדט ווערען אויף אַנדערע קונסט-פאָרמען. אידען האָבען מער ווי אַלע אַנדערע אַן אינסטינקט פאַר אוניווערסאַליזם. אין דעם באַשטייט אונזער גרויסקייט און אויסדערוויילטקייט, דער סוד פון אונזער קיום און — אויך די סיבה פון אונזערע ליידען.”

„זיינט איר צופרידען מיט אייער ערפאָלג?” — האָב איך ביי אים אַ פרעג געטאָן נאָך דעם שטילשווייגען וואָס איז אויף אַ ווייל איינגעטראָטען.

„מיין ערפאָלג?” — ער האָט אַ צי געטאָן מיט די ברייטע אַקסלען, אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער'ן שטערען און זיך אָנגערופען:

„מיר איז אוממעגליך צו ענטפערען אייך אויף אָט דער פראַגע, פונקט ווי עס וואָלט געווען אוממעגליך צו ענטפערען דעם עפּעל-בוים, למשל, ווען ער זאָל קאָנען רעדען, ווען איר זאָלט ביי אים פרעגען, צי ער איז צופרידען מיט די עפּעל וואָס ער גיט אַרויס. דער עפּעל-בוים גיט זיינע עפּעל ניט ווייל ער וויל, נאָר ווייל די נאַטור טרייבט אים דערצו. די עפּעל וואַקסען אויף זיינע צווייגען, צי ער וויל אָדער ניט. אַזוי אויך דער קינסטלער. אומבאַפרידיגונג איז אָבער כאַראַקטערים-טיש פאַר יעדען שעפערישען גייסט.”

מיר האָבען זיך דערנאָך צערעדט וועגען זיין אייגענעם לעבען, זיין יוגענט און אידישע סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך ערצויגען. אָט דער „גרעסטער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר” איז דער אייניקעל פון אַ פּרנס חודש אין דער אַלטער אידישער קהלה לוזאַן, אין דער שווייץ. „איך געדענק דעם זיידען מיט זיין לאַנגער, ווייסער באָרד, וואָס איז זיך צעפּאַלען ווי אַ פּעכער אויף דער שוואַרצער קאַפּאָטע,” האָט ער מיר דערצעהלט, „דער זיידע איז געווען פרום, גאָטספאָרכטיג און געזעסען לאַנגע שעה'ען איבער דער גמרא.” ער האָט ערצויגען דעם אייניקעל אויף זיינע קני, געלערענט אים אַליין דעם אַלף-בית, און דערנאָך דאַווענען און חומש. דער פאָטער איז שוין געווען אַ היינט-

וועלטיגער איד. מען האָט אָבער אָפּגעהיט שבתים און ימים־טובים, גענומען אַ רבי׳ן פאַר׳ן אינגעל. יעדען שבת האָט ער געמוזט געהן דאַווגען מיט׳ן פאָטער אין שוהל. ער געדענקט נאָך, ווי מען האָט אים צוגעגרייט צו דער בר־מצוה, געלערענט אים די הפטורה, וואָס ער האָט געדאַרפט זאָגען שבת ביים אויפרופען אין שוהל. דער הפטורה־ניגון האַלט אים נאָך איצט געפאַנגען. ער ברומט אים שטילערהייט ביי זיך, ווען ער בלייבט ביחידות און נעמט וועבען די כשופ׳דיגע נעץ פון טענער און קלאַנגען, וואָס פאַרכאַפּען אים אין זיינע שאַפונגס־שעה׳ען.

דער ים־ווינט איז געוואָרען שאַרפער, בייסיגער און אַ רעגענדעל האָט גענומען אַריינשמייסען אויפ׳ן דעק. בלאָכ׳ס טאָכטער, אַ דין־בויגיגע, מיט דעם רויטען טורבאַן, וואָס האָט נאָך שאַרפער אונטער־געשטראָכען דעם ברוינעם אָפּגלאַנץ פון איר אויסטערליש, עקזאָטיש פנים, איז צוגעגאַנגען צו אונז און איבערגעשלאָגען העפליך דעם שמועס. זי האָט באַמערקט, אַז עס וואָלט אפשר געווען גלייכער ער זאָל אַרונטערגיין אין דער קאַיוטע, ווייל דער ווינט ווערט שטאַרקער. מיר האָבען זיך דערלאַנגט די הענט און איך בין אוועקגעגאַנגען מיט יענער גייסטיגער געזעטיגטקייט, וואָס מ׳האָט שטענדיג נאָך דעם ווי מען פאַרברענגט מיט אַ פיינער, געשליפענער און עכטער קינסטלערי־שער פערזענליכקייט. און ערנסט בלאָך איז ניט בלויז אַ פיינער קינסטלער, נאָר אויך אַ פיינער איד.

(2־טער נאָוועמבער, 1930)

# באַטראַכטונגען

## די יאַגד נאָכ׳ן נעכטען

אין מינוטען פון אומעט און אַלײניגקײט לאָזען מיר זיך אַפּטמאָל אַרויס אין דעם דונקעלען פאַרבאָרגענעם וואַלד פון אונזער פאַרגאַנגענהייט אויף דער יאַגד נאָך אונזער נעכטען.

אַפּטמאָל טרעפט עס אין די שטילע פאַרנאַכטען. אין דרויסען גייט נאָך אַן אַ געראַנגעל צווישען דער זון וואָס קלאַמערט זיך מיט פאַרבלוטיגטע פינגער אין די שפּיצען פון בוימער און דעכער און די קילען אָווענט-שאָטענס וואָס הילען איין די ערד ווי אַ קינד צום שלאָפען.

אין שטוב האָט זיך שוין אָבער די נאַכט צעלעגט און פאַרשלונגען אונז אין זיך. זיצען מיר אַזוי אין אַ ווינקעל און ווילען קיין פרעמדע פייערען ניט אָנצינדען און צינדען די אייגענע אָן.

די אייגענע וואָס גלימערען אין דער טיף פון האַרצען און ווערען ווי אַ נר תמיד קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען.

און ביי זייער שיין לאָזען מיר זיך אויף דער יאַגד אַרויס.

אויף דער יאַגד נאָך דעם אייגענעם נעכטען.

און ביי זייער שיין זוכען מיר די פאַרבלייכטע שפּורען פון וויט-נאָענטען אַמאָל.

און אָט הויבען זיך אָן אַרויסשיילען געשטאַלטען, ווי דער פרימאָר-גען שיילט זיך פון דער נאַכט אַרויס.

וויטע, ליבע געשטאַלטען פון פריינט האַלב-פאַרגעסענע.

פון לעבענס צערונענע.

פון טעג און נעכט פאַרשוואומענע וואָס האָבען געלאָזט אין האַרצען אַ ציטערדיגען נאָכגעקלאַנג ווי די וויברירענדע טענער פון אַ וויית, אומעטיג געזאַנג.

און אָט האָבען מיר אין דעם דונקעלען, פאַרבאָרגענעם וואַלד פון אונזער פאַרגאַנגענהייט זיך אַליין דערזעהן.

זיצען מיר אין ווינקעל אַ צונויפגעקאָרטשעטער מיט דער לאַסט פון עלטער געבויגען, און קוקען אויף דעם אייגענעם-פרעמדען וואָס

האָט זיך באַוויזן פאַר אונז אין דעם שיין פון די אייגענע פייערן וואָס מיר האָבן אָנגעצונדען.

אַ יונגער, אַ בויגיגער שטייט דער אייגענער-פרעמדער פאַר אונז, אין זיינע אויגן זינגט דער פרילינג, דער זיכערער שמייכעל אויף זיינע טוויאיגע ליפּען זאָגט:

עה, עה, מיר וועלן וועלטן איינעמען!... דער וועג איז פאַר אונז... מיר וועלן...!

און אַמאָל טרעפט עס גלאַט אַזוי:

מיר בלעטערן אַן אַלט בוך וואָס מיר האָבן אין דער יוגענט געלייענט.

מיר דערזעהען צווישן אונזערע פּאַפּירן די געלע, פאַרמעקטע פּאַפּיר-בויגעלאַך פון אַ בריף וואָס אַ לייב-נאָענטער מענש האָט צו אונז אַמאָל געשריבן.

מיר דערהערן ערגעץ די אָפּגעריסענע טענער פון אַן אַלטן ניגון.

און נאָך איידער מיר זעהען זיך אַרום שפּאַנען שוין אונזערע פיס אין דעם דונקעלן, פאַרבאָרגענעם וואַלד פון אונזער פאַרגאַנגענהייט און מיר הויבן אָן די יאָגד נאָך אונזער נעכטן.

אָדער עס טרעפט אַזוי:

מיר געהען פאַרביי אַ גאַס אויף וועלכער מיר האָבן אַמאָל שפּאַ-צירט, אַ הויז וואו מיר האָבן מיט יאָרן צוריק געוואוינט, און מיר געהען אום נאָכדעם אויף דער גאַס שטונדענלאַנג און קענען זיך לאַנג פון דער הויז ניט אָפּרייסען.

מיר קוקען זיך איין אין די געברוקירטע שטיינער, אין די ווענט פון די הייזער, און אַ פרייד זינגט אויף אין הארצען, ווען מיר דער-זעהען, אַז דאָס באַקאַנטע קרעמעל שטעהט נאָך אויף זיין פּלאַץ, אַז דער איינזאַמער בוים מאַטערט זיך נאָך אַלץ צו גרייכען צווישען שטיינער און אַספאַלט.

מיר געהען אום אויף דער גאַס וואו מיר האָבן אַמאָל שפּאַצירט, שטעלען זיך אָפּ נעבען דעם הויז וואו מיר האָבן אַמאָל געוואוינט.

מיר זוכען די פאַרבלייכטע שפּורען פון פאַרבלייכטען אַמאָל.

ווייל אומעטום וואו אונזער פוס האָט נאָר געטראָטען האָבען מיר די שפּורען פון אונזער נעכטען געלאָזען.

יעדע וואַנט און דאַך וואָס האָט אונז אין זיך געהאַט, טראָגט אונזער בענקען אין זיך פאַרבאָרגען.

אומעטום וואו מיר געהען לאָזען מיר ווי טריט אויפ'ן זאַמד די חלומות פון אונזער נעכטען נאָך זיך. און שפּאַנען מיר אַוועק אויף דער יאָגד אין דעם דונקעלען, פאַרבאָרגענעם וואַלד פון אונזער פאַר-גאַנגענהייט, קומען זיי צעפליען ווי מחנות פייגעל אונז אַנטקעגען, און מיר דערהערען דעם גערויש פון זייערע פליגעל איבער אונזער קאָפּ.

## טאָג און נאַכט

פאַר וואָס נידערט אַראָפּ ווי קאַלטע אַסיענדיגע רעגענטראָפּענס אָן אומעט אין אונזער האַרצען, מיט דעם שטילען ווייכען פאַלען פון די אָוונט-שאָטענס?

פאַר וואָס נעמט אונז אַ בענקעניש אַרום, ווען די זון געהט אויס ווי אַ גוסס'ע און פאַרבט מיט איר לעצטען בלוט די שפּיצען פון די דעכער און בוימער?

איר זיינט פאַרטאָן אַ גאַנצען טאָג ביז איבער'ן קאָפּ אין אייערע לעבענס-עסקים. מינוטען קעטלען זיך אין שעה'ען. דאָס טאָג-לעבען טראָגט אייך ווי אַ שפּענדעל אויף דעם רוקען פון פּאַטשענדיגע, ווילד-ווירבלענדיגע כוואַליעס. איר האָט ניט קיין צייט אָפּצושטעלען זיך, פאַרטראַכטען זיך וועגען אייער נעכטען און מאָרגען.

פלוצים הויבט זיך אָן דער אָוונט צו דערנעהענטערען. מיט לייכטע, ציטערדיגע טריט קומען די שאָטענס אָן. פון אַלע געהיימע לעכער און שפּאַלטען רוקען זיי זיך אַרויס און דרינגען אַריין אין האַרצען און צעשפּרייטען זיך איבער אַלע ווינקעלעך פון אייער נשמה.

און ווי פון זיך אַליין ווערען אייערע טריט שטילער, איינגעהאַלטע-נער. איר פיהלט זיך ווי פון אָן אומבאַשטימטען אומעט געפאַנגען, עס נעמט אייך אַרום אַ בענקעניש. נאָך וואָס? נאָך וועמען? איר אַליין קענט אָפּטמאָל אויף דעם ניט ענטפערען.

דער צווישען-טאָג-און-אַכט, די ראַנגלעריי צווישען ליכט און שאָ-טען וואָס געהט אָן אין דער נאַטור, איז די פאַרקערפּערונג פון דעם אייביגען קאַמף וואָס געהט אָן אין דער מענשליכער נשמה. די נשמה עילאה, דאָס געטליכע וואָס דער מענש טראָגט אין זיך, איז אין חסידות פאַרגליכען צו דעם טאָג, צו דער זון. די נאַכט איז דער חומר השפל, דאָס ערדיש-נידעריגע, דאָס פּסולת'דיגע וואָס האָט זיך ביי אונז אָנגעקליבען.

שטרייטען די דאָזיגע צוויי כחות אין זיך. דאָס איז אַ מלחמה וואָס געהט אָן פון אדם הקדמון און וועט אָנהאַלטען עד סוף כל הדורות. און דער מענש, דער בחיר היצורים, די קרוין פון דער געט-ליכער שאַפונג, איז דער צענטער פון דעם דאָזיגען שטרייט.

דער צווישען טאָג און נאַכט, די ראַנגלעריי צווישען ליכט און שאָטען וואָס געהט אָן יעדען טאָג אין דער נאַטור, איז פאַר אונז אויך די פאַרקערפּערונג פון דעם אייביגען קאַמף וואָס געהט אָן צווישען לעבען און טויט.

דער טאָג, די זון, איז פאַר אונז דער סימבאָל פון לעבען, פון שאַ-פען און פּראָדוצירען. בייטאָג פאַרטראַכטען מיר זיך זעלטען וועגען פאַרגענגליכקייט און טויט. ווען די זון שיינט איבער אונזער קאָפּ,

און שמייכעלט צו אונז אַרונטער מיט איהר אייביגען, גליקליך־קינדישען שמייכעל, איז ווייט פון אונז דער געדאַנק פון שטאַרבען און פאַרגעהן. די זון פלאַסטערט פאַר אונז אויס אַ שטראַלענדיגע בריק צו דער אייביגקייט.

מיט דעם אָנקומען פון דער נאַכט דערטראַגט זיך צו אונזערע אויערען מיט אַמאָל אַ שטים פון געהיימע, שרעקעדיגע ווייטען: „דער מענש איז געקומען פון דער ערד און מוז צוריקעהרען צו דער ערד". און מיר דערזעהען דעם תהום וואָס דאַרף אונז פערשלינגען.

טאָג איז אויך פשטות, קלאַרקייט. ווען דער פרימאָרגען שפּראָצט אויף לאָזען מיר זיך אַרויס מיט שטאָלצע, זיכערע טריט אויף אונזער וועג אין לעבען. מיר צעהלען ניט אונזער שפּאַן, מיר קוקען זיך ניט איין מיט ציטערדיגער פאַרזיכטיגקייט אין דעם באָדען אויף וועלכען מיר שטעלען אַוועק אונזער פוס. מיר האָבען ניט מורא פאַר שטרויכלונגען, פאַר פּלוצימדיגע גריבער און קרומע, פאַרפלאָנטערטע שטעגען.

מיט דעם אָנקומען פון דער נאַכט בעפאַלט אונז אָבער אַ שרעק, אַ שרעק פאַר די מיסטעריען וואָס זי טראָגט אין איהרע פליגעל, פאַר דעם אייביגען סוד פון מענשליכען קיום, פאַר דעם תכלית פון דער בריאה, וואָס מיר זוכען צו אַנטפּלעקען און קענען ניט.

ווען די זון געהט אויף ליגט גאַנץ וועלט פאַר אונז אָן אָפּענע. די נאַטור שפּרייט אויס פאַר אונז מיט אַ ברייטער נדיבות'דיגער האַנד אַלע איהרע אוצרות און זאָגט צו אונז: „קוק, זעטיג דיין אויג און האָב הנאה".

ביינאַכט פאַרבאָרגט פאַר אונז גאַנץ וועלט איהר פנים, און מיר בלייבען פאַרלוירענע, צעשראָקענע, בלאָנדזשענדיגע.

ווען דער טאָג געהט אויף פיהלען מיר זיך אַ רינגעלע אין אַ קייט. אַ מיטגליד אין דער גרויסער מענשליכער משפחה.

ווען די נאַכט רוקט זיך אָן דערזעהט יעדער פון אונז מיט אַמאָל זיין עלענד, זיין איינזאַמקייט, זיין נישטיגקייט.

טאָג און נאַכט — די פאַרקערפּערונג פון דעם אייביגען קאַמף וואָס געהט אָן אין דער מענשליכער נשמה.

טאָג און נאַכט — דער סימבאָל פון אונזער דראַנג צום לעבען, און אונזער שרעק פאַר'ן טויט.

## פלאַקערענדע פייערען

אין יעדען פון אונז, גרויס אָדער קליין, ברענט ווי די קדוש־החודש־פייערען וואָס פלעגען פלאַקערען אויף די בערג פון ארץ ישראל, דער אייביגער דראַנג נאָך אומשטערבליכקייט.

אַרום דעם דראַנג פון אומשטערבליכקייט וויקעלט זיך ווי אַ

שטראַלענדיגער שנור דאָס גייסטיגע, דאָס דערהויבענדע, דאָס יום־טוב׳דיגע וואָס מיר פאַרמאָגען אין לעבען.

מיר בלייבען מיט זיך אַליין אין די פינסטערע נעכט פון חשבון הנפש. אַרום און אַרום שפּרייט זיך דער תוהו ובוהו פון ניט ווערען, פון אונטערגאַנג.

אַט פלאַקערען אָבער אויף פייערען, צעשמעלצען דעם נאַכטיגען חושך, און רוימען פון אומענדליכען ליכט עפענען זיך פאַר די אויגען. און אַ זון געהט אויף, אַ זון וואָס באַלויכט דעם זין פון אונזערע מעשים אויף דער ערד.

דער זון וואָס זיין נאָמען איז אונשטערבליכקייט.

קיינער פון אונז וויל ניט אַוועקגעהן פון דער ערד און זינקען ווי אַ שטיין וואָס ווערט אין שטעהענדיג וואַסער געוואָרפען.

יעדער פון אונז נעמט אַרום אַ פחד ביים געדאַנק, אַז דאָס מעסער וואָס האַקט איבער אונזער לעבענס-פאָדים רייסט אויך איבער אויף אייביג דאָס געוועב פון אונזערע מעשים וואָס מיר האָבען ביים לעבען געהאַלטען אין שפּינען.

און פאַר׳גנב׳עט זיך אַמאָל אין בייזע, פאַרשאָלטענע מינוטען אַזאַ געדאַנקען ווערט דאָס הארץ פון פאַרשאָלטענעם אין אַ מדבר פאַרוואַנדעלט.

יעדער האָפנונגס-קוואַל ווערט אויסגעטריקענט.

וואָיענדע שאַקאַלען טראָגען זיך אום אין אַלע הארץ-קאַמערען און וואָיען פאַר די שטערנלאָזע נעכט דאָס קלאָג-ליד פון טויט און אונטערגאַנג.

דער דראַנג נאָך אומשטערבליכקייט איז דאָס קרעאַטיווע, דאָס שאַפענדע, וואָס לעבט אין יעדען פון אונז און איז די טרייב-קראַפט פון אַלע אונזערע מעשים אויף דער וועלט.

ביי גרויס און קליין, ביים קינסטלער וואָס שאַפט אַ ווערק און ביים פויער וואָס פאַרפלאַנצט אַ בוים, ביים אימפעריע-בויער און ביים אָרעמען קוילען-גרעבער, ביי יעדען לעבט און ווירקט דער־דאָזיגער דראַנג.

באַוואוסטזיניג און אומבאַוואוסטזיניג בויט יעדער פון אונז אַן אומזעהבאַרען בריק וואָס פאַראייניגט אונז מיט דעם לעבען, ווען מיר געהען אַוועק פון דער ערד.

וואָס איז דער בריק? דאָס מאַכט שוין ניט אויס.

איינעמס בריק זיינען גרויסע ווערק, אַ צווייטענס — קינדער, וואָס דאַרפען שפּינען ווייטער דעם פאָדים וואָס די פאַרשטאַרטע פינגער פון זייערע עלטערען האָבען אַרויסגעלאָזען; אַ דריטער בויט אַן אינסטיטוציע, אַ פערטער איז זיך מקריב פאַר זיין פאָלק, פאַר זיינע מיטמענשען.

דעם בריק בויען אָבער אַלע, אַלע, קליין און גרויס, דער געניוס און דער גאַסענמענש.

אַ דיכטער זינגט ערגעץ:
דאָס ריינע, דאָס שעהנע, דאָס ליכטיגע,
וואָס האָט אױפגעשטורעמט אונזערע הערצער אין דער יוגענד.
דער אויסגוס פון אַ תפלה אָהן ווערטער.
די חלומות פון אמת און ליבע,
די בענקעניש נאָך עפּעס פאַרלוירענעם,
די שרייענדיגע לעכצונגען פון אונזער גייסט,
די שטרעבונגען נאָך בעסערע האָפנונגען —
די אַלע זאַכען שטאַרבען קיינמאָל ניט.

זיי שטאַרבען קיינמאָל ניט, ווייל יעדער פון אונז זוכט זיי אָנצוקליידען אין מעשים וואָס זאָלען לעבען נאָך אונז.

מעגען די מעשים זיין קליין אָדער גרויס, זיי זיינען באַלויכטען פון דעם אייביגען דראַנג נאָך אומשטערבליכקייט וואָס ברענט ווי די קדוש-החודש פייערן וועלכע פלעגען פלאַקערען אויף די בערג פון ארץ ישראל.

די קדוש-החודש-פייערן וואָס פלעגען אויסשרייען דורך פלאַמען-צונגען די בשורה פון אָנקומענדיגע ימים-טובים.

די ימים-טובים וואָס זיינען דער פּרוזדרור פאַר דעם טרקלין, פאַר דעם יום שכלו טוב, פאַר דעם אייביגען, אומשטערבליכען.

## פון מיין שפּיטאָל בעטעל

אַט דאָס וואָס איר לייענט, שרייב איך נאָך אַלץ פון מיין שפּיטאָל-בעטעל.

מיינע דאָקטוירים האָבען געמאַכט אַ טעות אין חשבון, וואָס באַ-וויזט אַן איבעריגען מאָל, אַז דער בעסטער דאָקטאָר קאָן אַמאָל טרעפען מיט'ן פינגער אין דער לבנה.

מיין דאָקטאָר, וואָס האָט מיך געבראַכט אין שפּיטאָל, האָט צו מיר געזאָגט:

„איר וועט דאָ פאַרברענגען צווישען אַכט-און-פערציג און צוויי-און-זיבעציג שעה"...

נו, האָבען די אַכט-און פערציג אָדער צוויי-און-זיבעציג שעה פאַרצויגען זיך שוין אויף דריי וואָכען.

מיין דאָקטאָר איז אַן אויסגעצייכענטער מעדיקער. מ'קאָן זאָגען אויף אים, אז „נהירין לו שבילי דמעדיצין כשבילי דנהרדעא".

איך האָב דערפאַר פולשטענדיג צוטרוי צו אים. ס'איז בכלל וויכ-טיג צו האָבען צוטרוי צום דאָקטאָר, וואָס באַהאַנדעלט אייך. ס'איז

אַ הילף פאַר'ן דאָקטאָר און אויך פאַר'ן פּאַציענט.

דער באַרימטער ווינער פּראָפעסאָר נאָטנאַגעל (אידען פון גאַנץ מזרח־אייראָפּע פּלעגען פאָרען צו אים זיך היילען), האָט אַמאָל געזאָגט:

„מיר קומט אָן גרינג מיט מיינע פּאַציענטען, ווייל זיי זיינען מענשען, וואָס פאַרמאָגען גלויבען. זיי גלויבען אין גאָט און זיי גלויבען אין מיר. פיל שווערער איז פאַר מיר, ווען איך האָב צו טאָן מיט אַ פּאַציענט אַ סקעפּטיקער".

פאַרוואָס אָבער דערצייל איך אייך פון מיין קראַנקהייט בכלל?

איך ווייס, אַז דאָס איז ניט פון די געבענשטע טעמעס פאַר אַ „לכבוד שבת". איך האַלט זיך אויך ניט פאַר אַזאַ גברא רבא, אַז איך זאָל גלויבען, אַז מ'וואַרט מיט פאַרכאַפּטען אָטעם צו הערען ווי איך פיל. איך בין צו ווינציג נאָר פאַר דעם.

פון דער צווייטער זייט בין איך ממש איבערוועלטיגט פון די הונדערטער, יאָ הונדערטער טעלעפאָנען, בריוו, טעלעגראַמעס, וואָס איך האָב דערהאַלטען אין די דריי וואָכען פון מענשען, וואָס ווילען וויסען וועגען מיין צושטאַנד. מען האָט מיר טעלעפאָנירט און טעלעגראַפירט כמעט פון אַלע טיילען פון לאַנד, אויך פון קאַנאַדע. איך בין טיף גערירט פון אָט דער וואַרימער פריינטשאַפט, וואָס מ'ווייזט מיר אַרויס. איך ווייס ניט מיט וואָס איך וועל אָפּצאָלען אָט די ליבע מענשען, די מייסטע פון וועלכע איך האָב אין מיין לעבען ניט באַגעגנט, פאַר זייער אינטערעס אין מיר.

אָבער ניט דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס איך שרייב וועגען מיין קראַנקהייט. וואָס מיך אינטערעסירט איז ניט אַזוי מיין קראַנקהייט, נאָר אַלצדינג וואָס גייט אָן אַרום מיר, די קאָמישע און גאַנץ אָפט אויך טראַגישע געשעענישען, וואָס שפּילען זיך אָפּ אַרום מיין שפּיטאָל־בעטעל.

אָט נעמט מיין דאָקטאָר. ער לייענט אין מיינע אויגען די פראַגע: „אָט דאָס זיינען עס דיינע אַכט־און־פערציג אָדער צוויי־און־זיבעציג שעה?"

אין אַזאַ מאָמענט מיידט ער אויס מיין בליק. איך האָב אַ פּאָר מאָל אויפגעכאַפּט ווי ער האָט זיך אפילו גענומען רויטלען און ווי דינע טראָפּעלעך שווייס טרעטען אַרויס אויף זיין שטערען.

איינמאָל האָב איך אים אַריינגעפּלאָנטערט אין אַ שמועס וועגען אַן ענין, וואָס די מייסטע מענשען זוכען אויסמיידען צו רעדען, אין דאָס איז — טויט.

איך האָב אים דערציילט, אַז אומגעפער מיט אַ יאָר צוריק האָט דר. בלוישטיין, דער געוועזענער מעדיצינישער דירעקטאָר פון מאָנטעפיאָרי שפּיטאָל, מיר צוגעשיקט אַ בראָשור אין וועלכער ער האָט

געשילדערט, וואָס עס געהט אָן אין מוח פון אַ מענשען, וועלכער וויסט און פילט, אַז זיינע לעצטע שעה'ן האָבען געשלאָגען.

„איך בין באַקאַנט מיט דר. בלווישטיינ'ס בראָשור", האָט מיין דאָקטאָר באַמערקט, „און איך קאָן אייך זאָגען, אַז זיינע אַלגעמיינע אויספירונגען זיינען גאַנץ ריכטיג. מ'קאָן אָבער פונדעסטוועגען ניט גענעראַליזירען. איך, צום ביישפיל, האָב אין מיין צוואַנציג יעריגער פּראַקטיק געהאַט גאַנץ אַנדערע דערפאַרונגען".

ער האָט דערנאָך גענומען מיר דערציילען פאַרשיידענע עפּיזאָדען. דאָס האָט אָנגעהאַלטען כמעט אַ האַלבע שעה. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַ פּאַטש-געטאָן מיט די הענט און אויסגערופען:

„צום טייוועל! וועגען וואָס האָבען מיר זיך עס פלוצים צע־רעדט... וואָס פאַר אַ שמועס איז עס פאַר'ן שלאָף? אַנטשולדיגט!"

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז דאָס וועט אויף אַ האָר ניט שטע־רען מיין שלאָף... איך האָב קאָנטראָל איבער מיינע נערוועז...

איך האָב אויך צו אים קיין טענות ניט, וואָס אַנשטאָט אַכט־און־פערציג אָדער צוויי־און־זיבעציג שעה האָט זיך עס פאַרשלעפּט דריי וואָכען. ער איז ניט שולדיג, וואָס צו מיין שלוקערץ האָבען זיך צוגעטשעפּעט אַנדערע, אומפאָראויסגעזעענע חלאת'ען. ער זאָגט צו מיר:

„ווען מען ליגט אין אַ שפּיטאָל דאַרף מען זיך ריכטען, אַז עס וועלען אויסוואַקסען נייע קאָמפּליקאַציעס, אָדער אַז מ'וועט מיט אַמאָל אַנטדעקען עפּעס, וואָס מ'האָט ניט פאַרדעכטיגט".

פאַרשטייט איך שוין דאָס אַלץ און האָב אויף אים ניט קיין פּאַראיבעל, וואָס מיר איז נאָך אַביסעל פּריקרע אַז זיין בייניג־טרוקענער מאַטעריאַליזם, זיין גלויבען אין דעם וואָס די לאַבאָראַ־טאָריע וויזט אים און וואָס ער זעט דורכ'ן מיקראָסקאָפּ.

איך האָב מיט אים איינמאָל פאַרפירט אַ שמועס וועגען השארת הנפש. איך האָב אים געזאָגט:

„איר וועט דאָך מיר ניט איינרעדען, אַז דער מענש, דער האַר פון דער שאַפונג, ער, וואָס טראָגט זיך אַדלערדיג איבער די וואָלקענס, וואָס שניידט דורך די טיפעניש פון אַלע ימים און אָקעאַנען, וואָס האָט אַרויסגעריסען ביי דער נאַטור דעם סוד ווי צו שפּאַלטען דעם אַטאָם און מאַכען אים פאַר זיין דינער און קנעכט, אַז אַט דער דאָזי־גער האַלב־גאָט באַשטייט אינגאַנצען פון זעכציג מינעראַלען, וואָס מ'קאָן קויפען אין אַן אַפּטייק פאַר אַ פּאָר צענדליג סענטען, און ווייטער גאָרנישט..."

מיין דאָקטאָר קוקט מיך אָן מיט אַ לייכט שמייכעלע און גיט אַ וואָרף:

„פון אַ ריין־כעמישען שטאַנדפּונקט האָט דער מענש ניט ווערט

מער ווי די מינעראַלען פון וועלכע זיין אָרגאַניזם איז צוזאַמענגע־שטעלט, דער פּרייז פון די דאָזיגע מינעראַלען איז אַ נישטיגער... איך לייקען אָבער נישט, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס די מעטאַפיזיקער רופען גייסט, יאָ, ווען מיר האָבען פאַר זיך אַ קראַנקען, וואָס פאַרמאָגט אַ גייסט, אַ ווילען צו לעבען, העלפט עס אונז זעהר פיל, ווען איר רעדט אָבער וועגען אַ ווייטער, מיסטעריען לעבען נאָכדעם ווי דאָס ערדיש לעבען ענדיגט זיך, שלעפּט איר מיך צו רעליגיע..."

איך פרעג ביי אים:

„זענט איר באַקענט מיט די ווערק פון אַרטור שניצלער?"

„אַרטור שניצלער? ניין, איך האָב ווינציג צייט פאַר ליטעראַ־טור, חוץ מעדיצין..."

„אַרטור שניצלער איז געווען אַ דאָקטאָר. ער איז אָבער געווען באַרימט אַלס נאָוועליסט און דראַמאַטורג, אַ שאָד, וואָס איר האָט נישט געלייענט שניצלער'ס „ראַיגען", „דער וועג אינם פרייע", „קאַסאַנאָוואַ'ס צוריקער", זיינע וואונדערליכע קליינע נאָוועלען, זיי וואָלטען אויפגעלעבט פאַר אייך אַן איינציגאַרטיגע קולטור — די ווינער קולטור, פון וועלכער עס זיינען גאָר ווינציג שפּורען פאַרבליבען, אַ לעבענסשטייגער, וואָס האָט ניט געהאַט צו זיך קיין גלייכען אין גאַנץ אייראָפּע. שווער פאַר אַן אַמעריקאַנער איבערהויפּט, צו באַ־נעמען, וואָס פאַר אַ לעבענסשטייגער דאָס איז געווען. אַ קלוגער אַמעריקאַנער דראַמאַטורג, מיר דוכט זיך שערוואוד, האָט אָנגעשרי־בען אַ פּיעסע „רעיוניאָן אין וויענאַ", זאָגט דאָרטען איינער פון די העלדען:

„אין ווין זעט איין טאָג ניט אויס ענליך אויפ'ן צווייטען, ווי די פּנים'ער פון כינעזער?..."

„יאָ, אַזאַ שטאָט איז געווען די ווין פון אַמאָל. די ווין פון אַרטור שניצלער, ריכאַרד בער־האָפמאַן, האָפמאַנסטאַל, הערמאַן באַר, פעליקס סאַלטען, און אויך הערצל. יאָ, הערצל, אַ מין אייטערקייט האָט פאַרוויגט אין וויכע, צערטלענדיגע פרויענאָרמס דעם ווינער מענש; דער לעבענס־ריטם האָט האַרמאָנירט מיט דעם רעגענדיגען, פריידיג־צינדענדיגען ריטם פון דער מוזיק פון וואַלצערס און אָפּע־רעטעס פון די שטרויס'עס און פראַנץ לעהאַר. אָט דאָס איז געווען די אַמאָליגע ווין"...

„פאַר מיר איז דאָס אַלץ ניי", האָט דער דאָקטאָר באַמערקט.

„איך בין אין אַלגעמיין ווינציג באַקענט מיט אייראָפּע. די היינטיגע אייראָפּע אינטערעסירט מיך איבערהויפּט ניט... אָבער אַנטקעגען וואָס האָט איר מיר דערציילט וועגען דער אַמאָליגער ווין?!"

„אַרטור שניצלער האָט דאָס אַלץ אויפגעשלאָגען, אָט ווי אַ ווינט

וואָלט צעבלאָזען אַ פונק אין אַ פייער... ווי איך האָב אייך געזאָגט, איז אַרטור שניצלער געווען אַ דאָקטאָר. ער האָט יאָרען פּראַקטיצירט זיין פּראָפעסיע. האָט ער אַמאָל געזאָגט אַ טיף וואָרט וועגען מעדיצין: „עס איז פאַראַן אַ גאָר נאָענטע פאַרוואַנדשאַפט צווישען מעדיצין און קונסט, יעדער דאָקטאָר וואָס האָט בייגעטראָגען צום פּראָגרעס פון מעדיצין, האָט אָפּערירט ניט נאָר מיט'ן קאַלטען, אָפטמאָל באַגרעניצטען איגסטרומענט פון די פאַרשיידענע וויסענשאַפטען, נאָר ער האָט אויך זיך באַנוצט מיט אינטואיציע. דער אמת'ער מעדיקער איז אַ מענש פון שוואונג, פאַנטאַזיע..."

די וואָכען וואָס איך בין אין שפּיטאָל האָבען פאַר מיר געעפענט אַ סך פאַרהוילענקייט, פון אַ ריין-מענשליכען כאַראַקטער. איך האָב, צום ביישפּיל, אָנגעהויבען פאַרשטיין, וואָס טשעכאָוו האָט געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט וועגען איינעם פון זיינע העלדען, אַז ער איז געבענשט מיט אַ באַזונדערען טאַלאַנט פאַר מענשליכקייט.

„עס זענען פאַראַן פאַרשידענע טאַלאַנטען", שרייבט טשעכאָוו. „איינער האָט אַ טאַלאַנט צו שרייבען, אַ צווייטער צו מאָלען, א.אַ.וו. פאַראַן אָבער אַ גאַנץ באַזונדערער טאַלאַנט פאַר מענשליכקייט... דער מענש, וואָס איז געבענשט מיט דעם דאָזיגען טאַלאַנט, איז סענסיטיוו מיט יעדען נערוו צו די ליידען פון אַנדערע. די יסורים, וואָס אַן אַנדערער לעבט איבער ווערען זיינע אייגענע יסורים. ער איז ווי דער טיף-פילענדער אַקטיאָר, וואָס לעבט זיך איין אַזוי שטאַרק אין זיין ראָל, אַז ער אַליין, זיין אייגענע פּערזענליכקייט ווערט ממש אויפגעלייזט אין דער ראָל וואָס ער שפּילט..."

מיר האָט געוויזען, וואָס עס מיינט אָט דער „טאַלאַנט" פאַר מענשליכקייט מאַרגאַרעט. ווער איז מאַרגאַרעט? זי איז אַן עלטערע קריסטליכע פרוי, אַ שאָטלענדערין. זי דערציילט מיר, איידער זי איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל אַלס געהילפס-קראַנקען-שוועסטער, איז זי געווען אַ באַדינערין אין די הייזער פון פאַרשיידענע, ענגלישע נאָבעללייט, וואָס געהערען צו דער עקסקלוזיווער, אָפּגעצאַמטער ענגלישער קאָלאָניע אין ניו יאָרק.

„מיין אמת גליק האָב איך אָבער געפונען אין דעם שפּיטאָל. ווען איך פאַרלייכטער עמיצענס ווייטאָגען, גיי איך דערנאָך אַהיים און איידער איך מאַך-צו די אויגען זאָג איך צו זיך: מאַרגאַרעט, דיין טאָג איז ניט פאַרגאַנגען אומזיסט"...

מאַרגאַרעט איז אַ מאָגערע, אַ שטשופּלע. זי גייט אום מיט שטילע, פאַנטאָפעל-טריט, אָפטמאָל שלייכט זי זיך אַריין אומבאַמערקט און וואַקסט אויס ביי מיין בעטעל מיט אַ גלאָז פרישע, קאַלטע מאַראַנצען-זאַפט. זי גיט דערנאָך צו מיר אַ זאָג מיטן טאָן פון אַ מאַמע, דער טאָן איז אַ שטרענגליכער, אָבער אויסגעמישט אין אַ מין ליבער, וואַרעמער לאַסטשענדיגקייט:

„דו טרינק בעסער דעם גלאז מאראנצען־זאפט. געדענק, פאראז דא פיל ערנסטערע חולאים ווי דו..."

מארגארעט קאן ניט טאן זעהר פיל. זי איז ניט מער ווי אן ארויסהעלפערין צו די געענדיגטע, לעגיטימע קראנקען־שוועסטער. זי דארף אויספאלגען, וואס מ'באפעלט איר און זי האט ניט קיין רעכט צו טאן קיין זאך אויף איר אייגענער אחריות.

דאס שטעלט איר אבער ניט אפ צו קומען מיט הילף צו יעדען קראנקען, וואס נוי׳טיגט זיך אין דעם. זי גייט אום איבער'ן קארידאר, וואו אויףביידע זייטען געפינען זיך די קראנקען־צימער. זי שפאנט מיט שטיל־שטילע, פאר'גנב'עדיגע טריט. זי כאפט א קוק אין דעם צימער, אין א צווייטען, א דריטען, און טאמער זעט זי א קראנקען, ביי וועמען די קישעלעך זיינען צעדרייט, דאס בעט צעווארפען, און ער ליגט א צונויפגעקנורעטער און קרעכצט, מארגארעט שלייכט זיך באלד אריין, גייט צו צום קראנקען, פארריכט זיין בעט, מאכט אים באקוועם, רעדט צו אים ווי א מאמע צו א קראנק קינד. זי וואקסט אוים אפט אין זעהר ריטמישע מאמענטען.

„ווען מ'זאל מיך כאפען, וואס איך טו, וואלט מען מיך ארויסגע־ווארפען און איך וואלט פארלוירען יארען און יארען אנגעקליבע־נער פענסיע", האט זי מיר איינמאל געזאגט, „אבער ביז היינט האט גאט געהיט מיינע טריט..."

זי איז א טיף־רעליגיעזע פרוי. זי האט די ביבעל אויף די שפיצען פון אירע לאנגע, אויסגעאיידעלטע, בלייכע פינגער.

זאג איך אייך, אז די דאזיגע אויסטערלישע, כמעט ניט־דאאיגע, עלטערע פרוי, איז געבענשט מיט דעם באזונדערען גלייטערטען „טאלאנט פאר מענשליכקייט".

און דער ענין קראנקהייט און גלויבען, און די ענדערונגען, וואס קראנקהייט טראגט אריין אין דעם מענשען.

א קראנקער מענש, וואס איז צוגעשמידט צו א שפיטאל־בעטעל איז א מענש מיט א גאנץ אנדערער מענטאליטעט. מענשען, גע־שעגישען דערשיינונגען פאר אים אין אן אנדער ליכט.

איך וואלט געזאגט, אז א קראנקער מענש איז א בעסערער מענש, דאס גראב־גשמיות'דיגע ווערט טיילווייז אויפגעלעזט אין אים.

מ'דערציילט, אז דער רבי ר' יחיאל'קעל קערילעוועצער איז איין מאל געווען א חולה מסוכן. מ'האט געוואלט ברענגען די גרעסטע דאקטוירים, ער האט אבער געזאגט „ניין". ער האט אויך געזאגט צו זיינע מקורבים: „איך דאנק און לויב דעם בורא עולם, וואס דורך דער קראנקהייט דערנענטערט ער מיר צו זיך..."

אן ענליכען געדאנק פירט ארוים טאלסטוי אין זיין בארימטער

דערציילונג „סמערט איוואנא איליאיטשא” (דער טויט פון איוואן איליאיטש).

איך האָב נאָך עפּעס צו זאָגן וועגן אָט דעם גאָר־טיפען ענין. געדאַנקען שטויכען זיך, זוכען אַריבעריאָגען איינע די אַנדערע...

אָבער — איך בין מיד, מיין התפּשטות הגשמיות לאָזט מיך אַפּט אין אַ קינדיש־שוואַכען צושטאַנד.

ווען וועל איך שרייבען נאָכאַמאָל?

גלויבט מיר, איך ווייס ניט.

(27־טער יוני, 1952)